יעקב קענער

# קוזשעניץ

(1947—1897)

פראגמענטן פון זכרונות, עפּיזאָדן,
געשיכטלעכע מאָמענטן, געדענק־
ווערטער וועגן אומגעקומענע
קדושים, מארטירער און קעמפער



פארלאג:
צענטראל קאָמיטעט פון לינקע פועלי־ציון אין די פאראייניקטע שטאטן
און קאנאדע

ניו־יאָרק, 1947 — התש״ז

# KVERSHNIT

BY

*Jacob Kenner*





NEW YORK, 1947 — 5707



געדרוקט און טעכנישע אויסשטאָטונג:

אַייזיק וו. שערמאַן, פילאַדעלפיע, פּא.

# די יוגנט גייט קיין ארץ ישראל!



געצייכנט ספעציעל פאַר „קווערשניט" — פון וויליאם וואכטעל

# אינהאלט:

איבערגעבנדיק מיין „קוועשניט" צו דער עפנטלעכקייט, האַלט איך פאַר מיין חוב, אויף דעם וועג אויסצודריקן מיין דאַנק און אַנערקענונג צו די ווייטער־אויסגערעכנטע ח"ח, פריינט און אינסטיטוציעס, פאַר זייערע באַמיאונגען און ביישטייערונגען, אַדאַנק וועלכע מיין בוך האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו דערשיינען.

אין ערשטער ריי קומט אַ חברישן דאַנק די ח"ח פּ. ל. גאָלדמאַן, קלמן אַראַנאָוויטש, י. קרייקעמאַן, משה ציטרינאַוווסקי און שלמה שאַפּיראָ —פאַר זייער פאַרינטערעסירן־זיך און פאַר זייערע באַמיונגען ביים שאַפן דעם דערצו נויטיקן בוך־פאָנד.

אַ באַזונדערן דאַנק קומט אויך דעם „יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט" און די ח"ח: אברהם מילער, יעקב לאָרבער, אברהם פאַנקעוויטש, יוסף אַרנאָלד, חיים פענטשינע, ברוך שפּיראָ, איטשע מיגדאל, י. בראָן, פּנחס דעול, נתן קייש, ישראל שורעק, מאַניע פּאַטראָן, איזי קאַנער, איטשע שפּילקעוויטש, נחמן פלאַוקער, יחיאל העבער, ברוך רויטמאַן, אברהם וויינטרויב, ח. אָקאָניעווסקי, יהודה זעליטש, מ. גורעוויטש, אַדעלאַ גינזבורג-גאָלדבערג און פּ. וואָלטער — פאַר זייער באַטייליקן זיך מיט אַנטשפּרעכנדיקע ביי־שטייערונגען לטובת דעם בוך־פאָנד פון „קוועשניט", וואָס האָט געדעקט קנאַפּע 70 פּראָצענט פון אַלע דרוק־אויסגאַבן.

איך דרוק אויך אויס דעם וואַרעמסטן דאַנק מיין חבר און פריינט אייזיק שערמאַן פון פילאַדעלפיע, פאַר זיין באמת מיפולער אַרבעט, וואָס ער האָט במשך פון לאַנגע וואָכן אַוועקגעגעבן, כדי דאָס בוך זאָל דערשיינען וואָס פריער און כדי עס זאָל טעכניש און אַרטיסטיש אַרויסקומען וואָס שענער.

און — אחרון־אחרון — אַ פריינטלעכן יישר־כח מיין לאַנדסמאַן און פריינט, דעם גרויסן יידישן קינסטלער וויליאַם וואַכטעל, פאַר דעם קינסט־לערישן שער-בלאַט, וואָס ער האָט מיט אַזויפיל פיעטעט געצייכנט ספּעציעל פאַרן „קוועשניט", נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַקענט מיט אַ גרויסן טייל פון זיין אינהאַלט.

(אַפּריל 1947) יעקב קענער

# הקדמה

במשך פון די לעצטע 50 יאָר, זענען אינם יידישן לעבן פּאָרגעקומען טיף־גרייפנדיקע און אָפטמאָל אפילו טיף־דערשיטערנדיקע דערשיינונגען, וועלכע האָבן מיט זיך געבראַכט קאָלאָסאַלע ענדערונגען אין אונזער גייסטיק־קולטורעלן און אין אונזער סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכן לעבן.

אין משך פון די דאָזיקע 50 יאָר, זענען ביי אונז אויפגעקומען נייע שטרעבונגען און נייע באַוועגונגען. די לעצטע 50 יאָר האָבן אין זיך כולל־געווען אָפּשניטן פון גייסטיקן אויפבלי און פון גרויסע חורבנות, גרויסע נאַציאָנאַלע דערגרייכונגען און אָפּשניטן פון נאָך גרעסערע קאַטאַקליזמען.

דער לעצטער קאַטאַקליזם — די היטלעריסטישע שחיטות פון איבער זעקס מיליאָן יידישע נפשות און דער פולשטענדיקער עקאָנאָמישער חורבן פונם אייראָפּעיִשן יידנטום — איז אָבער געווען פון אַזאַ מורא׳דיקן פאַרנעם, אַז ער האָט גלייכצייטיק כמעט ווי אָפּגעווישט דעם מזרח־אייראָפּעיִשן יידישן לעבנסשטייגער.

עס איז דערפאַר נויטיק דעם אונטערגעגאַנגענעם יידישן לעבן פון די לעצטע 50 יאָר אין מזרח־אייראָפּע צו שטעלן אַ שריפטלעכן דענקמאָל אין וועלכן עס זאָלן זיך אָפּשפּיגלען די ליידן און די פריידן, די האָפנונגען און די שטרעבונגען, די עליות און די ירידות, די גייסטיקע חבלי־לידה, די סילועטן און די פּאָרטרעטן פון די וואָרטזאָגער און קעמפער פון די אינערלעכע קענגזייטיקע קאַמפן — צוזאַמען מיט די פּאָנען־טרעגער און די קעמפנדע מאַסן פון דעם אַלעמען וואָס עס איז נאָר־וואָס געווען און וואָס וועט אפשר מער־נישט זיין.

דאָס דאַרף און וועט זיין די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע פון די יידישע פּען־מענטשן — אָנגעהויבן פון די דערציילער און דיכטער און געענדיקט ביי די צוקונפטיקע היסטאָריקער — וועלכע וועלן זיך דאַרפן שטיצן אויף איבערגעלאָזטע מאַטעריאַלן און ארכיוון, וועלכע זיינען, ליידער, לרוב אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט די איבער 6 מיליאָן קדושים.

עס איז דערפאַר דער נאַציאָנאַלער חוב פון די אַלע, וואָס האָבן ווען אפילו בלויז אויף אַ געוויסן סעקטאָר אין אונזער לעבן מיטגעווירקט און זיי קענען נאָר האַלטן אַ פּען אין דער האַנט, צו פאַרצייכענען, אויב נישט אַלץ, איז לכל־הפחות דאָס וויכטיקסטע פון דעם וואָס זיי האָבן מיטגע־לעבט און מיטגעמאַכט, כדי זייערע פאַרצייכענונגען זאָלן דערנאָך קענען דינען ווי מאַטעריאַל פאַר די באַרופענע וואָרט־און־פּעדער קינסטלער.

היות איך בין די דאַזיקע 50 יאָר — פון 1897 ביזן היינטיקן טאָג — כסדר און פּערמאַנענט געשטאַנען אינם ווירבל און אינם טומל פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן האָב איך אויפגענומען די איניציטיוו פון מיינע פריינט און חברים, אַ טייל פון די דאָזיקע געשעעניש און איבערלעבונגען צו פאַרייביקן אויפן פּאַפּיר, כדי זיי זאָלן אפשר קענען זיין אַ באַשיידענער צושטייער צו דעם שריפטלעכן מאָנומענט, וואָס דאַרף, ווי איך האָב אויבן דערמאָנט, געשטעלט ווערן, סיי דער לעצטער 50-יאָריקער תקופה בכלל, סיי דעם אונטערגעגאַנגענעם יידישן לעבנס־שטייגער בפרט.

איך האַלט אָבער פאַר נויטיק לכתחילה אונטערצושטרייכן, אַז איך האָב זיך לחלוטין נישט פאַרמאָסטן אָפּצושפּיגלען, דאָס גאַנצע יידישע לעבן פון די לעצטע 2 דורות. מיין אַרבעט איז נאָר אַ פּרואוו צו באַלייכטן בלויז געוויסע סעקטאָרן, אָדער ריכטיקער געזאָגט איין סעקטאָר אינם לעבן און דאָס אויך נישט אין זיין פולן פאַרנעם — נאָר בלויז אויף אַ פראַגמענטאַרישן אופן, געבנדיק בלויז איינצלנע עפּיזאָדן, טיילווייזע זכרונות און איינצלנע געשיכטלעכע מאָמענטן פון יענעם סעקטאָר, מיט וועלכן דער גורל האָט מיך פאַרבונדן כמעט פונם אָנהויב עד היום־הזה — דאָס איז די פּועלי־ציון באַוועגונג אין גאַליציען און אין פּוילן.

„קוועּרשניט" איז נישט קיין אויטאָביאָגראַפיע און נישט קיין פול־שטענדיקע זכרונות פונם דערמאָנטן אָפּשניט. כהאָב, למשל, אויסגעלאָזט זייער אַסך אָבסערוואַציעס, איבערלעבונגען, דערינערונגען און געשיכטלעכע מאָמענטן, וואָס וואָלטן יאָ באַדאַרפט פאַרייביקט ווערן.

כהאָב למשל, מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט מיינע וואַנדערונגען מיט יידישע טעאַטער־טרופּעס, וואָס זענען געווען אַזוי רייך מיט אינטע־רעסאַנטע אָבסערוואַציעס וועגן דעם לעבן פון די יידישע אַרטיסטן און וועגן דער ראָל פונם יידישן טעאַטער בכלל . דאָסגלייכן האָב איך, פאַר־העלטנישמעסיק, זייער ווייניק אויפמערקזאַמקייט געשענקט, סיי דער פּועלי־ציוניסטישער „יוגנט" און „יונגבאָר"־באַוועגונג, סיי מיינע דראַמאַטישע אי־בערלעבונגען אינם ערשטן יאָר פון דער לעצטער וועלט־מלחמה.

אָט די אַלע מאָמענטן — און נאָך אַסך אַנדערע, אפילו דאָ אין דער הקדמה נישט דערמאָנטע — וועל איך אפשר שילדערן ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט, אפשר טאַקע אין אַן אויספירלעכן זכרונות־בוך, אויב דאָס איצטיקע בוך — „קוועּרשניט" — וועט נישט זיין קיין דורכ־פאַל און אויב איך וועל נאָך באַוויזן אָנצושרייבן מיינע אויספירלעכע זכרונות פונם מזרח־אייראָפּעישן יידישן לעבן במשך פון די לעצטע דורות.

ערשטע אָפּטיילונג

# פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט

(1947—1897)

# ווען און ווי־אַזוי איך בין געוואָרן אַ ציוניסט

דאָס איז געווען אין אָנהויב זומער פונם יאָר 1897. מיר האָבן דעמאָלט געוואוינט אין פּידוואָלאָטשיסק, וואָס איז געווען אַ באַ'חנ'ט שטעטעלע אויף דער דעמאָלטדיקער עסטרייך־רוסישער גרענעץ און איך בין שוין דעם צווייטן זמן געווען אַ „פּועל־בטול", ד. ה. אַ ליידיק־גייער . . .

נאָך מיט אַ יאָר פריער האָב איך אויפגעהערט צו־גיין אין חדר אַריין. מיין לעצטער מלמד איז געווען אַ גמרא־מלמד — אָבער מיר זענען עפּעס די „שיעורים" פון גיטין און קידושין נישט געקראָכן אין מח־אַריין, פּונקט ווי איך האָב מיט אַ יאָר צוריק נישט אַרויסגעוויזן קיין גרויס אינטערעס צו בבא־קמא און בבא־בתרא און מיין טאַטע ע"ה האָט חול־המועד פּסח פון 1896 באַשלאָסן, אַז היות קיין גמרא וויל איך נישט לערנען, וועט ער פון איצט־אָן אַליין מיט מיר לערנען נ"ך. אי ער וועט זיך איינברענגען שכר־לימוד, אי ער וועט גיכער האָבן אויף מיר אַן אויג . . .

במשך פון איין יאָר האָט ער מיט מיר געלערנט ישעיהו, ירמיהו, משלי, קהלת, איוב און אָנגעהויבן דברי־הימים. כ'קען אָבער נישט זאָגן, אַז איך זאָל האָבן געלערנט מיט התמדה — הגם די נ"ך־לימודים האָבן מיך, בלי־ערך אסך מער פאַראינטערעסירט ווי די גמרות . . . מיר האָבן אָבער געוואוינט נאָענט ביים זברוטש־טייך און איך האָב אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט, ווען דער טאַטע האָט נאָר אויף עטלעכע מינוט איבערגעריסן דאָס לערנען מיט מיר, צוליב זיינע געשעפטלעכע ענינים, כדי זיך אומבאַמערקט אַרויסצודרייען פון אונטער זיין השגחה און כפלעג ווי פייל־אויסןבויגן גלייך לויפן, זומער־צייט כאַפּן אַ שווים אינם שטראָמעדיגן זברוטש און ווינטער־צייט זיך גליטשן אויפן געפרוירענעם טייך . . .

דאָס האָט אַזוי געדויערט ביזן אָנהויב פון זומער 1897, ווען מיינע עלטערן האָבן נאָך אַ לענגערן ישוב־הדעת צווישן זיך באַשלאָסן, מיך אָוועקצושיקן קיין בערזשאַן, צום טאַטנס אַ יינגערן ברודער, צום פעטער יאַנקל, וועלכער האָט דאָרט געפירט אַ זייגערמאַכער־וואַרשטאַט, כדי איך זאָל ביי אים לערנען דאָס זייגערמאַכער־פאַך.

„הער, לאַנע !" — האָט איינמאָל מיין טאַטע געזאָגט צו דער מאַמען — „לערנען וויל ער סיי־ווי נישט, וועסטו אים אָפּפירן קיין בערזשאַן און זאָל ער דאָרט לערנען זייגערמאַכעריי".

„נישט־קשה, זייגערמאַכעריי איז אַ גאַנץ באַלעבאַטיש פאַך" — האָט מיין מאַמע דערויף געענטפערט — און דערביי האָט זי מיט איר פאַרטוך אָפּגעווישט די טרערן פון איר שיינעם פּנים . . .

תיכף נאך שבועות האט מיין גוטע מאמע עליה השלום, מיר איינגע־פאקט דאס ביסל „אויסשטאטונג” וואס זי האט ספעציעל צוגעגרייט פאר מיר. די „אויסשטאטונג” איז באשטאנען פון עטלעכע פאר וועש, עטלעכע „לייב־צודעקלעך” (ארבע כנפות׳ן), א צוויי ציכלעך צו קאפ־קישנס און א וואטענע קאלדרע . . . די מאמע אליין האט מיך אפגעפירט קיין בערזשאן, כדי מיך דארט „איינצואָרדנען”, ווייל דער פעטער יאנקל ע״ה האט געענט־פערט דעם טאטן אויף זיין מעלדונג, אז ער שיקט מיך צו אים: אדרבה, ער איז גרייט מיך צו לערנען דאס פאך, אָבער דער טאטע וועט מוזן מיך ערגעץ אָנדינגען אויף קעסט און קוואטיר, ווייל ביי אים איז נישטאָ קיין אָרט וואו צו שלאָפן . . .

דעם גאנצן וועג, אויף דער באן, האט מיך די מאמע צוגעגרייט צום נייעם לעבן. זי האט מיך געבעטן, אז איך זאל זיך נישט חברן מיט קיין גאסן־יינגלעך, אז איך זאל זיך חלילה נישט לאָזן פארפירן פונם יצר־הרע, ווען ביים פעטער אין ווארשטאט וועט אראָפפאלן אויף דער ערד א גאָלדן רינגל, אָדער עפעס אנדערש. אפילו ווען איך וועל אמאל אפשר געפינען א מטבעה זאל איך זי אויך תיכף איבערגעבן דעם פעטער . . . איך זאל פאָלגן דעם פעטער און די מומע, וועלן זיי זיין גוט צו מיר, איך זאל למע״הש דאווענען יעדן טאָג, אז איך זאל זיך נישט לאָזן צורעדן פון קיינעמען אפצושערן די פאות און כזאל יעדן שבת, צוזאמען מיטן בייטן די וועש, למע״הש, אויך אָנטון א „לייבצודעקל” און כזאל עס פריער איבערקוקן צו די ציצות זענען כשר . . .

איך בין זיך איצט עפנטלעך מודה־ומתודה, אז מיין מאמעס גוט־הארציקע רייד האָבן דעמאָלט לחלוטין נישט געפונען קיין אפקלאנג אין מיין הארצן . . . איך האָב שוין דעמאָלט געהאט בגניבה דורכגעלייענט וועלכע זבאראזשערס לידער פון „מקל נועם” און „מקל־חובלים”, סיי אין יידיש, סיי אין העברעיש, וועלכע עס האט מיר, אויך בגנבה, געבאָרגט מיינער א חבר, א זון פון אונזערס א שכן ר׳ שיע ערענקראנץ ע״ה, וואס איז געווען דער יונגסטער ברודער פון וועלוועלע זבאראזשער אליין . . .

איך האָב שוין לאנג זיך ארומגעטראָגן מיט דער מחשבה אָפצושערן, אָדער לכל־הפחות היפש אונטערצושערן, מיינע אומגעלומפערטע ברייטע און לאנגע פאות, מיט וועלכע איך האָב זיך פשוט געשעמט צווישן מיינע שווים־און־גליטש חברים, פון וועלכע א טייל האָבן געטראָגן גאנץ קורצע פאות און א טייל פון זיי האָבן שוין לחלוטין קיין פאות נישט געהאט.

אויף אלעמען וואס די מאמע האט געזאָגט, האָב איך מעכאניש צו־געשאָקלט מיטן קאפ און טיף אין הארצן האָב איך געטראַכט: ווי דער־לעבט מען שוין די מינוט, אז איך זאל קענען אראָפנעמען, אָדער וויניקסטנס

אונטערשערן מיינע פאות, וואָס זענען געווען מיין אָנגעוויטיקסטער פּראָבּ־לעם . . .

מיט אַט דער דאָזיקער מענטאַליטעט, מיט אַן אויבערפלעכלעכן דראַנג צו „עמאַנציפּאַציע”, אָבער אַן וועלכן עס איז טיפערן באַנעם פון דעם דעמאָלטדיקן יידישן לעבן בכלל און אַן וועלכער עס איז אַנונג אַפילו, אַז עס עקזיסטירן איבערהויפּט וועלכע עס איז געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, בין איך אָנגעקומען קיין בערזשאַן און בין געבליבן ביי מיין פעטער זיך לערנען דאָס זייגערמאַכעריי־פאַך. מיין פעטערס ווארשטאַט, וואָס איז גלייכצייטיק געווען אויך אַ געשעפט, איז אָבער געווען מער ווי אַ ווארשטאַט און מער ווי אַ געשעפט . . . ביי אים אין געשעפט איז געווען אַ זאַמלפּונקט, אַ צענטר, פון צענדלינגער יונגעלייט, באַווייבטע און בחורים, סוחרים און אינטעליגענטן, בעלי־מלאכות און העברעישע לערער, וועלכע האָבן שעה'ן־ווייז צווישן זיך דיסקוטירט און זיך געאַמפּערט, מכוח ענינים, וועגן וועלכע איך האָב לכתחילה, אין די ערשטע פּאָר טעג, קיין אַנונג נישט געהאַט . . .

יעדן טאָג, אין די מיטאָג-שעה'ן און אין די פרייע אָוונט־שעה'ן, איז מיין פעטערס געשעפט געווען פול געפּאַקט מיט דעם דאָזיקן עולם און צו מיינע אויערן זענען דערגאַנגען אַזעלכע ווערטער, אָדער אָפּגעריסענע זאַצן, ווי: דר. הערצל, יודנשטאַט, דר. מאַקס נאָרדאו, קאָנגרעס, שקל, טשאַרטער, סולטאַן, ציוניזם, דר. זאַלץ, דרייפוס־פּראָצעס, אַנטיסעמיטיזם, קאָלאָניזאַציע פון ארץ־ישראל; באַנקראָט פון דער עמאַנציפּאַציע; אחד־העם איז נישט גערעכט; אָדעסער קאָמיטעט פון חובבי־ציון איז נישט פּאָליטיש; אהבת־ציון אין טאַרנאָוו; הרב ר' צבי הירש קאַלישער; ר' שמואל מאָליווער; פּראָפ. מאַנדעלשטאַם; דער טשאָרטקאָווער האָט שכל און מישט זיך נישט; דער בעלזער איז אַ מאַשקע, ווייל ער טאַנצט לויטן פייפל פון די פריצים; צו וואַרטן אויף משיחן איז נישטאָ קיין צייט; משיח מוז נישט זיין אַן עני און דערצו אַ רוכב על־חמור; דער עיקר איז נישט דער קאָנקרעטער משיח, נאָר דער משיחיזם, דער געדאַנק וועגן דער אויסלייזונג פונם גלות . . .

סהאָט לאַנג נישט געדויערט און כהאָב זיך אָנגעהויבן צו אָריענטירן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. עס האָט דעמאָלט גראָד געהאַלטן פאַרן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל. די דיסקוטאַנטן, די טעגלעכע געסט און די פריינט פון מיין פעטער, זענען געווען ציוניסטן און זיי האָבן צווישן זיך דיסקוטירט וואָס פאַר־אַ כאַראַקטער דער ציוניזם דאַרף האָבן און וועמען זיי, די בערזשאַנער ציוניסטן, זאָלן איבערגעבן זייער מאַנדאַט צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל.

ווען מיין פעטער האָט געזען, אַז איך הויב אָן ארויסצווייזן אַן אינטערעס פאַר די דאָזיקע פראַגן, פלעגט ער מיר שבת נאָכמיטאָג — שבת פלעג איך עסן ביי אים, בעת אַ גאַנצע וואָך האָב איך געגעסן ביי אַן אָרימער און ווייטער קרובה, ביי וועלכער איך האָב געוואוינט פאַר 8 עסטרייכיש גילדן אַ חודש, וואָס מיינע עלטערן האָבן איר געצאָלט — פאַרענטפערן די פראַגן, וואָס איך פלעג אים צו שטעלן און ער פלעגט מיר אויך געבן צו לייענען דעם „המגיד", אַ העברעאיש וואָכנבלאַט וואָס פלעגט צו דערשיינען אין קראָקע, און פון וועלכן ער איז געווען אַן אבאָנענט מיט נאָך 2 לייענער בשותפות . . .

אחוץ דעם „המגיד" האָט מיר דער פעטער אויך געגעבן צו לייענען פרץ סמאָלאַנסקי'ס „התועה בדרכי החיים" און אברהם מאַפו'ס „אהבת ציון", ביידע אין העברעיש, און נאָכן איבערלייענען — אייגנטלעך האָב איך די דאָזיקע 2 ווערק ממש געשלונגן במשך פון די נעכט, כאָטש מיין אָרימע אַלטיטשקע קרובה, ביי וועלכער איך האָב געוואוינט, האָט געשריגן, אַז איך ברען־ אוים צופיל נאַפט — די דערמאָנטע ערשטע 2 ביכער, האָב איך, ערשטנס, אָפּגעשוירן מיינע פאות און, צווייטנס, האָב איך אינגאַנצן פאַרלוירן דעם חשק צו זייגערמאַכעריי, ווייל איך האָב געטענה'עט, אַז איך פאָר אינגיכן אוועק קיין ארץ־ישראל, כדי דאָרט צו ווערן אַ פּאַסטוך — טאָ, צו וואָס־זשע טויג מיר זייגערמאַכעריי ? . . .

מיין פעטער האָט מיט מיר אפילו נישט מסכים־געווען. ער פלעגט טענה'ן צו מיר: מעגסט זיין אַ ציוניסט — אָבער קודם־כל דאַרפסטו זעען זיך אויסצולערנען אַ פאַך, ווייל אַז נישט וועסטו אינערגעץ נישט האָבן קיין עקזיסטענץ. זיינע טענות האָבן אָבער געהאַט אויף מיר גאָר אַ קנאַפּע פעולה, והא־ראיה: כהאָב זיך 3 יאָר געמאַטערט ביים „לערנען" זייגערמאַכעריי און כבין ביי דעם דאָזיקן פאַך נישט געבליבן — דערגעגן ביים ציוניזם, וואָס ער האָט אין מיר, דירעקט און אומדירעקט, איינגע־פלאַנצט, בין איך דווקא יאָ געבליבן עד היום־הזה . . .

פון יענעם זומער 1897, ווען איך בין במשך פון ממש געציילטע וואָכן מיט אמאָל פאַרכאַפּט געוואָרן פונם ציוניסטישן געדאַנק אַלס אידעאַל, איז כדאי דאָ צו פאַרצייכענען עטלעכע קוריאָזן, אָדער מאָמענטן, וועלכע זיינען סיי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער וויגעלע־עפּאָכע פונם ציוניזם, סיי אינטערעסאַנט דער־מיט וואָס זיי האָבן געהאַט אַזאַ דאָמינירנדע השפעה אויף דעם ווייטערדיקן גאַנג פון מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג:

קורץ פאַר די וואַלן צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, ווען מען האָט שוין געהאַלטן ביים אָפּשליסן דעם פאַרקויף פון די שקלים, האָב איך אויסגעדריקט מיין גרייטקייט אויך צו קויפן אַ שקל, וואָס האָט דעמאָלט

געקאָסט אַן עסטרייכישע קראָנע. מיין פעטער — און אויך די איבריקע ציוניסטישע עסקנים — האָבן אָבער געטענה'ט, אַז איך טאָר נאָכנישט אויסקויפן קיין שקל, ווייל איך בין נאָך צו יונג, איך ליג נאָך אפילו נישט קיין תפילין . . . דאָס האָט מיך שטאַרק געקרענקט און איך האָט זיך צעוויינט טאַקע ווי אַ קליין קינד . . . בקיצור, סהאָט עמיצער געמאַכט אַ פשרה, אַז מען זאָל מיר יאָ פאַרקויפן אַ שקל, נאָר קיין וואַל־רעכט זאָל איך נישט האָבן. בלית־ברירה האָב איך דערצו מסכים־געווען און איך האָב געקויפט אַ שקל, באַצאָלנדיק מיט אַ קראָנע, וואָס איך האָב געהאַט אָפּגעשפּאָרט פון די „טרינקגעלטער", וועלכע איך פלעג באַקומען פון די אָריטקע קריסטלעכע מיעשטשאַנעס, פאַר אָפּטראָגן צו זיי די גרויסע וואַנט־זייגערס, וועלכע זיי פלעגן געבן מיין פעטער צום פאַריכטן . . .

דעם דאָזיקן שקל האָב איך — צוזאַמען מיט די איבריקע שקלים, וואָס איך פלעג קויפן אין די ווייטערדיקע יאָרן — געהאַלטן ווי אַן אבן־טוב ביזן יאָר 1914, ווען סאיז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און איך האָב איבערגעלאָזט אין לעמבערג מיין „באַגאַזש", אַ געפלאָכ־טענעם קויש מיט אַסך בראשורן און אַנדערע „וויכטיקע" פּאַפּירן . . . אָבער, ווען כבין נאָך דער מלחמה צוריק־געקומען פון דער איטאַליענישער געפאַנגענשאַפט, האָב איך נישט מער געטראָפן, נישט דעם קויש, נישט מיינע שקלים און נישט די איבריקע „פּאַפּירן" פון דער פאַרמלחמה'דיקער פועלי־ציוניסטישער „יוגנט"־באַוועגונג, וועלכע וואָלטן מיט זיך געווען פאַר־געשטעלט אַן אינטערעסאַנטן אַרכיוו־מאַטעריאַל . . .

איך קען קיינמאָל נישט פאַרגעסן די נאַאיווע דיסקוסיע צווישן צוויי אַזעלכע שטענדיקע „איינגייער" צו מיין פעטער. איינער איז געווען אַ „שטונדן־געבער" פון לשון־קודש און דער צווייטער איז געווען אַ שרייבער ביי אַן אַדוואָקאַט. דער ערשטער — קאָנסערוואַטיוו־רעליגיעז און דער צווייטער — אַ פּראָגרעסיווער און פרייער מענטש. אָבער, ביידע זענען געווען באַגייסטערטע אָנהענגער פונם ציוניזם.

דער ערשטער האָט געהאַט גרוים עגמת־נפש דערפון וואָס דר. מאַקס נאָרדאו'ס פרוי איז נישט געווען קיין יידישע און ער האָט אפילו געהאַלטן, אַז צוליבן ציוניזם וואָלט זיך נאָרדאו באַדאַרפט צו גטן מיט זיין פרוי . . .

דערויף האָט אים דער פּראָגרעסיווער און פרייער ציוניסט גוטמוטיק געענטפערט: ר' כאַסקעלע, איר זענט אַן אכזר. ווי קען מען עס פאַרלאַנגען פון נאָרדאון, אַז ער זאָל אָפּגטן זיין ווייב? ובפרט ווען זיי דערציען זייער קינד אינם יידיש־נאַציאָנאַלן גייסט.

וואָס מיר גייסט און ווער מיר גייסט? — האָט זיך ר' כאַסקעלע גע־קאָכט — זעט איר, ווען דאָס קינד וואָלט געווען אַ ייִנגעלע און זיי

וואַלטן עס מל׳ע געווען, וואַלט איך געוואוסט, אַז זיי דערציען עס אין יידישן גייסט — אָבער, אַז עס איז אַ מיידעלע, מיט וואָס־זשע בין איך זיכער, אַז סוועט דערצויגן ווערן ווי אַ יידישע טאָכטער?

דאָ איז שוין דער פרייער ציוניסט געוואָרן אויפגעקאָכט און ער האָט זיך צעשריגן: איר ווייסט דאָך באַלד פאַרלאַנגען פון נאַרדאַו, און פון הערצל׳ען און פון אַלע גרויסע מענטשן וואָס קומען צוריק צום יידישן פאָלק, אַז זיי זאָלן אַלע דאַווענען אין 2 פּאָר תפילין . . .

וואָס־זשע מיינט איר? — האָט דערויף ווידער געענטפערט דער פרומער ר׳ באַסקעלע — סוואָלט אסור, געווען אַן עוולה פון זיי. און איך האָף, אַז קוים האָבן זיי געזאָגט אלוף, וועלן זיי נאָך זאָגן בית און גימל אויך. קוים זענען זיי געוואָרן ציוניסטן, וועלן זיי נאָך מיט דער צייט לייגן תפילין אויך. איך האָף אפילו, אַז ווען דר. הערצל וועט, מיט דעם אויבערשטנס הילף, באַקומען דעם „טשאַרטער" פונם סולטאַן, וועלן מיר בקרוב צוריק אויפבויען דאָס בית־המקדש און מיר וועלן נאָך זוכה זיין במהרה ובימינו מקריב־צו־זיין קרבנות אויך . . .

זייט מיר מוחל, ר׳ באַסקעלע, איר זענט נאָך אַלץ דערזעלבער בטלן וואָס איר זענט געווען, כאָטש איר זענט אַ ציוניסט — האָט זיך זיין אָפּאָ־נענט געקאָכט — און ער איז ממש געוואָרן אין כעס, דערפאַר וואָס ר׳ באַסקעלע „פאַרקריפּלט" דעם ציוניסטישן געדאַנק . . .

סאיז דעמאָלט שיעור־נישט געקומען צו אַן ערנסטער מחלוקה, נאָר דאָ האָט זיך אַריינגעמישט אַ צווייטער רעליגיעזער ציוניסט, ר׳ לייבעלע ראָזע — דאָס איז דערזעלבער ר׳ לייבעלע ראָזע ע״ה, וואָס איז אסך יאָרן געווען אין ניו־יאָרק דער רב פון דער בערזשאַנער שוהל און איז מיט אַן ערך פון 2 יאָר צוריק געשטאָרבן אַ שבע־בימים — וועלכער איז דעמאָלט שוין געווען איינער פון די אָרטיקע ציוניסטישע עסקנים און האָט גע׳שמט מיט זיין גרויסער לומדות, חריפות און פרומקייט. ער האָט זיך אַריינגעמישט אין דער שיעור־נישט-מחלוקה, יעדנפאַלס איז עס געווען אַ מחלוקה לשם־שמים, באַהויפּטנדיק מיט זיין פולער אויטאָריטעט, אַז פרומקייט איז אַ פּריוואַטער ענין און מען דאַרף דאָס נישט אויסמישן מיטן ציוניזם . . .

ר׳ לייבעלע ראָזע איז ווייט נישט געווען דער איינציקער וואָס האָט געהאַלטן דערפון, אַז אין דער ציוניסטישער באַוועגונג דאַרף הערשן טאָלעראַנץ לגבי אַלע מיינונגען. ווי אַ ביישפּיל דערפאַר קען אויך דינען דער פאַקט, אַז מיין אויבנדערמאָנטער פעטער, וועלכער איז אַליין געווען אַ רעליגיעזער מענטש — הגם נישט קיין פאַנאַטיקער — און איז געווען ווייט פון סאָציאַליזם, האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז איך אַלס יונגטלעכער

ארבעטער, דארף יאָ האָבן אַ באַציונג צו אַן אידייע, אָדער צו אַ צייטונג, וואָס איז נאָענט צו סאָציאַליזם. אין יענעם יאָר — און אפשר איז דאָס געווען אינם יאָר 1898 — איז אין לעמבערג דערשינען אַ צוויי-וועכנטלעכע צייטונג. (עס איז אויך מעגלעך, אַז זי איז דערשינען טאַקע 3 מאָל אין אַ חודש: יעדן 1־טן, 10־טן און 20־טן) אונטערן נאָמען „העברי", אַלס אָרגאַן פונם לעמבערגער יידיש-נאַציאָנאַלן האנדלס-אנגעשטעלטן פאריין „עבריה". מיין פעטער האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ סאָציאַליסטישע צייטונג, ווייל זי האָט אַסך געשריבן וועגן דעם אַז עס דארף איינגעפירט ווערן אַן 8־שעה׳דיקער ארבעטס-טאָג פאַר ארבעטער און אַז די געשעפטן דארפן געשלאָסן ווערן 8 אַ זייגער אינאָוונט. האָט ער מיר געגעבן דעם אדרעס פון דער דאָזיקער צייטונג און מיך צוגערעדט, אַז איך זאָל זי אבאָנירן. דו ביזט אַן ארבעטער — האָט ער מיך אַגיטירט — דאַרפסטו לייענען אַ סאָציאַליסטישע צייטונג.

ביים אוועקשיקן דעם אבאָנעמענט-סכום פאַר אַ האַלב יאָר, האָט ער מיך געראָטן, אַז אָנגעבנדיק מיין אדרעס, זאָל איך צושרייבן מיין פאַך „אורמאכער־געהילפע", זאָלן זיי דאָרטן זעען אַז זייער אבאָנענט איז נישט קיין קלויז־בחור, נאָר אַן ארבעטער . . .

איך בין טאַקע געוואָרן אַן אבאָנענט און כפלעג מיט גרוים אינטערעס לייענען דעם „העברי". אמת, אַז לויט אונזערע איצטיקע באַגריפן איז דער „העברי" נאָך געווען ווייט פון צו זיין אַ סאָציאַליסטישע צייטונג — אָבער, אַ געווויסן קערנדל פונם סאָציאַליסטישן געדאַנק האָט מען אינם „העברי" יאָ געפונען און מיין נאָענטקייט צום סאָציאַליסטישן ציוניזם דאַטירט זיך טאַקע פון דעמאָלט־אָן זינט איך האָב אָנגעהויבן צו אבאָנירן און צו לייענען דעם „העברי" פון וועלכן דער רעדאַקטאָר איז געווען שמואל שאָר — אַ פאָרלויפער פונם פועלי־ציוניזם — און זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער זענען געווען לעאָן קאָפּלער און דר. מיכאל ווירט, אַ יידישער ליטעראַט, וועלכער געפינט זיך שוין לאַנג צוזאַמען מיט קאָפּלערן און מיט שמואל שאָרן אויפן עולם-האמת . . .

פון יענער בערזשאַנער עפּאָכע — פונם יאָר 1898 — איז בלי־שום־ספק אויך כדאי צו דערמאָנען דעם פאַקט, אַז לויט דער איניציאַטיוו פון די דעמאָלט 2 אַקטיווע עסקנים פון דער אָרטיקער ציוניסטישער אָרגאַני־זאַציע — קובא ראַוויטש, אַ סטודענט, און אַן אַדוואָקאַטן־שרייבער האַמער, וועלכער האָט שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און ער איז נאָך מיט יאָרן צוריק געשטאָרבן אין ניו־יאָרק — האָב איך צונויפגערופן עט־לעכע צענדלינג קינדער אינם עלטער פון 10 ביז 14 יאָר און מיר האָבן דעמאָלט געגרינדעט אַ קינדער-אָרגאַניזאַציע אונטער נאָמען „פּרחי־ציון"

(פּאַרכי־ציון). די מערהייט פון אונזערע מיטגלידער זענען געווען גימנאַ־זיסטן — אָבער ס'זענען אויך געווען אַ היפּש ביסל האַנדלספּראַקטיקאַנטן און עטלעכע האַנטווערקער־לערניינגלעך. דערגעגן האָבן מיר נישט געקענט צוציען קיין איינעם פון די קלויז־יינגלעך, אָדער ישיבה־בחורים, הגם די עטלעכע עלטערע פרומע ציוניסטן האָבן זיך שטאַרק אָנגעשטרענגט אַזעלכע צו געווינען אַלס מיטגלידער פאַרן פּרחי-ציון־פאַריין. אדרבה: די חסידישע קינדער זענען אַרויס אין אַ „קאַמף" קעגן אונז. קודם־כל האָבן זיי פון אונז אָפּגעחוזקט און אונז גערופן „פּאַרכיי"־ציון . . . אחוץ דעם האָבן זיי אונז אויך באַקעמפט אויף אַן אַנדערן אופן, דהיינו: מיר האָבן באַשטעלט ביי אַ גאָלדשמיט מעטאַלענע שפּילקעלעך, וואָס זענען באַשטאַנען פון אַ מגן־דוד און אינמיטן פון מגן־דוד האָט זיך געפונען דאָס וואָרט „ציון". מיר האָבן די דאָזיקע שפּילקעלעך מיט שטאָלץ געטראָגן אין אונזערע לאַצן. מילא, אַ גאַנצע וואָך איז דאָס אונז אָפּגעלאָפן גלאַטיק. נאָר, אין די שבתים, ווען מיר זענען געקומען אין די בתי־מדרשים, אָדער אין די קלויזן צום דאַווענען, האָבן זיך די חסידישע יינגלעך געוואָרפן אויף אונז און זיי פלעגן ביי אונז אַרויסרייסן די מגן-דוד'ס, זיי אַוועקוואַרפן אויף דער ערד, זיי באַשפּייען און דערביי שרייען: „שקץ תשקצנו ותעב תתעבנו כי חרם הוא . . . טפו, טפו, טפו" . . .

אָט אַזוי האָט אויסגעזען מיט 50, אָדער מיט 49 יאָר צוריק דער קאַמף קעגן ציוניזם און מיר האָבן שוין דעמאָלט געפילט — און אפשר אויך פאַרשטאַנען — אַז פאַרן ציוניזם מוז מען ליידן און אַז עס מוז נאָך דויערן אסך יאָרן ביז אַלע יידישע קינדער וועלן פאַרשטיין וואָס עס מיינט פאַר זיי דער ציוניזם . . .

אַז עס מוז נאָך לאַנג דויערן ביז דער ציוניזם וועט פאַרווירקלעכט ווערן, איז מיר דעמאָלט באַזונדערס קלאָר געוואָרן, ווען קיין בערזשאַן איז אַמאָל געקומען צופאָרן האַלטן אַ דרשה, דער שוין דעמאָלט פּאָפּולערער ציוניסטישער רעדנער ר' לייבל טוביש ע"ה פון קאַלאָמיי.

ר' לייבל טוביש איז געווען אַ זעלטן־שיינער טיפּ און אַן אויסערגע־וויינלעכער סימפּאַטישער און אינטעליגענטער מענטש. ווען ער האָט באַ־דאַרפט צו קומען קיין בערזשאַן, כדי אָפּצוגעבן אַ באַריכט פון אַ ציוניס־טישן קאָנגרעס, האָט אין גאַנץ בערזשאַן געקאָכט ווי אין אַ קעסל. ר' לייבל טוביש האָט נאָך דעמאָלט געטראָגן אַ לאַנגן איבערציער (נישט קיין קאַפּאָטע) און קורצינקע פּאות און די חסידים האָבן פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ער איז אַ פאַרשטעלטער מיסיאָנער . . . גערעדט האָט ער אין „געמויערטן בית־המדרש", וואו מיינע פעטערס האָבן געהאַט „שטעט" און ווי מיין פעטער יאַנקלס אַ שוואָגער איז געווען דער גבאי. דאָרט האָבן געדאַוונט

נאָך עטלעכע ציוניסטן און דאָס איז בכלל נישט געווען קיין חסידישער בית־המדרש. פונדעסטוועגן האָבן זיך עטלעכע בעלי־בתים שטאַרק גע־בונטעוועט קעגן דעם גבאי, וואָס האָט דערצו געגעבן די דערלויבניש.

הגם איך בין נאָך דעמאָלט געווען א ייִנגל און ר׳ לייבל טוביש האָט דאָך דער־עיקר גערעדט פאַרן עלטערן עולם, זענען מיר אָבער אויף יאָרנ־לאַנג געבליבן אין זכרון אסך פון זיינע געדאַנקען, ווערטלעך, אויספירונגען און אפילו באַגרינדונגען פונם ציוניזם.

ווען איך דערמאָן דאָ ר׳ לייבל טוביש מיט געפילן פון טיפן דרך־ארץ און מיט ליבע, איז עס נישט בלויז צוליב דעם ערשטן איינדרוק וואָס ער האָט דעמאָלט אויף מיר געמאַכט, נאָר דערפאַר ווייל ער איז טאַקע געווען א ייד מיט אַלע מעלות און א מענטש מיט א קרישטאַל־ריינעם כאַראַקטער. מיר איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן אסך מאָל אויסגעקומען זיך צו טרעפן מיט אים ביי פאַרשידענע ציוניסטישע, אָדער אַנדערע גע־זעלשאַפטלעכע ענינים און יעדעס מאָל האָט ער מיר געוואַלדיק אימפּאַנירט, סיי מיט זיין עניוות, סיי מיט זיין ערליכקייט און דער־עיקר מיט זיין אידעאַ־ליסטישער באַציאונג צום ציוניזם און צו יידיש אלס שפּראַך. ער איז אליין זיינע יאָרן אַרומגעפאָרן אַלס אַגיטאַטאָר פאַרן ציוניזם און ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין פּרנסה . . . אַ איבערגעגעבענער ציוניסט און האָט ליב געהאַט יידיש — האָט ער זיינע קינדער דערצויגן אין ליבשאַפט צום יידישן פאָלק, צו דער יידישער שפּראַך און צום יידישן לאַנד.

ער איז געווען א תלמיד־חכם, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון דער אַלטער יידישער וועלט און איז מיט אַלע זיינע חושים געווען אַריינגעוואַקסן אין דער נייער יידישער וועלט. צווישן אָרטאָדאָקסישע יידן האָט ער פאַרשפּרייט דעם ציוניזם מיט דער הילף פון א מאמר פון חז״ל און קעגן דער יידישער אסימילאַטאָרישער אינטעליגענץ פון דער פּ. פּ. ס. פלעגט ער שוין אין יענע יאָרן, קעמפן מיט די נאַציאָנאַלע לאָזונגען פון דער פּ. פּ. ס. גופא.

עס איז דערפאַר גאָר קיין וואונדער נישט, וואָס זיין געשטאַלט איז געבליבן אזוי קלאָר אין מיין זכרון ביזן היינטיקן טאָג. איך קען דרייסט זאָגן, אז נאָך דער דירעקטער השפּעה, וואָס עס האָט געהאַט אויף מיר, מיין פעטער און זיין סביבה, ווען איך בין אין 1897 געוואָרן א ציוניסט — האָט אין 1898 געהאַט אויף מיר א דערצידירנדיקע השפּעה די דעמאָלטדיקע דרשה פון לייבל טוביש, אזוי אז ביידע — מיין פעטער יעקב קענער פון בערזשאַן און לייבל טוביש פון קאַלאָמיי — האָבן אין א גלייכער מאָס א היפּשן חלק אין דעם ענטפער אויף דער פראַגע: ווען און ווי־אזוי איך בין געוואָרן א ציוניסט.

# די גרינדונג פון דער לעמבערגער „אחוה״

דאָס איז געווען אין די זומער־חדשים פון יאָר 1902. אינם הויז נר. 12 פונם לעמבערגער רינגפּלאַץ, האָבן זיך געפונען די גרויסע — אָבער פוסטע—לאָקאַלן פונם „ציון״־פאריין. די דאָזיקע לאָקאַלן האָב איך דערקענט מיט א ווינטער פריער, בעת א פאַרלעזונג פונם שפּעטער אין ארץ־ישראל פאַרשטאָרבענעם שלמה שילער, און זינט דעמאָלט בין איך אַהין געקומען מדי־שבת־בשבת, כדי אין איינזאמער שטילקייט דורכצובלעטערן די יידישע אויסגאַבע פונם ציוניסטישן וואָכנבלאַט „די וועלט״, וואָס איז בשעתו דערשינען אין ווין אונטער דער רעדאַקציע פון ראובן־אשר בראָדעס (געשטאָרבן אינם יאָר 1902), און דעם „יוד״, וואָס האָט זיך דאָרט געוואַלגערט הויפנווייז.

אינם דאָזיקן „ציון״־פאריין האָבן זיך אויך אין די שבתדיקע נאָכמיטאָגן אמאָל ארומגעדרייט א 10־12 יונגעלייט, וועלכע זענען געווען, ווי איך בין שפּעטער געוואר־געוואָרן, די שארית־הפליטה פונם יידיש־נאַציאָנאַלן האנדלס־אָנגעשטעלטן־פאריין „עבריה״, וואָס האָט עקזיסטירט אין לעמבערג אין די יאָרן 1898־1901. צו דער דאָזיקער גרופּע האָב איך געפילט עפּעס א שייכות, א מין נאָענטקייט, ווייל נאָך זייענדיק אין בערזשאַן האָב איך אבאָנירט דאָס צוויי־וואָכנבלאַט „העברי״, וואָס טאַקע דערזעלבער פאריין „עבריה״ האָט אין יענע יאָרן ארויסגעגעבן, אונטער דער רעדאַקציע פון שמואל שאָר, וועלכער איז אינם יאָר 1903 געשטאָרבן פון שווינדזוכט.

צוליב מיין דערנענטערונג צו דער דאָזיקער גרופּע, בין איך געוואויר־געוואָרן, אז אין א נאָענטן שבת וועט פאָרקומען א באריכטס־פאַרזאמלונג פונם עסטרייכישן „ציוניסטן־טאָג״, וואָס איז ערשט נישט לאַנג אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ביליץ (ביעלסקאָ). מען האָט מיך טאַקע אויך איינגעלאַדן צו קומען צו דער דאָזיקער באריכטס־פאַרזאמלונג. אינם באַשטימטן שבת נאָכמיטאָג האָבן מיר זיך דעמאָלט צונויפגעקליבן אַן ערך פון 15 יונגע מענטשן, צווישן וועלכע דער עלטסטער איז געווען זלמן הערץ, וואָס איז טאַקע דערנאָך, ביז צו דער ערשטער מלחמה, געווען איינער פון די פירער פון דער פועלי־ציון־באַוועגונג אין גאַליציע.

אויף יענער פאַרזאמלונג איז, נאָכן אויסהערן דעם באריכט פונם ביליצער „ציונסטן־טאָג״, באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן א פאריין מיטן נאָמען „אחוה״. די גרינדונגס-צוזייערטונגען זענען אדורך מיט דיסקוסיעס

ווער ס'זאָל ווערן „פּרעזעס" און ווער „וויצע-פּרעזעס". סהאָבן צווישן־
זיך ריוואַליזירט 2 קאָנצעפּציעס: הערץ־שאַר פון איין זייט, וועלכע האָבן
רעפּרעזענטירט דעם אַזויגערופענעם פּראָלעטאַרישן פליגל—און בילבעל־
האַלבער פון דער אַנדערער זייט, וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט דעם אַזוי־
גערופענעם „שטיי־קראַגן־פּראָלעטאַריאַט" . . . די לעצטע האָבן אַפילו
געפּרואווט אונטערשטעלן הערצן אַ „פּיסל", דערמיט וואָס זיי האָבן פאַר־
שפּרייט דעם געדאַנק, אַז מען דאַרף איינלאַדן אַלס פּרעזידענט דעם יונגן
אַדוואָקאַט ד"ר. לעאָן רייך און בילבעל זאָל אויסגעקליבן ווערן אַלס וויצע־
פּרעזעס. דער דאָזיקער פאָרשלאַג, וואָס איז אין תוך נישט געווען מער
ווי אַ „טריק" האָט אָבער אַרויסגערופן אַ גרויסע אומצופרידנקייט. סוף־
כל־סוף האָט מען זיך געאייניקט אויף אַ בשותפותדיקע ליסטע מיט
בילבלען, אַלס פּרעזעס און מיט זלמן הערצן אַלס וויצע־פּרעזעס און דער
קריזיס איז אַדורך בשלום . . .

קורץ פאַר דער אַלגעמיינער, אָדער ווי מען האָט עס דעמאָלט גערופן,
גענעראַל־פאַרזאַמלונג, האָט דער „„פּראָוויזאָרישער אויסשוס" (גרינדונגס־
קאָמיטעט) איינגעאָרדנט מיינע אַן עפנטלעכע פאַרלעזונג אויף דער טעמע
„פאַרוואָס דאַרפן זיך די יידישע אַרבעטער און האַנדלס־אָנגעשטעלטע אָר־
גאַניזירן אויף נאַציאָנאַלער באַזיס"? דער צוועק פון דער דאָזיקער פאָר־
לעזונג איז געווען אַ פּראָפּאַגאַנדיסטישער. מיר האָבן געשטרעבט דער־
מיט צו געווינען אַביסל מיטגלידער פון צווישן די יידישע אַרבעטער, וועלכע
זענען געווען אָרגאַניזירט ביי דער פּ. פּ. ס. — בעת ביי אונז זענען מיר
ביידע — שנורגאַסט און איך — געווען די איינציקע צוויי „פּראָלעטאַריער".

היות דאָס איז אָבער געווען מיין ערשטע פאַרלעזונג בכלל, האָב
איך זי פריער אינגאַנצן אָנגעשריבן און זי אויך אויסגעלערנט אויף אויסנ־
ווייניק. איך האָב געהאָפט, אַז איך וועל מיין רעדע אָפּקלאַפּן ווי אַ מזמור
אָן אַ שום מכשול. געשען איז אָבער אַנדערש. סאַיז געקומען אַ גרויסער
עולם פון יידישע פּ. פּ. סאָווצעס אונטער דער אָנפירונג פון שלמה בלינד,
(שפּעטער געווען אַן אָנגעזעענער טוער ביים גאַליצישן „בונד"), אָרענשטיין
(שפּעטער געוואָרן אַ פירער פון די קליינהענדלער און אַ קליאַמקע אין
מאַגיסטראַט) און אַ געוויסער טעוועל, אַ בעקער־מייסטער, נאָר אַ פאַר־
ברענטער פּע־פּע־סאָוויעץ . . .

האָבנדיק פאַר זיך אַן עולם פון עטלעכע הונדערט מענטשן, בין
איך אַביסל צעטומלט געוואָרן און איך האָב אין מיטן פון מיין רעדע
אָנגעהויבן צו לייענען פונם מאַנוסקריפּט. דאָס האָבן אויסגענוצט עט־
לעכע אַנוועזנדע פּע־פּע־סאָווצעס און זיי האָבן מיך געוואָלט אינגאַנצן
צעטומלען מיט צווישנרופן, וויצן און מיט הויכן געלעכטער אויף מיין

אדרעס. זייער געלעכטער האָט אָבער געהאט אויף מיר א פארקערטע ווירקונג. איך בין „געקומען צו זיך", כ'האָב מיט כעס אוועקגעוואָרפן די אָנגעשריבענע רעדע און האָב גערעדט פאר פייער און פאר וואסער . . .

דער תבצית פון מיין אויספיר איז געווען: אויב די פ. פ. ס. איז נאציאָנאל און שטרעבט צו פוילנס אומאפהענגיקייט — טא פארוואָס זאָלן מיר נישט שטרעבן אויפצובויען ארץ־ישראל?

נאָכן פארענדיקן מיין פארלעזונג האט באדארפט צו זיין א דיסקוסיע. אָבער, אָנשטאָט א דיסקוסיע איז געווען א טומל. אונזערע האָבן מיר אפלאדירט — דערגעגן די קעגנער האָבן געטופעט מיט די פיס, געשריגן און אונז געזידלט, אזוי אז דער פאָרזיצנדער האָט געמוזט שליסן די פארזאמלונג.

עפּעס ענלעכס, אָדער נאָך ערגערס, איז פאָרגעקומען בעת דער ערשטער גענעראל־פארזאמלונג, וועלכע מיר האָבן איינגעאָרדנט אין א שבת־צו-נאכטס אלס עפנטלעכע אלגעמיינע פארזאמלונג, מיט אגיטאציע־רעפעראטן און מיט א דיסקוסיע.

די „אחוה" האָט שוין דעמאָלט פארמאָגט א קנאפע 200 מיטגלידער. אָבער די יידישע פ. פ. ס. האָבן פארמאָגט א 4-5 מאָל אזוי־פיל און זיי זענען אלע געקומען ווי צו א **כוחות־פארמעסט.**

מצד אונז האָבן דעמאָלט גערעדט זלמן הערץ, שמואל שאָר, בילבעל און ווי מיר דאכט־זיך אויך דר. לעאָן רייך, מצד די פ. פ. סאָוועצעס זענען ארויסגעטרעטן די פריער דערמאָנטע אָרענשטיין און טעוועל. איבערצוגעבן וואָס די רעדנער האָבן דעמאָלט גערעדט איז נישט מעגלעך, שוין פשוט צוליב־דעם, ווייל ביי יעדן רעדנער האָט דער צד־שכנגד אזוי געטומלט, אז דער עולם האָט נישט געהערט קיין וואָרט. געהערט האָט מען בלויז צום סוף, ווען די פאַרזאמלונג האָט זיך שוין באדארפט צו שליסן, די טענער פון „התקוה" און פון „טשערוואָני שטאנדאר", אָבער טאקע בלויז די מעלאָדיעס און נישט די ווערטער, ווייל געזונגען האָט מען ביידע הימנען גלייכצייטיק און יעדער צד האָט געפּרואווט איבערצושרייען דעם צווייטן . . .

ערשט ווען די פ. פ. סאָוועצעס האָבן פארלאָזט דעם זאל און ווען מיר, די „אחוה'יאנער" זענען געבליבן אליין, זענען דורכגעפירט געוואָרן די וואלן פון „אויסשוס", ד. ה. פון דער פאריינס־פארוואלטונג און פון יענעם אוונט־אָן האָט זיך אָנגעהויבן די אָפיציעלע עקזיסטענץ פון דער לעמבערגער „אחוה", וועלכע האָט שפּעטער, פון 1902 ביז 1914, אָפטמאָל געשפּילט אזא וויכטיקע ראָל, סיי אינם לעבן פון די יידישע האנדלסאָנגעשטעלטע אין גאליציען, סיי אין דער געשיכטע פון דער פועלי־ציון־באוועגונג.

# די גרינדונג פונם ערשטן „פועלי־ציון" פאריין אין גאליציע

אינם יאָר 1903 האָבן שוין עקזיסטירט אין גאַליציען עטלעכע יידיש־נאַציאָנאַלע האנדלס־אָנגעשטעלטע פאריינען, פון וועלכע ס'איז דערנאָך בהדרגה ארויסגעוואקסן די פועלי־ציון באוועגונג, אָבער דער אויסדרוק פועלי־ציון צי פועלי־ציוניזם, איז נאָך אינערגעץ נישט געברויכט געוואָרן — נישט אין גאַליציען און נישט אין די איבריקע טיילן פון דער עסטרייכישער מלוכה.

אין יענעם יאָר, אין זומער 1903, איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון די אויבנדערמאָנטע האנדלסאָנגעשטעלטע־פאריינען, און דער דאָזיקער צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסן, אַז אין יענע שטעט וואו עס עקזיסטירט נאכנישט אַ זעלבשטענדיקער יידיש־נאַציאָנאַלער האנדלסאנגעשטעלטן־פאריין, זאָלן אין די עקזיסטירנדיקע ציוניסטישע פאריינען געגרינדעט ווערן „סעק־ציעס פון האנדלסאנגעשטעלטע און ארבעטער". די האנדלסאנגעשטעלטע־פאריינען וואָס האָבן זיך באטייליקט אין דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר האָבן זיך קאנסטיטואירט אלס „פארבאנד פון די יידישע האנדלסאנגעשטעלטע פאריינען אין גאַליציען" און די פארוואלטונג פונם קראקעווער פאריין „אחדות" איז אָנערקענט געוואָרן אלס די הויפּט־פארוואלטונג פונם פאר־באנד.

צו דער הויפּט־פארוואלטונג האָבן געהערט פאול ריזער, בערנארד פרייוואלד, יהודה זילבינגער, הענריק ליינקראם, לעאָן פאלמאן, הענריק באנעט, יצחק היילפערן און יידל נוסבוים. אָט די דאָזיקע הויפּט־פאר־וואלטונג האָט זיך שפּעטער — אין 1904 — פארבונדן מיט דער רע־דאקציע פון דער דייטשער אויסגאבע „דער יידישער ארבעטער", וואָס איז דערשינען אין ווין, אונטער דער רעדאקציע פון ש. קאפּלאנסקי, נ. גראָס, עמיל אָבערניק (אַ טשעכישער ייד) און שמואל אינזליכט, וואָס האָט גע־שטאמט פון טלומאטש, גאַליציען.

די פארשטענדיקונג האָט געפירט דערצו, אַז אויף שבועות 1904 איז גערופן געוואָרן קיין קראקע דער ערשטער „פארבאנדס־טאָג" פון אַלע יידיש־נאַציאָנאַלע האנדלס־אָנגעשטעלטע און ארבעטער־פאריינען אין עסטרייך און אַז דער „יידישער ארבעטער" איז דערנאָך איבערגעגאנגען אויף יידיש.

צו דעם דאָזיקן „פארבאנדס־טאָג" זענען שוין געקומען — אחוץ די דעלעגאטן פון די האנדלסאנגעשטעלטע־פאריינען (לרוב מיט די נעמען

„אחוה" און „אחדות") פון ווין, קראָקע, לעמבערג, סטאַניסלאַוו, ריישע, יאַראָסלאַוו א. א. וו. — 2 דעלעגאַטן פון פאַריינען וואָס האָבן שוין געטראָגן דעם נאָמען „פועלי־ציון": איינער — דער פאַר דער לעצטער מלחמה פאַרשטאָרבענער ש. ל. שטיינמעץ — פון טשערנאָוויץ, בוקאָווינע, און דער צווייטער בין איך געווען אַלס דעלעגאַט פונם „יידישן יוגענטלעכן אַרבעטער־פאַריין פועלי־ציון" אין טאַרנאָוו. הגם דער טשערנאָוויצער פאַריין איז געווען פאַר עלטערע אַרבעטער, איז אָבער דער טאַרנאָווער פּועלי־ציון פאַריין געווען עלטער מיט עטלעכע חדשים, כאָטש ער איז לכתחילה געווען באַשטימט בלויז פאַר יוגנטלעכע.

מיר ביידע, ד. ה. שטיינמעץ און איך, האָבן זיך שטאַרק גענרויסט מיטן פאַקט, וואָס מיר זענען די איינציקע 2 אַרבעטער צווישן די דעלעגאַטן און מיר האָבן געשפּילט די ראָל פון „ראַדיקאַלן", לגבי די טיילווייז שפּראַכ־לעך־אַסימילירטע פאַרשטייער פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע־פאַריינען . . .

אָבער, נישט דעם ערשטן „פאַרבאַנדס־טאָג", וואָס האָט אגב אָנגענומען, אַז דער „פאַרבאַנד" זאָל פון איצט־אָן טראָגן דעם נאָמען „יידישער האַנדלסאַנגעשטעלטער און אַרבעטער־פאַרבאַנד פּועלי־ציון", האָב איך בדעה איצט צו שילדערן, נאָר איבערגעבן ווי־אַזוי עס איז אַנטשטאַנען אין טאַרנאָוו (טאַרנע) דער ערשטער פּועלי־ציון־פאַריין און דאָס דווקא אַלס פאַריין פאַר יוגנטלעכע אַרבעטער.

לויטן באַשלוס פונם אויבנדערמאָנטן צוזאַמענפאָר פון די גאַליצישע האַנדלסאַנגעשטעלטע, האָבן מיר אין 1903 געגרינדעט אין טאַרנע, וואו איך האָב דעמאָלט געאַרבעט אין א דרוקעריי, א „סעקציע" פאַר האַנדלס־אַנגעשטעלטע און אַרבעטער, אינם דאָרטיקן ציוניסטישן פאָלקס־פאַריין „התחיה". די דאָזיגע סעקציע האָט עטלעכע חדשים גוט פונקציאָנירט. דער גרויסער רוב פון אירע מיטגלידער זענען געווען „שטייקראַגן־פּראָלע־טאַריער", ביוראָ־און־געשעפטס־אַנגעשטעלטע, בעת וואַרשטאַט־אַרבעטער זענען מיר געווען בלויז 3: זישע פּעניכעל, א פּויליש־ריידנדיקער דרוקער־אַרבעטער, יצחק בוטערפאַס, א היטל־מאַכער און איך.

דער פאַקט פון אונזער סאָציאַלער נאָענטקייט האָט אונז אויך פּסי־כאָלאָגיש דערנענטערט און זייענדיק צווישן זיך באַפריינדעט, האָבן מיר שטענדיק גערעדט דערפון, ווי־אַזוי צו־צו־ציען צו אונזער „סעקציע" נאָך אַרבעטער פון וואַרשטאַטן. ביי אונזער בעסטן ווילן און ביי אונזער גרעסטער אָנשטרענגונג איז עס אונז אָבער בשום־אופן נישט געלונגען און דאָס האָט אונז געגעבן דעם שטויס נאָכצודענקן וועגן דער צוועק־מעסיקייט פון אונזער געהערן צו דער „התחיה".

נאָך עטלעכע אזעלכע שמועסן צווישן זיך, האָבן מיר איינמאָל — אהיימגייענדיק אין דריי׳ען פון פאריין — אויף דער גאס באשלאָסן צו־צוטרעטן צו דער גרינדונג פון א באזונדערן ארבעטער־פאריין. אונזערע ווייטערדיקע באראטונגען האָבן פאר אונז קלאָר געמאַכט, אז אזוי ווי מיר אַלע 3 זענען נאָך אַליין גענוג יונג און מיר האָבן נישט קיין באַקאנטע צווישן עלטערע ארבעטער, זאָלן מיר דערפאר גרינדן אונזער פאריין בלויז אלס פאריין פאר האנטווערקער־לערניינגלעך און האנדלס־פּראקטיקאנטן.

ווען מיר האָבן צווישן זיך דיסקוטירט וועגן דעם נאָמען פון אונזער נייעם פאריין, זענען לכתחילה געקומען אין באטראכט אזעלכע נעמען ווי: „צעירי-ציון", „פרחי־ציון", „צעירי־ישראל" א. ד. גל. מיר האָבן זיך אָבער נישט געקענט אייניקן אויף קיין איינציקן פון די פאָרגעשלאָגענע נעמען.

היות פון אַלע 3 בין איך געווען, מישטיינסגעזאָגט, דער בעסטער העברעער (איך בין געווען א סוב-אבאנענט פון דער הצפירה), האָב איך, אויף דער נאָענטסטער באראטונג — אַלץ אויף דער גאס, אהיימגייענדיק פון דער „התחיה" — פאָרגעלייגט, אז מיר זאָלן אונזער געפּלאַנטן פאריין א נאָמען געבן „פועלי־ציון". מיין פאָרשלאָג האָב איך מאָטיווירט דערמיט, אז אזוי ווי דער פאריין וועט דאָך באַשטיין פון בלויז ארבעטער און מיר ווילן דאָך אים געבן א קלאַסן־כאַראקטער, דערפאר איז „פועלי־ציון" דער אנטשפּרעכנדיקסטער נאָמען. די אנדערע 2 חברים — פעניכל און בוטער־פאס — האָבן באַלד מסכים געווען צו מיין פארשלאָג און איך בין דאַן באַלד ארויפגעגאנגען צום אדוואקאטן־שרייבער, לעאָן שטירער, א ציור־ניסט, וועלכער איז געווען אין אפּאזיציע צו דער פארוואַלטונג פון דער „התחיה" און אים געבעטן, ער זאָל אונז אויסארבעטן דעם סטאַטוט און אז ער זאָל אונזער פאריין לעגאַליזירן ביי דער מאַכט.

לעאָן שטירער האָט איבערגענומען די דאָזיקע ארבעט און במשך פון די פּאָר וואָכן, וואָס דאָס האָט געמוזט געדויערן, האָבן מיר דערווייל אַלע אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּראָפּאַגאַנדיסטישע צוגרייטונגען געפירט אין דער דירה פון יצחק בוטערפאס׳ עלטערן, אזוי אז פורים 1904 האָבן מיר שוין געקענט אָפּהאַלטן אונזער ערשטע אַלגעמיינע פארזאַמלונג מיט וואַלן פון א פארוואַלטונג.

נאָך דער דאָזיקער פארזאַמלונג האָבן מיר אוועקגעשיקט א באַריכט צום „יידישן וואָכנבלאַט", וואָס איז דערשינען אין סטאַניסלאַוו אונטער דער רעדאַקציע פון לייבל טויביש און דערנאָך האָט דעמזעלבן באַריכט איבערגעדרוקט דער ווינער „יידישער ארבעטער" וואָס איז נאָך דעמאָלט דערשינען אין דייטש.

מיר האָבן תיכף געמעלדעט אונזער בייטריט צום ציוניסטישן דיסטריקט־קאָמיטעט אין קראקע און צום גאַליצישן „פאַרבאַנד פון די יידיש-נאַציאָנאַלע האַנדלסאַנגעשטעלטע פאַריינען".

נאָך דער אויבנדערמאָנטער ערשטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, האָבן מיר זיך אַרויסגעצויגן פון דער דירה פון דער פאַמיליע בוטערפאַס, אויף דער גראַבואַווקאַ, וועלכע מיר האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ פאַריין. יצחק בוטערפאַס' עלטערן — אַן עלטער פאָר פאָלק — האָרעפאַשניקעס, וועלכע האָבן גאַנצע טעג געניייט פויערישע היטלען, האָבן שטאַרק הנאה געהאַט פון אונזערע טעטיקייטן. נישט בלויז אויף זיצונגען, אָדער שבתדיקע פאַרזאַמלונגען, האָבן זיי אונז מיט פרייד אָפּגעגעבן זייער דירה, נאָר יעדן אָוונט, נאָך דער אַרבעט, האָבן זיי צוגערוימט דעם וואַרשטאַט, איבער־געדעקט די מאַשין און דעם אַרבעטס־טיש מיט ווייסע ליילעכער און מיר האָבן דאָרט במשך פון 4־5 וואָכן אפילו איינגעפירט לערן־קורסן פאַר די יוגנטלעכע. פון דער דאָזיקער פּריוואַטער דירה זענען מיר אַריבער אין דער „עזרת־נשים" פון אַ בית־המדרש, וואו דער חזן, אָדער שמש, איז געווען אַ חסידישער, אָבער אַ סימפּאַטישער ייד, מיטן פאַמיליען-נאָמען וועלט, וועמענס קינדער עס האָבן אויך געהערט צום נייעם פאַריין. דאָרט, אין דער „עזרת־נשים" האָבן מיר אַזוי לאַנג געפירט אונזער אַרבעט ביז די גבאים פונם בית־המדרש האָבן זיך דערוואוסט און זיי האָבן אונדז פון דאָרט משלך־געווען . . .

פון דאָרט זענען מיר שוין אַריבער אין אַן „אייגענעם" לאָקאַל, וואָס מיר האָבן געדונגען אויפן האָליץ־פּלאַץ, אין דאַווידס הויז, ביי אַן אַלטיטש־קען שניידער פאַר 5 עסטרייכישע גילדן אַ חודש.

ווי שוין אויבן דערמאָנט האָט אונזער פאַריין געהאַט אַן אייגענעם סטאַטוט, באַשטעטיקט פון דער מאַכט, און האָט געהאַט דעם נאָמען: „יידישער יוגנטלעכער אַרבעטער און האַנדלספּראַקטיקאַנטן בילדונגס-פאַריין פועלי־ציון". בלויז דער פאַקט, וואָס יעדער יוגנטלעכער האָט געקענט ווערן אַ מיטגליד, האָט געווירקט ווי אַן עלעקטרישער שטראָם און די יוגנטלעכע אַרבעטער זענען געקומען צו אונז מחנות־ווייז. מיט דער צייט זענען אויך די יונגערע עלעמענטן פון דער „סעקציע" ביי דער „התחיה" אַריבערגעגאַנגען צו אונז, אַזוי אַז דער פאַריין האָט אָנגעהויבן צו שפּילן אַ באַדייטענדע ראָל אינעם לעבן פון דער יידישער אַרבעטער־יוגנט אין טאַרנע.

אין דער „סעקציע" זענען אָבער געבליבן עטלעכע סנאָביסטישע „שטייף־קראַגן־פּראָלעטאַריער", וועלכע האָבן זיך באַצויגן צו אונז מיט ביטול און זיי פלעגן אפילו אָפּחוזקן פון אונז. מיט אַ באַזונדערן נחת-רוח פלעגט פון אונז שטענדיק אָפּחוזקן אַ געוויסער דיקשטיין, אַ פּוסטער פּראַנט, וועלכער

פלעגט אונז רופן דער „פאריין פון די ראַצערס" און מיך פלעגט ער, מעשה וויץ, שטענדיק באגריסן מיט די סארקאסטישע ווערטער „גוטן-טאג הער פרעזידענט פון די ראַצערס"! און דערביי פלעגט ער מיט אָפענער איראניע, אָבער זייער עלעגאנט, ציען דעם הוט פאר מיר. דאָס האָט מיך איינמאָל ארויסגעבראכט פון געדולד און איך האָב אים, אויף דער וואלאָוואגאס, דערויף געענטפערט מיט צוויי הילכיקע פעטש, אויף וואָס דער שפאצירנדיקער עולם האָט רעאגירט מיט נאָך א הילכיקערן גע-לעכטער . . .

אין דעמזעלבן יאָר, שבועות 1904, בין איך געפאָרן קיין קראָקע צום ערשטן „פארבאנדס-טאָג" אלס דעלעגאט פונם טאָרנער יוגנטלעכן פועלי־ציון־פאריין, מיינענדיק, אז דאָס איז דער איינציקער פאריין מיטן נאָמען פועלי־ציון. אויפן פארבאנדס־טאָג גופא האָט זיך אָבער ארויס־געוויזן, אז אין מאי־חודש פון דעמזעלבן יאָר איז אויך אין טשערנאוויץ געגרינדעט געוואָרן א פועלי־ציון פאריין און דער דאָרטיקער דעלעגאט איז געווען דער אויבנדערמאָנטער ש. ל. שטיינמעץ.

כאָטש אונזער פאריין איז באשטאנען — אחוץ א 3-4 טוער — אויס־שליסליך פון יוגנטלעכע אינם עלטער פון 14-18 יאָר, האָבן מיר זיך פונדעסטוועגן באטייליקט אין אַלע פאָליטישע און פינאנציעלע אַקציעס פון דער ציוניסטישער באוועגונג. מיר האָבן געזאמלט פארן נאציאָנאַל-פאָנד, מיר האָבן אויסגעקויפט שקלים, מיר האָבן פארשפרייט דעם „יידישן ארבעטער" און כ׳ תמוז, ווען הערצל איז געשטאָרבן אין ווין, האָבן מיר זיך באטייליקט אין דער טרויער־מאניפעסטאציע, וואָס אַלע ציוניסטישע אָרגאניזאציעס אין טאָרנע האָבן איינגעאָרדנט.

מיט דער צייט האָט אָבער דער דאָזיקער פאריין פארלוירן זיין אייגענטלעכן כאראקטער אלס יוגנט־פאריין און ער איז אינגאנצן געוואָרן א פאריין פאר עלטערע, אזוי אז מיט עטלעכע יאָר שפעטער — אָרום 1908-1909 — איז שוין דאָרט געגרינדעט געוואָרן א באזונדערער פועלי־ציוניסטישער יוגנט־פאריין אונטערן נאָמען: יידישער יוגנטלעכער ארבעטער און האנדלספראקטיקאנטן בילדונגס־פאריין „יוגנט", פון וועלכן די וויכ-טיקסטע טוער זענען דעמאָלט געווען נחום איינשפרוך, וועלכער איז אומ־געקומען אין דער טארנער געטא און חיים העניג, וועלכער געפינט זיך איצט אין ארץ־ישראל.

עס בלייבט אָבער א פאקט, אז דער ערשטער פאריין אין עסטרייך, מיטן נאָמען „פועלי־ציון" — איז געווען דער טאָרנאווער יוגנט־פאריין, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אינם אנהויב פון 1904.

# עפּיזאָדן פון מיינע אַמאָליקע אַגיטאַטאָרישע נסיעות

(געווידמעט מיין שוועסטער אסתר ווײַנרויב אין תל־אביב — אין שייכות מיט איר 85־יאָריקן געבוירנטאָג)

די ערשטע יאָרן פון מיינע אַגיטאַטאָרישע נסיעות — אין 1904, 1905 און 1906 — זענען געווען פול מיט קוריאָזן און מיט אינטערע־סאַנטע פּאַסירונגען, וועלכע עס וואָלט זייער כדאי געווען צו פאַרצייכענען אַלס כאַראַקטעריסטיק פאַר יענער עפּאָכע. איך וואָלט, למשל, געקענט שילדערן אַזאַ עפּיזאָד ווי יענער וואָס האָט מיט מיר געטראָפן אין זלאַ־טשאָוו, וואו־אַהין איך בין אַמאָל געקומען אין אַ האַרבסטיקן שבת 8 אַזייגער אינדערפרי און ביז 11 אַזייגער אינאָוונט האָב איך גערעדט אַ 4־5 מאָל: אויף פאַרזאַמלונגען, אויף זיצונגען און פאַרענדיקט מיין באַזוך מיט אַ רעפעראַט אויף אַ פייערלעכן אָוונט לכבוד מאָרים ראָזענפעלדן — אָבער, די זלאָטשעווער ח"ח פון פועלי־ציון און פון דער „יוגנט" איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז איך דאַרף אויך עפּעס עסן . . . אַרויסגעפאָרן אַהין בין איך פון לעמבערג זייגער 6 אינדערפרי, אַ נישט־געפרישטיקטער, קיין גראָשן אין קעשענע — אַחוץ אויף אַ באַן־בילעט — האָב איך נישט פאַרמאָגט און „רעפערירט" האָב איך אַ ניכטערנער כמעט אַ גאַנצן טאָג. פאַרמיטאָג אויף אַ בשותפותדיקער זיצונג פון די פאַרטיי־און „יוגנט"־קאָ־מיטעטן; 2 נאָכמיטאָג אויף אַן אַגיטאַציע־מיטינג; 5 נאָכמיטאָג פאַר אַ ספּעציעלער פרויען־פאַרזאַמלונג; 7 אַזייגער פאַר אַ יוגנט־פאַרזאַמלונג און 9 אינאָוונט האָב איך געהאַלטן די „פעסטרעדע" אויף אַ ראָזענפעלד־אָוונט.

ביי יעדער פאַרזאַמלונג האָבן די חברים אוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ גרויס גלאָז ביר, פון וועלכן עס איז מיר יעדעס מאָל ממש נישט־גוט געוואָרן ווען איך האָב דערפון געטאָן אַ זופּ, ווייל מיין מאָגן איז געווען ליידיק און דער קאָפּ האָט מיר פשוט געשווינדלט פאַר הונגער . . . איך בין אָבער געווען אַ נאַריש־שעמעוודיק, אַ קינדיש־נאַאיוו, כדי צו מאָנען עפּעס עסן און די חברים האָבן זיך אוודאי פאַרלאָזט איינער אויפן אַנדערן און אַזוי האָב איך זיך געמאַטערט ביז 11 אינאָוונט, ווען דער אָפיציעלער טייל פונם ראָזענפעלד־אָוונט האָט זיך געענדיקט און דער עולם האָט זיך גענומען צום טאַנצן . . . פאַרשטייט־זיך, אַז עטלעכע חברטעס האָבן אַפילו אויסגעדריקט פאַר מיר זייער וואונטש, אַז איך זאָל זיי למען־השם איינ־

לאַדן צום טאַנצן . . . אָבער, ביי מיר האָבן די קישקעס געשפּילט גאָר אַן אַנדערן מאַרש . . . און איך האָב געזאָגט צו איינעם פון די קאָמיטעט־מיטגלידער, אַז איך וויל מיטן 12־ער צוג צוריק־פאָרן קיין לעמבערג, ווייל זונטאג אינדערפרי מוז איך שוין זיין ביי דער ארבעט.

דער חבר איז אַרומגעלאָפן איבערן זאַל צונויפצושלעפּן דעם קאָמיטעט אויף אַ זיצונג, וועלכע האָט באַדאַרפט באַשליסן, אַז מען זאָל מיר געבן אויף אַ באַן־בילעט. דאָס איז אים אָבער נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען, ווייל דער קאַסירער פונם קאָמיטעט האָט גראַד דעמאָלט געהאַלטן אין מיטן טאַנצן און איך האָב געמוזט וואַרטן ביז די מוזיק וועט אויפהערן צו שפּילן. . . .

בקיצור: ביז די זיצונג איז צושטאַנד־געקומען; ביז סאיז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס, אַז דער קאַסירער דאַרף מיר אויסצאָלן אויף אַ באַן־בילעט; ביז סאיז באַשלאָסן געוואָרן וועלכע 2 חברים — איינער פון דער פּאַרטיי און איינער פון דער „יוגנט" — עס דאַרפן מיך באַגלייטן ביז צו דער באַן־סטאַנציע, וועלכע האָט זיך געפונען עטלעכע קילאָמעטער אונטער דער שטאָט און ביז מיר זענען אַהין אָנגעקומען, איז שוין דער 12־ער צוג געהאַט אַוועקגעגאַנגען און איך האָב שוין באַדאַרפט צו וואַרטן ביז 6 אַזייגער אינדערפרי . . .

מיינע 2 באַגלייטערס — וועלכע געפינען זיך אַגבביידע זינט יאָרן־און־יאָרן אין ניו־יאָרק, נאָר זיי זענען אַזוי שטאַרק פאַרנומען מיט זייערע „ביזנעס" און אפשר גאָר מיט „טאָן גוטע אַרבעט" לטובת די לעבנגעבליבענע רעשטלעך פון די זלאָטשעווער יידן, אַז זיי האָבן במשך פון די 6 יאָר, וואָס איך בין דאָ אין ניו־יאָרק, נאָכנישט געהאַט קיין צייט זיך צו טרעפן מיט מיר — האָבן מיר זייער דעליקאַט געמאַכט דעם פאָרשלאַג, אַז דאָס גלייכסטע וואָלט איך געטאָן, ווען איך שטרעק זיך אויס אויף אַ באַנק אין וואַרט־זאַל און כאַפּ אַ דרימל, כדי איך זאָל צו־מאָרגנס קענען באַלד גיין צו דער אַרבעט . . . און אויב איך וועל סיי־ווי־סיי שלאָפן — טאָ צו וואָס דאַרפן זיי זיצן בחנם אין וואַרטזאַל פון באַנהויף און מיך היטן? ווען זיי שוין בעסער צוריקגיין אין שטאָט־אַריין און אפשר וועלן זיי נאָך אַריינכאַפּן אַ טענצל . . .

איך האָב, פאַרשטייט־זיך, מסכים געווען אויף זייער פאָרשלאַג און ביי דער געלעגנהייט האָב איך זיך שוין אָנגענומען מיט הרייסטקייט און אַ שעמעוודיקער, זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איך דאַרף אויך עפּעס עסן . . . דערהערט די מעשה, אַז כהאָב אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן און אַז איך בין אַ הונגעריקער — האָבן זיך מיינע באַגלייטערס אַביסל פאַרשעמט און איינער אויפן אַנדערן געוואָרפן די שולד. אָבער, היות דער קאַסירער

האָט זיי נישט געגעבן מער ווי אויף אַ באַן־בילעט, האָבן זיי קוים געפונען אַן עצה וואָס צו טאָן מיט מיר . . . נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך אַ היפּשע ווײַלע געסוד'עט צווישן זיך, האָבן זיי אַרויסגענומען יעדער צו 10 גרייצער פון זייערע פּריוואַטע געלטער און האָבן מיר געקויפט ביים באַן־בופעט 2 גרויסע יידישע זעמל (אמת, אַלט־געבאַקענע, ווייל זיי זענען געווען נאָך פון פרייטאָג אינדערפרי און אפשר גאָר פון דאָנערשטאָג ביינאַכט . . . ) און 10 דעקאַ כשרע וואורשט און מיר אונטערגעטראָגן מיט דער גרעסטער פריינטלעכקייט די דאָזיקע גרויסע מתנה . . .

די חברים האָב איך אַהיימגעשיקט, אַז זיי זאָלן כאַפּן אַ טענצל און איך האָב מיט גרויס אַפּעטיט פאַרצערט די אַלטגעבאַקענע זעמל מיטן נאָך עלטערן כשר'ן וואורשט . . . אָבער נאָך מער ווי פונם שטילן דעם הונגער האָט מיר אַ הנאה געטאָן, וואָס מיר איז געלונגען די „פּעסטערערע" וועגן מאַרים ראָזענפעלדן און אַז זי איז געלונגען דאָס האָב איך געוואוסט דערפון, וואָס משה לייב האַלפּערן — הגם דעמאָלט נאָכנישט קיין אָנער־קענטער דיכטער, אָבער אַן אָנערקענטער מבין אויף „רעדעס" — איז באַלד צו מיר צוגעקומען און מיר אויסגעדריקט זיין „אָנערקענונג" פאַר מיין „מייסטערהאַפטן" רעפעראַט, ווי ער האָט זיך דעמאָלט אויסגעדריקט מיט נישט באַהאַלטענער באַגייסטערונג . . .

* * *

נישט ווייניקער כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט איז דאָס וואָס עס האָט מיט מיר אין דעמזעלבן ווינטער פּאַסירט אין דראַהאָביטש, וואו־אַהין איך בין דאָסגלייכן געקומען אַלס רעדנער צו אַ ראָזענפעלד־אָוונט. עס איז דעמאָלט וואַרשיינלעך געווען אַ יאָר פון ראָזענפעלד־פייערונגען און די נייגעגרינדעטע פּועלי־ציון־פאַריינען אין גאַליציע האָבן זיך געניוויטיקט אין עטלעכע קראַנען כדי צו באַצאָלן זייערע דירה־געלטער — האָט מען אַראַנזשירט אָוונטן לכבוד מאָרים ראָזענפעלדן און מען האָט מיך אַראָפּ־געבראַכט פון לעמבערג, כדי איך זאָל שוין אין איינוועגס אָפּהאַלטן אַ 3-4 באַזונדערע פאַרזאַמלונגען פון דער פאַרטיי, פון דער „יוגנט", אָדער פון די קרובה'שע אָרגאַניזאַציעס.

די דראַהאָביטשער חברים האָבן שוין יאָ פאַרשטאַנען, אַז אַ רעדנער דאַרף אויך עפּעס עסן — דאַגעגן ווען סאיז געקומען צום שלאָפן האָט די דאָזיקע פראַגע שטאַרק אונטערגעהינקן . . . געקומען קיין דראַהאָביטש בין איך פרייטיק פאַר־נאַכט, ווייל פרייטיק־צו־נאַכטס באַלד נאָכן עסן איז שוין פאַרגעקומען אַ יוגנט־פאַרזאַמלונג. די ערשטע נאַכט האָט מיך מיט־גענומען צו זיך אַהיים דער פאָרזיצער פון דער „יוגנט", וועלכער איז שוין געווען אַ פאַרדינער און ער איז שוין נישט געשלאָפן מיט פאָטער און

אפילו נישט מיט זיין יינגערן ברודער דעם גימנאזיסט, נאָר ער האָט שוין געהאַט אַליין אַ בעט פֿאַר זיך . . .

אריינקומענדיק שפּעט ביי־נאַכט אין שטוב־אריין פון דער פאמיליע פונם חבר, וועלכע האָבן באוואוינט אַ צימער מיט אַ קיך, האָבן מיר אומגערן אויפגעוועקט דעם פאָטער, וועלכער האָט זיך, וויזט־אויס דער־שראָקן, מיינענדיק, אַז גנבים זענען געקומען צונעמען די שבתדיקע לייכטער

אַ דערשראָקענער האָט ער אויסגערופן: „ווער איז עס דאָרט אַזוי שפּעט ביינאַכט״? — „דאָס בין איך טאַטע״ — האָט אים דער חבר, דער „פאַרדינער״, בארואיקט. — „אָבער איך הער דאָך טריט פון נאָך עמיצן״ — האָט דער אויפגעוועקטער פאָטער ווידער געפרעגט מיט אַ היפּש ביסל נערוועזיטעט . . . „דאָס איז מיינער אַ חבר״ — האָט דער זון געענטפערט — „ער וועט שלאָפן מיט מיר אין מיין בעט״. — „שוין ווידער געבראַכט אַן אורח״ — האָט דער פאָטער אומפריינטלעך געברומט — „מיט אַן אורח האָסטו געמעגט אהיימקומען איידער די ליכט זענען אויסגעגאַנגען, אַז איך זאָל כאָטש זען וועמען דו האָסט געבראַכט״ . . .

נאָך אַזאַ „קבלת־פּנים״ האָב איך שבת-צו־נאַכטס, שוין נאָכן ראָזענ־פעלד־אָוונט, באַשלאָסן נישט מער אויסצונוצן די „גאַסטפריינטלעכקייט״ פונם חברס פאָטער, נאָר איבערצונעכטיקן אין פאריינס־לאָקאַל און אי־דערפרי צוריק־צופאָרן קיין לעמבערג. אין מיטן־דער־נאַכט איז מיר אָבער אין נישט באַהייצטן לאָקאַל געוואָרן שטאַרק קאַלט און איך האָב באַשלאָסן ארויסצוגיין צו דער באַן-סטאַנציע, וואו עס איז וויינִיקסטנס וואַרם, אמאָל אפילו צו־וואַרם פון דער דושנער און געשטיקטער לופט . . .

4 קילאָמעטער האָב איך אַזוי אַליין מאַרשירט אין מיטן פון אַ פראָסטיקער נאַכט, מיט אַ מזרח-גאַליצישער שניי־זאַווערוכע אַלס צולאַג. ווי גרויס איז אָבער געווען מיין אַנטוישונג, ווען איך האָב די באַן־סטאַנציע געטראָפן אָפּגעשלאָסן פון אַלע זייטן און כדי נישט צו וואַרטן דאָרטן אין דרויסן אַ 5-6 שעה ביז מ׳וועט עפענען דעם וואַרטזאַל, האָב איך גענומען די פיס אויף די פּלייצעס און צוריקגעגאַנגען אינם אָפענעם פאַריינס־לאָקאַל־אריין, כדי דאָרט איבער-צו־וואַרטן די פּאָר עשה . . .

אין לאָקאַל־אריין בין איך אָנגעקומען שוין אַ פאַרקילטער, שיעור־נישט אַ דערפרוירענער און כהאָב אַזוי אַרומשפּאַצירט איבער די צימערן ביז 8 אַזייגער אינדערפרי, ווען איך האָב זיך ווידער געלאָזט צו דער באַן־סטאַנציע. גיין צום צוג האָב איך שוין אָבער נישט געקענט, ווייל אין די זייטן האָט מיך שוין געשטאָכן, די לאָפּאַטקעס האָבן געבראָכן און דעם שטערן האָט באַזעצט אַ שווייס . . . נישט ווייט פונם לאָקאַל האָט זיך געפונען דאָס שטאָטישע שפּיטאָל, בין איך אריין צום דאָקטאָר פון שפּיטאָל,

כדי ער זאָל מיך אונטערזוכן. דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט, אַז איך האָב אַ לונגען־אַנטצינדונג און אַז איך טאָר נישט אין אַזאַ צושטאַנד פאָרן אין אַזאַ קעלט מיט דער באַן. געהערט, אַז איך בין נישט קיין דראהאָ־ביטשער, נאָר אַ צוגערייזטער, האָט מיך דער דאָקטאָר באַלד אויפגענומען אין שפּיטאָל, וואו איך בין אָפּגעלעגן עטלעכע וואָכן מיט אַ לונגען־אַנט־צינדונג און ווען איך בין נאָכן געזונט ווערן צוריק־געקומען קיין לעמבערג, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז איך האָב פאַרלוירן מיין אַרבעטספּלאַץ, ווייל איך בין פלוצים „פאַרשוואונדן" אויף עטלעכע וואָכן אָן אַ „זיי־געזונט" . . .

* * *

און נאָך אַ גאַנצע ריי ענלעכע, אָדער קאָמישע עפּיזאָדן, האָב איך לכתחילה בדעה־געהאַט צו שילדערן בפרטיות. איך מוז זיך אָבער דאָס מאָל אָפּזאָגן דערפון, צוליב־דעם ווייל סוואָלט מיר נישט געבליבן גענוג פּלאַץ פאַר אַנדערע מאַטעריאַלן. איך וויל זיך אָבער נישט אָפּזאָגן פון צו שילדערן דעם פאַרלויף פון מיינס אַ באַזוך אין פּידוואָלאָטשיסק, דאָס שטעטל פון מיינע קינדער־יאָרן — בעת איך בין אין 1905 געקומען אַהין פון קראָקע, כדי צו האַלטן דאָרטן אַ פאַרלעזונג אויף דער טעמע „וואָס ווילן די פּועלי־ציון"? די פאַרלעזונג האָט איינגעאָרדנט דער דאָרטיקער האַנדלסאָנגעשטעלטן-פאַריין „אחוה", וואָס איז געווען אָנגע־שלאָסן אינם פּועלי־ציון־פאַרבאַנד, פון וועלכן איך בין דעמאָלט געווען דער סעקרעטאַר.

קומענדיק קיין פּידוואָלאָטשיסק אום ערב תשעה־באָב, בין איך קודם־כל, נאָך איידער איך בין געווען אין שטעטל, אָדער געזען עמיצן פון דער „אחוה", „פאַרפאָרן", אָדער ריכטיקער געזאָגט: צוגעגאַנגען צו מיין שוועסטער אסתר וויינרויב, וועלכע האָט דאָרט געוואוינט מיט איר מאַן און מיט אַ קליין קינד. די שוועסטער און מיין שוואָגער — אַ חסידישער יונגערמאַן — האָבן זיך טאַקע זייער געפרייט מיט מיר, ווייל זינט זייער חתונה אין 1902 האָבן מיר זיך מער נישט געזען. אָבער, צו דערזעלבער צייט האָבן זיי נישט געמאַכט קיין סוד דערפון, אַז זיי „נעמען איין מיט מיר בושות", צוליב דעם, ווייל איך בין געקומען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצער רובאַשקע מיט לאַנגע האָר און צו וועמען בין איך דאָס געקומען? נישטאָ קיין איין ליטישער מענטש אין דער „אחוה", בלויז יינגלעך, משרתים . . . און „זיי" וועלן דאָס אַראָפּברענגען משיחן ? . . .

שפּעטער, ווען איך בין אַרויס איבערן שטעטל האָב איך געטראָפן איבער די גאַסן אויסגעקלעפּט פּלאַקאַטן, וועלכע האָבן זיך געלייענט בזה־הלשון:

„הייטע ווירד מאַן אין לאָקאַל פאַן דער „אחוה" זאָגן קינות אונד נאָך די קינות ווירד געזינגונגס-גענאַסע י. קענער אוים קראַקוי, האַלטן איינען פאָרטראַג מעניני־דיומא".

פון דעם דייטשמעריש פּלאַקאַט איז מיר פּשוט פינסטער געוואָרן אין די אויגן . . . אָבער, קיין מחלוקה, האָב איך מיר געטראַכט, וועל איך צוליב־דעם מיטן „אויסשום" פון דער „אחוה" נישט מאַכן . . .

אינאָוונט, ווען איך בין צוגעגאַנגען צום לאָקאַל פון דער „אחוה", וואָס האָט זיך געפונען אין אַ פּאַרטער הויז און אַרום דעם הויז איז פון 3 זייטן געווען אַ ליידיקער פּלאַץ, האָב איך געטראָפן כמעט דאָס גאַנצע שטעטל מיט יידן און יידענעס, אַלטווארג און יינגוואַרג, אַזוי אַז סיי דער לאָקאַל, סיי דער אַרומיקער פּלאַץ איז געווען פולגעפּאַקט. דאָס זענען די פּידוואָלאָטשיסקער יידן געקומען „זעען" — נישט הערן — ווי־אַזוי איך, וועמען זיי האָבן געדענקט, אַז ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק פּלעג איך זיך אַרומשלאָגן מיט אַלע שקצים, פּלעג שפּרינגען פון דער הילצערנער בריק ביי דער גרעניץ (פּידוואָלאָטשיסק איז געווען דאָס גרענעץ־שטעטל צווישן עסטרייך און רוסלאַנד) גלייך אין וואַסער־אַריין פונם זבורטש־טייך און יעדן זומער פּלעגט דער סאַוואַדניק פונם פּריצס אויבסט־סאַד אַסאַך מאָל קומען צו מיינע טאַטע־מאַמע מיט אָנקלאָגעס קעגן מיר, אַז איך מאַך אים אַ תל פונם סאַד, זענען זיי געקומען „זעען" ווי־אַזוי איך וועל דאָס „האַלטן אַ פאַרלעזונג מעניני־דיומא" . . .

אין לאָקאַל איז געווען ממש צום דערשטיקט ווערן, כאָטש די פענסטער זענען געווען אָפן. אַ גערויש, אַ טומל, איז געווען אַזוי ווי אין אַ בינען־שטאָק. צו מיינע אויערן זענען דערגאַנגען אַזעלכע שמועסן צווישן די ווייבער ביי די פענסטער: „דאָס איז טאַקע יאַנקעלע ר' הערש־משה'ס"? „נישט צו דערקענען אים"! „איר זעט, אַז מען פאָרט אַוועק אין דער וועלט־אַריין, ווערט מען אַ לייט" ! . . .

אַלע האָבן געשריגן: „שאַ! זאָל זיין שטיל! לאָמיר בעסער הערן יאַנקעלעס דרשה" . . . סאַיז מיר זייער שווער אָנגעקומען ביז דער עולם האָט זיך איינגעשטילט און איך האָב אָנגעהויבן צו רעדן. בערך אַ שעה צייט האָב איך גערעדט וועגן דעם וואָס דאָס איז אַזוינס דער ציוניזם און ווען איך האָב דערנאָך געפּרוּווט איבערגיין צו דעם וואָס עס מיינט פּועלי־ציוניזם, האָב איך גערעדט וועגן קלאַסן־אונטערשידן, וועגן קלאַסן־קאַמף, וועגן סאָציאַליזם און כהאָב אָנגעהויבן צו שילדערן די רעוואָלוציע־באַוועגונג אין רוסלאַנד . . .

פּלוצים שטעלט זיך אויף דער פּרעזעס פון פאַריין, וואָס האָט געפירט דעם פאָרזיץ פון דער פאַרזאַמלונג — אויערבאַך האָט ער געהייסן,

א בוכהאלטער פון פאך און א מלמדס א זון — און גיט מיט זיין האנט א פעסטן קלאפ אינם טיש, אויסרופנדיק דערביי מיט גרויס אנטוישונג צום פארזאמלטן עולם: „ער איזט ניכט פאן אונזערע לייטע! ער איזט איין פערשטעלטער רעוואָלוציאָנער! איך ווערדע אים ניכט מער שפרעכן לאסן“!

מער האט מען נישט באדארפט. סאיז אויסגעבראכן א גרויסע מהומה. דער עולם האט זיך באלד פונאנדערגעטיילט אין 2 מחנות: די „אויסשוס־לייטע“ האבן געהאלטן מיט זייער איבערגעשראָקענעם פרעזעס און האבן געשריגן „הערונטער מיט אים“—בעת די אנוועזנדע סטודענטן און גימ־נאזיסטן, וואס האבן שטודירט אין לעמבערג און אין טארנאפאל, נאר צוליב די פעריען האבן זיי זיך דעמאלט געפונען אין שטעטל, האבן געשריגן אויף פויליש „דאלעי מאוויצם“, ד. ה. „ווייטער רעדן“ און זיי צו הילף זענען געקומען די ארטיקע שניידער־געזעלן און אנדערע ארבעטער, וועלכע האבן געשריגן, שוין אויף יידיש, ווייטער רעדן! ווייטער רעדן!

סאיז דערגאנגען אזוי ווייט, אז צווישן ביידע צדדים איז אויסגעבראכן א געשלעג . . . די קאָמישע סיטואציע איז באשטאנען אין דעם וואס „מיינע חברים“, משטיינס־געזאגט, וועלכע האבן מיך באצויגן, האבן מיך נישט גע־וואלט הערן, בעת די שוין דעמאלט שפראכלעך אסימילירטע יוגנט צוזאמען מיט די פאר ארבעטער, וועלכע האבן געהערט, אדער סימפאטיזירט, מיט דער פ. פ. ס. האבן דווקא איינגעלייגט וועלטן, אז איך זאל יא רעדן . . . איך האב זיך נישט פארלוירן. איך בין ארויפגעקראכן אויפן טיש און סאיז מיר געלונגען פון איין זייט צו בארואיקן דעם „פרעזעס“, אז איך בין „חלילה נישט קיין רעוואלוציאנער“ און פון דער אנדערער זייט איינצושטילן די צעקריגטע צדדים און כהאב אנגעהויבן ווייטער צו רעדן . . .

בינו־לבינו שפרינגט אריין דורכן אפענעם פענסטער מיינע א קוזינקע און זי פרואווט מיך אראפשלעפן פונם טיש מיט א היסטערישן געוויין: „ווי איז מיר, יאנקעלע, צו־וואס טויג דיר צו האבן צו טאן מיט אזעלכע באטיארן, קום אהיים, אנישט גיי איך רופן אסתרן“ . . .

איך האב די קוזינע אפגעשטופט פון מיר און ווייטער גערעדט, פרואוונדיק כלומרשט פארגלעטן דאס פארגעקומענע „מיספארשטענדעניש“. א שטיקל צייט איז מיר געלונגען צו האלטן רואיק דעם „פרעזעס“ — אבער, ווען איך האב ווידער אנגעהויבן צו רעדן וועגן דעם, אז פועלי־ציוניזם מיינט סאציאליסטישן ציוניזם און אז מיר יידן דארפן צו האבן אסאך סימפאטיע פאר דעם וואס די ארבעטער אין רוסלאנד ווילן אראפ־ווארפן דעם צאר, האט זיך דער „בוכהאלטער“, דעם מלמדס זון, דער קליינשטעטלדיקער „פרעזעס“ פון דער פידוואלאטשיסקער „אהוה“ מער

נישט געקענט איינהאלטן און ער האט ווידער אויסגערופן: „ער האט אונז בעטראָגען! ער איזט איין פערשטעלטער רעוואָלוציאָנער! געהען זי הערונטער פאם טיש, זאנסט ווערדע איך די זשאנדארמעריע היהער רופן אונד זי ארעסטירן לאסן"!

ווי דער עולם וואס האט געהאלטן מיט מיר האט דאס דערהערט האבן זיי זיך אלע דורכגעריסן ביז צום טיש און צוויי סטודענטן — די ברידער ערדהיים — דווקא גביר'ישע זונדלעך, האבן זיך „אנגעזעצט" אויפן גארישן פרעזעס און אים געמאכט אומשעדלעך. איינער פון זיי האט אים ארונטערגעדרייט די הענט פון אונטן און דער צווייטער האט אים מיטביידע הענט צוגעהאלטן דאס מויל און צו מיר האבן זיי געשריגן: „ניע באיסיען! מאוו דאלעי!" (האב נישט קיין מורא! רעדט ווייטער!)

פארשטייט זיך, אז אסך פונם עולם איז זיך בעת דער מהומה צע־לאפן — אבער, דאס גאנצע יונגוואַרג אז געבליבן און איך בין ערשט רעכט אריין אין טראנס פון רעדן . . . פילנדיק זיך אונטערן שוץ פון מיין נייעם צד האב איך ערשט איצט געהאלטן די אמתע רעוואלוציאנערע דרשה און ווען איך האב געענדיקט האט דער עולם שטארק אפלאדירט . . .

פון מאַנען ביים „אויסשוס" פון דער „אחוה" פאר די באן־הוצאות האט שוין נישט געקענט זיין קיין רייד . . . אבער, איך בין געווען זייער צופרידן דערפון וואס איך האב מיינס אויסגעפירט. דער „פרעזעס" איז דערנאך געבליבן זיצן ווי אן אפגעשמיסן חדר־יינגל און די ערדהיימס, מיט וועלכע איך האב זיך אגב גוט געקענט נאך פון די יינגלעשע יארן, האבן מיך אהיימגעפירט צו מיין שוועסטער. אין מיטן וועג איז מיר אנטקעגנ־געקומען מיין חסידישער שוואגער, איציק־שיע, צוזאמען מיט מיין ייננסטן ברודער אהרן, וועלכע איז איצט אין ארץ־ישראל און מיט טרערן אין זייערע אויגן האבן זיי מיך געבעטן וואס גיכער אהיימצוגיין, ווייל מיין שוועסטער איז אין גרויס שרעק, סזאל מיט מיר חלילה עפעס נישט געשען . . .

אהיימקומענדיק צו דער שוועסטער, וועלכער האט נישט געקענט גיין מיך אהיימברענגען צוליב־דעם, ווייל זי האט נישט געקענט לאזן אליין איר קליין קינד, האב איך זי געטראפן א פארווייינטע, א צעבראכענע. אבער, ווען זי האט מיך דערזען א גאנצן, א לעבעדיקן, איז זי ארויפגעפאלן אויף מיר מיט געוויין און מיך געקושט, גלייך איך וואלט צוריקגעקומען פון יענער וועלט . . . דעם גאנצן אוונט האט זי נאר געטענה'ט: „צו וואס טויג דיר דאס? משיחן ווילסטו ברענגען? וועסט נאך פארפאלן ווערן אין קרימינאל, ווי איז צו מיינע יארן" . . .

לא־די וואס זיי, מיין שוועסטער מיט מיין שוואגער, האבן פון מיין דעמאלטדיקן באזוך אין פידוואלאטשיסק געהאט אזוי פיל עגמת־נפש, האבן

זיי מיר נאָך געמוזט געבן אויף באַן־הוצאות, כדי צוריק־צופאָרן קיין קראָקע — הגם קיין גבירים זענען זיי כלל־וכלל נישט געווען . . .

אַלס רעדנער קיין פּידוואַלאָטשיסק בין איך מער נישט געקומען — אָבער דערפאַר זיינען, וואַרשיילניק, אַנדערע רעדנער אַהין געקומען און די צייט האָט זיך אויך געטאָן אירס, אַזוי אַז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז מיין שוואָגער אַליין אויך געוואָרן אַ ציוניסט — אמת אַ מזרחיסט — און מיין שוועסטער האָט זיך, אונטערן איינדרוק פון די מלחמה־איבערלעבענישן, שטאַרק־שטאַרק געענדערט. זי האָט אַראָפּגע־וואָרפן פון זיך דאָס שייטל און איז געוואָרן אַ מאָדערנע פרוי. זי האָט שוין נאָרנישט געהאַט דאַגעגן ווען אירע טעכטער האָבן געהערט צו אָרגאַ־ניזאַציעס — איינע צו „התאחדות" און די צווייטע איז אוועקגעפאָרן אין דער סטאַניסלאַווער לאַנדווירטשאַפטלעכער פערמע, כדי דאָרט מיט־צומאַכן די הכשרה — און ווען אירע יינגלעך האָבן דערנאָך געהערט צו דער פועלי־ציוניסטישער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע.

נישט נאָר מיין שוועסטער מיט איר מאַן האָבן זיך געענדערט, נאָר די גאַנצע „אחוה" האָט זיך געענדערט . . . אין די שפּעטערדיקע יאָרן פלעגט זי אפילו שיקן דעלעגאַטן צו אונזערע צוזאַמענפאָרן — הגם די פּאַרטיי איז שוין געווען אַ סאָציאַליסטישע. מיין פריער דערמאָנטער יונגסטער ברודער אהרן, איז געוואָרן טעטיק אין דער „אחוה" און די שוועסטער האָט שוין אָנגעקוואָלן דערפון וואָס ער גיט דאָרט קורסן . . .

נאָך מער: אין 1942 האָט זי אַלס אַ 65־יאָריקע מאַמע געשריבן צו מיר, שוין פון תל־אביב, אַז זי איז שטאָלץ דערפון וואָס אירע קינדער זענען פרייוויליק געגאַנגען אין דער יידישער בריגאַדע און אין דער ענגלישער אַרמיי, „כדי צו קעמפן קעגן פאַשיזם" און אין 1945 האָט זי אין אַן אַנדערן בריוו צו מיר אויסגעדריקט איר פרייד, וואָס אירע קינדער זענען בשלום אַהיימגעקומען פון די מלחמה־פראָנטן, וואו זיי האָבן „געקעמפט פאַר אַ פרייען און זעלבסטשטענדיקן ארץ־ישראל" . . .

פון 1905 ביז 1945 איז טאַקע בלויז אַ קורצער שפּאַן אין דער גע־שיכטע פון דער מענטשהייט — אָבער, וואָס פאַראַ גרויסער גייסטיקער מהלך עס איז פאַרט, פון דעמאָלט ביז איצט, פאַרגעקומען אינם יידישן לעבן . . .



# מיין ערשטע אומלעגאלע נסיעה
# פון קראקע קיין בענדין

אין א זומערדיקן טאג פון יאר 1905, ווען איך בין אזוי געזעסן ביי מיין ארבעט אלס סעקרעטאר פון עסטרייכישן פועלי ציון־פארבאנד, אין דער קאנצעלאריע פון האנדלס-אנגעשטעלטן פאריין „אחדות", אין קראקע, אויף דער דיטלגאס 56, איז אריינגעקומען א פרעמדער יונגערמאן און זיך פאר־געשטעלט אלס פועלי ציון חבר פון קאנגרעס־פוילן.

אינם שמועס, וואס עס האט זיך צווישן אונז אנטוויקלט, בין איך געוואר געווארן, אז דער גאסט פון קאנגרעס־פוילן הייסט יהודה־לייב פיינער, אז ער איז א בענדינער און אז ער איז געקומען קיין קראקע צו א דאקטער אין צוזאמענהאנג מיט זיין געזונט-צושטאנד.

מיר האבן זיך קעגנזייטיק אינפארמירט וועגן די פארהעלטנישן אין דער רוסלענדישער און אין דער עסטרייכישער פועלי־ציון פארטיי. איינע פון די ערשטע עיקרדיקע פראגן, וואס האבן ח' פיינערן אינטערעסירט צו וויסן, איז געווען: ווי אזוי מיר, די עסטרייכישע פועלי ציון, נעמען-אויף דעם פאלעסטיניזם? צי מיר זענען „פראגנאסטישע פאלעסטינצעס", ווי עס זיינען די מערהייט פון די רוסלענדישע פועלי ציון, צי אפשר „פראק־טישע פאלעסטינצעס", בעת דער פוילישער פארבאנד איז — לויט דער אינפארמאציע פון חבר פיינער — געשטאנען אויפן באדן פון פרינציפיעלן פאלעסטיניזם.

איך האב אים אינפארמירט, אז אין דער עסטרייכישער פארטיי איז בנוגע דער דאזיקער פראגע נישטא קיין איינהייטלעכע שטעלונג און פאק־טיש איז עס טאקע אזוי געווען. דער רוב זיינען געווען פרינציפיעלע פא־לעסטינצעס, ס'זיינען אבער אויך געווען א היפש ביסל „פראקטישע" און פראגנאסטישע פאלעסטינצעס", און עס זענען אויך געווען א סאך אזעלכע, ביי וועלכע דער צוגאנג, ווי אזוי און צוליב וואס מיר קומען צום פאלעסטי־ניזם, איז זיי געווען פולשטענדיק גלייכגילטיק. דער עיקר איז פאר זיי געווען דער אויספיר גופא, דער פאקט, אז מיר זיינען פאלעסטינצעס אן שום דריידלעך . . .

הגם איך האב זיך פארן חבר פיינער דעקלארירט אלס פראגנאסטישער פאלעסטיניעץ, האט דאס אים פונדעסטוועגן ניט געשטערט מיך איינצולאדן קיין בענדין אויף א רעפעראט. ערשטנס, האט ער געוואלט, זאלן זיך די

בענדיינער חברים באקענען מיט א פועלי־ציוניסט פון דער עסטרייכישער פארטיי. צווייטנס, האט ער געהאלטן, וועט א פראגנאסטישע באגרינדונג פונם פאלעסטיניזם — שטארקער קענען צעקלאפן די ס. ס., (ציוניסטן־טעריטאריאליסטן), וועלכע זיינען צו יענער צייט נאך געווען גאר שטארק אין גאנצן זאגלעמביער געגנט.

קורץ פאר זיין צוריקפארן אהיים האבן מיר אפגעשמועסט, ווען איך דארף קומען קיין בענדין און ווי־אזוי איך דארף זיך צו אים דערפרעגן.

כדי דורכצופארן די גרעניץ, האט מען געדארפט האבן אן אויסלענדישן פאס, אדער, לכל־הפחות, אזא קורצטערמיניקן פאסירשיין, וועלכן ס׳האט נעקענט באקומען יעדער געשעפטסמאן אויף א משך פון 8 טעג. איך האב אבער אזא פאסירשיין ניט געקענט באקומען ווייל מיין שייכות צו דער עסטרייכישער ארמיי איז נאך דעמאלט ניט געווען „רעגולירט״ . . . קיין שום פארברעך לגבי דער ארמיי בין איך הלילה ניט באגאנגען, נאר איך האב פשוט ניט געהאט קיין צייט זיך צוצושטעלן צום פאבאר און דערפאר בין איך ניט געווען אין ארדנונג מיט מיינע דאקומענטן. א גאנץ יאר האט דאס מיר גארניט געשטערט אין מיינע נסיעות איבער אלע עסטרייכישע פראווינצן, אבער ארויסבאקומען א פאסירשיין אויף עטלעכע טעג קיין קאנגרעס־פוילן, האב איך צוליב דעם ניט געקענט.

אין נויט ווערן אבער געבוירן גוטע „איינפאלן״ און איך האב זיך געווענדעט צום חבר יידל נוסבוים (בשעתו א טוער אין אונדזער עסטרייכישער באוועגונג), אז ער זאל פאר זיך ארויסנעמען אזא פאסירשיין און ער זאל אים מיר אויסבארגן אויף עטלעכע טעג.

יידל נוסבוים איז געווען בטבע א גוטער און דיסציפלינירטער חבר. ווען ער האט געהערט וועגן וואס ס׳האנדלט זיך, איז ער אוועקגעגאנגען אין דער פאליציי־דירעקציע און אויפן אנדערן טאג האט ער מיר געבראכט דעם פארלאנגטן פאסירשיין אויף זיין נאמען.

באקומענדיק דעם פאסירשיין בין איך געווען אזוי איבערראשט פון דעם געדאנק, אז אט־אט וועל איך באלד זיין אין רוסלאנד . . . איך וועל פארזוכן דעם טעם פון אומלעגאלע פארזאמלונגען און וועל זיך נאך דערצו באנוצן מיט א פרעמדן פאס . . . איך האב דעם פאסירשיין אפילו ניט אנגעקוקט, נאר בין גלייך געלאפן צום צוג . . .

ערשט זיצנדיק אין צוג צווישן קראקע און גראניצע (די אמאליקע גרענעץ־סטאנציע צווישן עסטרייך און רוסלאנד) האב איך ארייגשטודירט אין מיין נייעם דאקומענט, כדי זיך איינצוחזרן די נעמען פון מיינע נייע טאטע־מאמע . . . ביי דער געלעגנהייט האב איך אויך דורכגעקוקט די איבע-

ריקע רובריקן און צו מיין גרעסטן שטוינען האָב איך דערזען, אַז לויטן דאָקומענט בין איך גאָר אַ בלאָנדער, אַ הויך־וואוקסיקער, מיט אַ לענגלעך פּנים און מיט 4 יאָר עלטער, ווי כ'בין אין דער אמתן . . .

פאַרשטייט זיך, אַז דערפון איז מיר געוואָרן גאָר ניט פויגלדיק אויפן האַרצן און מיינע פאַנטאַזיעס האָבן שוין געמאָלן בילדער, ווי־אַזוי איך פאַל אַדורך און ווי־אַזוי די צאַרישע זשאַנדאַרמען פאַרשיקן מיך אַזש קיין סיביר . . . בינו-לבינו בין איך שוין אָבער אָנגעקומען קיין גראַניצאַ און איידער ווער־וואָס ווען, האָב איך שוין באַדאַרפט ווייזן מיין פּאַסירשיין. אָנגעקומען זיינען מיר מיטן עסטרייכישן צוג אויף דער זייט פון וואָקזאַל און כדי איינצושטייגן אינם רוסישן צוג, האָט מען באַדאַרפט דורך דער גרענעץ־קאַמער אַריבערגיין אויפן פּעראָן פון יענער זייט וואָקזאַל. איך האָב זיך „געמאַכט האַרץ" און האָב מאַרשירט מיט אַלע פּאַסאַזשירן צוגלייך. ווען די גרעניץ־זשאַנדאַרמען האָבן מיך באַטאַפּט פון אַלע זייטן, געניש־טערט אין די קעשענעס, בין איך געווען אַ בריה און כלומרשט געשמייכלט... אָבער ווען עפּעס אַן עלטסטער מיט רויטע בענדלעך האָט אָנגעהויבן אַריינ-צוקוקן אין מיין פּאַסירשיין, בין איך געוואָרן נאָך רויטער ווי זיינע בענדלעך און איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז איך האָב פאַרלוירן דאָס לשון . . .

ס'ווייזט אָבער אויס, אַז אָט דער עלטסטער האָט זיך ווייניק וואָס אויסגעקענט אין די פוילישע און דייטשע אותיות, מיט וועלכע עס איז געווען אויסגעפילט דער עסטרייכישער פּאַסירשיין פון הויכן און בלאָנדן יידל נוסבוים מיטן לענגלעכן פּנים, און ער האָט מיר אים תיכף צוריקגעגעבן, אָנווייזנדיק מיר מיט וועלכער טיר איך דאַרף אַרויס אויפן פּעראָן.

איבערגעקומען די רעוויזיע, האָב איך געמיינט, אַז איך בין שוין פּטור געוואָרן פון אַלע צרות און איך בין גלייך געלאָפן צו דער קאַסע כדי צו קויפן אַ באַן־בילעט קיין בענדין. שטעלט אייך אָבער פאָר מיין פאַר־צווייפלונג, אַז אַ צוג גייט ערשט דעם אַנדערן טאָג זייגער אַכט אינדערפרי, בעת איצט איז ערשט 5 אַזייגער נאָכמיטאָג. מער ווי אויף אַ באַן־בילעט 3טע קלאַס האָב איך ניט געהאַט און וואַרטן אויפן פּעראָן, צי אַפילו אין וואַרטזאַל מיט אַ פרעמדן פּאַסירשיין אַ גאַנצע נאַכט, איז ניט געווען קיין „זיכערער" ענין און איך האָב געמוזט זוכן אַן אַנדערן אויסוועג . . .

איך האָב זיך באַלד פאַרשטענדיקט מיט אַ פויליש-רעדנדיקן באַן־קאָנדוקטאָר, וועלכער האָט באַדאַרפט אין אַ שעה אַרום אָפּפאָרן מיט אַ משא־צוג קיין בענדין. אנשטאט צו קויפן אַ בילעט האָב איך אים אָוועק־געגעבן די באַטרעפנדיקע סומע און ער האָט מיך אַריינגעזעצט אין זיין בודקע . . .

ס'איז געווען א שיינע אויסגעשטערנטע זומער־נאַכט. די רייזע האָט געדויערט שרעקלעך לאַנג, פון 6 אינאָוונט ביז 2 ביינאַכט. ס'איז געווען מוראַ'דיק לאַנגווייליק, געמישט מיט שרעק פאַרן אומבאַשטימטטן . . . דעם רוב צייט פון דער נסיעה האָב איך פאַרבראַכט אויף די טרעפּלעך פון דער בודקע, געקוקט אין ווייטן חלל פון די פרעמדע פעלדער, זיך דערפרייט מיט יעדן בלישטשענדיקן פייערל, וואָס האָט זיך דאָ און דאָרט באַוויזן פון דער ווייטנס אין די פויערישע הייזלעך, און זיך דענערווירט פונם אומהיימלעכן בילן פון די דאָרפישע הינט . . . די איבעריקע צייט — ווען מיר זיינען געשטאַנען אויף א סטאַנציע — האָב איך זיך געמוזט אריינרוקן אין קאָנדוקטאָרס־בודקע, כדי די איבעריקע באַנערס, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט מיט אויסלאָדן און אָנלאָדן די סחורות, זאָלן מיך ניט דערזען. אין אזא „פּאַרפּאַקטן" צושטאַנד האָב איך, צוזאַמען מיט אַלע קאַסטנס און פעסלעך, געמוזט מיטמאַכן דאָס אהער און אהין־שיבן פון די וואַגאָנען און ערשט ווען מיר האָבן פאַרלאָזט די סטאַנציע, פלעג איך א פאַרמאַטערטער ארויסקריכן פון מיין באַהעלטעניש, כדי א ביסל פרייער אָפּצועטעמען . . .

ערשט 2 אזייגער נאָך האַלבע נאַכט, האָט מיר דער קאָנדוקטאָר אָנגעזאָגט די בשורה, אז מיר זיינען שוין נאָענט צו בענדין. אָבער אזוי ווי אויסשטייגן אויף דער סטאַנציע גופא איז א געפאַר, האָט ער מיר געהייסן אראָפּשפּרינגען אין מיטן גאַנג פון צוג און „א פּאָר שריט" צוגיין צופוס ביז איך וועל קומען נאָענט צו דער סטאַנציע. ער האָט מיר געוויזן די ריכטונג, וואו איך דאַרף גיין און מיר גע'עצה'ט, אז הארט פאַר דער סטאַנציע זאָל איך זיך אריבערכאַפּן איבער א גאָרטן־פאַרצוימונג און איך וועל זיך שוין געפינען אויפן וועג, וואָס פירט גלייך אין שטאָט אריין.

באין ברירה, האָב איך געפאָלגט און מיט א זעלטענער לייכטזיניקייט בין איך אראָפּגעשפּרונגען פון גייענדיקן לאַסט-צוג. ביים שפּרינגען האָב איך אויסגענוצט מיינע דערפאַרונגען אַלס געוועזענער גימנאַסטיקער (לויט דער היינטיקער טערמינאָלאָגיע וואָלט עס געהייסן אַלס געוועזענער „ספּאָרטלער" . . .) און ס'איז מיר גאָרניט געשען קיין שלעכטס. אָבער די „פּאָר שריט" ביז צו דער סטאַנציע האָבן זיך צעצויגן אויף אַן ערך 3-4 קילאָמעטער און נאָך א האַלבער שעה איינזאַמען מאַרש אין דער זייט פון דער באַן-ליניע, אונטער דער באַגלייטונג פון א זעלטזאַמער הינטישער מוזיק, האָב איך אָנגעטראָפן די גאָרטן־פאַרצוימונג, איבער וועלכער איך בין אריבערגעקראָכן און זיך טאַקע שוין געפונען אויפן שאָסיי אין שטאָט אריין.

ראשית־כל האָב איך זיך א טאַפּ געטאָן ביי דער קעשענע, צי איך האָב נאָך מיין איינציקן פאַרמעגן — דעם פּאַסירשיין אויפן נאָמען פון

יידל נוסבוים און דערנאָך האָב איך זיך געלאָזט אַ פּריילעכער אין שטאָט אַריין. הגם אַ צופרידענער, וואָס די דאָפּלט־אומלעגאַלע נסיעה איז מיר געלונגען, האָב איך זיך אָבער, שפּאַצירנדיק 3 פּאַרטאָג איבער די בענדינער גאַסן, פאַרטראַכט איבער דער פראַגע, וואָס טו איך איצט? קיין געלט אויף אַ האָטעל האָב איך ניט געהאַט, גיין קלאַפּן אין דער קאַוויאַרניע, וואו חבר פיינער האָט זיך מיט מיר באַשטעלט, איז געווען צוועקלאָז, ווייל דאָרט איז דעמאָלט סיי־ווי קיינער ניט געווען, אַזוי אַז איך בין באמת געווען אין דער גרעסטער פאַרלעגנהייט.

גייענדיק אַזוי פאַרטאָג פאַרטאָן אין מחשבות, האָב איך פּלוצים באַמערקט, ווי פון דער ווייטנס שלייכט זיך אַ ווייסער סילועט. פאַרשטענדלעך, אַז פאַר מתים האָב איך שוין דעמאָלט קיין מורא ניט געהאַט, אָבער ווי עס קומט אין מיטן שטאָט, 3 פאַרטאָגס, אַ פיגור אין תכריכים, האָב איך אויך ניט געקענט פאַרשטיין . . . דאָס רעטעניש האָט זיך מיר אויפגעקלערט ערשט ווען די ווייסע פיגור האָט זיך דערנענטערט צו מיר און איך האָב פאַר מיר דערזען אַ . . . יידישן בעקער־אַרבעטער. נו, אויב אַן אַרבעטער און דערצו אַ יידישער, האָב איך זיך אָנגענומען מיט דרייסטקייט און אים געפרעגט, צי ווייסט ער אפשר וואו עס וואוינט איינער אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען יהודה־לייב פיינער. דערהערט פיינערס נאָמען, איז דער בעקער געוואָרן מיט מיר גאָר היימיש. „אָ, איר זענט אוודאי דער רעדנער פון קראָקע? איך ווייס, איך ווייס, פאַר מיר דאַרפט איר זיך ניט קאָנספּירירן. איך בין אויך אַ חבר. כ׳ווייס, מיר דערוואַרטן אייך דאָ שוין עטלעכע טעג. אויף שבת גרייטן מיר צו אַ גרויסע פאַרזאַמלונג. זאָגט נאָר, זענט איר נאָר אַ גוטער מאַסאַוויעץ? מיר דאַרפן דאָ צעקלאַפּן די ס. ס.־אָוועצעס". איך האָב געשפּילט דעם תם און געפּרוּווט אָפּהיטן די פאָרשריפטן פון קאָנספּיראַציע, טענה׳נדיק, אַז איך בין בלויז פיינערס אַ קרוב און איך בעט אים נאָר, ער זאָל מיר צופירן צו אים אין שטוב אַריין. דער בעקער־אַרבעטער האָט זיך אָבער ניט געלאָזט „פּרייערן". ער האָט מיך צוגעפירט צו אַ האָטעל, אָנגעקלונגען, זיך פאַררופן אויף יהודה־לייב פיינער און מיר געהייסן געבן אַ צימער. מיר האָט ער אָנגעזאָגט אַז איך זאָל שלאָפן אַזוי לאַנג, ביז מיין „קרוב" וועט מיך קומען אויפוועקן.

10 אַזייגער אינדערפרי, בעת איך האָב שוין געהאַלטן ביים אָרומוואַשן־זיך, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר. דאָס קלאַפּן איז געווען אַביסל צו־האַסטיק, אַזוי אַז ניט ווילנדיק איז מיר דורכגעפלויגן אַ משונה׳דיקער געדאַנק, אַז זשאַנדאַרמען קומען מיך אַרעסטירן. אָבער ווען איך האָב

געעפנט די טיר און ס׳איז אריינגעקומען חבר פיינער, איז מיר געוואָרן אביסל לייכטער אויפן הארצן . . .

ס׳איז שוין געווען דאַנערשטיק אין דער פרי. חבר פיינער האָט מיך אריינגעפירט אין אַ „פּראָלעטאַרישער" קאַוויאַרניע, וואו איך האָב פאַרבראַכט סיי דאָנערשטיק, סיי פרייטיק פון אינדערפרי ביז שפּעט אין אָוונט. דאָס איז געווען אונדזער פּאַרטייאישע קאַוויאַרניע, וואו עס האָבן זיך דורך גאַנצע נעכט — און דער עיקר אין די אָוונטן — געפירט ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס. אין אַן אונטערשטן שטיבל האָט געוואוינט די באַלעבאָסטע פון דער קאַוויאַרניע און דאָרט פלעגן פאָרקומען זיצונגען, סיי פון קאָמיטעט, סיי פון די פּראָפעסיאָנעלע קאָמיסיעס. די בענדינער אָרגאַניזאַציע האָט אין יענער צייט געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט. עס זיינען געווען ביי אונדז אָרגאַניזירט די בעקערס, די הויז־אָנגעשטעלטע, די פּורמאַנעס, די האַנדלס-אָנגעשטעלטע און די לעדער־אַרבעטער. פון די אָנפירנדע חברים — אַ חוץ פיינערן — דערמאָן איך זיך בלויז הערשל שטאַטלער, פאַר וועלכן אַלע האָבן געהאַט גרויס דרך־ארץ צוליב זיין באַלעבאַטישער אָפּשטאַמונג און ער האָט גע׳שמ׳ט מיט זיינע איינפאַלן ביים אַרויפלייגן גרעסערע געלט-שטראָפן אויף די אָרטיקע גבירים לטובת דער אָרגאַניזאַציע. גאַנץ זאַגלעמביע האָט אין יענעם זומער געקלונגען מיט אַ „מעשה", וואָס חבר הערשל שטאַטלער האָט אָפּגעטאָן אַ בענדינער גביר דערפאַר, וואָס יענער האָט זיך אָפּגעזאָגט איינצוצאָלן אַ געוויסע סומע פאַר דער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע אַלס שטראָף פאַר אַ באַגאַנגענעם חטא, לגבי זיינע אָנגעשטעלטע. הערשל האָט דעם גביר אַרויסגענאַרט צום טייך, כדי זיי זאָלן זיך דאָרטן צוזאַמען באָדן, און ווען דער בעל־דבר איז שוין געווען אינגאַנצן אויסגעטאָן, אדם נאַקעט, זיינען ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן עטלעכע יאַטן מיט קראָפּעווע־בעזימער אין די הענט און זיי האָבן דעם גביר אַזוי אויסגעשמיסן פון אַלע זייטן, אַז ער האָט אַזש געטאַנצט בואי-בשלום . . . פאַרשטייט זיך, אַז נאָכדעם ווי עס איז אים נאָר בעסער געוואָרן, האָט מען אים צו־רוויסן געטאָן, אַז פאַרן שמייסן מוז ער באַצאָלן כך־וכך. דאָס מאָל האָט ער שוין באַצאָלט און טאַקע ניט קיין אַנדערער האָט ביי אים איינקאַסירט די שטראָף, ווי חבר הערשל שטאַטלער בכבודו ובעצמו . . .

אין יענער קאַוויאַרניע האָב איך זיך אָנגעהערט אַ סך מעשיות, וועלכע האָבן פאַר מיר, דעם „עסטרייכער", געקלונגען פּשוט ווי מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט. אָבער טאָמער האָב איך אין אַ מאָמענט געצווייפלט אין

װעלכער עס איז פון זיי, האָט מיך די שבת'דיקע פאַרזאַמלונג איבערצייגט, אַז די בענדינער פּועלי־ציון מעג מען און מען דאַרף זיי אַלץ גלויבן.

אויף שבת נאָכן עסן איז געװען גערופן אַ דיסקוסיע מיט די ס. ס. די פאַרזאַמלונג איז געװען אַן אומלעגאַלע און זי איז גערופן געוואָרן אין אַ בית־מדרש. פאַרן גיין אויף דער פאַרזאַמלונג האָב איך באַקומען פון קאָמיטעט עטלעכע רובל, כדי ווי אַ זאַך מאַכט זיך, זאָל איך האָבן אין קעשענע אַ פּאָר רובל, און טאָמער געלונגט עס אונדז יאָ און די דיסקוסיע ווערט פאַרענדיקט בשלום, זאָל איך פון דאָרט גלייך שפּאַנען צום צוג. איך בין געזעסן אין קאַוויאַרניע און געוואַרט אויף אַ שליח, אַז איך מעג שוין קומען. פּונקט 3 אַזייגער איז דער שליח געקומען און מיך געפירט אין בית־המדרש אַריין. איך בין זיך מודה־ומתודה, אַז דער אופן, ווי אַזוי דער רעפעראַט איז אָרגאַניזירט געוואָרן, האָט מיך מער פאַראינטערעסירט, ווי דאָס, וואָס דער רעפעראַט דאַרף זיין. מיר האָט געוואַלדיק אימפּאָנירט דער פאַקט, וואָס דער בית־המדרש איז פון אַלע פיר זייטן געווען אַרומ־גערינגלט מיט אונדזערע שומרים, מיט חברים פון דער קאַמף־דרוזשינע און דאָס גאַנצע געסל וואָס האָט געפירט צום אַריינגאַנג פון בית־המדרש איז געווען באַוואַכט מיט חברים. ביי דער טיר גופא זיינען פון ביידע זייטן געשטאַנען צו צוויי חברים מיט „שפּייערס" אין די קעשענעס. אַריינגעלאָזט האָט מען נאָר, פּועלי־ציוניסטן און ס. ס.־אָווצעס. (קיין בונדאָווצעס זיינען אין בענדין ניט געווען) און ווער ס'איז אַריינגעקומען אינעווייניק, דער האָט פון די צוויי ביי דער טיר דיזשורירנדע חברים, באַקומען אַ מעלדונג, אַז אין מיטן דער דיסקוסיע טאָן מען ניט אַרויסגיין און דערביי האָבן זיי דיסקרעט געוויזן, וואָס זיי האָבן אין די קעשענעס . . .

דאָס בית המדרש איז געווען פול געפּאַקט מיט הונדערטער און הונ־דערטער אַרבעטער און אַרבעטערינס מכל־המינים. עלטערע, יונגערע און אפילו אַ היפּש ביסל גאָר יונגטלעכע, וואָס ס'איז דאַן געווען אַ זעלטענע דערשיינונג, אָבער אין בענדין (און אויך אין סאָסנאָוויץ) האָט שוין דע־מאָלט עקזיסטירט אַ „קליינע פּועלי ציון"־אָרגאַניזאַציע און זי איז מאָבילי־זירט געוואָרן צו דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג.

מיין רעפעראַט האָט געדויערט איבער 2 שעה. אַזוי פיל האָט ער גע־מוזט דויערן, ווייל אויב ניט וואָלט איך — לויט ס'האָבן מיך געראָטן די חברים — ניט געווען אויסגענומען ביי דער „מאַסע" . . . וואָס איך האָב דעמאָלט גערעדט, איז אסור, אויב איך געדענק היינט . . . איך געדענק בלויז, אַז נאָך מיר האָט גערעדט אַ ס. ס.'אָוויעץ, וועלכן די בענדינער ס. ס. האָבן אויף יענעם שבת אַראָפּגעבראַכט אַזש פון טשענסטאָכאָוו, וואו עס איז געווען

די פעסטונג פריער פון די „סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן" און דערנאָך פון די „אומאפּהענגיקע" . . .). אַזוי ווי מיין אַפּאָנענט האָט געענדיקט און איך בין אַרויף אויפן בעלעמער, כדי אים אָפּצוענטפערן, האָט „עמיצער" פון דער מאַסע געטון אַ ברום, אַז ס'דוכט זיך אים, אַז פּאָליציי גייט, און מער האָט מען ניט געדאַרפט. דער דאָזיקער ברום האָט זיך אין איין אויגנבליק פאַנאַנדערגעטראָגן איבערן גאַנצן בית־המדרש און דער גאַנצער פילהונדערטער קעפּיקער עולם האָט זיך מיטאַמאָל אַ לאָז געטאָן צום אַרויסגאַנג. ס'איז שיעור־ניט געקומען צו אַ קאַטאַסטראָפע. נאָר אַ דאַנק די קאָמיטעט־מיטגלידער איז עס אָפּגעלאָפן רואיק. איינער פון זיי האָט באַלד אויסגערופן: לאָזט אייך ניט פּראָוואָצירן! ס'איז ניט קיין פּאָליציי! די טיר־היטער האָבן מיט זייערע „שפּייערס" זיך אַנטקעגנגעשטעלט און ניט דערלאָזט, אַז דער עולם זאָל זיך צעלויפן אין פּאַניק. ערשט ווען עס איז געקומען אַ באַפעל פונ'ם קאָמיטעט, אַז מען קען אויף אַ רואיקן אופן אַרויסלאָזן, איז די טיר פון בית־המדרש געעפנט געוואָרן. די גאַנצע שיעור־ניט קאַטאַסטראָפע האָט זיך געענדיקט בלויז דערמיט, וואָס איך האָב מער ניט געקענט קומען צום שלום־וואָרט. ווי ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז דאָס טאַקע געווען אַ שפּיצל פון די ס. ס., ווייל דאָס טאַקע האָבן זיי געוואָלט, כדי ס'זאָל ביי אַ טייל פונם עולם בלייבן כאָטש אַ שטיקל איינדרוק פון זייער טשענסטאָכאָווער אָפּאָנענט . . .

וועלנדיק גיין פון בית־המדרש צום צוג, איז צו מיר צוגעקומען אַ 12 יאָריקער „דעלעגאַט" פון דער סאָסנאָוויצער אָרגאַניזאַציע פון די „קליינע פּועלי ציון" און מיר געמאָלדן, אַז אין סאָסנאָוויץ וואַרט אויף מיר אַ פאַרזאַמלונג פון די „קליינע פּועלי ציון" און זיי פאַרלאַנגען דורכאויס, אַז איך זאָל שוין אַריבערקומען צו זיי.

איך האָב זיך געזעגנט מיט די בענדינער קאָמיטעטשיקעס און בין גלייך אָפּגעפאָרן קיין סאָסנאָוויץ. מיין פאַר־שעה'דיקער באַזוך אין סאָסנאָוויץ אין יענעם יאָר און מיין צוריקרייזע קיין קראָקע, איז ווערט אַ באַזונדער קאַפּיטעל, וואָס איך וועל נאָך אַמאָל, ביי אַ פּאַסיקער געלעגנהייט, אָנשרייבן. איצט וויל איך בלויז פאַרענדיקן דערמיט, אַז מיין אויבנגעשילדערטע אומלעגאַלע נסיעה און מיין רעפעראַט אינם בענדינער בית־המדרש, זיינען פאַר מיר צו יענער צייט געווען אַזאַ וויכטיק געשעעניש, וואָס האָט אויף מיר בשעתו איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן און דויערנדיקן איינדרוק.

---

# עפּיזאָדן פון דער קראָקעווער „פּועלי־ציון"־אָרגאַניזאַציע

.1

## ווי־אַזוי פון דר. יוזעף מאַרגוליעס איז געוואָרן חבר יוסף מרגליות

די אַלגעמיין-ציוניסטישע באַוועגונג אין גאַליציע, איז אָרגאַניזאַ־ציאָנעל געווען איינגעטיילט אין 3 דיסטריקטן (געגנטן) מיט באַזונ־דערע דיסטריקט־קאָמיטעטן. צוויי פון די־אָזיקע קאָמיטעטן — דער מזרח־גאַליצישער מיטן זיץ־אָרט אין לעמבערג און דער דרום־גאַליצישער מיטן זיץ־אָרט אין סטאַניסלאַוו — האָבן אינם אַנטשטיין פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג, געזען פאַר זיך אַ סכנה און זיי האָבן אונז אומברחמנותדיק באַקעמפט. דערגעגן דער מערב־גאַליצישער דיסטריקט־קאָמיטעט, אונטער דער אָנפירונג פון דר. חיים הילפשטיין, וועלכער געפינט זיך איצט אין ארץ־ישראל, נאָכדעם ווי ער האָט מיטגעמאַכט דעם גהינום־וועג פון אַ גאַנצער ריי דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אדוו. דר. יוסף מאַרגוליעס, (וואָר־שיינלעך אומגעקומען אין דער קראָקעווער געטאָ), אדוו. דר. יצחק שוואַרצ־באַרט (איצט אין ניו־יאָרק), דר. צבי סיראָפּ (געגאַנגען אין נייסאַנדז צו דער דייטשער תליה מיטן געזאַנג פון דער „התקוה"), און דער פאַר דער מלחמה פאַרשטאָרבענער אדוו. דר. שלמה וואַרהאַפטיק — האָבן זיך געהאַלטן ביי אַן אַנדערער טאַקטיק. אַלס דעמאָקראַטן, ווי זיי האָבן זיך שטענדיק דעקלאַרירט, האָבן זיי זיך לכתחילה פּאָזיטיוו באַצויגן צו אונזער אויפקום און האָבן איינגעפירט צווישן זייער דיסטריקט־קאָמיטעט און אונזער פאַרבאַנדס־לייטונג דעם פּרינציפּ פון קעגנזייטיקער פאַרטרעטערשאַפט.

אינם יאָר 1904 אַלזאָ, די פאַרוואַלטונג פונם פּועלי־ציון־פאַרבאַנד, דעלעגירט צו זיי, איר וויצע־פּאָרזיצער, דעם האַנדלס־אָנגעשטעלטן הענריק באַנעט און דער ציוניסטישער דיסטריקט־קאָמיטעט האָט צו אונז דעלעגירט איר פּרעזידיום־מיטגליד, דעם יונגען אדוואָקאַט דר. יוזעף מאַרגוליעס.

די גאַנצע געשיכטע מיט דער קעגנזייטיקער פאַרטרעטערשאַפט וואָלט אפשר אַן־און־פאַר־זיך נישט געהאַט קיין שום באַדייטונג, ווען עס וואָלט נישט געווען געשען דער פאָלגנדער ממש פּאַראַדאָקסאַלער פאַקט:

הענריק באַנעט האָט זיך פון טאָג־צו־טאָג אַלץ בעסער געפילט אינם קרייז פון די בירגערלעכע ציוניסטן און פון דער אַנדערער זייט האָט ער בשום־אופן נישט געקענט שלום מאַכן מיט דער אַלץ בולטער קלאַסן־ליניע, אויף וועלכער מיר, די פּועלי־ציון־באַוועגונג, האָבן זיך אַנטוויקלט; דערגעגן

מיט דר. מארגוליעס איז פארגעקומען עפעס ענלעכס, נאר אין אן אנט־קעגנגעזעצטער ריכטונג. קומענדיק אין באַרירונג מיט דער יידישער אר־בעטער־באַוועגונג, האָט ער זיך פליסיק געגומען שטודירן דעם מארקסיזם, זיך אָנגעהויבן צו פאראינטערעסירן מיט דער יידישער שפראך און ליטע־ראטור, ביז ער האָט אינגאנצן איבערגעריסן מיטן בירגערלעכן לאגער און געוואָרן אן אקטיווער טוער פון דער פועלי־ציון־באַוועגונג. דר. מארגוליעס האָט אין א קורצער צייט דורכגעמאכט א ווייטן וועג: נישט בלויז פון יוזעף איז געוואָרן יוסף, נאר דער פארשטייער פון ציוניסטישן דיסטריקט־קאָמיטעט האָט מיט צוויי יאר שפעטער שוין פארנומען דעם אמט פון סעק־רעטאר פון דער פארטיי. אויפן 3־טן פארטיי־טאָג אין לעמבערג איז ער שוין ארויסגעטראָטן מיט א רעפעראט אין א שיינעם פליסיקן יידיש, שטי־מענדיק מיטן רוב דעלעגאטן פארן היסטאָרישן באשלוס, אז די פועלי־ציון־באַוועגונג רייסט איבער אירע באציאונגען מיט די ציוניסטישע דיסטריקט־קאָמיטעטן, בלייבנדיק אין קאָנטאקט בלויז מיטן לאנדעס־קאָמיטעט און אז די יעניקע אינטעליגענטן, וואָס ווילן ווייטער בלייבן אין אונזער פארטיי, טאָרן נישט מער זיין קיין מיטגלידער אין די ציוניסטישע אקאדעמישע אָרגאניזאציעס.

## .2

## די ערשטע הערצל־יאָרצייט

אינם יאָר 1905 — איז ביי א גרופע חברים פון דער קראָקאָווער אָרגאניזאציע אנטשטאנען דער געדאנק, אז מען דארף עפעס טאָן, כדי צו ראדיקאליזירן, ווי מיר האָבן עס דעמאָלט גערופן, די פועלי־ציון־באַוועגונג. אין רעזולטאט פון א 2—3 פארטרויילעכע שמועסן צווישן זיך, האָט זיך אויסגעבילדעט א קאָנספיראטיווע גרופע, צו וועלכער עס האָבן געהערט: חיים גרינבערג, אן ארבעטער, אן עמיגראנט פון רוסלאנד, וועלכער איז שפעטער אוועקגעפאָרן קיין אמעריקע; מ. ציפרעס, א יונגער אקאדעמיקער, וואָס איז בעת דער וועלט־מלחמה געפאלן אויפן פראָנט, רעגינע פעפערבערג און סטעפע הערשטיין — ביידע פירערינס פון אונזער ארבעטערינען־אָר־גאניזאציע „יהודית"; איך, און מצד דער „יוגנט" האָבן מיר צוגעצויגן דעם דעמאָלטדיקן וויצע־פאָרזיצער פון דער יוגנט־אָרגאניזאציע — שכנא זאגאן, וועלכער איז אין 1942 אומגעקומען אין טרעבלינקע, און דעם ביב־ליאָטעקער פון דער „יוגנט" — פנחס דעול, וועלכער וואוינט איצט אין לימא, פערו.

אויף א גאנצער ריי שטרענג־פארטרויילעכע קאָנפערענצן האָבן מיר, נאָך לאנגע, הגם נאאיווע, דיסקוסיעס, פעסטגעשטעלט פאר זיך די פאָלגנדע צילן:

1) משפיע צו זיין די מיטגלידער פון אונזערע קראָקעווער אָרגאַניזאַציעס: „אחדות", „יהודית", „יוגנט", פּראָפ. פאַריין פון די בעלפער „עוזריציון", ארבעטער־פאַריין „חירות" און די „אַקאַדעמישע גרופּע" אינם גייסט פון דער רוסלענדישער פּועלי־ציון־פּאַרטיי.

2) אויסצובילדן אין יעדער אָרגאַניזאַציע אַ גרופּע, וועלכע זאָל זיך פאַרטיפן אין די פּראָבלעמען פונם מאַרקסיזם.

3) ארויסצוטרעטן אין דער עפנטלעכקייט מיטן שריפטלעכן וואָרט אונטער פּסיידאָנים פון „ציוניסטן־רעוואָלוציאָנערן".

אָט די דאָזיקע גרופּע האָט געהאַט עטלעכע געלונגענע ארויסטריטן און עס איז כדאי, כאָטש צוויי פון זיי צו דערמאָנען.

קודם־כל האָבן מיר ארויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמאַציע „צו די יידישע ארבעטער און פאָלקס־מאַסן!" דאָס האָט באַדאַרפט צו זיין אַ מין פּלאַטפאָרם אונזערע — אָבער ארויסגעקומען איז, רחמנה־לצלן, אַ כאַאָטישער אויפרוף, וואָס איז שווער געווען אים צו פאַרשטיין. אויף דער פּראָקלאַמאַציע האָבן מיר נישט אָנגעגעבן קיין אָרט, וואו זי איז געדרוקט געוואָרן און פאַרטיילט האָט מען זי אויך לויט רוסישן קאָנספּיראַטיוון שטייגער, אַזוי אַז ביים עולם האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אַז דאָס בלעטל איז געקומען פון רוסלאַנד און אויב פון רוסלאַנד האָט מען שוין מוחל געווען די „קליינקייט", וואָס מען האָט עס נישט אַזוי גוט פאַרשטאַנען... ארום דער דאָזיקער פּראָקלאַמאַציע האָבן זיך געשאַפן סודות־פּולע לעגענדעס. ס'האָבן זיך אפילו געפונען חברים, וועלכע האָבן „אַליין געזען" דעם „רוסישן" חבר, וועלכער האָט זיי אריבערגעשמוגלט דורך דער גרענעץ און געבראַכט קיין קראָקע...

צו דער ערשטער יאָרצייט פון דר. הערצל, איז דורך דער קראָקעווער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איינגעאָרדנט געוואָרן בשותפות מיט דער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע אַ פייערלעכע טרויער־אַקאַדעמיע. ס'האָבן באַדאַרפט געהאַלטן ווערן בלויז צוויי רעפעראַטן: דר. בולוואַ—אין פּויליש מצד די ציוניסטן און איך—אין יידיש מצד אונז. מיר, די אויבנדערמאָנטע קאָנספּיראַטיווע גרופּע פון „ציוניסטן רעוואָלוציאָנערן", האָבן אָבער באַשלאָסן נאָך דער טרויער־אַקאַדעמיע צו אָרגאַניזירן אַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע מיט אַ רויטער פאָן, מיט געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע ארבעטער־לידער, מיט אַלע פּיטשעווקעס, אַזוי ווי דאָס פלעגט פאָרקומען אין רוסלאַנד...

ארום 9 אינאָוונט, ווען די אַקאַדעמיע האָט זיך נאָר וואָס געהאַט פאַרענדיקט, האָבן מיר זיך וועקגעשטעלט פאַר די ארויסגאַנג־טירן און פאַרטיילט די פון פריער־צוגעגרייטע, קליינע געדרוקטע צעטעלעך, אין יידיש און אין פּויליש, מיטן רוף צו באַטייליקן זיך אין דער דעמאָנסטראַציע.

די ציוניסטן, דערזעענדיק וואָס דאָ קומט פאָר, זענען געוואָרן אויסער זיך, אָבער זיי האָבן שוין גאָרנישט געקאָנט אויפטון.

כההרף־עין האָט זיך כמעט דער גאַנצער עולם אויסגעשטעלט צו 6 אין די רייען. פאָרויס האָט מאַרשירט רעגינע פעפערבערג מיט אַ גרויסער רויטער פאָן אין דער הויך. אַרום איר 4 עלטערע אַרבעטער, נאָך איר דער יוגנט־כאָר, וועמענס געזאַנגען עס האָבן פאַרהילכט די גאַסן און נאָכן כאָר לאַנגע רייען פון עלטערע און יוגנטלעכע אַרבעטער, סטודענטן און סתם יידן. די דעמאָנסטראַציע האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. פון אַלע פענס־טער און באַלקאָנען, האָט די יידישע באַפעלקערונג אַרויסגעקוקט, מיט האַרצ־קלאַפעניש זיך געפרעגט וואָס דאָ קומט אַזוינס פאָר און זיך צוגעהערט צו אונזערע לאָזונגען. דער צוג האָט רואיק מאַרשירט איבער די יידישע גאַסן ביזן קוזמאַרק, נעבן די דיטלס־פּלאַנטן, ביז ס׳איז אָנגעקומען אַ גרעסערע אָפּטיילונג פּאָליציי און געפּרואווט אונז פונאַנדערטרייבן, וואָס עס איז איר אגב נישט געלונגען . . .

די פּאָליציי האָט זיך דאַן געוואָרפן אויף דער רויטער פאָן, כדי זי צו קאָנפיסקירן, אָבער אויך דאָס איז איר נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען. איינער פון דער פאָנען־גוואַרדיע, דער היטלמאַכער־אַרבעטער טעוול טשאַפּ (היינט אין אַמעריקע) האָט צוגענומען די פאָן, זיך מיט איר אַרומגעוויקלט — און זי נישט אַרויסגעלאָזט פון זיינע הענט, נישט־געקוקט אויף די מוראַ־דיקע קלעפּ וואָס ער האָט באַקומען מיט דער טעמפּער זייט פון די פּאָליציי־אישע שווערדן . . . ביז זיי האָבן אים אויפגעהויבן פון דער ערד און אים אוועקגעטראָגן אין קאָמיסאַריאַט, צוזאַמען מיט דער פאָן.

וואָס שייך דער דעמאָנסטראַציע גופא, האָט זי זיך פאַרענדיקט כמעט אין אָרדנונג. אמת, בעת דעם געראַנגל פון דער פאָנען־גוואַרדיע מיט דער פּאָליציי, איז פאַרהאַלטן געוואָרן דער טראַמוויי־פאַרקער. די פּאַסאַ־זשירן זענען אַרויס פון די וואַגאָנען און די שויבן זענען צעהאַקט געוואָרן . . . דער בירגערלעכער טייל פון די דעמאָנסטראַנטן איז זיך צעלאָפן. אָבער אונדזער עולם האָט ווייטער מאַרשירט מיט געזאַנג ביז צום לאָקאַל פון „אחדות" און דאָרט האָט פון פענסטער אַראָפּ, דער ח' יוסף מעלער — דעמאָלט נאָך אַ יונגער אַקאַדעמיקער און דערנאָך אַן אַדוואָקאַט אין לעמ־בערג, וואו ער איז אומגעקומען בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, — גע־האַלטן אַ פּלאַמיקע רעדע, אין וועלכער ער האָט שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דער ברוטאַליטעט פון דער פּאָליציי, דערפאַר, וואָס זי איז אָנגעפאַלן אויף אַ רואיקער מאַניפעסטאַציע און גערופן צום קאַמף קעגן דער קאַפּיטאַליס־טישער אָרדנונג . . .

# די בלוי־ווייסע פאָן אין פינסקיס „פאמיליע־צבי"

אין די ערשטע יאָרן פונם 20טן יהרהונדערט, האָבן אין די גרעסערע און אין די מיטעלע שטעט פון גאַליציע, עקזיסטירט דראַמאַטישע קלובן, וועלכע האָבן פון צייט־צו־צייט „קאָנקורירט" מיטן פראָפעסיאָנעלן יידישן טעאַטער, אויפפירנדיק בעסערע דראַמעס, אָדער „ליטעראַרישע פיעסן." עס איז אָבער געווען אַ גרויסער מאַנגל אין אַן אַנטשפּרעכנדיקן רעפּערטואַר. מען האָט אָנגעהויבן מיט „אוריאל אקאָסטא" און געענדיקט מיט טשיריקאָווס „יידן", און באַסטאַ . . .

די פּועלי־ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין קראָקע — דער ביל־דונגס פאַריין „יוגנט" — האָט געהאַט אַן אייגענעם דראַמאַטישן קלוב. מיר פלעגן אָבער שפּילן בלויז איין אַקטערס און שטאַרק מקנא געווען דעם קלוב פון דער „ברידערלעכקייט", וועלכער האָט „פאַרכאַפּט" די איינ-ציקע נייע דראַמע, די „יידן" פון טשיריקאָוון.

ערגעץ אַרום 1906, אָדער 1907, איז אין אונזער קלוב אַרויפגעקומען אַ הויכער, אַ דאַרער און אינטערעסאַנטער מענש, מיט לאַנגע שוואַרצע האָר — דאָס איז געווען דער גוט־באַקאַנטער שוישפּילער מ. סאַמועלאָוו, וועל-כער איז, ווי ס'טרעפט צווישן אַקטיאָרן, געבליבן אָן אַן אַנגאַזשמענט — און ער האָט אונז געמאַכט דעם פאָרשלאַג, אַז ער וויל מיט אונזער קלוב אויפפירן אַ נייע אַקטועלע דראַמע, די „פאַמיליע צבי" פון דוד פינסקי.

בקיצור, מיר זיינען גיך אַדורכגעקומען מכוח די באַדינגונגען און עס האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן די רעפּיטיציעס. עס זיינען אויך געמאַכט געוואָרן די איבעריקע אַדמיניסטראַטיווע צוגרייטונגען. מיר האָבן גע־דונגען דעם גרויסן „קאָלאָסעום"־זאַל, באַשטעלט אַפישן און זיך געגרייט צו אַ גרויסן יום־טוב.

סאַמועלאָוו האָט רעזשיסירט און מיט אונז איינשטודירט די פּיעסע. ער אַליין האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלע ר' משה צבי און מיר האָט ער צוגעטיילט אַזש 3 ראָלן: דעם גראָבן בטלן, דעם היקעוואַטן דיין און ראובן, דעם סאָציאַליסט, ר' משה'ס מיטעלסטער זון.

אַלץ איז געגאַנגען כשורה. מיר, די אַמאַטאָרן, זיינען אַלע געווען פאַרשיכורט פון פרייד וועגן דעם גרויסן דערפאָלג וואָס אונז דערוואַרט. אָבער, אין די לעצטע טעג פון די פּראָבן, האָט מיך אָנגעהויבן צו מאַטערן אַ געדאַנק, אַז דער דערפאָלג בכלל, ובפרט מיין דערפאָלג, אַלס ראובן, וועלכער דערשיינט אין דער סאַמע־לעצטער סצענע מיט אַ סימבאָליש

רויט פענדל און רופט אויס: „פאָרווערטס ברידער, מיר זיגן" — וועט דערגרייכט ווערן אויפן חשבון פון ציוניזם, ווייל ר' משה'ס זון דער ציוניסט ליפמאן, באווייזט זיך ניט אין דער שלום־סצענע און זיינע פריערדיקע טעמפעראַמענטפולע ארגומענטן בלייבן צוליב־דעם אָן א גע־העריקער ווירקונג . . .

כ'האָב נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז ראובן זאָל בלייבן דער איינציקער זיגער, כאָטש דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט מיין פער־זענלעכן דערפאָלג אַלס אַמאַטאָר־שוישפּילער און כ'האָב סאַמועלאָוון אַלס רעזשיסאָר, פאָרגעלייגט אַ קליינע ענדערונג, דהיינו: צום סוף פון לעצטן אַקט, זאָלן ביידע, אי ראובן, אי ליפמאַן, דערשיינען אויף דער בינע, איינער מיט אַ רויטער און דער צווייטער מיט אַ בלוי־ווייסער פאָן און ביידע זאָלן גלייכצייטיק אויסרופן: „פאָרווערטס ברידער, מיר זיגן"!

מ. סאַמועלאָוו האָט מסכים געווען, און מיר האָבן צוגעגרייט די פאָרשטעלונג מיט 2 פענדלעך.

דער קאָלאָסעום־זאַל איז געווען איבערגעפּאַקט מיט אַ טויזנט־קעפּיקן עולם פון אַלע שיכטן און דער דערפאָלג פון „פאַמיליע צבי" איז געווען אין־לשער.

אַז דאָס אַרויספירן אויף דער בינע די בלוי־ווייסע פאָן איז אונזער איינפאַל און נישט דעם מחבר'ס, דאָס איז פאַרן דרויסנדיקן עולם גע־בליבן אַ סוד. קיין שום גרילץ האָט זיך נישט געפילט, ווייל צו דער וואַרעמער ציוניסטישער פראַזע, וואָס ליפמאַן רעדט די גאַנצע צייט, איז דערנאָך די בלוי־ווייסע פאָן געקומען ווי אַ לאָגישע קאָנסעקווענץ, ובפרט, ווען די רויטע פאָן האָט דערפון גאָרנישט געליטן, נאָר ביידע האָבן גע־פלאַטערט צוזאַמען און סימבאָליזירט דעם סינטעז צווישן ציוניזם און סאָציאַליזם . . .

דער קאָלאָסאַלער מאָראַלישער און אויך מאַטעריעלער דערפאָלג פון דער קראַקעווער אויפפירונג האָט סטימולירט, אַז אין די קומענדיקע ווינ־טערס האָבן די פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציעס פון סטאַניסלאַוו, נייסאַנץ, באַ־ריסלאַוו, טאַרנע — און אַפילו פון לעמבערג — מיך איינגעלאַדן אויפצו־פירן מיט זייערע דראַמאַטישע־קרייזן פינסקיס דראַמע און „די פאַמיליע צבי", איז פאַרשטייט זיך, אומעטום אויפגעפירט געוואָרן, מיט דער בלוי־ווייסער פאָן פאַראַלעל מיט דער רויטער.

צי דוד פּינסקי — דער מחבר פון „פאַמיליע צבי" מיט העכער 40 יאָר צוריק — וואָלט דעמאָלט געווען צופרידן מיט דער דאָזיקער ענדערונג, ווייס איך נישט, אָבער, אַז דער היינטיקער דוד פּינסקי, איז איצט מסכים מיט דער דאָזיקער אויסבעסערונג — דאָס בין איך זיכער . . .

# סאָציאלע קאמפן ביי יידן אין גאליציע

אריינפיר

צום סוף פון פאַריקן יאָהרהונדערט — און אין אַ היפשער מאָס אויך אין די ערשטע יאָרן פונם 20טן יאָרהונדערט — איז די צאָל פון יידישע אַרבעטער אין גאַליציע, געווען פאַרהעלטנישמעסיק, אַ קליינע, בלי ספק אַ סך אַ קלענערע ווי זי איז עס געווען אין די לעצטע 20 יאָר פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה. די גרויסע מאַיאָריטעט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין גאַליציע האָט זיך מיט 50—60 יאָר צוריק פאַרנומען מיט האַנדל, האַנט-ווערק, קרעמעריי און אַביסל מיט פרייע פּראָפעסיעס.

לכתחילה זיינען געווען בלויז יידישע באַלעמעלאָכעס, ווי שניידער, שוסטער, בלעכער, קירזשנערס, זייגערמאַכערס, שטריק-מאַכער, סטאָליאַרעס, פאַרבער און אַזוי ווייטער, וועלכע האָבן געפירט קליינע וואַרשטאַטלעך און שווער געאַרבעט טאָג-און-נאַכט צו פאַרדינען זייער חיונה. שפּעטער, אין די ראַמען ווי אַזוי דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אַנטוויקלט, האָט זיך דאָס אַלגעמיינע בילד צו-ביסלעך געענדערט. אינם ערשטן יאָר-צענדליק פונם איצטיקן יאָרהונדערט האָט מען דאָרט שוין געקענט טרעפן מער יידישע אַרבעטער אין די קליינע פאַבריקלעך, פון דער טעקסטיל-אינדוסטריע, פון באַקליידער אָדער לעדער-אויסאַרבעטונגען, אין די שאָקאָלאַד-און צוקערקעס-פאַבריקלעך, אָדער אין אַנדערע פאַכן, וכדומה — אָבער די הויפּט-קוואַלן פון יידישע פּרנסות זיינען נאָך אַלץ געבליבן האַנדל, מעקלעריי און קליין-האַנטווערק.

אַ היפשער טייל צווישן די יידישע אַרבעטער זיינען אין יענער צייט געווען באַשעפטיקט אין ספּעציעלע „יידישע" אינדוסטריע-צווייגן, אין וועלכע די יידישע אַרבעטס-מענטשן האָבן געקוקט אויף זיך ווי אויף שליחי-מצוה, ווי אויף כלי-קודש, ווייל זיי האָבן פאַרזאָרגט די יידישע באַפעלקע-רונג מיט רעליגיעזער יידישקייט. צו אַזעלכע פאַכן האָבן געהערט די טליתים-וועבער, וועלכע האָבן זיך גאָרנישט גערופן וועבער, נאָר טליתים-מאַכער; די יידישע דרוקער-אַרבעטער, די זעצערס, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי סידורים, חומשים, גמרות, ספרים און מעשה-ביכלעך, האָבן זיך אויך נישט גערופן זעצערס, נאָר עוסקים במלאכת הקודש (באַשעפטיקטע ביי אַ הייליקער אַרבעט). צו אַזעלכע ספּעציעלע „יידישע פאַכן" קען מען אויך צורעכענען די עטרות-אַרבעטער, די מצה-בעקערס און די בעלפערס

ביי מלמדים, וואָס איז אַמאָל געווען ביי יידן אַזאַ חשוב און אַזאַ ברייט־פאַרשפּרייטער פאַך . . .

אָבער נישט געקוקט דערויף וואָס ביי די אַלע דאָ אויסגערעכנטע „פאַכן" אַ חוץ די בעלפערס — זענען לרוב געווען באַשעפטיקט אַלטע יידן, פרומע, גאָטס־פּאַרכטיקע, באַלעבאַטישע מענטשן פון דער אַלטער וועלט — האָבן זיי פונדעסטוועגן, נאָך מיט העכער 50, אָדער מיט 60 יאָר צוריק, פאַרשטאַנען די נויטווענדיגקייט פון צו האָבן אייגענע „פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען", אמת, לויט זייערע דעמאָלטדיקע באַגריפן, וועלכע זאָלן, אמת, אָפּטמאָל אויף זייער אַ פּרימיטיוון אופן, באַשיצן זייערע אינטערעסן קעגן די באַלעבאַטים און זיי האָבן זיך אפילו באַנוצט מיטן היינטיקן מיטל פון „סטרייקן" — אויב דאָס איז נאָר נויטיק געווען.

אין די 90־גער יאָרן פונם פאָריקן יאָרהונדערט זיינען די יידישע אַר־בעטער פון די ספּעציעלע יידישע פאַכן, די „עוסקים במלאכת הקודש", אין געוויסע גרעסערע שטעט, געווען אָרגאַניזירט אין אייגענע שולעכלעך, וואו זיי זיינען יעדן פרימאָרגן, פאַרן גיין צו דער אַרבעט, געקומען דאַוונען בציבור און ביי דער געלעגנהייט האָבן זיי אויך אַרומגערעדט זייערע פאַך־ענינים. ספּעציעל אין די שבתים און ימים־טובים פלעגט מען אפילו אָפּ־האַלטן אסיפות און אָננעמען באַשלוסן.

* * *

אין קאָלאָמיי, למשל, איינע פון די גרעסערע שטעט אין מזרח־גאַליציע, וואו עס איז זינט יאָרן געווען אַ צענטער פון דער טליתים־אינדוסטריע, — האָבן די דאָרטיקע טליתים־מאַכער געהאַט זייער אייגן שולעכל, וועלכעס איז אייגנטלעך געווען גלייכצייטיק אויך זייער „יוניאָן". עס איז באַקאַנט, אַז די קאָלאָמייער טליתים־וועבער, וועלכע זיינען באַשטאַנען לרוב פון אַלטע פאַמיליען־מענטשן, האָבן געאַרבעט פאַר גראָשנס, געלעבט אין דחקות און אין גרויסער נויט. די נויט פון די דאָזיקע טליתים־מאַכער איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן איינמאָל, (דאַכט זיך, אַז דאָס איז געווען אינם יאָר 1894), באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן אין סטרייק מיט געוויסע עקאָנאָמישע פאָדערונגען. זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט אין זייער שולעכל, אַרומגערעדט זייער לאַגע און זיך געגעבן תקיעת־כף, אַז זיי וועלן נישט צוריקגיין צו דער אַר־בעט ביז די באַלעבאַטים וועלן זיי נאָכגעבן די אַרויסגעשטעלטע פאָדערונגען.

אין גאַנץ גאַליציע — און אפילו מחוץ די גרעניצן פון גאַליציע — האָט עס דעמאָלט געקלונגען מיט אָט דעם דאָזיקן כאַראַקטעריסטישן סטרייק. עס איז אויך באַקאַנט אַז דיזעלבע נויט וואָס האָט די אַלטע פרומע קאָלאָ־מייער טליתים־וועבער געטריבן צו אַ סטרייק — דיזעלבע נויט האָט זיי דערנאָך געטריבן צו סטרייק־ברעכעריי. קיין סטרייק־פאָנד האָבן זיי נישט

געהאט, קיין סאָלידאַריטעט־סטרייקן פון אַנדערע אַרבעטער זיינען נישט פאָרגעקומען, ווייל עס זיינען נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין מאָדערנע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און נישט אַלע ווייבער און קינדער פון די סטרייקערס האָבן געוואָלט וואַכלאַנג הונגערן און עס האָבן זיך עטלעכע אַרויסגעבראָכן פונם סטרייק. אמת, די איבעריקע סטרייקערס האָבן זיי, די סטרייקברעכער, גערופן צום רב פאַר אַזאַ חילול־השם ווי ברעכן אַ תקיעת־כּף, וואָס איז געגעבן געוואָרן אין שולעכל ביים ארון־קודש, וואו עס געפינען זיך די ספרי־תורות — אָבער קיין גרויסע ווירקונג האָט דאָס רופן זיי צום רב נישט געהאַט און יענער ביז גאָר כאַראַקטעריסטישער סטרייק איז ליידער פאַרשפּילט געוואָרן.

.1

## „חברת עוסקים במלאכת הקודש"—די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע פון די יידישע דרוקער־אַרבעטער אין לעמבערג

לעמבערג — די גרעסטע שטאָט פון גאַליציע — איז אין דער צווייטער העלפט פונם 19־טן יאָרהונדערט געווען אַ צענטר פון יידישער דרוק־אַרבעט. עס זיינען דאָרט געווען עטלעכע גרויסע יידישע דרוקערייען (די וועלט־באַרימטע דרוקערייען פון מ. מאַדפיס, חיים ראַהאַטין, ע. סאַלאַט און אַנדערע), וועלכע האָבן פאַרזאָרגט אַ האַלבע וועלט מיט יידישע ספרים. אין די דאָזיקע דרוקערייען, ווי אויך אין איינער אַ קריסטלעכער דרוקעריי (דער איינגנטימער איז געווען אַ דייטש מיטן נאָמען אָרגעלבראַנד), וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ לשון־קודש'דיקע אָפּטיילונג, האָבן געאַרבעט אַ סך יידישע זעצערס, דרוק־מאַשיניסטן און קאָרעקטאָרס. זיי אַלע, אָן אויסנאַם, זיינען געווען אָרגאַניזירט אין אַ שולעכל וואָס האָט זיך גערופן „חברת עוסקים במלאכת הקודש".

די דאָזיקע „חברה" איז געווען לעגאַליזירט ביי דער מאַכט, סיי ווי אַ שולעכל, סיי ווי אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַריין, מיט אַן אייגענעם סטאַטוט און מיט אַן אייגענער הילפס־קאַסע, אין פאַל פון קראַנקהייט, אין פאַל פון חוסר־פּרנסה (אַרבעטסלאָזיקייט), אין פאַל פון געבורט און ווען אַ מיטגליד איז געשטאָרבן, האָט די אלמנה געקראָגן אַן איינמאָליקע אונטערשטיצונג.

אינם יאָר 1902, ווען איך בין אָנגעקומען אין חיים ראַהאַטינס דרוקעריי אַלס לערן־יינגל — פון זעצער־פאַך, האָט אין לעמבערג שוין עקזיסטירט אַ מאָדערנער אינטערנאַציאָנאַלער דרוקער־פאַריין, צו וועלכן עס האָבן געהערט אַלע פּוילישע, אוקראַאינישע און אויך דאָס ביסל יידישע זעצערס וואָס האָבן געאַרבעט ביי פּוילישער, דייטשער אָדער אוקראַאינישער אַרבעט.

דאַגעגן אַלע אַנדערע יידן, די גרויסע מערהייט, וואָס האָט געאַרבעט ספּע-ציעל ביי „יידישער" אַרבעט, האָבן ווייטער געהערט צו זייער „חברת עוסקים במלאכת הקודש" און אַזוי ווי איך האָב זיך געלערנט דאָס פאַך ביי יידישער און העברעאישער אַרבעט, האָבן די אַלטע יידישע זעצערס מיך אַגיטירט און אַפילו „געפאָדערט", אַז איך זאָל געהערן צו זייער „חברת עוסקים במלאכת הקודש".

עס האָט זייער לאַנג געדויערט ביז די מאָדערנע דרוקער-יוניאָן האָט, נאָך יאָרנלאַנגער אויפקלערונג, גע'פועל'ט ביי די יידישע זעצערס, אַז זיי זאָלן, כאָטש בלויז סימבאָליש געהערן צו דער אָגניסקאַ" (אַזוי האָט גע־הייסן דער אינטערנאַציאָנאַלער פאַריין), כדי מען זאָל אויך קענען זייערע אינטערעסן שיצן. מען האָט פאַר זיי באַשטימט אַ ספּעציעלן מינימאַלן אָפּצאָל פון 10 גרייצער אַ וואָך, וואָס איז געווען קוים 10 פּראָצענט דערפון וואָס די פּוילישע און אוקראַינישע זעצערס האָבן געצאָלט און מען האָט זיי אַפילו דערלויבט ווייטער צו פירן זייערע ספּעציעלע פּראָפעסיאָנעלע טע־טיקייטן אין זייער „חברת עוסקים במלאכת הקודש", אַזוי באַליבט איז די דאָזיקע פאָרם פון אָרגאַניזאַציע געווען ביי די אַלטע יידישע זעצערס...

עס איז אינטערעסאַנט אונטערצושטרייכן דעם פאַקט, אַז די דאָזיקע „חברה" — כאָטש אַ שולעכל מיט אַלע קליפּערלעך, וואו מען האָט יעדן טאָג געדאַוונט בציבור, וואו מען האָט זיך שבת געקריגט וועגן עליות און וואו אַלטע, שוין נישט־אַרבעטספּעהיקע מיטגלידער זיינען געזעסן און גע־לערנט אַ פּרק משניות — אָט די דאָזיקע חברה האָט געטראָגן אַן אויס־געשפּראָכענעם פּראָפעסיאָנעלן כאַראַקטער. געהערן צו דער דאָזיקער חברה האָבן געמעגט און געקענט בלויז די דרוקער־אַרבעטער. די דרוקעריי־אייגנ־טימער האָבן נישט געטאָרט אַהין אַריינשמעקן אַפילו . . . יעדן שבת פאַר־נאַכט, צווישן מנחה און מעריב, זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן די פּראָפעסיאָ־נעלע פאַרזאַמלונגען. די חברה איז, פּונקט ווי די „היינטיקע" יוניאָנס, געווען שטאַרק קעגן דעם, אַז מען זאָל צולאָזן צום פאַך נייע לערן־יינגלעך, ווייל זיי, די נייע לערן־יינגלעך, וועלן דערנאָך מקפּח פּרנסה־זיין (אַרויס־שטופּן פון דער פּרנסה) די אַלטע זעצערס, וואָס האָבן שוין פאַרלוירן די אויגן ביים „קאַסטן", אַזוי ווי עס האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט אַ „רעדנער" אויף אַזאַ פאַרזאַמלונג . . .

.2

## דער באַרימטער בעלפער־סטרייק אין קראָקע

קראָקע — די צווייט־גרעסטע שטאָט פון גאַליציע — וואָס איז פון תמיד אָן געווען אַ צענטער פון הויכער פּוילישער קולטור און קונסט און

האָט אויך געהאַט אויף זיך דעם שטעמפּל פון אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, סיי צוליב איר געאָגראַפישער נאָענטקייט צום אינדוסטריעלן שלעזיען און סיי צוליב די נאַטירלעכע רייכטימער פון איר נאָענטער אומגעבונג (קוילן, זאַלץ, שוועבל, קאַלך און אַנדערע מינעראַלן), איז אָבער גלייכצייטיק שטענ־דיק געווען — און איז אפילו אין אַ היפּשער מאָס פאַרבליבן ביז פאַרן אויסברוך פון דער לעצטער מלחמה — אַ חסידישער צענטער. אין קראָקע האָבן זיך צום אָנהויב פונם 20טן יאָהרהונדערט, צוליב דעם דאָזיקן צושטאַנד, געפונען — אַ חוץ די קהל'שע תלמוד־תורות פון איין זייט און עטלעכע מאָדערנע העברעאישע שולן פון דער אַנדערער זייט — זייער אַ סך אַלט־מאָדישע פּריוואַטע „חדרים". אין יעדן חדר זיינען געווען באַשעפטיקט צו 2 און אָפטמאָל צו 3־4 בעלפערם. די דאָזיקע בעלפערם זיינען געווען אויסשליסלעך געקומענע פון די אָרומיקע מערב־גאַליצישע שטעטלעך, לרוב בחורים, אָדער קינדער, פון פאַראָרעמטע עלטערן, פאַר וועלכע דאָס אוועק־געבן זייער ייִנגל צו אַ באַלמעלאָכע איז נאָך געווען אַ טראַגעדיע . . . און אָפטמאָל אפילו אַן אוממעגלעכקייט, ווייל לערנען אַ פאַך איז צו יענער צייט אין גאַליציע געווען פאַרבונדן מיט צוצאָלן דעם מייסטער אַ גרעסערע סומע געלט, פון 50 ביז 200 גילדען, אָפּהענגיק פונם פאַך. ביי אַ שניידער, למשל, (פון פּריוואַטער אַרבעט), האָט מען באַדאַרפט צוצאָלן בלויז 50 גילדען, דאַגעגן ביי אַ זייגערמאַכער, צי אַ גאָלדשמידט 100 און ביי אַ מעכאַ־ניקער שוין 200. דערצו האָט דאָס ייִנגל געמוזט אַרבעטן פון 3 ביז 4 יאָר אומזיסט. דאַגעגן ווערן אַ בעלפער ביי אַ מלמד איז געווען אי פאַרבונדן מיט „יידישקייט", אי ס'האָט זיך דעם אָרימאַן בעסער געלוינט, ווייל דער בעלפער האָט באַלד געקראָגן עסן (אמת „טעג" ביי די באַלעבאַטים) און דאָס ייִנגל האָט באַלד אויך עפּעס פאַרדינט געלט, אין וואָס די אָרעמע עלטערן האָבן זיך אַזוי שטאַרק גענויטיקט. אַן אונטער־בעלפער פלעגט באַקומען ראש־חודש געלט און אַנדערע זייטיקע פאַרדינסטן, בעת אַן אויבער־בעלפער פלעגט שוין באַקומען פון 15 ביז 25 גילדען אַ זמן אַלס דירעקטע שכירות פונם מלמד גופא.

די עקספּלואַטאַציע מצד די מלמדים איז אָבער געווען זייער גרויס. פאַר די דאָזיקע שכירות און פאַרן עסן יעדן טאָג ביי אַן אַנדערן באַלעבאָס, איז דער בעלפער געווען פאַרשקלאַפט 14־15 שעה אַ טאָג, איז געווען דער־נידריקט, פלעגט גיין ברענגען די קינדער אין חדר אַריין און זיי אין אָוונט אָפּפירן, אָדער אָפּטראָגן, צוריק אַהיים. אפילו שבת, זיינען זיי נישט געווען פריי, נאָר זיי פלעגן מוזן צונויפנעמען די קינדער פון די חדרים און מיט זיי גיין שפּאַצירן עטלעכע שעה אויף די באַרימטע־קראָקעווער דיטלס־פּלאַנטן, אָדער, אין די זומער־חדשים, מחוץ דער שטאָט, אויף די בלאָניעס.

אין די יאָרן 1903-1900 האָט אָבער אין קראָקע געגומען בלאָזן מיט נייע ווינטן. עס איז געווען די צייט ווען די יידישע ארבעטער פון די ווארשטאטן און פאבריקלעך, די אנגעשטעלטע פון די גרויסע און קליינע געשעפטן, האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָרגאניזירן צוערשט אין פראָפעסיאָנעלע פאריינען און דערנאָך אין קולטור-קלובן, ספּאָרט־אָרגאניזאציעס און אין פּאָליטישע פּארטייען. אָט די נייע ווינטן האָבן נישט געקענט בלייבן אָן א ווירקונג אויף די עטלעכע הונדערט בעלפערס און אינם יאָר 1903 איז געגרינדעט געוואָרן א בעלפער־פאריין מיטן נאָמען „עוזרי־ציון". דאָס ערשטע יאָר האָט זיך דער דאָזיקער פאריין פארנומען בלויז מיט אויפקלערונג, מיט פּראָפּאגאנדע און אָרגאניזאציע. עס זיינען איינגעפירט געוואָרן פאר די מיטגלידער אָוונט-קורסן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען פון 10 ביז 12 ביינאכט. מען האָט די חסידישע בחורים און יונגעלעכע פון די קליינע אָפּגעשטאנענע שטעטלעך געלערנט שרייבן און לייענען פּויליש. מען האָט זיי אויפגעקלערט די נויטווענדיקייט פון א קירצערן ארבעטס־טאָג, פון זיין פריי דעם שבת'דיקן טאָג, ביז עס איז דערגאנגען דערצו, אַז דער דאָזיקער פאריין „עוזרי־ציון" האָט שוין ארומגענומען אַלע קראָקעווער בעלפערס. דעמאָלט, זומער 1904, איז די פארוואלטונג פון פאריין, וועלכע איז געשטאנען אונטער דער קאָנטראָל פון די דאָרטיקע פּועלי־ציון, צוגעטראָטן צו פּראָקלאמירן אַן אַלגעמיינעם סטרייק פון אַלע בעלפערס מיט פאָלגענדע פאָדערונגען:

1) אָפּשאפן דאָס עסן „טעג", נאָר די מלמדים, אָדער די באַלעבאָטים זאָלן צאָלן א באשטימטן לוין און די בעלפערס זאָלן עסן פאר זיך;

2) פארקירצן דעם ארבעטס־טאָג ביז 8 אזייגער אין אָוונט;

3) אָפּשאפן די שבת'דיקע שפּאצירן מיט די קינדער;

4) מענטשלעכע באהאנדלונג, סיי מצד די מלמדים, סיי מצד די עלטערן פון די קינדער.

דער סטרייק האָט געדויערט עטלעכע וואָכן און האָט אויפגערודערט גאנץ קראָקע. די מלמדים זיינען פאר דער „חוצפּה" געווען אש-להבה. אויף זייער זייט זיינען געווען אַלע כלי־קודש'ניקעס, דער ראבינאט, די קהלה, די חסידישע עפנטלעכקייט און פארשטייט זיך, אויך די עלטערן פון די קינדער. דאַגעגן אויף דער זייט פון די „סטרייקערס" זיינען געווען די יידישע ארבעטער, די פּראָגרעסיווע יידישע עפנטלעכקייט און . . . די שטאָטישע שול־מאכט. אזוי ווי די חדרים זיינען אין זייער עקזיסטענץ און טעטיקייט געווען אונטערגעאָרדנט דער אַלגעמיינער שול־מאכט ביים מאגיסט־

ראט (שטאט־פארוואלטונג) האט זיך די דאזיקע שול-מאכט פאראינטערע־סירט מיט דעם מאדנעם סטרייק און גערופן צו זיך די פארשטייער פון די מלמדים, אנווײַנדיק זיי, אז די בעלפערס זיינען גערעכט מיט זייערע פאדע־רונגען. די מלמדים זיינען אבער געווען פאר'עקשנ'ט און נישט געוואלט אזוי גיך נאכגעבן אפילו א קליינעם טייל פון די ארויסגעשטעלטע פאדע־רונגען. דער קאמף האט, אלזא, געדויערט וואכנלאנג. אין די יידישע אר־בעטער־קרייזן האט מען געזאמלט געלט פארן סטרייק־פאנד, כדי די סטרייקנדע בעלפערס זאלן נישט דארפן הונגערן — בעת אין די בתי־מדרשים, „שטיבלעך" און שולעכלעך האבן די גבאים און כלי־קודש יעדן שבת גע'דרשנ'ט געגן די אפיקורסים, וואס האבן נעבעך פארפירט די פרומע בחורים, די בעלפערס, און זיי געצוואונגען צו אזא אומדערהערטער זאך ווי א סטרייק, רחמנה-לצלן . . .

דער סוף איז געווען, אז דער סטרייק איז פארענדיקט געווארן מיט א פולשטענדיקן נצחון פון די סטרייקערס. די „טעג" זיינען אפגעשאפט געווארן. 7 אזייגער אין אוונט זיינען די חדרים געשלאסן געווארן און נאך א 30—40 מינוטיקן שפאציר מיט די קינדער זיינען די בעלפערס געווען פרייע מענטשן און זיי האבן געקענט טאן מיט זייער צייט וואס זייערע הערצער האבן געגלוסט. שבת נאכמיטאג האבן די מלמדים שוין אליין ארויסגענומען די קינדער אויף א שפאציר און די בעלפערס האבן פאר־בראכט אין זייער ארגאניזאציע, אדער אויף א פריוואטן שפאציר.

די רעזולטאטן פונם געוואונענעם סטרייק זיינען אבער געגאנגען נאך ווייטער: צום סוף פונם זמן האט דער גרעסטער טייל פון די בעלפערס געביטן זייער פאך. די יינגערע זיינען געגאנגען ארבעטן צו פארשידענע פאכן, אין די „אויבערטייל"־ווארשטאטן, אין די צוקערלעך־פאבריקלעך, וואו מען האט שוין געקענט באלד עפעס פארדינען און די עלטערע זיינען אנגעקומען אין געשעפטן אלס אנגעשטעלטע, אדער זיי האבן אנגעהויבן צו געבן פריוואטע לעקציעס. די חדרים האבן אבער נישט אויפגעהערט צו עקזיסטירן . . . די ארומיקע קליינע שטעטלעך האבן יעדעס יאר צוגע־שטעלט נייע קאדרען מיט בעלפערס וועלכע האבן אבער שוין געארבעט לויט די נייע איינגעשטעלטע באדינגונגען, ווייל דער פאריין „עוזרי־ציון" וואס איז געשטאנען אונטער דער קאנטראל פון דער פועלי־ציון־ארגאניזאציע, האט ווייטער עקזיסטירט און איז געשטאנען אויף דער וואך, אז די איינמאל אויסגעקעמפטע באדינגונגען זאלן אפגעהיט ווערן.

3.

## עקאָנאָמישע קאַמפּן פון די יידישע הויזירער, רייזנדער און האנדלס-אָנגעשטעלטע

מיט 50—60 יאָר צוריק, איז די מערהייט פון די 800,000 יידן וואָס האָבן דעמאָלט געלעבט אין גאַליציען, געווען באַשעפטיקט ביי אַזעלכע פּרנסות ווי: שענקערס, דאָרפס-אַרענדאַרן, קליינע קרעמער, דאָרפס-גייער, הענדלער, מעקלער, האנדלס-אַגענטן, האנדלס-אָנגעשטעלטע, האנדלס-רייזנ-דער, פעדלער, וכדומה אַזעלכע פאַכן . . . דער פאַרמעגלעכער שיכט — ערד-באַזיצער, אָדער ערד-פּאַכטער, באַנקירן, פאַבריקאַנטן, רייכע באַל-מעלאָכעס, אָדער גרויסע סוחרים — איז געווען זייער אַ דינער און דער האַנטווערקער-קלאַס מיט זיינע געזעלן, פון וועלכע ס'האָט זיך דאַן, בהדרגה, אַנטוויקלט דער אַרבעטער-קלאַס, האָט זיך דעמאָלט ערשט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען. פונדעסטוועגן האָבן שוין דעמאָלט געבלאָזן גענוג-שטאַרקע ווינטן פון עקאָנאָמישן אַנטיסעמיטיזם. די אַנטיסעמיטישע ווינטן האָבן געבלאָזן פון אַלע זייטן: אין גאַליציע גופא האָבן אין יעדער שטאָט און שטעטל אָנגעהויבן צו אַנטשטיין פּוילישע קראָמען און די ענדעקעס (פּוילישע „נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטן") האָבן אָנגעהויבן צו פירן אַן אינטענסיווע פּראָ-פּאַגאַנדע פאַר זייער לאָזונג „סוואָי דאָ סוועגאָ" (דער אייגענער צו זיין אייגענעם — ד. ה. קויפט נאָר ביי אייגענע), וועלכן זיי האָבן קיין גאַליציע אימפּאָרטירט פון קאָנגרעס-פּוילן. די רוטענער (אוקראַינער) פון מזרח-גאַליציע האָבן אָנגעהויבן אין אַלע שטעטלעך און דערפער צו גרינדן „קולקאָ ראָלניטשעס" — לאַנדווירטשאַפטלעכע געוועלבער, וועלכע האָבן אָפּגע-קויפט ביי די פּויערים זייערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן און זיי גלייכצייטיק צוגעשטעלט פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך ווי: זאַלץ, נאַפט, טאַבאַק, צוקער און די ביליקע גאַלאַנטעריע-אַרטיקלען. דערמיט האָבן זיי געוואָלט — און עס טאַקע דערגרייכט מיט אַ געוויסן דערפאָלג — אַרויס-שטופן די יידן סיי פון די דערפער, סיי פונם מסחר בכלל.

אין רעזולטאַט פון אַזאַ עקאָנאָמישער אַרויסשטויסונגס-טאַקטיק און אין רעזולטאַט פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג אין לאַנד, זענען צענד-ליקער טויזנטער יידן געבליבן מחוסר-פּרנסה. אַ געוויסער טייל פון די אַרויסגעשטויסענע האָבן איבערגעוואַנדערט פון די דערפער און פון די קליינע שטעטלעך אין די גרעסערע גאַליצישע שטעט און האָבן זיך דאָרט ווי עס איז אַריינגעשטופּט אין האנדלס-אונטערנעמונגען, אָדער אין די קליינע אינדוסטריען. אַן אַנדערער טייל פון די אַרויסגעשטויסענע האָבן דעמאָלט מאַסנווייז עמיגרירט קיין אַמעריקע און נאָך אַן אַנדער טייל האָט זיך „אַרויס-

געצויגן" אין דער עסטרייכישער הויפּטשטאָט — קיין ווין, וואו דער רוב פון זיי זענען געוואָרן „הויזירער", דאָס הייסט פּעדלער. זיי האָבן ארומגעפּעדלט אין די קאַפע־הייזער, אין די שיינע ווינער פּאַרקן, אין די ארבעטער-קוואַרטאַלן און אין די רייכע גאַסן פון הויז־צו־הויז, מיט אַלערליי אַרטיקלען, ווי: קינדער־שפּילצייג, זיסוואַרג, אַנזיכטס־קאַרטן, מעסערלעך, שערלעך, שפּילקעס, האָר־נאָדלען, שפּינקעס, זאָקן־בענדלעך, שקאַרפּעטקעס, קראַוואַטן, א. אז. וו., א. אז. וו.

קיין לייכטע פּרנסה איז דאָס נישט געווען. אַזעלכע „הויזירער" האָבן זיך אָנגעליטן גענוג שפּיכת־דמים, בזיונות, דערנידערונגען און שיקאַנעס. די זאַטע ווינער יידן האָבן זיך געשעמט מיט די „גאַליצישע שנאָרער" און זיי נישט אַריבערגעלאָזט אויף די שוועלן פון זייערע הייזער . . . די אָנגעפּרעסענע ווינער דייטשן האָבן זיך לוסטיק געמאַכט איבער די אומגליקליכע פּעדלער און אָפטמאָל אָנגערייצט אויף זיי זייערע בייזע דייטשע הינט . . . די הילפלאָזע פּעדלער האָבן אָבער אַלצדינג אָנגענומען פאַר ליב, אַבי צו פאַרדינען עטלעכע גראָשן, אויף וועלכע ס'האָט אין דער אָרעמער היים געוואַרט דאָס ווייב מיט א האַלב טוץ הונגעריקע קינדערלעך — זיינען זיי אַזוי גאַנצע טעג אַרומגעקראָכן מיט זייער קעסטעלע סחורה, אין די רעגנס און אין די היצן, אין די שנייען און אין די פרעסט און יאָקאָש „געמאַכט א לעבן", אמת, א מישטיינס־געזאָגטן לעבן, אָבער פאָרט א לעבן...

אין ווין אַליין זיינען, צו יענער צייט, געווען „באַשעפטיקט" מיט הויזירעריי כמעט אַלע גאַליצישע יידן. א חוץ־דעם זענען נאָך, אין גאַליציע און אין די איבעריקע עסטרייכישע פּראָווינצן, אַרומגעפאָרן טויזנטער, א סך טויזנטער רייזנדער, אַלס פאַרטרעטער, אַלס אַגענטן פון די פאַרשידענערלייסטע אינדוסטריעלע אויסאַרבעטונגען, מאַנופאַקטור, טעקסטיל, זייגערס, לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען, ביסיקלס, כעמישע אויסאַרבעטונגען, ווי פאַרבן, זייף, טינט, אָדער מאָדע-אַרטיקלען, צי גלאָזוואַרג, וכדומה. זיי, די דאָזיקע רייזנדער, האָבן פונאַנדערגעפירט די אויסאַרבעטונגען פון די אויבער־און־נידער־עסטרייכישע, פון די בעמישע, מערישע און שלעזישע אינדוסטריע־צענטערן, ביז אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פון גאַליציע, בוקאָווינע, סלאָוואַקיע, דאַלמאַציע, קראָאַציע און סלאָוואָניע, וואָס זענען דעמאָלט געווען עסטרייכישע פּראָווינצן און האָבן געבילדעט דאָס אָפּגעשטאַנענע אַגראַרע הינטערלאַנד פון די אויבענדערמאָנטע אינדוסטריעלע פּראָווינצן.

אָבער, ווי געוויינטלעך, אַנשטאָט צו אָנערקענען די פּאָזיטיווע ראָל פון די אַלע רייזנדער אין דער אַנטוויקלונג פונם האַנדל, וועלכן זיי האָבן געטריי געדינט מיט אַלע זייערע פעהיקייטן, בלב-ונפש, אַרומשלעפּנדיק

זיך 6 מעת־לעת אין דער וואָך מיט באַן און מיט וועגעלעך, במשך פון אַ קייַלעכדיקן יאָר, אַן אָפּרו און נישט־געגעכטיקט וואו געטאָגט — האָט מען אויך זיי, די אייביקע נע־ונד־ניקעס נישט פאַרגינען די רייזנדערישע גליקן און „מען האָט" אויך זיי געוואָלט מקפּח־פּרנסה זיין . . . „מען האָט" די דאָזיקע רייזנדער געוואָלט ברענגען אויפן מזבח פון נאַציאָנאַליסטישע־אַנטיסעמיטישע העצעס.

אָבער ווער איז דאָס געווען דער „מען", וואָס האָט דאָס אַזוי געוואָלט? און ווי אַזוי האָבן זיך די אָנגעגריפענע אַנטקעגנגעשטעלט? אָט דאָס וועלן מיר באַלד זען:

אין עסטרייך — טאַקע אינם אייגנטלעכן עסטרייך — האָט עקזיסטירט אַן אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי מיטן נאָמען „קריסטלעך־סאָציאַלע פּאַרטיי", וועלכע האָט געהאַט אין איר פּראָגראַם אַ פּונקט, וואָס האָט גערעדט וועגן דער אַרויסשטויסונג פון די יידן פון האַנדל, מלאכה, א. אז. וו. דער פירער פון די „קריסטלעך־סאָציאַלע" איז געווען דער ווינער בירגער־מייסטער קאַרל לועגער, וועלכער איז, אגב, געווען נישט קיין קליינער דעמאַגאָג און האָט מיט דער הילף פון אַנטיסעמיטישע לאָזונגען געוואָלט ווערן אַ גרויסער „פירער" און אויסקעמפן מאַכט־פּאָזיציעס פאַר זיין פּאַרטיי. לועגער איז גלייכצייטיק געווען אַן אָבגעאָרדענטער צום עסטרייכישן קוריען־פּאַרלאַמענט און אינם יאָר 1898 האָט ער, צוזאַמען מיט דער גאַנצער קריסטלעך־סאָציאַלער פּאַרלאַמענט־פראַקציע, אַריינגעטראָגן אַ געזעץ־פּראָיעקט, לויט וועלכן עס האָט באַדאַרפט אין גאַנץ עסטרייך פאַרבאָטן ווערן דאָס הויזירעריי און אויך די רייזנדער זענען אין יענעם געזעץ־פּראָיעקט באַטראַכט געוואָרן ווי הויזירער.

ס'האָט שוין געהאַלטן נאָענט דערצו, אַז דער דאָזיקער אַנטיסעמיטישער פאָרשלאָג זאָל אָנגענומען ווערן אין זיין ענטגילטיקער און לעצטער לעזונג. מען קען זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַן עקאָנאָמישן חורבן דער דאָזיקער, בפירוש בייזוויליקער, געזעץ־פּראָיעקט, וואָלט געווען אָנגעאַרבעט צווישן די גאַליצישע און אפילו צווישן די ווינער יידן. אמת, דער האַנדל און די עסטרייכישע אינדוסטריע גופא, וואָלטן אויך געווען דערפון אַ סך געליטן, אָבער די אַנטיסעמיטן, ווייזט־אויס, זענען געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט, אַז עס איז כדאי זיך אַליין אויך אַרויסנעמען אַן אויג אַבי דעם יידן אַרויסנעמען ביידע אויגן מיט אַמאָל . . .

די נעפּאַר פונם אַזוי־גערופענעם „הויזירער־געזעץ" איז געווען נאָענט און זי האָט ערנסט באַדראָט די עקזיסטענץ פון אַ וועלכע קנאַפּע 20 טויזנט יידישע משפחות. די 10-12 טויזנט יידישע הויזירער פון ווין זיינען געווען ממש פאַרצווייפלט. אָרגאַניזירט זיינען זיי נישט געווען און יעדער פון זיי

באַזונדער האָט געטראַכט, אַז נאָכן אָנגעמען פון געזעץ, בלייבט אים נישט קיין אַנדערער אויסוועג ווי זיך צו וואַרפן אין דער דאָנוי־אַריין . . . גאַנץ אַנדערש האָט אָבער אויסגעזען די סיטואַציע ביי די רייזנדער. היות צו זיין אַ רייזנדער האָט זיך, צוליבן געשעפט, גענויטיקט צו קענען עטלעכע שפּראַכן, צו האָבן אַ געוויסן גראַד בילדונג און בכלל צו זיין אַ באַריידעוו־דיקער אינטעליגענטער מענטש — זענען די רייזענדער לרוב געווען פון אינטעליגענטערן שניט און פון די גרעסערע שטעט. די גרויסע מערהייט פון זיי האָט געשטאַמט פון קראָקע, לעמבערג און סטאַניסלאַוו און זיי זענען געווען אָרגאַניזירט אין די דעמאָלטדיקע יידיש־נאַציאָנאַלע האַנדלס־אָנגע־שטעלטע פאַריינען, וואָס האָבן עקזיסטירט אין די דערמאָנטע 3 שטעט און וועלכע האָבן — אַ חוץ דעם קולטורעלן־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער — גלייכצייטיק געהאַט טרייד־יוניאָניסטישע אויפגאַבן.

דער שטאַרקסטער פון די דערמאָנטע פאַריינען איז געווען דער קראָ־קאָווער מיטן נאָמען „אחדות" (אייניקייט), וועלכער האָט דעמאָלט גע־ציילט קנאַפּע 600 מיטגלידער, פון וועלכע איבער 400 זענען געווען „רייזנ־דער" און די איבעריקע געוויינטלעכע האַנדלס־אָנגעשטעלטע און בוכהאַלטאָרן. דער צווייטער, אין כמות, איז געווען דער סטאַניסלאַווער פאַריין מיט'ן נאָמען „אחוה" (ברידערלעכקייט), מיט זיינע איבער 300 מיטגלידער, פון וועלכע אַן ערך אַ העלפט זענען געווען רייזנדער. דער שוואַכסטער פון זיי איז געווען דער לעמבערגער פאַריין מיטן נאָמען „עבריה" — הגם לעמ־בערג איז געווען צווישן זיי די גרעסטע שטאָט — וועלכע האָט אויך פאַר־מאָגט אַן ערך פון 200 מיטגלידער, דערפאַר כמעט אַלע רייזנדער.

אַ חוץ די דאָזיקע 3 פאַריינען האָט אויך אין ווין גופא עקזיסטירט אַ „יידיש־נאַציאָנאַלער האַנדלס־אָנגעשטעלטן פאַריין", וועלכער האָט אָבער געהאַט בלויז אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, דאַגעגן מיט פּראָפע־סיאָנעלער אַרבעט האָט ער זיך בכלל נישט פאַרנומען, ווייל זיינע מיטגלי־דער האָבן גלייכצייטיק געהערט צום אַלגעמיינעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די ווינער האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וועלכער איז געווען אַן אינטערנאַ־ציאָנאַלע טרייד־יוניאָן. אָבער, ווען איבער די קעפּ פון די יידישע הויזי־רער און רייזנדער האָט אַזוי דראָענדיק געשוועבט די געפאַר פונם „הויזירער־געזעץ", האָט דאָס דער ווינער „יידיש־נאַציאָנאַלער האַנדלס־אָנגעשטעלטן־פאַריין" באַטראַכט פאַר זיינער אַ נאַציאָנאַלער אויפגאַבע, צו געבן די איניציאַטיוו צו אַן אָרגאַניזירטער פּאַרטיידיקונגס־אַקציע. דער ווינער פאַריין האָט זיך, קודם־כל, פאַרבונדן מיט די אויבנדערמאָנטע גאַליצישע פאַריינען און ביים קראָקאָווער „אחדות" איז אויסגעבילדעט געוואָרן אַ צענטראַלער אַקציע־קאָמיטעט צום קאַמף געגן הויזירער־געזעץ. אַ חוץ־דעם האָט דער

ווינער פאַריין, אין ווין גופא, אָנגעהויבן צו פירן אין דער דייטשער שפּראַך א ברייט־פאַרצווייגטע אויפקלערונגס־קאַמפּאַניע געגן דעם געזעץ. ריזיקע מיטינגען זיינען יעדן זונטאג אָפּגעהאַלטן געוואָרן, אויפרופן אין די טויזנ־טער עקזעמפּלאַרן, זיינען פונאַנדערגעטיילט געוואָרן, מעמאָראַנדומס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרלאַמענט אָבגע־אָרדנעטע און די גאַנצע עפנטלעכע מיינונג איז אויפגערודערט געוואָרן, וועלכע סימפּאַטיע פאַר די הילפלאָזע און באַדראָטע הויזירער.

פּאַראַלעל מיט דער אַקציע אין ווין, האָט דער קראָקעווער אַקציע־קאָמיטעט, במשך פון העכער א יאָר צייט, אַנטוויקלט אין אַלע גרויסע שטעט פון גאַליציע און אויך אין די הויפּטשטעט פון בעהמען און מערען — אין פּראַג און אין ברין — א גראַנדיעזן קאַמפּיין קעגן דעם דראַזיקן געזעץ, אָנווייזנדיק אויף זיין אַנטיסעמיטישן כאַראַקטער און אויף דער שעדלעכער ווירקונג, וואָס אַזא געזעץ קען האָבן פאַר דער אינדוסטריע און האַנדל גופא.

די גאַליציש פאַריינען האָבן אָבער פאַרשטאַנען, אַז דער שווער־פּונקט פון דער אַקציע ליגט פונדעסטוועגן אין ווינער פּאַרלאַמענט און אַז זיי מוזן האָבן עמיצן אין פּאַרלאַמענט גופא, וועלכער זאָל בכוח זיין אָפּצו־שרייען די דאָזיקע גזירה. צו וועמען עס איז פון די „יידישע״ רייכסטאג (פּאַרלאַמענט)־אָבגעאָרדנעטע, האָבן זיי זיך נישט געוואָלט און נישט־גע־קענט ווענדן וועגן הילף, ווייל די עטלעכע דעמאָלטדיקע „יידישע״ פאַר־שטייער אינם ווינער פּאַרלאַמענט, זענען געווען פאַר אַלעמען די פאַר־שטייער פון זיך אַליין, פון זייערע קעשענע־אינטערעסן. דאָס זענען געווען די „פּני״, די רייכסטע „מאָשקעס״, וועלכע זיינען געוויילט געוואָרן צוליב זייער עשירות, צוליב דעם חסד וואָס זיי האָבן גענאָסן פון „מלכות״, פון גאַליצישן שטאַט־האַלטער (גאָווערנאָר), און אין פּאַרלאַמענט זיינען זיי געווען נידריגער פון גראָז. העכסטנס האָבן זיי אַמאָל געקענט טאָן א פּערזענלעכע טובה פאַר אַן „אייגענעם״, אָבער פאַר א כלל־זאַך און דערצו נאָך פאַרן אָרעמען, פאַרן אַרבעטנדיקן כלל, האָבן זיי זיך קיינמאָל אפילו נישט געפּרואווט איינשטעלן . . .

דערפאַר האָבן זיך די גאַליצישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע געווענדעט צום לעמבערגער פּוילישן (קריסטלעכן) אָפּגעאָרדנטן ערנסט ברייטער, וועל־כער האָט אין גאַנץ עסטרייך, באַזונדערס אין גאַליציען, גע׳שמ׳ט אַלס א יידנפריינט און אַלס א פאַרטיידיקער פון די אָרעמע מאַסן. ערנסט ברייטער האָט, כאָטש ער איז געווען פון פּריצישער אָפּשטאַמונג, אין די ערשטע יאָרן פון זיין פּאָליטישער טעטיקייט, געהערט צו דער גאַליצישער פּ. פּ. ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי), אָבער צוליב א סכסוך מיט דער פּאַרטיי

אָנפירונג, איז ער פון דער פּ. פּ. ס. אַרויסגעטראָטן, אָדער מען האָט אים אויסגעשלאָסן, און ער האָט זיך דערקלערט, סיי אין פּאַרלאַמענט, סיי אין זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, אַלס אַ זעלבסטשטענדיקער אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסט. ברייטער איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט. אָט דער דאָזיקער ערנסט ברייטער, האָט צענדליקער יאָרן געגאָלטן צווישן די גאַליצישע יידן ווי איינער פון די „חסידי אומות העולם". ער איז געווען אַן אויפריכטיקער אינטערנאַציאָנאַליסט, נישט לויט דער דעמאָלטדיקער קאָסמאָפּאָליטישער אויסטייטשונג, נאָר דווקא לויט דעם היינטיקן קלאָרן באַגריף. ער איז געווען אַן אמת'ער פאָלקס-טריבון און זיין גאַנץ לעבן האָט ער געקעמפט, סיי אין זיין פּוילישער צייטונג, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, סיי פון דער פּאַרלאַמענט-טריבונע, פאַר יושר און גערעכטיקייט, פאַר די אינטערעסן פון די געדריקטע און געפּלאָגטע, קעגן יעטוועדער עוולה וואָס די עסטרייכישע ביוראָקראַטיע, אָדער די פּוילישע שליאַכטע, האָבן באַגאַנגען, סיי קעגן יחידים, סיי קעגן דעם אונטערדריקטן קלאַס, סיי קעגן גע'רודפ'טן יידישן פאָלק.

ברייטער האָט אויך אויפגענומען דעם קאַמף קעגן הויזירער-געזעץ און האָט אים אַזוי לאַנג געפירט, ביז דער געזעץ-פּראָיעקט איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן און די ווינער יידישע הויזירער צוזאַמען מיט די גאַליצישע רייזנדער האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט.

דער דאָזיקער קאַמף קעגן הויזירער געזעץ, וואָס איז געפירט געוואָרן אויף אַלע פראָנטן, סיי דורך ריזיקע מיטינגען, סיי דורך דער פּרעסע, סיי דורך ברייטער'ס פערזענלעכע אינטערווענצן ביי די האַלב-ליבעראַלע עסטרייכישע פּאָליטיקער און סיי דורך מאַסנהאַפטע דעלעגאַציעס פון רייזנדער און הויזירער, וועלכע ער, ברייטער, האָט געבראַכט אין דעם פּאַרלאַמענטס-בנין, האָט, וואָס אַן אמת לאַנג געדויערט און איז געווען רייך אין דראַמאַטישע מאָמענטן, און טעאַטראַלע עפעקטן. דער דאָזיקער, אייגנאַרטיקער עקאָנאָמישער קאַמף איז אָבער דערפירט געוואָרן ביזן סוף און צענדליקער טויזנטער יידישע נפשות זענען, אין יענער צייט, דורך דעם דאָזיקן קאַמף אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון פולשטענדיקן עקאָנאָמישן צוזאַמענברוך.

* * *

אינם יאָר 1903 איז אין קראָקע פאָרגעקומען דער ערשטער אָרגאַניזירטער סטרייק פון יידישע האַנדלס-אָנגעשטעלטע, וואָס איז בכלל געווען דער ערשטער סטרייק פון האַנדלס-אָנגעשטעלטע אין גאַליציע.

צום פריער-דערמאָנטן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון יידישע האַנדלס-אָנגעשטעלטע אין קראָקע — צו דער „אחדות" — האָבן שוין דעמאָלט געהערט אַ חוץ רייזנדער און בוכהאַלטאָרן, כמעט אַלע קראָקעווער יידישע

אַנגעשטעלטע, סיי פון די גרויסע מאַנופאַקטור, מאָדע און קליידער גע־שעפטן, סיי פון די קלענערע, גאַלאַנטעריע, אייזן און שפּייז־קראָמען. דער אַרבעטס־טאָג אין אַלע געשעפטן איז געווען אַ לאַנגער און די לוינען זייער נידריקע. אַמלענגסטן איז אָבער געווען דער אַרבעטס־טאָג און אַמנידריקסטן די לוינען אין דער אַזוי־גערופענער „שפּעצעריי און קאָלאָניאַל־בראַנזשע" — דאָס הייסט אין די שפּייז־געשעפטן. געעפנט האָבן זיך די דאָזיקע געשעפטן 5, שפּעטסטנס 6 אַזייגער פאַרטאָג און געשלאָסן האָבן זיי זיך 12 און אַמאָל אויך 1 אַזייגער ביינאַכט. די אייגנטימער פון די געשעפטן, האָבן זיך, צווישן זיך, מאַן און ווייב, געביטן מיט דער אַרבעט. דער מאַן, אָדער אַ זון, פלעגט קומען אינדערפרי און דאָרט זיצן ביז נאָכמיטאָג — דאַנאָגן די פרוי, עווענטועל מיט אַ צווייטן מיטגליד פון דער פאַמיליע, פלעגט צוקומען פאַרנאַכט און זיצן ביז צום שליסן דאָס געשעפט. די אַנ־געשטעלטע אָבער פלעגן די געשעפטן עפענען און שליסן, אַרבעטנדיק דעם גאַנצן לאַנגן אַרבעטס-טאָג, 18 ביז 19 שעה, עבודת־פּרך. אפילו שבת־צו־נאַכטס פלעגט מען תיכף נאָך הבדלה עפענען די געשעפטן און אַרבעטן אַזוי ביז 12־1 אַזייגער אין דער נאַכט. פון אַ קליינער פּריווילעגיע האָבן בלויז גענאָסן די בוכהאַלטאָרן פון די הויפּט־געשעפטן. זיי פלעגן קומען צו זייער אַרבעט, זומער 8 אַזייגער, און ווינטער 9 אַזייגער אינדערפרי. אָבער אוועקגיין פלעגן זיי צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע אַנגעשטעלטע, ערשט ביים שליסן פון געשעפט.

דער פאַריין פון די אַנגעשטעלטע — „אחדות" — וואָס איז געווען איינ־געטיילט אין פאַרשידענערליי סעקציעס, לויט די בראַנזשען, האָט אין יענעם ווינטער אָנגעפירט אַ קאַמף, אַז די קאָלאָניאַל און שפּעצעריי־געשעפטן זאָלן זיך שליסן גלייך מיט אַלע אַנדערע קראָמען. די באַלעבאַטים האָבן אָבער באַיין־אופן נישט געוואָלט נאָכגעבן און ס'איז אין דער בראַנזש אויסגע־בראָכן אַן אָרגאַניזירטער סטרייק פון אַלע אַנגעשטעלטע. פאַרשטייט זיך אָבער, אַז לויט די דעמאָלטדיקע באַגריפן האָבן לכתחילה געסטרייקט בלויז די דערוואַקסענע, די קוואַליפיצירטע אַנגעשטעלטע און די בוכהאַלטאָרן — דאַנאָגן די יונגנטלעכע, די „פּראַקטיקאַנטן" האָט מען איבערגעלאָזט אין די געשעפטן. נאַטירלעך, אַז אַזאַ סטרייק האָט נישט געקענט האָבן קיין דערפאָלג. די באַלעבאַטים האָבן אַראָפּגעבראַכט אין די געשעפטן־אַריין אַלע זייערע פאַמיליען־מיטגלידער, זיי אַליין האָבן זיך אַביסל אָנגעשטרענגט און מיט דער הילף פון די פּראַקטיקאַנטן איז די אַרבעט אין די געשעפטן ווייטער געגאַנגען מיט איר נאָרמאַלן גאַנג. יעדן טאָג, אין באַשטימטע שעה'ן, ווען אין די געשעפטן האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַ סך קונים, האָבן זיך פאַר די געשעפטן, אויף די טראָטואַרן, צונויפגעזאַמלט אַ גרופּע

סטרייקנדע און געמאַכט די אייגנטימער מיט די סטרייק־ברעכער אַ שיינעם „מי־שברך”, אין דער פאָרם פון אַ „הוררא!” אָבער אויפן גאַנג פון סטרייק האָט דאָס נישט געהאַט קיין ממשות'דיקע ווירקונג.

ערשט נאָך 3־2 וואָכן דערפאָלגלאָזן סטרייקן, האָט זיך דער פאַריין געכאַפּט, אַז דאָס בעסטע מיטל צו געווינען דעם סטרייק וועט זיין, ווען מען וועט אָרגאַניזירן די פּראַקטיקאַנטן און אויך זיי צוציען צום סטרייק. וכך־הוה: ס'זענען באַלד גערופן געוואָרן צו אַ פאַרזאַמלונג אַלע פּראַקטיקאַנטן, וועלכע האָבן שוין לאַנג געוואַרט דערויף און אויף־צו־מאָרגנס זענען זיי שוין געווען צווישן די סטרייקנדע.

דער פאַקט, וואָס דער פאַראיין האָט אָפּגעצויגן פון דער אַרבעט אויך די פּראַקטיקאַנטן, האָט די באַלעבאַטים גאָרנישט געשמעקט. זיי זענען ממש ווילד געוואָרן און אָנגעהויבן צו דראָען די סטרייקנדע מיט פּאָליציי, באַשר, זיי מאַכן קאַליע די ייִנגלעך, וועלכע טאָרן נאָך נישט לויט געזעץ, אָנטיילנעמען אין אַ סטרייק. דער פאַריין האָט אָבער געהאַט גענוג כוח און אָנזען ביי דער מאַכט, אַזוי אַז ער האָט געקענט צונישט מאַכן די אַלע סטראַשונקעס.

די פּראַקטיקאַנטן, וואָס זענען אַלע געווען ייִנגלעך פון די אָרעמיקע פּראָווינץ־שטעטלעך, זיינען אַלע געווען אָנגעדונגען „מיט קאָסט און קוואַר־טיר” ד. ה. געגעסן האָבן זיי ביי די באַלעבאַטים — דאָס וואָס עס איז איבערגעבליבן פון טיש — און געשלאָפן זענען זיי אין קיך, אָדער אין אַ קעמערל, אויף אַ סטעלכע שטרוי־זעקל און זיך צוגעדעקט מיט דעם אייגענעם מאַנטל, אָדער מיט אַ צעריסענער קאָלדרע, וואָס די אָרעמע טאַטע־מאַמע האָבן מיטגעגעבן פון דער היים . . . אָבער, אין דעם מאָמענט, ווען זיי האָבן אויך אָנגעהויבן צו סטרייקן, האָט דאָך נישט געקענט מער זיין קיין רייד פון קומען צו די באַלעבאַטים עסן, אָדער שלאָפן. איז דער סטרייק־לאָקאַל, די 3־2 צימערן פון פאַריין „אחדות”, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „רעסטאָראַן” און אין „שלאָפצימערן” פאַר די סטרייקנדע „האַנדלס־פּראַק־טיקאַנטן” פון די שפּעצעריי און קאָלאָניאַל־געשעפטן. אַרום די לאַנגע טישן פון שטענדיקן לייען־זאַל האָבן זיך אויסגעזעצט די יונגטלעכע סטריי־קערס, מ'האָט פאַר זיי אויסגעטיילט פריש־קנאַקעדיק קאָרן־ברויט מיט שטיקלעך הערינג און ביים אייגענעם פאַריינס־בופעט האָט מען פאַר זיי אויפגעקאָכט טיי. אין די נעכט האָבן די זעלבע טישן און די איבעריקע ווינקעלעך פון די צימערן געדינט פאַר געלעגערס און דאָס האָט דערפירט דעם סטרייק צו אַ זיגערישן סוף.

די באַלעבאַטים האָבן זיך 2 וואָכן אַליין „געמוטשעט” ביים באַדינען די קונים, ביז זיי האָבן סוף־כל־סוף, אונטערגעשריבן אַז אַפּמאַך ווען

עפענען די געשעפטן ערשט 7 אזייגער אינדערפרי, אין די זומערדיקע חדשים, און 8 אזייגער אין די ווינטערדיקע, בעת שליסן האָבן זיי געמוזט 9, אָדער 10 אין אָוונט, גלייך מיט אַלע אַנדערע געשעפטן — אזוי, אז די אָנגע־שטעלטע — און אויך די פּראַקטיקאַנטן — פון דער קאָלאָניאַל־בראַנזש, די וועלכע זענען אַממיינסטן עקספּלואַטירט געוואָרן, זענען סוף־כּל־סוף, אַ דאַנק דעם געלונגענעם סטרייק, אין זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען בנוגע דער אוממענשלעכער לאַנגער אַרבעטס־צייט, אויסגעגליכן געוואָרן מיט זייערע פאַך־קאָלעגן פון די איבעריקע בראַנזשעס.

* * *

אין די ערשטע יאָרן פונם 20טן יאָרהונדערט — און אזוי ביזן אויס־ברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — זענען, אין גאַליציע, די האַנדלס־אָנגעשטעלטע געווען דער גרעסטער שיכט אינם יידישן פּראָלעטאַריאַט. קראָקע, טאַרנע, ריישע, יאַראָסלאַוו, נייסאַנץ, פּשעמישל, לעמבערג, סטרי, דראָהאָביטש, טאַרנאָפּאָל, סטאַניסלאַוו, קאָלאָמיי און אַנדערע מיטעלע שטעט, האָבן פאַרמאָגט אַ גאָר היפּשע אַרמיי פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע און די דאָזיקע אָנגעשטעלטע האָבן אין די דערמאָנטע שטעט פאַרמאָגט זייערע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. די שטאַרקסטע פאַריינען זיינען טאַקע געווען אין קראָקע, לעמבערג און סטאַניסלאַוו (דעמאָלט שוין מיט איבער 2000 מיטגלידער). אָבער אויך מיט די פאַריינען פון אַלע איבעריקע שטעט — דער עיקר אין טאַרנע, טאַרנאָפּאָל און קאָלאָמיי — איז זיך אבסאָלוט נישט געווען וואָס צו שעמען. דער רוב פון זיי איז ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אינם יאָר 1914, געווען פאַראייניקט אין אַן איי־גענער צענטראַלע פון עסטרייכישן האַנדלס־אָנגעשטעלטן פאַרבאַנד, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון דער פועלי־ציון־פּאַרטיי. אָט די דאָזיקע פאַריי־נען האָבן זיך פאַרמאָסטן און במשך פון יאָרן געפירט דעם קאַמף, אז ס'זאָל אָנגענומען ווערן אַ געזעץ, אז געשעפטן זאָלן געשלאָסן ווערן 8 אזייגער אין אָוונט. אָבער אזוי לאַנג דאָס דאָזיקע געזעץ איז דערווייל נאָך נישט אָנגענומען געוואָרן, האָבן די האַנדלס־אָנגעשטעלטע, דורך זייערע פאַריינען געוואָלט צווינגען די סוחרים צו אַן אָפּמאַך, אז דער אַרבעטסטאָג אינם האַנדל זאָל רעגולירט ווערן אויף דעם אופן, אז 8 אזייגער אין אָוונט זאָלן די געשעפטן ווערן געשלאָסן.

צוליב די מער־ווייניקער העכערע פאָרמען וואָס דער האַנדל אין גאַ־ליציע האָט דעמאָלט אָנגענומען לגבי די פריערדיקע יאָרן, האָבן זיך די מאַסן פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע באַפרייט פון דער יאָרנלאַנגער פאַל־שער פּסיכאָלאָגיע, אז אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער איז מער מיוחס פון אַ וועלכן ס'איז אַנדערן וואַרשטאַט־אַרבעטער. זיי האָבן אָנגעהויבן צו באַ־

גרייפן, אַז זייער סאָציאַלע ראָל אַלס לוין־אַרבעטער הערט נישט מער אויף אין יענעם טאָג ווען דער יחיד פון צווישן זיי האָט חתונה און עפנט זיך מיטן באַקומענעם נדן אַן אייגענע קראָם, נאָר אַז דער רוב מנין ורוב בנין פון זיי, דער האַנדלס־אָנגעשטעלטער־שיכט אַלס אַזעלכער, איז גלייך מיט אַלע אַנדערע אַרבעטער פאַראורטיילט צו פאַרדינגען זיין אַרבעטס־קראַפט און צו בלייבן אַ לוין־מענטש, אפילו ווען זיי זענען שוין פאַמיליען־מענטשן.

די דאָזיקע דערקענטניש האָט זיי מאַסנווייז געטריבן אין זייערע פראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן אַריין און דיזעלבע דערקענטניש האָט די האַנדלס־אָנגעשטעלטע פאַראייניגן באַוואויגן צו אָרגאַניזירן און עקשנות'דיק אָנצוגיין מיט אַ כסדר'דיקער, פערמאַנענטער אַקציע פאַר דער „8 אַזייגער שפּערע” אין די געשעפטן. ריזיקע מיטינגען, דעמאָנסטראַציעס, פּעטיציעס צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרלאַמענט־אָבגעאָרדענטע, אינטערווענצן ביי די האַנדלס־קאַמערן און נאָך אַנדערע קאַמפּס־מיטלען זענען באַנוצט געוואָרן כדי צו רעאַליזירן דאָס דאָזיקע געזעץ. היות אָבער די סאָציאַלע געזעצגעבונג אין עסטרייך האָט שטאַרק אונטערגעהינקען און דאָס ביסעלע סאָציאַלע שוץ, וואָס איז יאָ געווען האָט זייער זעלטן דערגרייכט קיין גאַליציע, וואו בלויז די דרוקער האָבן געהאַט אַן אַרבעטס־טאָג פון 8 שעה מיט 45 מינוט, און דאָס אויך נאָר אַ דאַנק זייער מוסטערהאַפטן פראָפעסיאָנעלן פאַריין, — האָבן טאַקע צוליב דעם, די האַנדלס־אָנגעשטעלטע פאַרשטאַנען, אַז דער הויפּט־געוויכט פון זייער קאַמף דאַרף געלייגט ווערן אויפן כוח פון דער אָרגאַניזאַציע גופא און נישט זיך צו פאַרלאָזן בלויז אויפן חסד פונם געזעץ.

אין הסכם מיט אָט דער שטעלונג האָבן די האַנדלס־אָנגעשטעלטע פאַריינען, טאָג־איין, טאָג־אויס, במשך פון יאָרן, געשטורמט די סוחרים־פאַריינען מיט זייערע פאָדערונגען און אונטערגעשטיצט זייערע פאָדערונגען מיט כסדר'דיקע דעמאָנסטראַציעס, מיט אַרויסנעמען אָדער אַרויסשלעפּן די אָנגעשטעלטע פון די געשעפטן, ווען דער זייגער האָט געשלאָגן 8. אין קראָקע און אין לעמבערג, אין סטאַניסלאַוו און אין דראָהאָביטש, אין טאָרנע און אין טאַרנאָפּאָל, אין פּשעמישל און אין אַנדערע שטעט, האָבן זיך יעדן טאָג, פאַר 8 אַזייגער אין אָוונט, פאַרזאַמלט אויף די הויפּט־גאַסן הונדערטער און אפילו טויזנטער האַנדלס־אָנגעשטעלטע, אָדער אַרבעטער פון אַנדערע פאַכן, און מאַרשירנדיק איבער די גאַסן האָבן זיי אומצייליקע מאָל אויסגערופן: „מיר פאָדערן צו שליסן די געשעפטן 8 אַזייגער אין אָוונט!” „זאָל לעבן די 8־אַזייגער שפּערע!” „האַנדלס־אָנגעשטעלטע! פאַרלאָזט די קראָמען!” די אָנגעשטעלטע פלעגן דעמאָלט אַרויסלויפן פון די געשעפטן, כלומרשט צוליב נייגעריקייט, כאַפּן אַ בליק וואָס עס קומט

פּאַר, אָבער זיי פּלעגן זיך באַלד אָנשליסן אָן די דעמאָנסטראַציעס און שוין נישט צוריקגיין צו דער אַרבעט. די דעמאָנסטרירנדע אָנגעשטעלטע פּלעגן זיך גרופּנווייז אַריינרייסן אין די נאָך־אָפענע געשעפטן און פון דאָרט אַרויס־טרייבן, סיי די קונים, סיי די אָנגעשטעלטע און דערנאָך פון דרויסן פאַר־קלאַפּן די אייזערנע טירן מיט די לאָדענס.

באַזונדערס האָבן זיך דעמאָלט באַרימט געמאַכט מיט זייער קאַמף פאַר שליסן די געשעפטן 8 אַזייגער אינאָווענט, די האַנדלסאָנגעשטעלטע־פאַריינען אין קראָקע און אין סטאַניסלאַוו. אין די דאָזיקע 2 שטעט זענען זייער אָפּט פאָרגעקומען דעמאָנסטראַציעס און אַרעסטן מצד דער פּאָליציי, וועלכע איז תמיד געווען אויף דער זייט פון די סוחרים. אין סטאַניסלאַוו זענען איינמאָל אַרעסטירט געוואָרן די אָנפירער פון אַזאַ דעמאָנסטראַציע — די יונגע אָנגעשטעלטע מענדל מאַרקשייד, מנשה לעבעצעלטער, נתן קייש און דער יונגער סטודענט משה פייערמאַן — און סהאָט זיי געדראָהט אַן ערנסטער פּראָצעס. די אָנפירונג פון דער „אחוה" האָט זיך דעמאָלט טעלעגראַפיש געווענדעט צו דער פּ. פּ. ס. פראַקציע אינם עסטרייכישן פּאַרלאַמענט. די פּ. פּ. ס. סישע פּאַרלאַמענט־אַבגעאָרדנטע האָבן באַלד איינ־טערווענירט ביים עסטרייכישן אינערן־מיניסטער און יענער האָט תיכף טעלעגראַפירט צו דער פּראָקוראַטור אין סטאַניסלאַוו, אַז מען זאָל אַלע אַרעסטירטע באַפרייען.

לויטן דעמאָלטדיגן ביוראָקראַטישן שטייגער האָט אָבער די מעשה געדויערט איבער 2 וואָכען. במשך פון דער צייט האָבן זיך די סוחרים געגרויסט דערמיט וואָס מהאָט „אָנגעלערנט" די בונטאַוואַטשיקעס און אַז עס וועלן שוין מער נישט זיין קיין דעמאָנסטראַציעס. ווי גרויס איז אָבער געווען זייער אַנטוישונג און ווי גרויס איז געווען די שמחה צווישן די יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע איבערן גאַנצן לאַנד, ווען די אויבנדערמאָנטע זענען באַפרייט געוואָרן און ווען איבערן גאַנצן לאַנד האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ מאַסן־אַקציע פאַר שליסן די געשעפטן 8 אַ זייגער אינאָוונט.

ס'האָט אויך שפּעטער פּאַסירט אין טייל שטעט, אַז סוחרים פּלעגן טעלעפאָניש אַרויסרופן פּאָליציי און די פּאָליציי פּלעגט די דעמאָנסטראַנטן פונאַנדערטרייבן. אָבער צומאָרגנס פּלעגן זיך דיזעלבע סצענעס איבער־חזרן. אפילו דאָס אַרעסטירן פון די דעמאָנסטראַציע־אָנפירער האָט אויך נישט אָפּגעשראָקן, נישט די פירער און נישט די מאַסע. אַזוי האָט עס גע־דויערט היפּשע עטלעכע יאָר, ביז דער רוב פון די סוחרים — דער עיקר פון די גרעסערע געשעפטן — אין די אויבן־אויסגערעכנטע שטעט און דער־עיקר אין די גרעסערע, האָבן זיך סוף־כל־סוף אונטערגעגעבן און אָנגעהויבן צו שליסן די געשעפטן 8 אַזייגער, אַ סך פריער נאָך איידער די דאָזיקע

פאָדערונג האָט געהאַט ערנסטע שאַנסן אָנגענומען צו ווערן אַלס געזעץ פונם עסטרייכישן פּאַרלאַמענט.

דערנאָך האָבן די סוחרים אַליין אָנגעהויבן איינצוזען, אַז דאָס שליסן באַצייטנס — 8 אַזייגער — די געשעפטן, איז גאָרנישט קיין קרומע זאַך, אַז דאָס ליגט אַפילו אויך אין זייערע אייגענע אינטערעסן און זיי פּלעגן שוין, דורך די סוחרים־פאַריינען, מאַכן באַמיאונגען, אַז אויך די קלענערע קראָמען זאָלן זיך שליסן 8 אַזייגער. בינו־לבינו איז אָבער, אין 1914, אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און נאָך דער מלחמה איז שוין די פראַגע דווקא יאָ רעגולירט געוואָרן דורכן געזעץ, אַזוי אַז די האַנדלס־אָנגעשטעלטע האָבן שוין געאַרבעט, מער־ווייניקער — אינם פאַרהעלטניש צו דער פאַר־מלחמה'דיקער צייט — ביי דערטרעגלעכע באַדינגונגען.

דאָס פאַרקלענערט אָבער לחלוטין נישט די קאָלאָסאַלע באַדייטונג פון די אייגנאַרטיקע קאַמפן וואָס די יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע פון גאַליציע האָבן אין יענער צייט, אונטער דער אָנפירונג פון פּועלי־ציון, געפירט מיט אַזויפיל עקשנות און מיט אַזויפיל מסירת־נפש.

* * *

עס וואָלט אָבער געווען אַבסאָלוט פאַלש פון די דאָזיקע שילדערונגען אַרויסצוטראָגן די מיינונג, אַז בלויז אַזעלכע עקאָנאָמישע קאַמפן און סטרייקן זיינען צו יענער צייט פאָרגעקומען אין גאַליציע. עס איז דערפאַר נויטיק צוצוגעבן, אַז שוין אין יענע יאָרן זיינען דאָרט זייער אָפט פאָרגעקומען פאַרשידענע קאַמפן פאַר העכערע לוינען און פאַר אַ קירצערער אַרבעטס־צייט, ווי אויך גרעסערע און קלענערע סטרייקן פון יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע ביי אַנדערע פאַכן, ווי שניידער, מאַלערס, בעקער, שוסטער, האַנדלס־אָנגעשטעלטע און אַזוי ווייטער. נישט מער, יענע, וועלכע מיר האָבן דאָ געשילדערט, האָבן זיך אויסגעטיילט מיט זייער ספּעציפישן כאַ־ראַקטער, מיט זייער אייגנאַרטיקן אויסזען און דערפאַר האָבן מיר זיי גע־שילדערט אַלס אַ מערקווירדיקייט. צו דער קאַטעגאָריע פון כאַראַקטעריס־טישע, ספּעציעל יידישע סטרייקן, דאַרף מען נאָך צורעכענען די סטרייקן פון די יידישע האַנטווערקער־לערן־ייִנגלעך, פון די יידישע יוגנטלעכע אַר־בעטער אין די קליינע פאַבריקלעך, וואָס זיינען די ערשטע יאָרן פונם 20טן יאָרהונדערט אין די גרעסערע שטעט פון גאַליציע אָרגאַניזירט און אָנגע־פירט געוואָרן פון די פּועלי־ציוניסטישע „יוגנט"־פאַריינען.



# דאָס טראַגישע קאַפּיטל פון 6000 יידישע וואַקס־אַרבעטער אין באָריסלאַוו *

אין די לעצטע יאָרן פונם 19־טן יאָרהונדערט — אין די יאָרן 1897-1898 און 1899 — ווען אין די עקאָנאָמיש-אָפּגעשטאַנענע עסטרייכישע פּראָווינצן — און דערונטער אויך אין גאַליציען — האָט אָנגעהויבן אַריינצודרינגען דער קאַפּיטאַליזם, איז פּאַראַלעל דערמיט אויך געוואַלדיק געשטיגן דער אַנטיסעמיטיזם. די אַנטיסעמיטישע כוואַליע, וועלכע האָט אין ווין אַרויסגערוקט אויפן פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן האָריזאָנט די דאָרטיקע קריסטלעך־סאָציאַלע פּאַרטיי מיטן ווינער בירגערמייסטער קאַרל לועגער בראָש און אין גאַליציען די פּוילישע קריסטלעך־סאָציאַלע פּאַרטיי מיטן גלח סטאָיאַלאָווסקי בראָש, האָט געצילט דערצו אָפּצוציען די אַרבעטער־מאַסן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער באַוועגונג וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן צו באַפעסטיקן אין אַלע עסטרייכישע פּראָווינצן, און אַלס מיטל דערצו האָבן זיי אויסגעקליבן די אַנטיסעמיטישע העצעס, טענה'ענדיק, אַז אַלע צרות פון די אַרבעטער, פּויערים און אָרימע מאַסן, נעמען זיך דערפון וואָס אַלע יידן זיינען קאַפּיטאַליסטן, וואוכערער און שפּעקולאַנטן.

די אויבנדערמאָנטע צייט פאַלט צוזאַמען מיט דער עפּאָכע, ווען די עסטרייכישע אַרבעטער־מאַסן האָבן צום ערשטן מאָל באַקומען אַ צו־געוואָרפן ביינדל אין זייערע פּאָליטישע רעכט, אין דער פאָרם פון וואַל־רעכט אין אַ באַזונדערער 4־טער וואַל־קוריע צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט.

---

*) אין 1942' ווען דער פאַרשטאָרבענער דר. ש. ר. לאַנדאו, האָט מיך אַמאָל באַזוכט, האָב איך אים פאָרגעלייענט מיינע אַן אַרבעט וועגן דעם לאָקאַוט פון די באָריסלאַווער 6000 יידישע וואַקס-גרובן-אַרבעטער. דר. לאַנדאו האָט מיר דעמאָלט פאָרגעלייגט, אַז ער איז גרייט מיר צו געבן אַ ריי וויכטיקע אינפאָרמאַציעס, מיט וועלכע איך זאָל דערגאַנצן די דאָזיקע אַרבעט און זי זאָל דערנאָך דערשיינען אַלס אונזערע א שותפותדיקע אַרבעט. איך האָב דערצו מסכים-געווען און כהאָב דערנאָך, אויפן יסוד פון זיינע אויטענטישע און אינטערעסאַנטע אינפאָרמאַציעס, אויסגעברייטערט די אַרבעט. איך האַלט עס דערפאַר פאַר מיין פליכט די דאָזיקע טאַטזאַך פעסטצושטעלן און ביי דער געלעגנהייט קלאָר צו מאַכן, אַז דער פאַרשטאָרבענער דר. ש. ר. לאַנדאו איז דער מיט-מחבר פון דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג.

י. קענער

די דאַזיקע צוויי מאָמענטן, וועלכע שטייען איז אַ נאָענטן קאָנטאַקט צווישן זיך, האָבן געבראַכט דערצו, אַז דער דעמאָלטדיקער ווינער פּאַרלאַמענט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַרענע פון אויסגעלאַסענער און גיפטיקער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע. לועגער און סטאָיאַלאָווסקי מיט זייערע פּאַר־לאַמענטאַרישע גרופּן האָבן דערזען אין דעם אַנטיסעמיטיזם אַ לייטער, דורך וועלכער זיי קענען שטייגן ביז צו די העכסטע שטאַפּלען פון רום און פּאָליטישער מאַכט, און דער קאַפּיטאַל, וואָס איז געשטאַנען אונטער זיי, האָט דאָס זייער געשיקט אויסגענוצט, אָפּווענדנדיק פון זיך אויף דעם אופן דעם גערעכטן צאָרן און די טיפע פאַרביטערונג פון די עקספּלאָאַטירטע אַרבעטער-מאַסן.

די בבא-מעשה, וואָס די לועגער־סטאָיאַלאָווסקי חברותא האָבן פאַרשפּרייט, אַז אַלע עסטרייכישע יידן זיינען דעמאָלט געווען בלויז קאַפּי־טאַליסטן, באַנקירן און וואוכערער, איז אָבער געווען פונקט אַזוי בייז־וויליק און ליגנעריש, ווי עס זיינען די היינטיקע אַנטיסעמיטן מכּל־המינים, ווייל שוין דעמאָלט זיינען — אַחוץ די עטלעכע גרויסע קאַפּיטאַליסטן, באַנקירן און אַחוץ דעם מיטלשטאַנד און קליינבירגער — געווען צווישן יידן אויך אַ היפּשע צאָל פּראָלעטאַריער, וואָס האָבן ביי די ערגסטע און אונמענטשליכסטע באַדינגונגען, שווער געאַרבעט פאַרן שטיקל ברויט. נאָך מער: בעת איצט און אויך פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער מלחמה, האָט מען אין די אייראָפּעאישע לענדער נישט געקענט געפינען קיין יידישע אַרבעטער אין דער שווערער אינדוסטריע, אָדער ביי די צווייגן פון דער אור־פּראָדוקציע, זיינען מיט צענדליקער יאָרן צוריק טויזנטער יידישע אַר־בעטער אין גאַליציע יאָ געווען באַשעפטיקט ביי איינער פון די וויכטיקסטע צווייגן פון דער אור־פּראָדוקציע, נעמליך, אין די וואַקס-גרובן (מינען) פון באָריסלאַוו, נאָר די אַנטיסעמיטישע כוואַליע האָט זיי, מיט דער מיט־הילף פונם אַנטוויקלונגס-פּראָצעס, וואָס די דאָזיקע פּראָדוקציע איז אַי־בערגעגאַנגען צו העכערע פאָרמען, איבערגעבראַכט אַרויסגעשטויסן פון די וואַקס־גרובן און זיי דעגראַדירט צו דער מדרגה פון אַ דעקלאַסירטער, דאַכלאָזער, הונגעריקער און אַרבעטזוכנדיקער מאַסע.

די דאָזיקע געשעעניש, ווי אַזוי די 6000 יידישע אַרבעטער פון די באָריסלאַווער וואַקס־גרובן, זיינען פון זייערע אַרבעטס-פּלעצער אַרויסגע־שטויסן געוואָרן און דעם אָפּקלאַנג וואָס די דאָזיקע היסטאָרישע געשעעניש האָט זיינער צייט געהאַט אינם אַלגעמיינעם פּאָליטישן לעבן פון עסטרייך און באַזונדערס אינם יידישן לעבן פון גאַנץ אייראָפּע, איז אומבאַדינגט כדאי צו שילדערן.

אין ווין האָבן צו יענער צייט עקזיסטירט צוויי גרויסע באַנק-הייזער: די „קרעדיט־אַנשטאַלט", פון וועלכער עס איז געווען דער גרינדער און הויפּט־באַזיצער פון די אַקציעס, דער באַקאַנטער מיליאָנער, שלמה מאיר ראָטשילד, דער פֿאָטער פון באַראָן אַלבערט ראָטשילד און דער זיידע פון דעם ווינער „געוועזענעם" מיליאָנער, לואי ראָטשילד, וועמען די היטלער־מאַכט האָט אין מערץ 1938 אַרעסטירט, קאָנפיסקירט זיין גאַנצן פאַרמעגן. זיינע קרובים, די פּאַריזער ראָטשילדס האָבן אים נאָך אַ יאָר זיצן קוים אויסגעלייזט פאַר דער סומע פון 2 און אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר און דער דאָזיקער געוועזענער מיליאָנער, דאָס אייניקל פונם דעמאָלט מעכטיקן שלמה מאיר ראָטשילד, האָט זיך דערנאָך קוים געראַטעוועט קיין ניו־יאָרק.

אחוץ דער דאָזיקער „קרעדיט־אַנשטאַלט" האָט נאָך עקזיסטירט אין ווין אַ צווייטע גרויסע באַנק אונטערן נאָמען „לענדערבאַנק". די דאָזיקע באַנק־פירמע איז געגרינדעט געוואָרן דורך דעם דעמאָלטדיקן באַרימטן עסטרייכישן פינאַנץ־מיניסטער דונאַיעווסקי — אַ פּאָליאַק, בשותּפות מיטן קראָקאָווער אַדוואָקאַט — אַרנאָלד ראַפּאָפּאָרט.

די דאָזיקע ביידע באַנקען האָבן זיך דער עיקר פאַרנומען מיט אינדוס־טריעלע אָפּעראַציעס און צווישן אַנדערע אינוועסטיציעס האָבן זיי געהאַט אַסך אַקציעס פון די באָריסלאַווער וואַקס־שאַכטן. די פאַרטרעטער פון די באַנק־הייזער אין דער לייטונג פון די שאַכטן, זיינען געווען פון דער „קרעדיט-אַנשטאַלט" דער פּאָליאַק שומסקי, אַ גרויסער אַנטיסעמיט און פון דער „לענדערבאַנק" דער משומד ווערבער. ביידע זיינען געווען מעטיק אויפן אָרט אין באָריסלאַוו אַלס בערג־דירעקטאָרן.

אָט די דאָזיקע 2 דירעקטאָרן זיינען געקומען צווישן זיך צו אַ הסכם, צו „ליקווידירן" די 86 עקזיסטירנדיקע קליינע שאַכטן, כדי נישט צו האָבן קיין קאָנקורענטן פון זייערע גרויסע שאַכטן. זיי האָבן, אַלזאָ, אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, ווי אַזוי אַרויסצושטויסן פון דער פּראָדוקציע די קליינע און מיטעלע אייגנטימער פון די 86 שאַכטן צוזאַמען מיט די 6000 יידישע אַרבעטער, כדי צו ווערן די אַליינהערשער אויפן מאַרק פון דער וואַקס-פּראָדוקציע.

פּלוצלינג, אָבער נישט צופעליק, האָט דאָס ווינער מיניסטעריום פאַר אַגריקולטור, אויפן וואונטש פון די ביידע דערמאָנטע באַנק־הייזער, געגעבן אַ פאַראָרדנונג צום קראָקעווער בערגבוי-אַמט, וואָס איז געווען די ערשטע אינסטאַנץ פאַר דער גאַליצישער נאַפט־און־וואַקס־אינדוסטריע, אַז זי זאָל אין אַ גיכן טעמפּ דורכפירן אַ נייעם ספּעציעלן געזעץ פאַר די באָריסלאַווער וואַקס־גרובן „צום שוץ פון די אַרבעטער". די דאָזיקע קראָקעווער בערג־בוי אינסטאַנץ האָט זיך טאַקע צוגעאײַלט און דעם 13־טן

סעפּטעמבער 1897 האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ „זיכערקייטס־פאַראָרדנונג", אַז אַ וואַקס־שאַכט מוז האָבן פאַר זיך אַ פרייען שטח פון 3600 קוואַדראַט מעטער, אָנשטאָט דעם וואָס פריער איז גענוג געווען 700 קראַווראַט־מעטער. פאָרמעל האָט עס געהייסן, אַז די דאָזיקע פאַראָרדנונג איז לטובת דער זיכערקייט פון די אַרבעטער — אָבער פאַקטיש האָט דאָס געזעץ געצילט דערצו, אַז 90 פּראָצענט פון די עקזיסטירנדיקע וואַקס־גרובן זאָלן פאַרשיט ווערן און בלויז 10 פּראָצענט זאָל בלייבן עקזיסטירן; דאָס כּלומרשטדיקע שוץ־געזעץ האָט אַפילו נישט פאַרגעזעען קיין שום אַנטשעדיקונג, נישט פאַר די קליינע יידישע וואַקס־שאַכטן־אייגנטימער און נישט פאַר די 6000 יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט. אויף אַזאַ אופן האָט דאָס אַנטיסעמיטישע געזעץ מיט איין פעדערשטריך געצוואונגען די אייגנ־טימער צו פאַרקויפן זייערע שאַכטן פאַר אַ שיבוש, ממש פאַר גראָשנס, צו די צוויי אויבנדערמאָנטע באַנק־הייזער און די 6000 אַרבעטער זיינען מיטאַמאָל געוואָרן ברויטלאָז.

די דערמאָנטע באַנק־הייזער אין וועלכע עס האָבן געהאַט די הויפּט דעות, סיי דער יידישער מיליאָנער, שלמה מאיר ראָטשילד, סיי דער קראָ־קעווער אַדוואָקאַט, אַרנאָלד ראַפּאַפּאָרט, צוזאַמען מיטן פאַרשטייער פון דער דעמאָלטדיקער ווינער יידישער קולטוס־געמיינדע — דעם הערן סאַ־מועל ריטער פאָן האהן, וועלכער איז געווען דער גענעראַל דירעקטאָר פון דער „לענערבאַנק",—האָבן זיך, אַפילו אויף דעם מינדסטען אופן נישט גענומען צום האַרצן, וואָס די 6 טויזנט יידישע אַרבעטער זענען מיטאַמאָל געוואָרן מחוסר־פּרנסה און האָבן פון יענעם מאָמענט אָן געמוזט הונגערן אינם בוכשטעבלעכן זין פונם וואָרט.

די דערמאָנטע טיפּישע פאַרשטייער פונם יידישן גרויס־קאַפּיטאַל, האָבן דעם גורל פון די יידישע אַרבעטסמענטשן איבערגעלאָזט אינגאַנצן אויפן חסד און אומחסד פון זייערע דירעקטאָרן — דעם אַנטיסעמיט און דעם משומד — און יענע האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט אונטער די פוילע תירוצים, אַז אַלע אַרבעטער קענען דאָך סיי־ווי־סיי נישט באַקומען קיין אַרבעט אין די עטלעכע איבערגעבליבענע שאַכטן; אַז זיי גייען איינפירן נייע מאַשינען, צו וועלכע די יידישע אַרבעטער זיינען נישט צוגעפּאַסט און אַזוי־אַרום איז דאָס גאַנצע שטעטל יידן מיטאַמאָל געשטאַנען פאַר אַ מורא׳דיקער קאַטאַסטראָפע, פאַרן תהום פון פיזישן אונטערגאַנג.

די באָריסלאַווער יידישע אַרבעטער האָבן זיך אָבער נישט געקענט אַזוי לייכט צופּאַסן צום געדאַנק פון זייער פולשטענדיקן אונטערגאַנג און ווי אַ טרינקענדיקער כאַפּט זיך אָן אַ שטרוי, אַזוי האָבן זיי זיך אָנגע־כאַפּט און זיך געקלאַמערט אין אַלערליי האָפענונגסלאָזע מיטלען. פאַר זיי

האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגער וועג פון דערנידעריקנדיקער שתדלנות, פון שיקן דעפּוטאַציעס צו די רייכע יידן פון ווין און פּאַריז — צו דער באַראָן־הירש׳ישער יק״א אין פּאַריז, צו דער ווינער איזראַעליטישער „אַליאַנס״, צו דר. הערצל אַלס פירער פון די ציוניסטן און צום עסטרייכישן יידישן „ריטער״ דאַוויד פאָן גוטמאַן וועגן וועלכן עס איז כדאי זיך באַזונדערס אָפּצושטעלן.

ווער איז דאָס געווען דער אַלמעכטיקער ריטער פאָן גוטמאַן?

קיין ווין זיינען אין דער צווייטער העלפט פונם 19-טן יאָרהונדערט געקומען פון מעהרען 2 יידישע יונגעלייט, די ברידער וועלוול און דוד׳ל גוטמאַן. אין די ערשטע יאָרן האָבן זיי זיך פּאַרנומען מיט קוילן־האַנדל אין קליינעם מאָסשטאַב. זיי האָבן מיט אַ פער־און־וועגעלע פונאַנדער־געפירט קוילן צו די יידישע באַלעבאָסטעס און דערפון זיינען זיי מיט דער צייט פשוט נתעשר־געוואָרן. אַז זיי האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַסך געלט האָבן זיי בשותפות מיט דעם פריער דערמאָנטן שלמה מאיר ראָטשילד אָפּ־געקויפט די מעהרישע קוילן־גרובן אין וויטקאָוויטץ. שפּעטער האָבן זיי דאָרט אויך אָפּגעקויפט די אייזן־ווערק אין וויטקאָוויטץ, וואו זיי האָבן באַשעפטיקט צוזאַמען אַן ערך פון 50 טויזנט אַרבעטער. האָבנדיק אַזאַ עשירות, האָבן זיך די ברידער וועלוול און דוד׳ל גוטמאַן, מתקנא געווען אין זייער שותף ראָטשילד, וועלכער האָט פון זיין פאָטער באַקומען בירושה דעם טיטל באַראָן און זיי האָבן זיך פאַר שווערע געלטער געקויפט דעם טיטל „ריטער פאָן״ און אַזוי איז פון די אָרעמע יידישע יינגלעך וועלוול און דוד׳ל, מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן ווילהעלם און דאַוויד „ריטער פאָן״ גוטמאַן.

עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַזעלכע גבירים פּרעטענדירן דאָך אויף אַביסל כבוד און וועלוול, וועלכער האָט געקענט אַביסל לערנען, איז געוואָרן דער פּרעזידענט פון דעם ווינער ראַבינער סעמינאַר. דערנעגן דאַוויד, דער יינגערער פון זיי, איז גיך געוואָרן דער פּרעזידענט פון דער ווינער איזראַעליטישער „אַליאַנס״. בלויז איין פּרעזידענטן־אַמט איז אָבער פאַר אַזאַ מיליאָנער ווי „ריטער פאָן גוטמאַן״, געווען צו ווייניק און ער איז גיך געוואָרן אויך דער פּרעזידענט פון דער באַרימטער באַראָן־הירש־פונ־דאַציע פאַר גאַליציען, פאַרשטאַנד־מיטגלידער פון דער פּאַריזער איזראַעלי־טישער אַליאַנס, און נאָך עטלעכע אַזעלכע ענלעכע אַמטן, וועלכע האָבן אים נישט געקאָסט קיין געלט, דערפאַר האָבן זיי אים אָבער געבראַכט אַ סאַך כבוד און רום . . .

אָט צו דעם „ריטער פאָן״ גוטמאַן, האָבן די באָריסלאַווער יידישע וואַקס־אַרבעטער זיך געווענדט מיט אַן אויספירלעכן מעמאָראַנדום, אין

וועלכן זיי האבן אים געשילדערט זייער לאגע און אים געבעטן, אז ער זאל זיי געבן ארבעט אין זיינע קוילן-גרובן, אדער אין די אייזן-ווערק אין וויטקאָוויטץ. דוד'ל גוטמאַן איז צוליב דעם דאזיקן מעמאראנדום, געווען אין א גרויסער פארלעגנהייט. סתם אפזאגן האט דאך אים נישט געפאסט. מען דארף דאך עפעס „יוצא־זיין" פאר דער יידישער עפנטלעכקייט און פארן אייגענעם מישטיינסגעזאגטן „יידישן געוויסן", האט ער אראפגעשיקט זיינעם א בערג־אינזשעניר, קיין באריסלאוו, כדי אויפן ארט אויסצופארשן די לאגע פון די באריסלאווער יידן. דער אינזשעניר זיינער איז אראפגע־פארן קיין באריסלאוו, דארט אפגעוועזן עטלעכע טעג און צוריקגעקומען מיט א „קלארן" רעזולטאט פון זיין אויספארשונג, אז די באריסלאווער יידישע וואקס־ארבעטער זיינען פיזיש ניט צוגעפאסט צו דער שווערער ארבעט אין די קוילן-גרובן — דאס איז ראשית; והשנית, קען דערפון גאר־נישט ווערן, ווייל זיי זיינען אלע פרומע יידן און זיי וועלן „אוודאי" נישט וועלן ארבעטן אום שבת . . .

דערמיט האט זיך געענדיקט דעם „ריטער פאן" גוטמאנס פאראנט־ווארטלעכקייט לגבי זיין יידישן געוויסן און ער איז ווייטער געבליבן ביי אלע זיינע יידישע רעפרעזענטאטיווע אמטן — הגם די אויספארשונג פון זיין בערג־אינזשעניר איז לחלוטין נישט געווען קיין ריכטיקע און נישט קיין אביעקטיווע. אין דעם קליינעם קרייז פון דער דעמאלטדיקער יידישער ראדיקאלער אינטעליגענץ אין ווין, האט מען געשמועסט, אז דער גרויסער און רייכער יידישער כלל-טוער — דער ריטער דאוויד פאן גוטמאן — האט לכתחילה אינסטרואירט זיין גויאישן אינזשעניר, אז ער זאל פון באריסלאוו ברענגען אזא און נישט קיין אנדערן רעזולטאט . . .

אין יענער צייט האט—דער אין דער באמערקונג דערמאנטער—דר. שאול רפאל לאנדאו, אינם אויפטראג פון דער לאנדאנער „דזשואיש ווארלד" געמאכט א שטודיען-רייזע איבער מזרח-גאליציע און איבער די אינדוס־טריעלע יידישע צענטערן אין קאנגרעס-פוילן, און זייענדיק אין באריסלאוו האט ער זיך גרינטלעך באקענט מיט דער לאגע און מיט דער נויט פון די ארויסגעשטויסענע יידישע וואקס-ארבעטער. קומענדיק דאן, אינם יאר 1898, אלס דעלעגירטער צום 2-טן ציוניסטישן קאנגרעס אין באזעל (שווייץ), האט ער דאס דאזיקע פראבלעם אוועקגעשטעלט פארן פארום פונם קאנ־גרעס און האט פארלאנגט, אז דער קאנגרעס זאל זיך דערמיט באשעפטיקן און געפינען א לייזונג צו דער דאזיקער פראגע אין וועלכער 6000 יידישע ארבעטער זיינען געווען בלויז פאראינטערעסירט. ער האט אבער אנגע־טראפן אויף די פאלגנדע שוועריקייטן: דר. הערצל, אלס פרעזידענט פון קאנגרעס, האט דערקלערט, אז די פראגע שטייט ניט אויפן טאג־ארדנונג

פונם קאָנגרעס און דערפאַר קען זיך נישט דער קאָנגרעס דערמיט פאַרנעמען. הערצלען האָבן אין דער דאָזיקער שטעלונג אונטערשטיצט אויך אַנדערע דעלעגאַטן. דוד וואָלפזאָן, למשל, האָט אָפּערירט מיטן אַרגומענט: „וואָו וועלן מיר פאַרקריכן אויב יעדער וועט קומען צום קאָנגרעס מיט אַן אַנדער פּעקל צרות?" — אַ דעלעגאַט פון די דייטשע ציוניסטן, דר. שאוער, האָט געהאַלטן, אַז „דער קאָנגרעס דאַרף זיך בכלל נישט פאַרנעמען מיט סאָציאַל־פּאָליטישע פראַגן און דאָס פּראָבלעם פון די באַריסלאַווער אַרבעטסלאָזע איך דאָך קודם־כל אַ סאָציאַל־פּאָליטישע פראַגע".

נאָך דער קענגערשאַפט מצד די דערמאָנטע דעלעגאַטן איז די פראַגע אַראָפּגענומען געוואָרן פון דער טאָג־אָרדנונג און דר. ש. ר. לאַנדאַו האָט דערנאָך אַנטוויקעלט אַן אַקציע אין די יידיש־דייטשע זשורנאַלן פון עסט־רייך און דייטשלאַנד. גאַליציאַניטיק האָט ער זיך דירעקט פאַרבונדען מיט די באַריסלאַווער יידישע וואַקס־אַרבעטער און זיי געראָטן צו שיקן קיין ווין אַ דעלעגאַציע, וועלכע ער האָט דעם 13-טן מערץ, 1899, פאָרגעפירט פאַר דעם אויבנדערמאָנטן „ריטער" דאַוויד פאָן גוטמאַן.

דער פאַר געלט „געאַדלטער", ר' דוד'ל גוטמאַן — דערציילט דר. לאַנדאַו — האָט זיך סקאַנדאַליעז געהאַלטן. ער האָט אפילו ניט באַוויליקט צו קוקן אין דער זייט פון די אַרבעטער־פאַרשטייער. געערדט האָט ער בלויז צו אים, ווי צום פירשפּעכער פון דער דעלעגאַציע. זיין מיליאָנע־רישע גרויסמוטיקייט האָט גוטמאַן אַרויסגעוויזן דערמיט, וואָס ער האָט אים, דר. לאַנדאַו'ן אַלס ווינער אַדוואָקאַט און פּובליציסט, טראַקטירט מיט אַ טייערן לעדערנעם ציגאַר און דערביי דערציילט אַז ציגאַרן זיינען איצט געשטיגן אין פּרייז, אַנשטאָט 4 גרייצער, קאָסטן זיי שוין איצט 5 קרייצער (צוויי אַמעריקאַנער סענט) אַ שטיק. אונטערשטרייכנדיק גלייכציטיק זיינע עקאָנאָמיסטישע גאונות, וועלכע זיינען באַשטאַנען דעריין, וואָס איידער די ציגאַרן זיינען געשטיגן האָט ער זיך איינגעקויפט אַ גאַנצן קאַסטן מיט ציגאַרן . . .

אָבער, ווען דר. ש. ר. לאַנדאַו האָט אים נאָכאַמאָל פאַרגעלייגט די ביטע פון די באַריסלאַווער יידישע אַרבעטער, אַז ער זאָל זיי געבן אַרבעט אין זיינע וויטקאָוויצער בערגווערק און ער האָט אים דערקלערט, אַז זיי זיינען גרייט צו אַרבעטן שבת, כאָטש זיי זיינען אַלע רעליגיעזע יידן, ווייל זיי קענען שוין מער נישט אַריבערטראָגן דעם הונגער פון זייערע ווייבער און קינדער, האָט דער „ריטער פאָן גוטמאַן" געענטפערט, אַז דערפון קען קיין רייד נישט זיין, ווייל יידן מוזן נישט צו קיין שווערער אַרבעט און דער־מיט באַטראַכט ער דעם ענין פאַר דערלידיקט . . .

די דעלעגאַציע איז דערנאָך צוריקגעפאָרן קיין באָריסלאַוו און אַנטוישטע און אַ פאַרביטערטע. קיין אַנדערע מיטלען ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען פון דער הונגער קאַטאַסטראָפע האָבן זיי נישט געהאַט. קיין קלאַסנבאַוואוסטזיניקער יידישער פּראָלעטאַריאַט מיט פעסטע פּראָפ. אָרגאַניזאַציעס איז נאָך דעמאָלט נישט געווען און ס'איז דערפאַר פּשוט נישט געווען ווער ס'זאָל זיי קומען צו הילף. ס'איז אויך נישט געווען קיין באָדן פאַר פירן אַ קלאַסנקאַמף, אָדער אַ פּאָליטישן קאַמף אינם ברייטערן זין פון וואָרט. דעמאָלט האָבן זיך קוים־קוים אָנגעהויבן צו באַווייזן סמנים, טאַקע בלויז סמנים, פון פּראָלעטאַרישער אָרגאַניזירונג צווישן די יידישע אַרבעטער. בלויז אין עטליכע געציילטע גרעסערע שטעט, ווי לעמבערג, קראָקע, סטאַניסלאַוו, קאָלאָמיי און אפשר נאָך ערגעץ־וואו, האָבן זיך דעמאָלט אָנגעהויבן צו גרינדן יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע פאַריינען אונטער די נעמען פון „אחדות" און „אחוה", — וועלכע האָבן אָבער לכתחילה נישט געהאַט קיין טרייד־יוניאָניסטישן כאַראַקטער. ס'האָבן דעמאָלט אויך אָנגעהויבן צו אַנטשטיין אַלגעמיינע יידישע אַרבעטער־בילדונגס־פאַראיינען „גלייכהייט", „ברידערליכקייט" און „פאָרווערטס", אונטער דער אָנפירונג פון דער פּ. פּ. ס., וועלכע האָבן דער־עיקר געהאַט דעם ציל די יידישע אַרבעטער „אויסצומענטשלען", זיי אויסצולערנען רעדן פּויליש. אָבער די אַלע פאַראיינען זיינען נאָך געווען ווייט־ווייט דערפון צו פירן אַ זעלבסטשטענדיקע קלאַסן־טעטיקייט, ווער שמועסט צו אָרגאַניזירן הילף פאַר אַרויסגעשטויסענע יידישע אַרבעטער, וועמענס אַרבעטס־פּלעצער עס האָבן פאַרנומען די קריסטלעכע אַרבעטער — פּוילישע און רוטענישע — האָט דעמאָלט אוודאי קיין רייד נישט געקענט זיין.

דערפון ווערט ערשט קלאָר און פאַרשטענדלעך פאַרוואָס נישט די עסטרייכישע און נישט די גאַליציישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רייכסטאַגאַבגעאָרדנטע, האָבן נישט געפּרואווט און נישט געוואָלט אַרויסטרעטן אין פּאַרלאַמענט מיט אַן אינטערפּעלאַציע קעגן דעם אויבן־דערמאָנטן כלומרשטן שוץ־געזעץ, וועלכער האָט צוגענומען דאָס ברויט ביי 6000 יידן. ווען דער דעמאָלטיקער „אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסט" ערנסט ברייטער, אַ פּאָליאַק, אַ קעמפער און פּאַרטיידיקער פון דער יידישער פאָלקס־מאַסע, האָט אין זיין לעמבערגער פּוילישער וואָכנציייטונג „מאָניטאָר" אויפגעהויבן אַ קאַמף קעגן דער דאָזיקער אכזריות און דערביי אין דער עפנטלעכקייט געפרעגט די גאַליציישע פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָבגעאָרדנעטע, פאַרוואָס זיי שווייגן, האָט דער אָנגעזעענסטער פירער פון דער פּ. פּ. ס. — איגנאַצי דאַשינסקי — דאַרויף געענטפערט, אַז „די פּ. פּ. ס. זיינען נישט קיין יידישע לאַקייען און זיי זיינען נישט מחויב זיך אָנצונעמען פאַר יידן".

אויך די „יידישע" דעפּוטאַטן צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט און צום גאַליציישן סיים, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט אַלע באַטראַכט פאַר „פּוילישע איזראַעליטן", אָדער פאַר „פּאַליאַקן פון משה רבינו'ס גלויבן", האָבן די גאַנצע צייט — די עטלעכע יאָר וואָס די טראַגעדיע באָריסלאַוו האָט געדויערט — קיין איינמאָל נישט געפונען פאַר נויטיק זיך אָנצונעמען די קריוודע פון די אַרויסגעשטויסענע יידן.

בלויז דער פריער דערמאָנטער ערנסט ברייטער, האָט עטלעכע יאָר דורכאַנאַנד כסדר געשטורמט די עפנטלעכקייט און דערפאַר שאַרף אָנגע־גריפן די רעגירונג, צוליב וואָס מען האָט עטלעכע מאָל קאָנפיסקירט זיין „מאָניטאָר" און אים, ברייטערן, אפילו באַשטראָפט מיט עטלעכע וואָכן תפיסה. ער האָט אַזוי־לאַנג געשטורעמט, ביז די ווינער רעגירונג האָט אַראָפּגעשיקט קיין באָריסלאַוו אַ בעאַמטן פונם אַקערבוי־מיניסטעריום — אַ געוויסן צעכנער — כדי ער זאָל דאָרט אויפן אָרט „אויספאָרשן" דעם ענין. ווען די אַרבעטסלאָזע יידישע אַרבעטער האָבן אָבער געזעען, אַז דער דערמאָנטער צעכנער קאָאָפּערירט בלויז מיט די דירעקטאָרן פון דער „לענדערבאַנק", אָבער זיי, די אַרבעטער גופא, וויל ער נישט אויסהערן און וויל אפילו נישט אויפנעמען זייערס אַ דעלעגאַציע, זיינען זיי געוואָרן אַזוי אויפגעבראַכט, אַז זיי האָבן דעמאָלירט די געביידע פון דער לענדער־באַנק, דעם מיניסטעריאַלן רעפערענט צעכנער, האָבן זיי געמאַכט אַזאַ „מי־שברך", אַז ער איז קוים אַ לעבעדיקער אַנטלאָפן פון דאָרט קיין ווין.

די דאָזיקע ספּאָנטאַנע דעמאָנסטראַציע פון כעס און צאָרן, האָט אָבער געהאַט אויך אירע ביטערע פאָלגן.

די אָרטיקע מאַכט, די דראָהאָביטשער סטאַראָסטווע, האָט זיך אַריינ־געמישט און זי האָט עטלעכע הונדערט פון די דאָזיקע „דעמאָנסטראַנטן", די־יעניקע וועלכע האָבן נאָר צייטווייליק געוואוינט אין באָריסלאַוו, אָדער אין די שכנות'דיקע דערפער, אָבער „צושטענדיק", דאָס הייסט צוגעשרי־בענע, זענען זיי געווען צו אַנדערע געמיינדעס, אויף אַ צוואַנגס־אופן, דורך „שופּאַס", מיט פּאָליציי באַגלייטונג, צוגעשטעלט אין זייערע „צושטענ־דיקייט־ערטער" און דערמיט געוואָרפן אַ מורא אויך אויף די איבעריקע „געפּערלעכע דעמאָנסטראַנטן".

די דאָזיקע דעמאָנסטראַציע האָט אָפּגעהילכט אַזש ביז קיין ווין. די ווינער יידישע גבירים האָבן זיך דערשראָקן, אַז ס'זאָל זיך נישט אָנהויבן קיין עמיגראַציע פון די באָריסלאַווער אַרבעטסלאָזע קיין ווין, אַזוי ווי עס פלעגן דעמאָלט אַהין קומען טויזנטער פּרנסה'לאָזע יידן פונם אָרעמען גאַ־ליציען. געטריבן פון דאָזיקן מורא־געפיל, האָט דער באַראָן אַלבערט ראָט־

שילד באַזוכט דעם דעמאָלטיקן עסטרייכישן פּרעמיער־מיניסטער, גראַף טהון, און אים „געבעטן", אַז די רעגירונג זאָל עפּעס טאָן פאַר די „אומגליקלעכע אָרימע יידן", ווייל, אויב נישט, האָט ער באַנרינדעט זיין בקשה — וועלן זיי נאָך קומען קיין ווין און וועלן נאָך פאַלן צו לאַסט דער „איזראעליטישער קולטוס־געמיינדע" פון דער שיינער שטאָט ווין.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס פעטע האַרץ פון אַ גראַף איז געבליבן נישט גערירט צום גורל פון אַזעלכע געפּערלעכע בונטאָווטשיקעס ווי עס זיינען געווען די באָריסלאַווער „דעמאָנסטראַנטן", וועלכע האָבן זיך גאָרנישט ליטיש אויפגעפירט קעגן אַ הויכן בעאַמטן פון אַגריקולטור־מיניסטעריום . . .

די באָריסלאַווער אַרויסגעשטויסענע וואַקס־אַרבעטער האָבן אַלע זייערע ווייטערדיקע האָפענונגען פאַרבונדן מיט אויסוואַנדערן קיין ארץ־ישראל. כדי וואָס גיכער צו רעאַליזירן זייער שטרעבן, האָבן זיי, אינם יאָר 1899, אויסגעקויפט עטלעכע הונדערט שקלים און אויסגעקליבן אַלס זייער דעלע־גאַט צום דריטן ציוניסטישן קאָנגרעס טאַקע דעם דר. הערצל אַליין. אויסער־דעם האָבן זיי צוגעשיקט צום קאָנגרעס אַ טעלעגראַמע, אין וועלכער זיי האָבן געבעטן, אַז דער קאָנגרעס זאָל זיך אויף זיי „דערבאַרעמען" ווייל זיי זיינען פאַרלוירן.

הערצל האָט דאַסמאָל אָוועקגעשטעלט די פראַגע פאַרן קאָנגרעס און ער האָט אין אַ רעדע געשילדערט די לאַגע פון די אַרויסגעשטויסענע יידישע אַרבעטער — אָבער דער פאָרזיצנדער פון יענער זיצונג, דער לאָנדאָנער ראַבינער דר. משה גאַסטער, האָט אים, הערצלען, אָפּגעשטעלט אין מיטן ריידן און דערקלערט, אַז דער ענין געהערט נישט צום קאָנגרעס. נאָכדעם ווי הערצל האָט פאַרענדיקט זיין רעדע האָט אַן אַמעריקאַנער דעלעגאַטקע, די פרוי גאָטהייל, די פרוי פון דעם פרעזידענט פון דער דעמאָלטדיקער אַמע־ריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, פּראָפעסאָר גאָטהייל, פאָרגעלייגט, אַז דער קאָנגרעס זאָל דורכפירן פאַר זיי אַ געלט־זאַמלונג און דער קאָנגרעס האָט זיך באַגנוגנט דערמיט וואָס עס איז אויפן אָרט געזאַמלט געוואָרן 1000 שווייצאַרישע פראַנק אַלס אונטערשטיצונג און דערמיט איז דער ענין פאַרן קאָנגרעס געווען דערליידיקט . . .

נאָכדעם ווי דער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט געהאַלטן דעם ענין פאַר דערליידיקט, האָט דר. ש. ר. לאַנדאַו זיך פאַרבונדן מיט די „בני־ברית־לאָזשן" אין דייטשלאַנד, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט זיינע אַ פאַרלעזונגס־טור איבער דער אויבערשלעזישער פּראָווינץ, וואו עס האָבן זיך דעמאָלט געפונען די רייכע בני־ברית לאָזשן. עס איז דעמאָלט געשאַפן געוואָרן אַ געוויסע סומע געלט פאַר דער גאַליצישער קאָלאָניזאַציע געזעלשאַפט „אהבת ציון", וועלכע האָט געהאַט איר זיץ־אָרט אין טאַרנאָוו, אונטער דער אָנ־

פירונג פון דעם פאַרשטאָרבענעם דר. אברהם זאַלץ, מיטן באַדינג, אַז פאַר דער געשאַפענער סומע זאָל די געזעלשאַפט קאָלאָניזירן אַ געווויסע צאָל פון די באָריסלאַווער אַרבעטסלאָזע אין דער ערשטער גאַליצישער קאָלאָניע אין ארץ־ישראל — אין מחנים.

דער פּלאַן איז רעאַליזירט געוואָרן. דאָס איבערפירן פון אַ קלײנער צאָל באָריסלאַווער אַרבעטסלאָזע קײן מחנים, האָט אָבער נישט פאַרענט־פערט דעם פּראָבלעם פון די איבעריקע קנאַפּע 6000 באָריסלאַווער אַרבעטס־לאָזע. עטוואָס שפּעטער האָט אויך די פּאַריזער באַראָן־הירש׳ישע „יקא״ אַרויסגענומען פון דאָרט עטלעכע צענדלונג פאַמיליעס און זײ איבערגעפירט קײן קאַנאַדע, וואו זײ האָבן באַקומען אַרבעט אין די דאָרטיקע קוילן־מינען; אַ טײל, ווידער, האָבן זיך צעשפּרייט איבער די איבעריקע שטעט פון מזרח־גאַליציע, זוכנדיק אַרבעט בײ וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. דער גרעס-טער טײל פון זײ זײנען אָבער געבליבן אין באָריסלאַוו גופא אַלס „לעפּאַקעס״ און דערפון געצויגן זײער אָרימע חיונה ביז אין די לעצטע טעג פון זײער לעבן.

וואָס זײנען דאָס געווען די „לעפּאַקעס״ און ווי אַזוי האָבן זײ דאָס ווייטער געצויגן זײער חיונה אין באָריסלאַוו ?

אַחוץ די וואַקס־גרובן זײנען שוין דעמאָלט געווען אין באָריסלאַוו און אין דער אומגעגנט אויך נאַפט־שאַכטן. שפּעטער זײנען די וואַקס־גרובן אינגאַנצן פאַרשיט געוואָרן און באָריסלאַוו איז אינגאַנצן איבערגע־גאַנגען צו דער נאַפט־פּראָדוקציע. פון די נאַפט־שאַכטן האָבן זיך געצויגן רערן צו די ראַפינעריעס, וואו די ראָפּע איז געוואָרן דיסטילירט. אין די ערשטע יאָרן זײנען די רערן (פּיפּלײנס) געלײגט געוואָרן אויבנאויף אויף דער ערד, ערטערווײז פּרימיטיוו געשיצט מיט ברעטער און ערטערווײז אינ־גאַנצן אָן שום שוץ. עס פלעגט אָבער זײער אָפט טרעפן, אַז די רערן פלעגן פּלאַצן און די ראָפּע האָט פרײ געשטראָמט אונטער די פּרימיטיווע ברעטער־דיקע טראָטוארן, אָדער אויף דער פרײער גאַס. אין אַזעלכע פאַלן, פלעגן די געוועזענע יידישע וואַקס־גרובן־אַרבעטער, צולויפן צו די געפּלאַצטע ערטער מיט בלעכענע קאַנען. מיט די הענט פלעגן זײ צונויפשאַרן די פליסנדיקע פעטקײט, די געדיכטע ראָפּע, זי אָנזאַמלען אין די קאַנען און דערנאָך דאָס פאַרקויפן אין אַזעלכע געשעפטן, וואָס זײנען ספּעציעל אַנטשטאַנען צוליב דעם. במשך פון יאָרן זײנען אַסך הונדערטער פאַמי־ליעס גאַנצע, זומער און ווינטער, טאָג און נאַכט געשטאַנען אויף די גאַסן מיט זײערע קאַנען און האָבן גאָט געבעטן, אַז אַ רער זאָל פּלאַצן, כדי זײ זאָלן פאַרדינען עטלעכע גראָשן. גערופן האָט מען זײ אין דער גאַנצער געגנט „לעפּאַקעס״, מעגלעך דערפאַר ווייל די ראָפּע איז געווען אַ קלעפּיקע

און היות זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט צונויפשאַרן די קלעפּיקע פּליסיקייט, האָט זיך געשאַפן פאַר זייער פאַך אַ באַצייכענונג, וואָס די ערשטע העלפט איז סלאַוויש און דריקט אויס די קלעפּיקייט, בעת די פאַרענדונג פונם וואָרט איז אַ יידישע.

אין די יאָרן 1905־1906 ביז 1908, ווען איך פלעג קומען קיין באָריסלאַוו, פלעג איך נאָך באַגעגענען אין די באָריסלאַווער גאַסן די רעשטלעך פון יענע „לעפּאַקעס". לרוב זקנים, אָבער אויך מיטליאָריקע יידן, האַרע־פּאַשניקעס, מיט הויכע, אַלטע, געלאַטעטע שטיוול, און פאַרפעצטע מלבושים, מיט קובלעס אין די הענט, אָדער אָנגעהאַנגען ביי זייערע זייטן, זיינען זיי גע־שטאַנען אויף די וועגן און שטעגן פון דער נאַפט־רייכער באָריסלאַווער געגנט און האָבן זיך די אויגן אויסגעקוקט, אַז אַ רער זאָל פּלאַצן . . .

שפּעטער אָבער, האָבן זיי, די נאַפט מאַגנאַטן, אויך דאָס זיי נישט פאַר־גינען. קודם־כל האָבן זיי געדעקט אַלע רערן און אחוץ־דעם האָבן זיי גע־פּועלט ביי דער מאַכט, אַז דאָס צונויפשאַרן פון דער פליסנדיקער ראָפּע איז פאַרבאָטן געוואָרן. די נאַפט־פירמעס האָבן שוין געפונען אַ מעגלעכ־קייט ווי־אַזוי אַליין אויסצנוצן די פליסנדע ראָפּע און די „לעפּאַקעס" זיינען סוף־כל־סוף אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון דער באָריסלאַווער אויבער־פלאַך . . .

אָט אַזוי האָט זיך געענדיקט דאָס טראַגישע קאַפּיטל פון די 6000 יידישע וואַקס־אַרבעטער אין באָריסלאַוו. אַ קאַפּיטל וואָס דעקט אַזוי בולט אויף די שענדלעכע ראָל פון דער יידישער גרויס־בורזשואַזיע און פון דער אַנטיסעמיטישער קליקע, מיט וועלכער זיי, די יידישע געלט־זעק פלעגן אַזוי בשלום לעבן. אָבער נישט געקוקט אויף דעם שענדלעכן „אַפּיזמענט" מצד די ראָטשילדס און די גוטמאַנס, האָט זיך די היטלערסיטישע אַנטי־סעמיטישע כוואַליע מיט איר גאַנצע שאַרפקייט געווענדט אויך קעגן זיי. וואָס איז געוואָרן פון די אַמאָל־מעכטיקע ראָטשילדס און פון די גוטמאַנס? די אויבנדערמאָנטע ברידער, וועלוול און דוד לעבן שוין לאַנג ניט און זיי האָבן כאָטש נישט צוגעזען דעם חורבן פון זייערע וויטקאָוויצער ווערק. זייערע אייניקלעך, וועלכע זיינען אגב געווען נאָך אַ סך וויטער פון יידן ווי די ראָטשילדס, זיינען פון די נאַצים אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע רייכע פּאַלאַצן אין ווין, און זיי די שוין געבוירענע „ריטערס" און „פאָנס" — די דורכאויס אַסימילירטע גוטמאַנס, האָבן זיך אפשר ערגעץ אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן דערמאָנט, אַז זיי שטאַמען פון יידן . . .

# וואָס עס האָט געפירט צו דער אנטשטייאונג פונם וועלט־פארבאנד פועלי־ציון

## 1.) דער גלייכצייטיקער אָנהויב

פונקט ווי דער פועלי ציוניזם אלס טעאָריע איז ניט באשאפן געוואָרן אין עמיצנס געניאלן מוח, נאָר איז אויפגעקומען אין גייסטיקע חבלי־לידה פון יידישן פראָלעטאריאט און איז היינט דער רעזולטאט פון דורכגעמאכטע אנטוויקלונגס־פראָצעסן — פונקט אזוי איז די פועלי ציוניסטישע באוועגונג אין אירע אָרגאניזאציאָנעלע פאָרמען ניט אנטשטאנען אין אירע ששת ימי בראשית, נאָר איז במשך פון יאָרן געבויט און פארפעסטיקט געוואָרן, דורכמאכנדיק א וועג פון זוכענישן, ביז זי האָט געפונען איר תיקון אין דער פאָרם פון וועלט־פארבאנד, וועלכער פאראייניקט אין זיך די יידישע ארבעטער מאסן פון דער גאָרער וועלט.

די דירעקטע סיבות, וועלכע האָבן אָביעקטיוו געשאפן דעם באָדן פאר דער ערשטער אלוועלטלעכער אָרגאניזאציע פון יידישן פראָלעטאריאט, ווערן פאר אונדז קלאָר, ווען מיר באקענען זיך מיט דער וויגעלע-עפּאָכע פון פועלי־ציוניזם, מיט זיין אנטשטייאונגס־תקופה אין די יאָרן 1902־3.

די אָפיציעלע עקזיסטענץ פון די פועלי־ציון־פארטייען אין די פאר־שידענע לענדער דאטירט זיך ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן. אזוי, למשל, אין עסטרייך — יוני 1904 (דער ערשטער פארטיי־טאָג אין קראָקע); אין רוסלאנד — מערץ 1906 (דער ערשטער צוזאמענפאָר אין פּאָלטאווע); אין די פאראייניקטע שטאטן פון צפון אמעריקע — אין 1905 (די ערשטע קאָנווענשאָן אין באלטימאָר); אין ענגלאנד — דעצעמבער 1906 (די גרינ-דונגס-קאָנפערענץ אין ליווערפּול); אין ארץ־ישראל — יאנואר 1907 (דער ערשטער דעלעגאטן־צוזאמענפאָר אין יפו); אָבער די פאקטישע עקזיסטענץ פון פועלי־ציון־אָרגאניזאציעס און גרופּן דאטירט זיך שוין פון די יאָרן 1902־3 און אפילו אין 1901 זענען שוין געווען אין רוסלאנד „ציוניס־טישע ארבעטער-גרופּן” און אין עסטרייך „יידיש־נאציאָנאלע האנדלס־אָנגעשטעלטע און ארבעטער פאריינען”, פון וועלכע ס'האָבן זיך דאן אנט־וויקלט די פועלי ציון־אָרגאניזאציעס.

די יאָרן 1902־3־4 זענען געווען די תקופה פון אידעאישן כאאָס און אָרגאניזאציאָנעלן תוהו־ובוהו. ערשט אין 1905, לפי־ערך, איז פארענ־דיקט געוואָרן דער דיפערענצירונגס-פּראָצעס. פועלי ציון הויבן־אָן דע־

מאַלט אין אַלע לענדער ארויסצוטרעטן אַלס אַ זעלבסטשטענדיקער כוח. באַפרייט פון דער בירגערלעך־ציוניסטישער אפוטרופסות; אָפּגעטרייסלט פון זיך די ס. ס.־ישע עלעמענטן; זיך אָפּגעגרענעצט פון דער סיימיסטישער ליקווידאַציע און זיך געשטעלט מיט ביידע פיס אויפן באָדן פון קלאַסן־קאַמף — אַנטשטייט גלייכצייטיק אין יעדן לאַנד די נויטווענדיקייט זיך צו פאַראייניקן מיט די פועלי ציון פאַרטייען פון אַנדערע לענדער, כדי מיט בשותפותדיקע כוחות:

א) צו פאַרטיידיקן אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן די אינטערעסן פון דער יידישער אַרבעטער־עמיגראַציע.

ב) צו פירן אַ זעלבסטשטענדיקע רעאַלע אַרבעט אין ארץ־ישראל, אָדער ווי מען האָט עס דעמאָלט גערופן אין פּאַלעסטינע.

ג) אָנצופירן דעם קאַמף פאַר אַ יידישער סעקציע אינם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

דאָס זענען געווען די דריי וויכטיקסטע מאָמענטן, וואָס האָבן געפירט אָרגאַניזאַציאָנעל צו דער אַנטשטייאונג פונם וועלט־פאַרבאַנד פועלי ציון.

ס׳איז זייער אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש ביז גאָר, אַז דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס אין זיינע הויפּט-ליניעס איז אומעטום פאָרגעקומען זעלבסטשטענדיק, כמעט אָן דער השפעה פון איין לאַנדס־פּאַרטיי אויף דער צווייטער. אין פאַרשידענע לענדער איז כמעט אין איינער און דער זעלבער צייט רייף געוואָרן דער געדאַנק, אַז ס׳איז נויטיק זיך צו פאַראייניקן מיט די פועלי ציון פון די איבעריקע לענדער און ס׳זענען אפילו אָנגענומען געוואָרן רעזאָלוציעס צוליב־וואָס די פאַראייניקונג איז נויטיק— הגם איינע האָבן ניט געוואוסט פון די אַנדערע און אַז דאָס איז פאַקטיש אַזוי פאָרגעקומען, באַווייזן די פאָלגנדיקע מאַטעריאַלן.

## 2). די פראַגע פון ציוניסטישן קאָנגרעס אויף דער טאָג־אָרדנונג פון די פועלי־ציון פאַרטייען אין די פאַרשידענע לענדער.

דעם 11טן, 12טן און 13טן אָקטאָבער 1906, איז אין לעמבערג פאָר־געקומען דער 3־טער פּאַרטיי-טאָג (לאַנדעס־צוזאַמענפאָר) פון דער עסטרייכישער פועלי־ציון פּאַרטיי. אויף דעם דאָזיקן פּאַרטיי־טאָג איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אַז מ׳רייסט איבער די אָרגאַניזאַציאָנעלע באַציונגען מיט דער ציוניסטישער לאַנד־אָרגאַניזאַציע; אַז די פועלי ציוניסטישע סטודענטן (אַקאַדעמיקער) מוזן ארויסטרעטן פון די ציוניסטישע סטודענטישע פאַריינען און אַז די פועלי ציון דעלעגאַטן צום 8טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין האַאַג, דאַרפן קעמפן פאַר אָפּנעהיימערס פּראָיעקט וועגן קאָאָפּע־ראַטיווער קאָלאָניזאַציע אין ארץ-ישראל.

צו דער זעלבער צייט, אויך אין אָקטאָבער 1906, איז אין גראָדנע פאָרגעקומען א פּאַרטיי־קאָנפערענץ פון דער רוסלענדישער פּועלי־ציון־פּאַרטיי, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באטייליקט — א חוץ די פאָרשטייער פון צ. ק. — 8 פּאַרטרעטער פון די ראַיאָן־קאָמיטעטן און 2 פאָרשטייער פון פּוילישן פאַרבאַנד און די דאָזיקע קאָנפערענץ האָט באשלאָסן:

„אָנערקענענדיק, אז דער ציוניסטישער קאָנגרעס איז די אינסטיטוציע, וועלכע רעגולירט דעם איינוואַנדערונגס־פּראָצעס פון יידישן קאַפּיטאַל, אז זיין איינפלוס אַלס אָרגאַניזאַטאָר פוןווירטשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן פון די יידן אין פּאַלעסטינע, פאַרגרעסערט זיך אַלץ מער מיטן וואוקס פון דער יידישער עמיגראַציע אַהין — געפינט די קאָנפערענץ פאַר נויטיק צו נעמען אַן אָנטייל אין קאָנגרעס, כדי אויסצונוצן זיין איינפלוס אין די אינטערעסן פון יידישן אַרבעטער. די קאָנפערענץ שטרייכט אָבער אונ־טער, אז דער אנטייל אין קאָנגרעס האָט א באַדייטונג נאָר דאַן, ווען מיר וועלן זיך אַליין פאַרנעמען מיט זעלבסטשטענדיקער רעאַלער אַרבעט אין פּאַלעסטינע."

די זעלבע קאָנפערענץ האָט אויך אָנגענומען דעם באשלוס, אז זי „גע־פינט פאַר וואונשבאַר, עס זאָל געגרינדעט ווערן אַן אַלוועלטלעכע פּועלי־ציוניסטישע ביוראָ, וועלכע זאָל רעגולירן אונדזערע באַציונגען צו דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע".

אין דעצעמבער 1906 איז אין באָסטאָן פאָרגעקומען די 2טע קאָנ־ווענשאָן פון די אַמעריקאַנער פּועלי־ציון און הגם זיי האָבן מיט 40 קעגן 7 שטימען באַשטעטיקט זייער פּראָגראַמאַטישע רעזאָלוציע פון 1טן צוזאַמנ־פאָר (1905), אז זיי שטייען אויפן יסוד פון באַזעלער פּראָגראַם, האָבן זיי פונדעסטוועגן באַשלאָסן צו שיקן א דעלעגאַציע קיין ארץ־ישראל, וועלכע זאָל דאָרט גרינדן א יידיש אַרבעטס־ביוראָ; אָרגאַניזירן די דאָרטיקע יידישע אַרבעטער אין די רייען פון פּועלי ציון; אויספאָרשן די פּאַלעסטינער אַר־בעטס-באַדינגונגען און אינפאָרמירן די יידישע אַרבעטערשאַפט אין אַמע־ריקע וועגן אַלע וויכטיקע פּאַסירונגען אין פּאַלעסטינע. די זעלבע קאָנ־פערענץ האָט אויך באַשלאָסן, אז א חבר פון א פּועלי ציון אָרגאַניזאַציע טאָר ניט זיין גלייכצייטיק א מיטגליד פון א בירגערלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

אין די זעלבע טעג — פון 23טן ביזן 25טן דעצעמבער 1906 — איז גלייכצייטיק אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ליווערפּול די גרינדונגס־קאָנפערענץ פון די ענגלישע פּועלי־ציון, אויף וועלכער ס׳איז ברייט באַהאַנדלט געוואָרן די שטעלונג צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און צו אירע אינסטיטו־ציעס און הגם די אָנגענומענע החלטות האָבן אויסגעדריקט א התלהבותדיקע



דער דריטער פּאַרטיי־טאָג פון דער „פּועלי־ציון‟־פּאַרטיי אין עסטרייך—אין 1906 אין לעמבערג



ערשטע וועלט־קאָנפערענץ אין האאג אין 1907



די 4-טע קאנפערענץ פונם עסטרייכישן פארבאנד „יוגנט״ —
אָפּגעהאלטן אין לעמבערג אין די פסח-טעג פון 1912

## תיקון־טעות צו דער דערקלערונג צום בילד פון דער ערשטער וועלט־קאָנפערענץ אויפ׳ן זייטל 112

פונם זייטל 112 אין וועלכן סזענען אָנגעגעבן די אָנטיילנעמער פון דער ערשטער וועלט־קאָנפערענץ, איז על־פי־פּאַרזעען אַרויסגעפאַלן אַ שורה, וועלכע מיר ברענגען זי דאָ.

די 7־טע שורה פון אונטן און ווייטער, דאַרף זיך לייענען: „באַראַכאָוו (דעלעגאַט פון דער רוסלענדישער פּאַרטיי — אין 1917 געשטאָרבן אין קיעוו); 14) אַ גאַסט פון דער שווייץ; 15) יצחק בן־צבי (דעלעגאַט פון ארץ־ישראל״; (16 און אַזוי ווייטער איז שוין ריכטיק).

* * *

## דערקלערונגען צום בילד פונם דריטן פּאַרטיי־טאָג אויפן 85־טן זייטל

אין דער דריטער שורה, זיצנדיק אין דער מיטן, זענען: דער 4־טער פון לינקס א. ל. שוסהיים; דער 5־טער א. שימאַנסקי (דער פּאָרשטייער פון דער פּוילישער פּאַרטיי); 6־טער אלכסנדר כאַשין (פּאַרטרעטער פון דער רוסלענדישער פּאַרטיי און נאָך זיי דער פּרעזידיום פון צוזאַמענפאָר: דר. מאַקס ראָזענפעלד, שלמה קאַפּלאַנסקי און זלמן הערץ.

* * *

## דערקלערונג צום בילד אויף דער 87־טער זייט:

## די קראַקעווער „יוגנט״ אין 1908

די אָנפירונג און די קולטור־טוער צוזאַמען מיט דעם דיכטער א. אלמי, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין קראָקע, בעת זיי נסיעה קיין אַמע־ריקע:

* * *

## דעלעגאַציע פון לינקע פּועלי־ציון אויפן וועלט־קאָנגרעס פון דער ארץ־ישראלדיקער הסתדרות — אין בערלין 1930.

עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: 1) שכנא זאַגאַן, 2) יוסף ראָזען, 3) משה ערעם, 4) י. זרובבל, 5) נ. י. ראַפּאַלקעס (ניר), 6) ש. עדעלמאַן (מוליע), 7) יצחק לעוו, 8) יעקב קענער, 9) נתן בוקסבוים.

עס שטייען: אונטער י. ראָזען — קאַראַל גאָטליב און נאָך אים — ישראל סטאַלאַרסקי; אונטער זרובבלען — דר. הערש ליבערמאַן; אונטער ניר׳ן — יהודה טיבערג; אונטער י. קענער — חיים בראַנד.

פּאָזיטיווע באַציִונג צו זיי — איז אָבער גלייכצייטיק אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וועלכע שטרייכט אונטער די נויטווענדיקייט פון אַ „פאַר־ייניקונג מיט די פּועלי ציון פון אַנדערע לענדער".

3). די פראַגע פון בשותּפותדיקער טעטיקייט אין און פאַר ארץ־ישראל.

פון די ביז־איצט־דערמאָנטע באַשלוסן זעען מיר שוין בפירושע סימנים, אַז דער לייט-מאָטיוו פונם אַזוי־גערופענעם איינהייטלעכן פראָנט אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן איז אייגנטלעך געווען די שטרעבונג צו קאָאָרדינירן די טעטיקייט פון די באַזונדערע לאַנדס־פּאַרטייען אויפן געביט פון קאָנקרעטער ארץ־ישראל־אַרבעט.

אָבער אַקטועל און בולט איז געוואָרן דאָס פּראָבלעם, ערשט דעמאָלט, ווען אין ארץ־ישראל גופא איז אַנטשטאַנען אַ פּועלי־ציון־באַוועגונג.

די ערשטע גרופּן פון דער „יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבע-טער־פּאַרטיי פּועלי־ציון אין ארץ־ישראל" זיינען אַנטשטאַנען אין דער סוכות-וואָך פון יאָר 1906 און אינם יאַנואַר־חודש פון 1907 איז שוין פאָרגעקומען אין יפו דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון דעלעגאַטן. מיטן דערשיינען פון פּועלי־ציון אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע פונם נייעם ארץ-ישראלדיקן ישוב, האָט די נייע און יונגע פּאַרטיי געצויגן אויף זיך דעם גרימצאָרן כמעט פון דער גאַנצער ציוניסטישער וועלט. דעם 1טן מאַי 1907, האָט ארץ־ישראל צום ערשטן מאָל דערזען אַ רויטע פאָן און צום ערשטן מאָל געהערט זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל". אין יוני 1907 האָט זיך שוין באַוויזן דער פּאַרטיי־אָרגאַן אין יידיש — „דער אָנפאַנג". שטרייקן זענען געוואָרן אַן אָפטערע דערשיינונג, און פאַר די פּועלי־ציון פון דער גאַנ־צער וועלט — דערווייל זענען אַנטשטאַנען נייע אָרגאַניזאַציעס אין אַר־גענטינע, רומעניע און כמעט אין אַלע מערב־אייראָפּעאישע צענטערן — איז קלאָר געוואָרן, אַז זיי מוזן דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט אַנטקעגן קומען מיט מאָראַלישער און מיט מאַטעריעלער הילף, אַז זיי מוזן אונטערנעמען אַ זעלבסטשטענדיקע ארץ־ישראל-אַרבעט, כדי צו זיכערן דעם קיום און וואוקס פון דער קלאַסן־אָרגאַניזאַציע פון פּאַלעסטינער פּראָ-לעטאַריאַט און דאָס איז מעגלעך נאָר דורך געמיינזאַמע כוחות פון די פּ. צ. אין דער גאַנצער וועלט — ד. ה. דורך אַן אַלוועלטלעכן פּועלי־ציון פאַרבאַנד.

אָט וואָס ס'זאָגן אונדז וועגן דער דאָזיקער פראַגע די געשיכטלעכע מאַ־טעריאַלן אין דער פאָרם פון באַריכטן, פּראָטאָקאָלן און רעזאָלוציעס פון קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן.

אויף דעם שוין פריער דערמאָנטן דריטן פּאַרטיי־טאָג פון דער עסט־רייכישער פּ. צ. פּאַרטיי (11טן 12טן און 13טן אָקטאָבער 1906) האָט דער דעמאָלטיקער פּאַרטיי־סעקרעטאַר ח׳ דר. יוסף מרגליות אָפּגעגעבן דעם דין־וחשבון, אין וועלכן ס׳געפינען זיך די פאָלגענדיקע שורות:

„באַלד נאָך דעם צווייטן פּאַרטיי־טאָג (שבועות 1905) האָבן מיר געמאַכט די פּראָבע צו דערנענטערן צו זיך די צעשפּרייטע פּועלי ציונים־טישע גרופּן אין די פאַרשידענע לענדער. דערצו האָט אונדז דער 7טער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל, געגעבן די בעסטע געלעגנהייט. אויף דער פּועלי ציוניסטישער פּאַרקאָנפערענץ אין באַזעל, וועלכע איז צוזאַמענגערופן געוואָרן דורך אונדזערע דעלעגאַטן, איז אַרומגערעדט געוואָרן אונדזער טאַקטיק אויפן קאָנגרעס, אונדזער שטעלונג צו אַלע פראַגן, וועלכע האָבן באַדאַרפט באַהאַנדלט ווערן אויף דעם קאָנגרעס. עס איז אונדז געלונגען צו פאַראייניקן אַלע פּועלי ציוניסטישע דעלעגאַטן אַלס אַ לינקן פליגל פון קאָנגרעס און צו גרינדן אַן אינטערטעריטאָריאַלן (אַלוועלטלעכן) פּועלי־ציוניסטישן ביוראָ".

„צוליב די באַמיונגען פון ח׳ קאַפּלאַנסקי, וועלכער האָט רעפּרעזענ־טירט די עסטרייכישע פּוע״צ פּאַרטיי, האָט מען בנוגע צום ציוניסטישן קאָנגרעס אָנגענומען כמעט אַלע רעזאָלוציעס, וועלכע זענען באַשלאָסן גע־וואָרן אויף אונדזער 2טן פּאַרטיי־טאָג. ליידער האָט מען נאָך ניט געקענט טראַכטן וועגן פאַראייניקן די כוחות צוליב פּראָגראַמאַטישע חילוקים (ס׳דאַרף זיין: חילוקי־דעות. י. ק.) און דורך דעם אויפפלאַקערן פון דער רעוואָ-לוציע אין רוסלאַנד. פון דעם ערשטן מאָמענט אָן האָבן זיך אונדזערע חברים אין רוסלאַנד געוואָרפן אין פייער פון דער רעוואָלוציע און ווען די בלוטיקע צאַרישע רעגירונג, ווילנדיק לעשן דאָס פייער פון דער רעוואָלוציע אין טייכן פון יידיש בלוט, האָט אָרגאַניזירט די שענדלעכע פּאָגראָמען, זענען ווידער אונדזערע חברים געווען די ערשטע, וועלכע האָבן געשאַפן די זעלבסטשוץ. אין דיזן שווערן מאָמענט האָבן מיר אין עסטרייך ניט געטאָרט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, און מיר זענען געקומען אונדזערע ברידער צו הילף מאָראַליש און מאַטעריעל. מיר האָבן אומעטום געזאַמלט פאַר דער זעלבסטשוץ, אחוץ דעם האָט די פּאַרטיי עקזעקוטיווע, סיי אַליין, סיי (צוזאַמען) מיט די אַלגעמיינע ציוניסטן, פאַראַנשטאַלטעט אַ גאַנצע רייע פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען, פון וועלכע עס פאַרדינען אונטערגעשטראָכן צו ווערן די פאַרזאַמלונגען אין ווין און אין קראָקע, וואו אין דער דעמאָנ־סטראַציע האָבן זיך באַטייליקט טויזנטער מענטשן.

טראָץ דער רעוואָלוציע און זעלבסטשוץ, וועלכע האָבן כמעט אינגאַנצן פאַרנומען די כוחות פון אונדזערע חברים אין רוסלאַנד און טראָץ די גרויסע

רעפּרעסיעס פון דער רוסישער רעגירונג, ווי למשל, די קאָנפיסקאַציע און אָפּשטעלונג פון דער „ייד. ארב. כראָניק" און די אַרעסטירונג פון אונדזער מוטיקן חבר באַראָכאָוו, האָט דאָך די אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט פון אונדזערע חברים אין רוסלאַנד און אין פּוילן געמאַכט גרויסן פּאָרשריט, אַזוי, אַז דאָ ניט לאַנג איז געשאַפן געוואָרן אַ צ. ק. פאַר רוסלאַנד און פּוילן און די פאַרהאַנדלונגען, וועלכע ווערן געפירט פון אונדז מיט די רוסישע און אַמע־ריקאַנישע ח"ה וועגן איינבארופן אַן אַלוועלטלעכן פּועלי ציון צוזאַמענ־פאָר, נעמען שוין אָן אַ רעאַלע געשטאַלט". (ייד. ארבעטער נר. 35־36, 3־טער יאָרגאַנג — 19טן אָקטאָבער 1906).

צו דעם זעלבן פּאַרטיי־טאָג איז אויך געקומען אַלכּסנדר כּאַשין אַלס פאָרשטייער פון דער י. ס. ד. א. פּ. (פּוע"צ.) אין רוסלאַנד, וועלכער האָט זיין באַגריסונגס־רעדע פאַרענדיקט מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

„די רוסישע חברים קוקן מיט האָפענונג אויף דעם איצטיקן פּאַרטיי־טאָג און דערוואַרטן פון אים די שטאַרקונג פונם פּוע"צ־געדאַנק אין עסט־רייך, דען נאָר דאָס וועט אונדז דערלייכטערן אונדזער פאַראייניקונג אין אַן אַלוועלטלעכן פּועלי־ציון־פאַרבאַנד.

די שריפטלעכע באַגריסונג פון די אַמעריקאַנער פּועלי־ציון האָט זיך דאָסגלייכן פאַרענדיקט מיטן וואונטש, אַז „די עסטרייכישע פּאַרטיי וועט זיך באַשעפטיקן מיט דער פראַגע וועגן אַן אַלוועלטלעכן פּועלי־ציון ביוראָ".

אין סוף פון חודש אָקטאָבער אין דעמזעלבן יאָר, פון וואָס עס איז צו זען, אַז ס'איז געשען זעלבסשטענדיק, אָן וועלכער עס איז השפּעה מצד עסטרייך, אָדער רוסלאַנד, האָט זיך אין גאַליציע דערהאַלטן די ידיעה, אַז אין אַרגענטינע האָט זיך קאָנסטיטואירט אַ „ייד. סאָצ. ארב. פּאַרטיי פּועלי־ציון" און דער בוענאָס־איירעסער צ. ק. האָט אונדז צוגעשיקט אַ פּראָקלאַ־מאַציע, וועלכע ער האָט — צוליב דער גרינדונג פון דער פּאַרטיי — אַרויס־געלאָזט צו דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין אַרגענטינע. אין דער דאָ־זיקער פּראָקלאַמאַציע ווערט איבערגעגעבן דאָס פּראָגראַם פון די אַרגענ־טינער פּוע"צ. און צום סוף זאָגט זיך דאָרט אָן די בשורה, אַז „פּועלי ציון אָרגאַניזאַציעס וואַקסן אין אַלע עקן פון דער וועלט, אויף זייער פאָן איז אָנגעשריבן „ערד און פרייהייט" און די אַרגענטינער פּועלי־ציון וועלן זיך באַשטרעבן צו פאַראייניקן מיט די פּועלי־ציון פון דער גאַנצער וועלט".

אחוץ דער אויבנדערמאָנטער רעזאָלוציע, פון דער רוסלענדישער י. ס. ד. א. פּ. (פּוע"צ) אויף דער גראָדנער פּאַרטיי קאָנפערענץ, איז די דאָזיקע פראַגע אויך באַהאַנדלט געוואָרן אין דער רוסלענדישער פּאַרטיי־פּרעסע („פּאָרוועררטס" נר. 3, פון 1907) און אויפן סדר־היום פון ערשטן אָרדנטלעכן רוסלענדישן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָרגעקומען אין קראָקע אין

אויגוסט 1907, האָט זיך געפונען אַ באַזונדערער פּונקט: „אונדזער פאַר־העלטעניש צו די אַלוועלטלעכע פּועלי ציון".

דאָס דעמאָלט יינגסטע קינד אין דער פּועלי־ציון־משפּחה — די ארץ־ישראלדיקע פּאַרטיי — האָט אויף איר ערשטן דעלעגאַטן-צוזאַמענפאָר פון יאַנואַר 1907, אויסגעדריקט איר שטעלונג צו דער פראַגע וועגן דער פאַר־אייניקונג פון די באַזונדערע פּועלי ציוניסטישע לאַנדס־פּאַרטייען, אין דער פאָלגענדיקער רעזאָלוציע:

„אָנערקענענדיק אַז די יידישע ווירקלעכקייט אין די גלות־לענדער פירט צו דער עמיגראַציע פון די יידישע אַרבעטער קיין פּאַלעסטינע — פאַר־אייניקט זיך די פּאַרטיי מיט די אַלוועלטלעכע פּועלי ציון אין אַלע פראַגן, וועלכע באַרירן אונדזערע געמיינזאַמע אינטערעסן".

## 4). די פראַגע פון אָנשלוס אינם אינטערנאַציאָנאַל

די פראַגע פון אָנשלוס אינם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז אין די פּועלי ציון רייען געוואָרן אַקטועל באַלד ביים אָנהויב פון דער באַוועגונג. די שוועריקייטן, וואָס די באַזונדערע לאַנדס־פּאַרטייען האָבן באַגעגנט אויפן וועג צו דער דערנענטערונג מיטן אַרומיקן פּראָלעטאַריאַט — און גאַנץ באַזונדערס ביי דער קאָנקרעטער אַקציע וועגן שאַפן אַ יידישע סעקציע אינם אינטערנאַציאָנאַל — האָבן, לכתחילה, געשטויסן די פּועלי־ציון פּאַרטייען פון פאַרשידענע לענדער, צו קאָאָרדינירן זייער טעטיקייט אויפן דאָזיקן געביט, און לסוף האָט די דאָזיקע פראַגע געשפּילט אַ וויכ־טיקע ראָל ביי דער אַנטשטייאונג פון וועלט־פאַרבאַנד אַלס אַזעלכן.

כדי איצט קלאָר צו מאַכן, וואָס פאַר אַ ראָל די פראַגע פון „אינטער־נאַציאָנאַל" האָט דעמאָלט בכלל געשפּילט אין דער באַוועגונג, ווי ווייט דער דאָזיקער מאָמענט האָט מיטגעווירקט צו דער אַנטשטייאונג פון פאַר-באַנד, און באַזונדערס כדי צו פאַרשטיין געוויסע סתירות, וועלכע געפינען זיך אינם ערשטן מעמאָראַנדום פון פּועלי־ציון צום אינטערנאַציאָנאַלן ביוראָ, איז קודם־כל נויטיק אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון דער עסטרייכי־שער פּועלי־ציון־פּאַרטיי, וועלכער איז געווען דער הויפּט־מחבר פונם דער־מאָנטן מעמאָראַנדום.

ביז צום דריטן פּאַרטיי-טאָג (אָקטאָבער 1906), איז די עסטרייכישע פּאַרטיי אָפיציעל געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פונם אַזוי גערופענעם „באַזעלער פּראָגראַם". אידעאיש האָט די פּאַרטיי מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מיש־מאַש פון כל־מאמינים . . . ס'זענען אין איר געווען אַ היפּשע צאָל אינטעליגענטן, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען דעם פּועלי ציוניזם ווי אַ ציוניס־טישע עקספּאָזיטור אויף דער אַרבעטער־גאַס און ווען די פּאַרטיי האָט זיך

אָפיציעל געשטעלט אויפן באָדן פון סאָציאַליזם, האָבן זיי אונדז תיכּף פאַרלאָזט און זענען צוריק אַריבער אין בירגערלעכן ציוניסטישן לאַגער. אַנדערע ווידער האָבן געזען אין פּועלי־ציוניזם די פאַרקערפּערונג פון אַ מין ספּעציעלן פאָלקס־סאָציאַליזם און האָבן זיך געהאַלטן אין דער פּאַרטיי ביז מ'האָט זיי אויסגעשלאָסן.

ביי אַזעלכע אומשטענדן דערשיינט ווי זעלבסטפאַרשטענדלעך דאָס, וואָס מיר ווילן איצט איבערגעבן.

אויפן דערמאָנטן דריטן פּאַרטיי־טאָג, איז געווען אַ רעפעראַט וועגן „טאַקטיק". דער רעפערענט האָט זיך באַמיט צו באַגרינדן זיינע רעזאָלו־ציעס, אַז היות דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין עסטרייך איז צו שוואַך, כּדי צו פירן אַ זעלבסטשטענדיקע קלאַסן־פּאָליטיק און אַזוי ווי די סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען פון אַנדערע נאַציעס האָבן ניט קיין פאַרשטענדעניש צו פּאַרטייאיקן אונדזערע נאַציאָנאַלע אָניטערעסן — לכן, דאַרף מען ביי סיים אָדער פּאַרלאַמענט־וואַלן שטיצן די ציוניסטישע דעמאָקראַטיע.

אַרום דער דאָזיקער פראַגע האָט זיך געפירט אַ ליידנשאַפטלעכע און שעה'ן־לאַנגע דעבאַטע. די דאָזיקע דעבאַטע איז געווען כאַאָטיש, אַזוי אַז אַ היפּשן פלאַץ האָט אין איר אויך פאַרנומען די פראַגע: צי מעגן די פּועלי־ציון אַקאַדעמיקער (סטודענטן), גלייכצייטיק געהערן צו די אַקאַדע־מיש־ציוניסטישע פאַריינען.

וועלנדיק דערמאָנען, אַז ס'עקזיסטירט פאַר אונדז נאָך אַ פראַגע, האָט דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, אין דער דיסקוסיע וועגן טאַקטיק, אַריינגעטראָגן אַ רעזאָלוציע וועגן אונדזער שייכות צו דער אינטערנאַציאָ־נאַלער אַרבעטער־באַוועגונג און וועגן אונדזער באַטייליקונג אין די קאָנ־גרעסן פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

מען מוז אָבער מודה־זיין, אַז בכלל האָט די פראַגע אַרויסגערופן אַ קנאַפּן אינטערעס — הגם די רעזאָלוציע איז שפּעטער יאָ אָנגענומען גע־וואָרן. ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז נאָכן אַריינטראָגן די דאָזיקע רעזאָלוציע האָבן אין דער ווייטערדיקער דיסקוסיע גערעדט נאָך 10 דיסקוטאַנטן און קיין איינציקער — אַחוץ דעם ח' ש. קאַפּלאַנסקין — האָבן צו דער פראַגע בכלל און צו דער רעזאָלוציע בפרט קיין שום שטעלונג ניט גענומען. ס'איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז די רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרן, נאָר צוליב־דעם, וואָס זי איז דורך קאַפּלאַנסקין אומדירעקט געשטיצט געוואָרן מיט די פאָלגענדיקע ווערטער:

„מיר וועלן גיין צוזאַמען מיט אַלע אַרבעטער, מיר וועלן זיך סטאַרן שיקן אונדזערע פאַרטרעטער אויפן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנ־גרעס, וועלכער וועט מעגלעך זיין צוזאַמענצורופן אויפן נאַציאָנאַלן באַזיס.

אַלע סאָציאַליסטן אַחוץ די יידישע פירער וועלן אוודאי אָנערקענען אונד־זערע רעכט".

נאָך אַזאַ אומדירעקטער רעקאָמענדאַציע פונם ח' קאַפּלאַנסקי, האָבן אפילו די עקסט־רעכטע דעלעגאַטן — און אַזעלכע זענען געווען אַ היפּשע גרופּע — אויך ניט געוואַגט צו שטימען קעגן. אָבער, אַז קיין גרויסן „צימעס" האָט מען פון דעם אָנגענומענעם באַשלוס ניט געמאַכט, איז צו זען דערפון, וואָס בשעת די „קאַזיאָנע" און לאַנגווייליקע דיסקוסיעס וועגן אַנדערע פראַגן זענען דערנאָך אינם פּאַרטיי־אָרגאַן איבערגעגעבן געוואָרן כמעט סטענאָגראַפיש, איז דערקעגן דער באַשלוס וועגן דער באַציונג צום „אינטערנאַציאָנאַל", בלויז דערמאָנט מיט די פאָלגענדיקע ווערטער:

„רעזאָלוציע פון ח' קענער

די פּאַרטיי לייטונג זאָל זיך סטאַרען שיקן פאַרטרעטער פון די פּועלי־ציון צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס".

נאָכ'ן פּאַרטיי־טאָג זענען אַלע באַהאַנדלטע פראַגן ברייט אַרומגערעדט געוואָרן אינם עסטרייכישן פּאַרטיי־אָרגאַן „דער יידישער אַרבעטער", נאָר די פראַגע וועגן אונדזער באַטייליקן זיך אינם אינטערנאַציאָנאַל, איז מיט קיין שום וואָרט ניט דערמאָנט געוואָרן. ערשט אין דעם חודש יוני 1907, ווען ס'האָט שוין געהאַלטן נאָענט פאַרן זעקסטן אינטערנאַציאָנאַלן סאָ־ציאַליסטישן קאָנגרעס אין שטוטגאַרט, ווען דאָס אינטערנאַציאָנאַלע סאָ־ציאַליסטישע ביוראָ אין בריסעל האָט שוין געהאַט געגעבן אַ נעגאַטיוון ענטפער אויפן בשותפותדיקן מעמאָראַנדום פון די רוסישע, עסטרייכישע און אַמעריקאַנער פּועלי ציון פּאַרטייען, וועגן וועלכן מיר וועלן נאָך שפּע־טער רעדן — ערשט דעמאָלט האָט מען אָנגעהויבן די פראַגע צו באַהאַנדלען אויף די שפּאַלטן פונם „יידישן אַרבעטער". אינם נר. 26, (4טער יאָרגאַנג), פונם 28טן יוני 1907, ווידמעט דער פראַגע חבר קאַפּלאַנסקי אַ לייט־אַרטיקל, וועלכער הויבט זיך אָן מיט די פאָלגענדיקע ווערטער:

„אַ גוטע בשורה ברענגען מיר היינט אַלע יידישע אַרבעטער. אונדזער פרייד — דערין זענען מיר איבערצייגט — טיילן מיט אונדז אוודאי אויך די יידישע פּראָלעטאַריער, וואָס שטייען נאָך ניט אין אונדזערע שורות, וואָס זענען דורך פאַלשע פאָרשטעלונגען און קעגנערישע רכילות אָפּגע־האַלטן געוואָרן צוצושטיין צו דער ייד. סאָצ. אַרב. פּאַרטיי פּועלי ציון. עס איז געווען אַן אַלטער וואונטש פון אַלע חברים, צו פאַרלאַנגען פאַרן יידישן קלאַסן־באַוואוסטן פּראָלעטאַריאַט אַ פאַרטרעטונג אינם אינטערנאַ־ציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ. דער דריטער לעמבערגער פּאַרטיי־טאָג פון די פּועלי ציון עסטרייכס, האָט אויך אָנגענומען אין דעם זין אַ רע־זאָלוציע פונם חבר קענער. אונדזער פּאַרטיי־לייטונג, אויספירנדיק דעם

באשלוס, האט זיך פארשטענדיקט מיט די צענטראל־קאמיטעטן פון די שטארקסטע פועלי־ציוניסטישע פעדעראציעס (פון רוסלאנד און אמעריקע) און האט אנגעמעלדעט אין מערץ (1907) דעם אינטערנאציאנאלן ביורא דעם ביימריט פון דער ייד. סאצ. ארבעטער פארטיי פועלי־ציון צו דער אינטערנאציאנאלער ארבעטער אסאציאציאן. צו דערזעלבער צייט פאר־לאנגט אונדזער פארטיי א פארטרעטונג אינם ביורא. פון די יידישע פרא־לעטארישע פארטייען האבן אויך פארלאנגט א פארטרעטונג די טעריטא־ריאליסטישע סאציאליסטן — די ציוניסטיש־סאציאליסטישע ארבעטער פאר־טיי (ס. ס.) — דאס אינטערנאציאנאלע סאציאליסטישע ביורא אין בריסעל, האט אין זיין לעצטער זיצונג באטראכט די פאדערונג פון די „ציוניסטישע סאציאליסטן" — ווי מען רופט אן אינם אפיציעלן זיצונגס־באריכט די פועלי־ציון און ס. ס. — ווי אויך די גלייכע (דיזעלבע) פאדערונגען פון די רומענישע, קראאטישע און סלאוואקישע סאציאליסטן. דאס ביורא האט באשלאסן איבערצוגעבן די פאדערונג פון די „קליינע" פעלקער צו די איינצלנע סעקציעס פון דער אינטערנאציאנאלע, וואס דארפן שפעטער ארויס־זאגן זייער מיינונג: די פאדערונג פון די רומענישע סאציאל־דעמאקראטן איז איבערגעגעבן געווארן דער עסטרייכישער, פון די קראאטישע און סלא־וואקישע — דער אונגארישער און פון די יידישע סאציאליסטישע פארטייען — דער רוסישער סעקציע".

די „גוטע בשורה" איז אלזא, ווי מיר זען, באשטאנען אין דעם, וואס מ'האט אונדז אפגעשיקט צו דער רוסישער סעקציע . . .

דער ווייטערדיקער טייל פונם ארטיקל רעדט ארום די ניט־ריכטיקע פארענטפערונג פון דער פראגע דורך דעם אינט. סאצ. ביורא און ווייזט אן דערויף, אז דאס יידישע ארבעטער פראבלעם איז אלוועלטלעך. די פוע"צ ווילן ניט ארייננדרינגען אינם אינטערנאציאנאל דורך אן הינטער־טיר — אלס א טייל פון וועלכער עס איז לאנדעס־סעקציע, נאר זיי פאדערן די אנערקענונג פון דער יידישער נאציע און די שאפונג פון א יידישער סעקציע.

אין דער עסטרייכישער פועלי־ציון פארטיי האט די דאזיקע פראגע נאך געפונען אן אפקלאנג אינם „יידישן ארבעטער" נר. 32 (4טער יארגאנג —9טן אויגוסט 1907), וואו ס'געפינט זיך א רעדאקציאנעלער לייט־אר־טיקל, פון קיינעם ניט אונטערגעשריבן, (איצט נאך 40 יאר מעג מען דאך שוין מגלה־סוד זיין, אז דער מחבר פון יענעם ארטיקל איז איצט אין ארגענטינע, ח' א. ל. שוסהיים, וועלכער פארענדיקט זיך מיט די פאלגנ־דיקע שורות:

„און ווען מיר ווערן איצט ניט צוגעלאזן אין שטוטגארט, קומן מיר דאך מיט פאראינטערעסירונג אויף די דארטיקע בארעטונגען און אויף

די החלטות, וועלכע וועלן דאָרט אָנגענומען ווערן. אייניקע טעג פאַר דער דערעפענונג פון דעם קאָנגרעס וועלן זיך פאַרזאַמלען אונדזערע פאָרשטייער פון פאַרשידענע לענדער און וועלן אויסדריקן אונדזער פּראָטעסט קעגן דער ענגהאַרציקער אויפפאַסונג פון די אונדז קעגנערישע קרייזן אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע".

די פראַגע וועגן אָנשלוס צום אינטערנאַציאָנאַל האָט אויך אין דער רוסלענדישער פּאַרטיי פאַרנומען אַ געהעריקן פּלאַץ. אויפן ערשטן אָרדענט־לעכן פּאַרטיי צוזאַמענפאָר, וועלכער איז פאָרגעקומען אין דער ערשטער העלפט פון אויגוסט 1907 אין קראָקע, האָט זיך געפונען אויף דעם טאָג־אָרדנונג אַ באַזונדערער פונקט: „דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליס־טישער קאָנגרעס". דער דאָזיקער פונקט האָט אַרויסגערופן אַן אַלזייטיקע און גרינטלעכע דיסקוסיע און ס'זיינען וועגן דעם אָנגענומען געוואָרן אָנט־שפּרעכנדיקע רעזאָלוציעס.

אין דעם דעמאָלטדיקן לעגאַלן פּאַרטיי־אָרגאַן „פאָרווערטס", וואָס איז דערשינען אין ווילנע, איז די פראַגע באַהאַנדלט געוואָרן אין עטלעכע אַרטיקלען. אין נר. 2 פון 1־טן יולי 1907, שרייבט ח' ב. באָראָכאָוו (אונטער דעם פּסיידאָנים מ. וויטש) אַ לענגערן אַרטיקל: „פון דער סאָציאַליס־טישער וועלט". דאָס אַרטיקל, אין וועלכן דער מחבר רעדט אַרום באַריכות דעם פּרינציפּיעלן פעלער, וואָס דער אינטערנאַציאָנאַל איז צוזאַמענגעשטעלט לויט „מלוכות" און ניט לויט „נאַציעס", אַנטהאַלט אויך אַן אָפּשאַצונג וועגן ניט ריכטיקן באַשלוס פון ביוראָ, אַז די ווענדונגען פון די אוקראַי־נישע, סלאָוואַקישע, קראָאַטישע און יידישע ס. ד. פּאַרטייען, זאָלן איבער־געגעבן ווערן צו די הערשנדע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון די באַטרעפנדע לענדער, אין וועלכע עס עקזיסטירן די ס. ד. פּאַרטייען פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, און דער אַרטיקל פאַרענדיקט זיך מיט די פאָלגענדיקע אויס־פירונגען:

„אָט דאָ ווייזט זיך בולט אַרויס די פולע ניט־באַקאַנטשאַפט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ מיט דער יידן־פראַגע. באמת, אין מעמאָראַנדום (פון פועלי־ציון י. ק.) איז דאָך קלאָר אָנגעוויזן, אַז פועלי־ציון איז אַן אַלוועלטלעכע אָרגאַניזאַציע פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט; אונטערן מעמאָראַנדום זענען געווען אונטערגעשריבן ניט נאָר רוסלענדישע, נאָר אויך די עסטרייכישע און אַמעריקאַנישע פועלי ציון, הייסט עס, אַז די רוסלענדישע סעקציע וועט אָננעמען אַ באַשלוס וועגן דער פאָרשטייער־שאַפט פון די אַמעריקאַנישע פועלי־ציון . . . אָוודאי איז די רוסלענדישע סעקציע (ר. ס. ד., צוחשבונענדיק אַהער אויך דעם בונד און די ס. ר.) לחלוטין ניט קאָמפּעטענט אין די פראַגן, וועלכע זענען נוגע דעם אַלוועלט־

לעכן יידישן פּראָלעטאַריאַט. פּונקט אַזוי איז אויך במעט אומגעלומפּערט די רעזאָלוציע וועגן די אוקראַאינישע ס. ד., וועלכע וואוינען דאָך ניט נאָר אין עסטרייך, נאָר אויך אין דער רוסלענדישער מלוכה, און וועגן די קראָאַטן, וועלכע וואוינען ניט נאָר אין אונגאַרן, נאָר אויך אין עסטרייך. די וויכטיקע פּעלערן שטאַמען פון דעם, וואָס די מיטגלידער פון דעם אינט. סאָצ. ביוראָ זענען שלעכט באַקאַנט מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע. זיי דערוועגן זיך ניט שוין לגמרי צו פּאַרוואַרפן די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פונם פּראָלעטאַריאַט פון די אונטערדריקטע נאַציעס, נאָר זיי וואַגן נאָך ניט מסכים צו זיין לגמרי מיט די שטרעבונגען און אומגעלומפּערטע טעותן זענען אומפאַרמיידלעך אומעטום, וואו ס'זענען פאַראַן אָפּאָרטוניזם און האַלבקייט."

די ארץ־ישראלדיקע פּועלי־ציון פּאַרטיי האָט אויסגעדריקט איר באַציאונג צו דער דאָזיקער פראַגע, דערמיט וואָס זי האָט אויף איר ערשטן דעלעגאַטן צוזאַמענפאָר אין יאַנואַר 1907, אָנגענומען די פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

„אָנערקענענדיק, אַז די אינטערעסן פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין פּאַלעסטינע זענען סאָלידאַריש מיט די אינטערעסן פון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט — באַטייליקט זיך די פּאַרטיי אינם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס".

וואָס פאַר אַ פלאַץ די דאָזיקע פראַגע האָט פאַרנומען אין דער אַמעריקאַנער פּאַרטיי, קענען מיר ניט אָפּשאַצן, ווייל ס'פעלן אונדז לגמרי וועלכע עס איז מאַטעריאַלן. אָבער איינס איז זיכער, אַז אויך אין די רייען פון דער אַמעריקאַנער פּאַרטיי איז די פראַגע געשטאַנען אויפן סדר־היום. דאָס איז צו זען דערפון, וואָס די אַמעריקאַנער פּאַרטיי האָט זיך דעמאָלט באַטייליקט אין דער אָנשלוס־אַקציע און זיך אויך אונטערגעשריבן אונטער דעם שוין עטלעכע מאָל דערמאָנטן מעמאָראַנדום.

בנוגע דעם מעמאָראַנדום גופא, איז דאָ כדאי אויפמערקזאַם צו מאַכן דערויף, אַז געוויסע שטעלן קלינגען אויבנאויפיק ווי אַ געוויסע סתירה, ווייל זיי שטאַמען פון אַ קאָמפּראָמיס צווישן די רוסישע פּועלי־ציון פון איין זייט און די עסטרייך־אַמעריקאַנישע פון דער אַנדערער זייט.

דער מעמאָראַנדום איז לכתחילה אויסגעאַרבעט געוואָרן פון ח' קאַפּלאַנסקין, אַלס פאָרשטייער פון דער עסטרייכישער פּאַרטיי און איז דערנאָך איבערגעשיקט געוואָרן צו די פּאַרטיי־צענטראַל־קאָמיטעטן פון רוסלאַנד און אַמעריקע. זיי האָבן געמאַכט זייערע „אויסבעסערונגען" און „הוספות". ס'איז פאָרגעקומען אַ לענגערע שריפטלעכע שקלא־וטריא, ביז מען איז ענדלעך מושווה־געוואָרן אויף איין טעקסט, וועלכער האָט כּוח כל סוף

אנטהאַלטן דעם פּאָליטישן אני־מאמין, אַז פּועלי-ציון אַנערקענט די נויט־ווענדיקייט פון דער „ראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט דורך דעם פּראָלעטאַריאַט", וואָס מען האָט, בנוגע דער עסטרייכישער און אַמעריקאַנער פּאַרטיי, דעמאָלט ניט געקענט זאָגן, אַז זיי האַלטן דערפון . . . און פון דער אַנדערער זייט איז אין מעמאָראַנדום אַריינגעקומען אַ פּאַסוס, אַז „פּאַלעסטינע איז די היסטאָרישע היים פון יידישן פאָלק", פון וואָס די רו־סישע פּאַרטיי האָט דעמאָלט נישט געהאַלטן.

דער דאָזיקער קאָמפּראָמיס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס ניט־קוקנדיק אויף די דאָזיקע חילוקי־דעות, וועלכע האָבן דעמאָלט געהערשט, מער־ווייניקער אויף דער ליניע פון לאַנדס־פּאַרטייען, האָט מען דאָך געוואָלט בשותפות אַרויסטרעטן, כדי צו דערגרייכן ביים „אינטערנאַציאָנאַל" אַ פאַרטרעטונג פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט.

ווי מיר זעען אַלזאָ, זענען די אויבן דערמאָנטע דריי פראַגן — ציוניס־טישער קאָנגרעס, קאָנקרעטע ארץ־ישראל־אַרבעט און אינטערנאַציאָנאַל — געווען די טרייב־קראַפט וועלכע האָט געפירט צו דער קאָנקרעטער פאַר־אייניקונג פון די פּועלי־ציון־פּאַרטייען אין פאַרשידענע לענדער אין איין אַלוועלטלעכן פאַרבאַנד, וואָס איז, אגב, געווען די ערשטע פאַרקערפּע־רונג פונם געדאַנק, אַז די יידישע אַרבעטער-מאַסן פון דער גאָרער וועלט האָבן דיזעלבע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינטערעסן אינם ברייטערן זין פון די דאָזיקע ווערטער.



# די ערשטע וועלט־קאָנפערענץ פון פועלי־ציון אינם יאָר 1907 אין האאג

הגם די ערשטע וועלט־קאָנפערענץ פון די פועלי־ציון פּאַרטייען, וועלכע איז פאָרגעקומען אין די טעג פון 14־טן ביזן 20־סטן אויגוסט 1907 אין האאג (האָלאַנד), איז געווען אַ צופעליקע — האָט זי פונדעסטוועגן געשפּילט אַ באַדייטנדע ראָל אין דער געשיכטע פון דער אַלוועלטלעכער פועלי־ציון באַוועגונג. אַ צופעליקע איז זי געווען דערפאַר, ווייל זי איז צונויפגערופן געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיטן 8־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, און איר באַדייטונג באַשטייט דערין, וואָס זי איז דאָך געווען דער פונדאַמענט פאַר דער גרינדונג פונם וועלט־פאַרבאַנד פועלי־ציון.

צונויפרופנדיק די דאָזיקע קאָנפערענץ, האָבן זיך אירע איניציאַטאָרן אפשר ניט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון, וואָס פאַר אַ באַדייטונג זי וועט האָבן. והא־ראיה: מען האָט זי, אין דער פועלי־ציון־פּרעסע פון פאַרשידענע לענדער, לכתחילה גערופן „פאַראייניקונגס־קאָנפערענץ פון די פועלי ציון", אָדער „קאָנפערענץ פון די פאַראייניקטע פועלי ציון"; מען האָט זי באַשטימט אויף ערב דעם ציוניסטישן קאָנגרעס און, ווייל די רוסלענדישע דעלעגאַציע איז ארויסגעפאָרן פון קראָקע מיט אַ געוויינלעכן פּאַסאַזשיר־צוג און ניט מיטן שנעל־צוג, אַזוי ווי עס זיינען געפאָרן די עסטרייכישע דעלעגאַטן, — האָט זיך די קאָנפערענץ פּאַקטיש אָנגעהויבן שוין בעת דעם קאָנגרעס גופא. זי איז דערפאַר פאָרגעקומען לרוב אין די פרייע שעה'ן, ווען דער פּלענום פון קאָנגרעס האָט ניט געהאַט קיין זיצונגען.

די קאָנפערענץ איז געווען צעטיילט אויף לאַנד־דעלעגאַציעס — פּונקט ווי דער קאָנגרעס אויף „לאַנדסמאַנשאַפטן" — און יעדע לאַנד־דעלעגאַציע האָט באַטראַכט אַן אַנדערע פראַגע פאַר דעם „טשוואָק" פון דער קאָנפערענץ. בשעת די עסטרייכישע דעלעגאַציע האָט פאַר זיך געזען דעם עיקר־ציל: אויסצוקעמפן פון קאָנגרעס, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זאָל קאָלאָניזירן ארץ ישראל אויף קאָאָפּעראַטיווע (אָדער ווי מען האָט עס דעמאָלט גערופן: גענאָסנשאַפטלעכע) יסודות, לויט פּראָפ. פראַנץ אָפּענהיימערס פּראָיעקט — האָט די רוסלענדישע דעלעגאַציע געזען די עיקרדיקע אויפגאַבע פון דער קאָנפערענץ אין דער גרינדונג פונם וועלט־פאַרבאַנד — בעת די ארץ־ישראלדיקע און די אַמעריקאַנער דעלעגאַציעס האָבן פאַרלאַנגט,

אז אין צענטער פון די באראטונגען זאל אוועקגעשטעלט ווערן די פראגע פון בשותפותדיקער טעטיקייט פון אלע פועלי ציון פארטייען פאר ארץ־ישראל.

ניט־קוקנדיק אבער דערויף, וואס צו דער דאזיקער קאנפערענץ זענען געקומען די לאנד־דעלעגאציעס מיט היפשע חלוקי־דעות און ארגאניזא־טאריש־טעכנישע איז זי כמעט ניט געווען צוגעגרייט, האט זי דאך באוויזן אסאך ממשות'דיקס אויפצוטאן.

קודם־כל האט די דאזיקע קאנפערענץ דערגרייכט אן איינהייטלעך ארויסטרעטן פון אלע פועלי־ציון דעלעגאטן אויפן 8־טן ציוניסטישן קאנ־גרעס גופא און דאס איז שוין אליין געווען אסאך. צווייטנס, איז דעמאלט פאקטיש געגרינדעט געווארן דער וועלט־פארבאנד; עס זענען דעמאלט באַ־שלאסן געווארן די גרינדונג פון די ערשטע ארבעטער־אינסטיטוציעס אין ארץ־ישראל, און ס'איז געשאפן געווארן דער באדן פאר געמיינזאמע ארויסטרעטונגען לגבי דער אינטערנציאנאלער סאציאליסטישער וועלט.

* * *

אויף דער ערשטער וועלט־קאנפערענץ זענען געווען פארטראטן 6 לענדער: רוסלאנד, עסטרייך, ארץ־ישראל, אמעריקע, ענגלאנד און רומעניע. די רוסלענ־דישע דעלעגאציע, אין וועלכער עס זענען אויך אריינגעגאנגען די פארשטייער פונם פועלי־ציון־פארבאנד אין פוילן, איז באשטאנען פון די חברים: ב. באראכאוו, ניר, א. כאשין, ל. בערלינרויט, זאר און דאכט־זיך אויך ד. בלאך־בלומענפעלד. 5 פון זיי זיינען גלייכצייטיק געווען דעלעגאטן צום ציוניסטישן קאנגרעס, בעת זאר איז געווען א דעלעגאט בלויז צו דער קאנ־פערענץ. די עסטרייכישע דעלעגאציע איז באשטאנען פון די חברים: ש. קאפלאנסקי, נתן גראס, דר. מאקס ראזענפעלד, א. ל. שוסהיים, י. קענער, ש. ראזענפעלד, (דער פאטער פון דר. מאקס ראזענפעלד), לעאן שוצמאן און דאכט־זיך נאך א חבר. פון אמעריקע זענען געקומען די חברים: קלמן מרמר, בעלא פעוזנער, דר. קאפעלאוויטש און י. אפעלבוים. די ארץ־ישראל־דיקע דעלעגאציע איז באשטאנען פון די חברים יצחק בן־צבי (אבנר) און י. שוחט. דער אמעריקאנער דעלעגאט ח' ק. מרמר (איצט רעדאקציע־מיטגליד פונם ניו־יארקער איקוף־זשורנאל „יידישע קולטור") איז גלייכ־צייטיק געווען דער דעלעגאט פון ענגלאנד און חבר דר. גאלדהאמער, אליין א סטודענט פון רומעניע, וואס האט שטודירט אין ווין, האט פארטראטן די רומענישע פארטיי. צוזאמען זענען אלזא געווען 21 אדער 22 דעלע־גאטן, פון וועלכע 20 אדער 21, זענען גלייכצייטיק געווען דעלעגאטן צום 8־טן ציוניסטישן קאנגרעס. א חוץ זיי האבן זיך אין דער קאנפערענץ באטייליקט מיט באראטונגס־רעכט עטלעכע געסט: צבי לאריע פון בעלגיען און אנדערע פון דער שווייץ און פון פראנקרייך.

דער גאַסט פֿון פראַנקרייך איז געווען אַ פראַנצויזיש־רייִדנדיקער דעלעגאַט, אָדער אַ גאַסט, צום ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכער האָט זיך דעקלאַרירט גלייכצייטיק אַלס אַן אַקטיווער טוער אין דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. נאָר אַזוי ווי ער האָט ניט פֿאַרשטאַנען קיין וואָרט, ווייל אונזער קאָנפערענץ איז געפירט געוואָרן אויסשליסלעך אין יידיש, איז ער צו דער צווייטער זיצונג מער ניט געקומען. די איבעריקע קאָנפערענץ דעלעגאַטן, פון זייער זייט, זענען ווידער געווען אַזוי טרוד מיט קאָנגרעס, מיט אונדזער קאָנפערענץ און מיטן לויפֿן פון איין זיצונג צו דער צווייטער, אַזוי אַז מען האָט אפילו נישט באַמערקט, אַז ער פעלט און אַזוי־אַרום איז דעמאָלט אַדורכגעלאָזט געוואָרן אַ געלעגנהייט אָנצוקניפּן באַציאונגען מיט דער פראַנצויזישער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער סדר-היום פון דער קאָנפערענץ איז געווען אַ רחבותדיקער. ער האָט אַרומגענומען אַלע פראַגן, וואָס זענען דעמאָלט געשטאַנען אויפֿן טאָג־אָרדנונג פון דער יונגער פּועלי־ציון באַוועגונג, אָבער ניט אַלץ איז געוואָרן דערליידיקט. אַזוי ווי כמעט אַלע זיצונגען זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן בחפזון, האָט מען באַוויזן צו באַטראַכטן בלויז אַ טייל פון סדר־היום און די איבעריקע פראַגן האָט מען איבערגעגעבן צו דערליידיקן דעם אייראָפּעאישן פּוע״צ ביוראָ, וואָס איז דעמאָלט געוויילט געוואָרן און פון וועלכן ס׳האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט דאָס פֿאַרבאַנדס־ביוראָ.

די פראַגן וואָס זענען יאָ באַהאַנדלט געוואָרן, זענען אויך ניט באַטראַכט געוואָרן לויט אַ געוויסן סדר. אדרבא: זייער סדר איז געווען אַביסל אַ כאַאָטישער, ווייל מ׳האָט שטענדיק, ביים אַרויסנעמען פון דער טאָג־אָרדנונג אַ וועלכן סאיז פּונקט צו באַטראַכטן, זיך געמוזט רעכענען מיט דער צייט, ד. ה., וויפֿל שעה סוועט דויערן די קאָנגרעס-הפסקה.

געעפֿנט די קאָנפערענץ האָט ח׳ שלמה קאַפּלאַנסקי אינם נאָמען פון דער עסטרייכישער פּועלי־ציון־פּאַרטיי. דאָס פּרעזידיום איז באַשטאַנען פון די חברים: א. ל. שוסהיים (עסטרייך), אַפּעלבוים (אַמעריקע), ב. באָראָכאָוו (רוסלאַנד), בן־צבי (ארץ ישראל) און גאָלדהאַמער (רומעניע) אַלס סעקרעטאַר. די ערשטע זיצונג, וועלכע האָט געדויערט היפּשע עטלעכע שעה, האָט זיך פֿאַרנומען מיט דער פראַגע וועגן אַן איינהייטלעכער טאַקטיק אויפֿן 8־טן ציוניסטישן קאָנגרעס. די צווייטע זיצונג האָט באַטראַכט די פראַגע: „רעאַלע אַרבעט אין פּאַלעסטינע״. רעפערירט וועגן דער דאָזיקער פראַגע האָט דער ארץ־ישראלדיקער דעלעגאַט ח׳ י. שוחט. אין ערשטן טייל פון זיין רעפעראַט האָט ער געשילדערט די לאַגע פון דער יידישער אַרבעטערשאַפֿט אין ארץ-ישראל. די אינדוסטרי־צווייגן, אין וועלכע זיי זענען באַשעפטיקט; די לוין פֿאַרהעלטענישן און דעם אַרבעטס־מאַרק.

דער צווייטער טייל פון רעפעראט איז געווען געווידמעט דער פּאָליטיש־רעכטלעכער לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל און דער ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט פון די ציוניסטישע אינסטיטוציעס. דער זין פון זיינע אויספירונגען איז געווען, אַז די פאַראייניקטע פועלי־ציון־פראַקציע זאָל פאָדערן פון קאָנגרעס: צו מאַכן באַמיאונגען, אַז סזאָלן אָפּגעשאַפן ווערן די איינוואַנדערונגס־שוועריקייטן; סזאָל געשאַפן ווערן אַן אינפאָרמאַציע־ביוראָ פאַר אַרבעט; די יידישע קאָלאָניאַל-באַנק זאָל געבן קרעדיט די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זאָל שאַפן אַ שטענדיקן פּאַלעסטינע־אַמט, אין וועלכן עס זאָלן אויך אַריינגיין פאָרשטייער פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט.

אַלס קאָ־רעפערענט אין דער ארץ־ישראל פראַגע איז אַרויסגעטראָטן דער ח׳ נתן גראָס (ווין). דער ציל פון זיין רעפעראַט איז געווען צו באַ־ווייזן, אַז די יידישע קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל קען זיך אַנטוויקלען נאָר, אויב זי וועט געפירט ווערן אויף גענאָסנשאַפטלעכע (קאָאָפּעראַטיווע) יסודות. כדי דעם דאָזיקן ציל צו דערגרייכן, האָט ער צוערשט געגעבן אַ כאַראַקטעריסטיק פון פּאָליטישן (הערצליאַנישן) ציוניזם, געגעבן דעפיני־ציעס פון די באַגריפן „עפנטלעך־רעכטלעך” און „פּריוואַט־רעכטלעך”. דערפון איז ער געקומען צום אויספיר, אַז דער ציוניזם איז אַ חוץ דעם אויך אַ סאָציאַל־פּראָבלעם און כדי דער ציוניזם זאָל זיין ביכולת צו פאַרענטפערן די סאָציאַלע פראַגע פון די יידישע מאַסן, איז נויטיק צו שאַפן אַ יידישן פּויערים־קלאַס אין ארץ ישראל. דער בעסטער מעטאָד, לויט וועלכן עס קען געשאַפן ווערן אַ יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל, איז אָפּנהיימערס פּראָיעקט פון קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניזאַציע.

ח׳ בן־צבי (ארץ־ישראל) האָט דערנאָך געהאַלטן אַ דערגאַנצונגס־רעפעראַט, אין וועלכן ער האָט זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויף די עקאָ־נאָמישע, פּאָליטישע און קולטורעלע אויפגאַבן פון דער יידישער אַרבעטער־שאַפט אין ארץ־ישראל און האָט אָנגעוויזן, אַז דורכפירן די דאָזיקע אויפ־גאַבן וועט די ארץ ישראלדיקע אַרבעטערשאַפט זיין אומשטאַנד נאָר מיט דער מיטהילף פון די פועלי־ציון פּאַרטייען אין דער גאָרער וועלט.

נאָך דער דיסקוסיע, וועלכע איז געפירט געוואָרן איבער אַלע דריי רעפעראַטן צוזאַמען, זענען אָנגענומען געוואָרן די רעזאָלוציעס, מער־וויי־ניקער אין דעמזעלבן זין, ווי סהאָט זיי פריער פאָרגעלייגט דער ח׳ שוחט.

די דיסקוסיע אַרום דער פראַגע פון אָפּנהיימערס פּראָיעקט וועגן קאָ־אָפּעראַטיווער קאָלאָניזאַציע האָט אַרויסגעבראַכט די טעאָרעטישע חילוקי־דעות צווישן די רוסישע און עסטרייכישע דעלעגאַטן. אָבער סוף־כל־סוף — נאָכדעם ווי באָראָכאָוו האָט צום סוף פון דער דיסקוסיע געגעבן אַן

אויפקלערונג, אין וועלכער ער האָט געזאָגט: „מיר זענען ניט קעגן אַפּנ־היימערס פּראָיעקט, אָבער מיר קענען דאָס ניט באַטראַכטן אַלס אונדזער אויפגאַבע" — האָט מען זיך געאייניקט פאָרצולייגן דעם קאָנגרעס אַ זעלבסט־שטענדיקע רעזאָלוציע וועגן דעם קאָלאָניזאַציע־אופן פון ארץ־ישראל.

אַזאַ רעזאָלוציע איז טאַקע אויסגעאַרבעט און פאָרגעלייגט געוואָרן פאַרן קאָנגרעס. אָבער נאָכדעם ווי די קאָנגרעס־קאָמיסיע פאַר ארץ־ישראל־פראַגן האָט פון איר זייט פאָרגעלייגט אַ רעזאָלוציע, אַז ביז אין אַ יאָר אַרום דאַרף אויסגעאַרבעט ווערן דער בודזשעט־פּראָיעקט און דער פּלאַן פון אַ לאַנד־ווירטשאַפטלעכער קבוצה אויף גענאָסנשאַפטלעכע יסודות און דער גרויסער אַקציאָנס־קאָמיטעט איז באַפולמעכטיקט געוואָרן דעם דאָזיקן בודזשעט צו באַשטעטיקן — איז די זעלבסטשטענדיקע פּועלי־ציון רעזאָלוציע צוריק־געצויגן געוואָרן און ח' ש. קאַפּלאַנסקי האָט אינם נאָמען פון דער גאַנצער פּועלי־ציון־פראַקציע אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג, אַז „מיר פּועלי־ציון פאַר־שטייען דעם באַשלוס אַזוי, אַז דער אַקציאָנס־קאָמיטעט וועט אויך דאַרפן פינאַנסירן און דורכפירן דעם פּלאַן".

פון קאָנגרעס־פּרעזידיום האָט מען צוגעשטימט צו קאַפּלאַנסקיס דער־קלערונג און די פּועלי־ציון־פראַקציע האָט דאָס אויסגעטייטשט פאַר אירן אַ נצחון אויפן פאָרום פון קאָנגרעס.

* * *

א באַזונדערע זיצונג איז געווען געווידמעט דער פראַגע וועגן „מצב פון דער פּועלי ציון באַוועגונג אין די פאַרשידענע לענדער". פון רוסלאַנד האָט אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון דער ח' ב. באָראָכאָוו: דער אידעאישער קאַמף מיט די ס. ס., סיימיסטן און מינטשוקעס* איז שוין פאַרענדיקט. די פּאַרטיי האָט דעמאָלט געציילט 8000 אָרגאַניזירטע חברים, האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם פאַרלאַג, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן אַנטשפּרעכנדע ליטעראַטור אויף יידיש און רוסיש. די פּועלי־ציון פּאַרטיי — האָט באָראָכאָוו אויס־געפירט — פירט אָן מיט דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן.

ח. א. ל. שוכהיים האָט רעפערירט וועגן מצב פון דער פּאַרטיי אין עסט־רייך, וועלכע האָט צו פירן אַ קאַמף פאַר איר עקזיסטענץ אויף צוויי פראָנטן: פון איין זייט מיט דער בירגערלעך־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און פון דער אַנדערער זייט — מיט דער זש. פּ. ס. (גאַליצישער בונד) און מיט דער יידישער סעקציע פון דער פּ. פּ. ס. — ער האָט באַזונדערס דערמאָנט

*) „מינטשוקעס" האָט מען גערופן די אָנהענגער פון די ערשטע מינסקער פּועלי־ציון, וועלכע האָבן נישט געהאַלטן פונם פּאָליטישן קאַמף אויף די ערטער.

דעם אַנטייל פון פועלי ציון אינם קאַמף פאַר אַלגעמיינעם וואַל־רעכט און האָט זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויף דער ראָל פון דער דער פּאַרטיי אינם קאַמף פאַרן פּראָפּאָרציאָנעלן וואַל־רעכט. (כידוע זענען די פּ. פּ. ס. מיט דער זש. פּ. ס. געווען קעגן פּראָפּאָרציאָנעלן וואַל־רעכט, ווייל דאָס וואָלט, לויט זייערע טענות, געהייסן צוריקפירן די יידישע מאַסן אין דער געטאָ אַריין) . . .

מיר איז צוגעטיילט געוואָרן די אויפגאַבע צו דערגאַנצן דעם עסטרייכישן באַריכט מיט אַן איבערבליק איבער דער פועלי־ציוניסטישער „יוגנט”־באַוועגונג אין גאַליציע און בוקאָווינע. ס׳זענען דעמאָלט פאַראַנען געווען 18 „יוגנט”־פאַריינען מיט 2000 מיטגלידער אינם עלטער פון 14—18 יאָר. דער סאָציאַלער באַשטאַנד פון די מיטגלידער איז אויסשליסלעך האַנט־ווערקער־לערניינגלעך און האַנדלס־פּראַקטיקאַנטן. די פאַריינען האָבן געפירט אַן אַלזייטיקע דערציערישע און פּראָפּעסיאָנעלע טעטיקייט. זיי האָבן שוין דעמאָלט פאַרמאָגט אַן אייגענעם חודש־אָרגאַן „די יידישע אַרבעטער יוגנט” און האָבן זיך געגרייט צו זייער ערשטער „יוגנט”־קאָנפערענץ, כדי צו גרינדן אַ זעלבסטשטענדיקן „יוגנט”־פאַרבאַנד.

וועגן צושטאַנד פון דער פועלי ציון באַוועגונג אין אַמעריקע האָט רעפערירט ח׳ אַפּעלבוים. די פּאַרטיי האָט דעמאָלט געציילט איבער 2000 חברים, האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם אָרגאַן „דער יידישער קעמפער”, האָט געפירט אַ ברייטע פּאַלעסטינע־פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט און עס באַוויזן־זיך פּיאָנערן־גרופּן, וועלכע גרייט־זיך צו עמיגרירן קיין ארץ־ישראל.

ח׳ בן־צבי האָט אָפּגעגעבן דין־וחשבון וועגן דער לאַגע פון דער פּאַרטיי אין ארץ־ישראל: היי־יאָר (1907) איז אין ארץ ישראל צום ערשטן מאָל געפייערט געוואָרן דער ערשטער מאַי אַלס אַן אַרבעטער־יום־טוב. די ארץ ישראלדיקע פּאַרטיי האָט אויך אָרגאַניזירט די יידישע אַרבעטער אין עגיפּטן. סיי אין פּאַלעסטינע און סיי אין עגיפּטן, אָרגאַניזירט זי אויך די תימנים און די ספרדים. די פּאַרטיי גיט אַרויס אַ יידישן אָרגאַן „דער אָנפאַנג”, פון וועלכן ס׳זענען שוין דערשינען צוויי נומערן און וועלכער איז שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די אָרטיקע יידישע אַרבעטער.

ח׳ גאָלדהאַמער האָט איבערגעגעבן אין זיין באַריכט, אַז אין רומעניע עקזיסטירן 6 פועלי־ציון פאַריינען מיט 500 חברים און זייער הייסער וואונטש איז — זיך צו פאַראייניקן מיט די פועלי־ציון פון דער גאַנצער וועלט.

ח׳ ק. מרמר האָט רעפערירט וועגן דעם מצב פון דער פּאַרטיי אין ענגלאַנד. ער שילדערט, ווי שווער ס׳איז צו קומען צו דער יידישער אַרבעטער־

שטאַט אין ענגלאַנד מיט פּרינציפּן און סאָציאַליסטישע אידייען צוליב דעם, ווייל די גאַנצע דאָרטיקע אַרבעטערשאַפט איז „טרייד־יוניאָניזירט".

* * *

די לעצטע זיצונגען האָבן אויסגעהערט 2 רעפעראַטן: חבר בן־צבי האָט רעפערירט וועגן דער „בשותפותדיקער טעטיקייט פון אַלע פּועלי־ציון פאַר פּאַלעסטינע" און י. זאר וועגן די „גרינדונג פון אַן אַלוועלטלעכן פּועלי־ציון פאַרבאַנד". אין דער דיסקוסיע איבער די דאָזיקע צוויי רעפעראַטן האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט צוויי מיינונגען: איינע, אַז ס'זאָל געשאַפן ווערן בלויז אַ בשותפותדיקע ביוראָ אין פּאַלעסטינע, וועלכע זאָל קאָאָר־דינירן די ארץ־ישראלדיקע טעטיקייט פון די פּועלי־ציון פּאַרטייען פון די פאַרשידענע לענדער. אַ צווייטע, אַז אַ חוץ דעם פּאַלעסטינע־ביוראָ זאָל אויך געשאַפן ווערן אַן אייראָפּעאישע ביוראָ, אין וועלכן ס'זאָלן אַריינגיין צו איינציקע פאָרשטייער פון יעדער פּועלי ציוניסטישער לאַנד־אָרגאַניזאַציע. די פּאַרטייידיקער פון דער ערשטער שטעלונג האָבן געטענהעט, אַז דאָס איינציקע, וואָס פאַראייניקט די פּועלי ציון, איז ארץ־ישראל און דערפאַר איז גענוג אַ פּאַלעסטינע־ביוראָ; דערקעגן אין אַלע אַנדערע פראַגן זאָל זיך יעדע פּאַרטיי גיין אין איר אייגענעם וועג. די אָנהענגער פון צווייטן צד האָבן זייער שטעלונג מאָטיווירט דערמיט, אַז היות דער ציל און דער צוועק פון אַלע פּועלי ציון פּאַרטייען איז איינער און דערזעלבער; היות דער יידישער פּראָלעטאַריאַט פון דער גאַנצער וועלט לעבט אומעטום אין דיזעלבע עקאָ־נאָמישע באַדינגונגען — איז נויטיק צו גרינדן אַן אַלוועלטלעכן פּועלי־ציון פאַרבאַנד, וועלכער וועט דאַרפן אָנפירן מיטן קאַמף פאַר אונדזער אָנערקענונג מצד דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל און וועט דאַרפן פאַראייניטלעכן די ליניע פון טאַקטיק און פּאָליטישן קאַמף פון די פּועלי־ציון אין די פאַרשידענסטע לענדער.

געזיגט האָט דער צווייטער שטאַנדפּונקט און אויף דער לעצטער זי־צונג, אויף וועלכער סאיז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן דעם וועלט־פאַרבאַנד, איז אויך אויסגעוויילט געוואָרן דאָס ביוראָ, אין וועלכן זענען אַריין די חברים באָראָכאָוו און קאַפּלאַנסקי. דעם ביוראָ איז איבערגעגעבן געוואָרן דאָס רעכט צו קאָאָפּטירן צו זיך — בהסכם מיט די צענטראַל־קאָמיטעטן פון די לאַנד־פּאַרטייען — נאָך אַנדערע חברים. דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ איז אויך פאַרפליכטעט געוואָרן צו שאַפן דאָס „פּאַלעסטינע־ביוראָ" און בכלל אָנצופירן מיט דער גאַנצער פּועלי־ציון באַוועגונג.

דעם 20סטן אויגוסט 1907 איז אין האַאַג געשלאָסן געוואָרן די ער־שטע וועלט־קאָנפערענץ פון פּועלי־ציון און פון יענעם טאָג אָן דאַטירט זיך די אָפיציעלע עקזיסטענץ פון „וועלט־פאַרבאַנד פון פּועלי־ציון".

# צו דער געשיכטע פון דער פועלי־ציוניסטישער „יוגנט״־באוועגונג אינס אמאַליקן עסטרייך

די אנטשטייאונג פון אונדזערע „יוגנט״־אָרגאַניזאַציעס אין גאַליציע — אין די יאָרן 1904—1905 — זענען פאָרגעקומען אין א תקופה, ווען דער קאַפּיטאַליזם איז געגאַנגען באַרג־אַרויף און האָט אין זיין פּראָדוקציע־פּראָצעס מאַסנהאַפט אַריינגעצויגן די יוגנט און די קינדער פון די מיטל־ און קליינבירגערלעכע שיכטן, פאַרוואַנדלענדיק זיי אין אַ קאָמפּאַקטן יוגנט־לעכן אַרבעטער־שיכט מיט בשותּפותדיקע אינטערעסן און געמיינזאַמע קלאַסן־אויפגאַבן.

אין די מיטל און מערב־אייראָפּעאישע לענדער האָט זיך דער דאָזיקער פּראָצעס אָנגעהויבן מיט עטלעכע יאָר פריער — צום סוף פון 19־טן און אויף דער שוועל פון 20־טן יאָרהונדערט. שוין אין די יאָרן 1899—1900 זענען געווען סימנים פון יוגנטלעכע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין דייטש־לאַנד, עסטרייך, איטאַליע, בעלגיע און שוועדן. אין די יאָרן 1901—1906 זענען זיי אויסגעוואַקסן אין מעכטיקע יוגנט־פאַרבאַנדן און אין יאָר 1907 איז שוין אין שטוטגאַרט (דייטשלאַנד) פאָרגעקומען אונטערן פאָרזיץ פון קאַרל ליבקנעכט די ערשטע אינטערנאַציאָנאַלע יוגנטלעכע אַרבעטער־קאָנ־פערענץ, אויף וועלכער עס איז געשאַפן געוואָרן „די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע יוגנט־פאַריייניקונג״ מיטן דעמאָלטדיקן בעלגישן רעכטן ס. ד. הענריק דע־מאַן און מיט דעם עסטרייכישן אַרבעטער־פירער ראָבערט דאַנענבערג בראש אלס סעקרעטאַריאַט.

ביי דער יידישער אַרבעטער־יוגנט פון גאַליציע און בוקאָווינע (בוקאָ־ווינע האָט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אויך געהערט צו עסטרייך און היינט איז די דאָזיקע פּראָווינץ פונאַנדערגעטיילט צווישן סאָוויעט־אוקראַינע און רומעניע) — און אפילו אין אַנדערע עסטרייכישע גרויסע שטעט: פּראַג, (בעהמען), ברין (מעהרען) און אין ווין, וואו די יידן האָבן געלעבט אין קאָמפּאַקטע מאַסן — איז דער אויבנדערמאָנטער פּראָצעס פון אַריינגעצויגן ווערן אין דער פּראָדוקציע און אויך דער דראַנג צו אָרגאַני־זירונג, פאָרגעקומען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון עטלעכע יאָר, צוליב־דעם, ווייל די יידישע באַפעלקערונג אַלס נאַציאָנאַלער מיעוט און אַלס אַן עלע־מענט, וואָס איז דעמאָלט לרוב־ געווען באַשעפטיקט אין האַנדל, אין האַנט־ווערק, און בלויז טיילווייז אין דער קליין־אינדוסטריע, איז בכלל מיט אַ היפּשער פאַרשפּעטיקונג און מיט אַ פּאַמעלעכן טעמפּ אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם פּראָצעס פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג.

אין קאָנגרעס־פּוילן איז צו די דאָזיקע ווירטשאַפטלעכע סיבות נאָך צוגעקומען דער פּאָליטישער מאָמענט: דער צאַרישער דעספּאָטישער רע־זשים, וואָס האָט זיך נאָך דערצו אויסגעצייכנט מיט באַזונדערע באַגרע־נעצונגען פון די עלעמענטאַרע בירגער־רעכט פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, האָט נישט געגעבן דער יוגנט בכלל און אוודאי און אוודאי ניט דער יידי־שער יוגנט, קיין שום רעכט און קיין שום מעגלעכקייטן פון אָרגאַניזירונג. אין די אומלעגאַלע אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן זיך בלויז דאָ און דאָרט געפונען איינצלנע יוגנטלעכע, וואָס האָבן זיך געדרייט נעבן די פּאַרטייען און זיי אָפטמאָל אפילו געהאָלפן אין זייער אומלעגאַלער טעטיקייט. ס'זענען אפילו געווען אין אַ טייל שטעט אין אַ מיניאַטור־פאָרם יוגנטלעכע גרופּן, וועלכע האָבן זיך גערופן „קליינע פּועלי־ציון" אָדער „קליינער בונד" — אָבער פון אַ מאַסן־באַוועגונג מיט באַשטימטע אייגענע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען און מיט ספּעציעלע אויפגאַבן, האָט דעמאָלט קיין רייד נישט גע־קאָנט זיין.

דאַקעגן אינם אַמאָליקן עסטרייך, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ קאָנסטי־טוציאָנעלע מאָנאַרכיע, איז דאָס יאָ געווען מעגלעך און אַזוי זענען אין יאָר 1904, זעלבסטשטענדיק, נישט וויסנדיק אפילו וועגן דער עקזיסטענץ פון די יוגנט־פאַרבאַנדן אין די אייראָפּעאישע לענדער, אַנטשטאַנען אונזערע ערשטע „יוגנט"־אָרגאַניזאַציעס אין טאַרנע (טאַרנאָוו) און אין קראָקע. שפּעטער זענען אויך אַנטשטאַנען אָרגאַניזאַציעס מיט דעמזעלבן ציל אין אַ ריי אַנדערע שטעט אין גאַליציע און בוקאָווינע. כמעט אין דער זעלבער צייט זענען אַנטשטאַנען אונדזערע „יוגנט"־אָרגאַניזאַציעס אין ווין, ברין און אין טשערנאָוויץ, וואו די אָרג. האָט פריער געטראָגן דעם נאָמען „יונג־יודא" און דערנאָך געענדערט איר נאָמען און צוגעשטאַנען צו אונדזער באַוועגונג. — די אָרגאַניזאַציעס זענען געווען לעגאַליזירט ביי דער מאַכט, מיט סטאַטוטן, לויט וועלכע ס'האָבן געקאָנט צו זיי געהערן יוגנטלעכע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אין עלטער פון 14 ביז 18 יאָר. אַלע אָרג. האָבן געטראָגן דעם איינהייטלעכן נאָמען: בילדונגס־פאַריין פאַר יידישע לערניינגלעך און האַנדלס־פּראַקטיקאַנטן „פּועלי־ציון". שפּעטער אינם יאָר 1906, ווען אונדזערע יוגנט־פאַריינען — צוזאַמען מיט די פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציעס און אַלע קרובהשע אינסטיטוציעס — זענען דורך דער מאַכט צוערשט פאַרחתמעט און דערנאָך פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן, צוליב־דעם, וואָס זיי האָבן זיך פאַרמעל און פאַקטיש באַטייליקט אין אַ גרויסער פּאָליטישער אַקציע. דאָס איז געווען די גראַנדיעזע פּראָטעסט־קאַמפּאַניע קעגן די גאַליציאַנישע קהילה־מושלים מיטן לעמבערגער ראש־הקהל און רייכס־טאַג־דעפּוטאַט דר. עמיל ביק בראַש, וועלכע האָבן זיך אַקטיוו אַנטקעגנ־

געשטעלט דער אקציע פון דער פועלי־ציון פּאַרטיי, אַז ביי דער וואַל־רע־פאָרם צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט זאָלן געזיכערט ווערן די רעכט פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אַלס נאַציאָנאַלע מינדערהייט. — די פונאַנדער־לאָזונג פון אונזערע „יוגנט״־פאַריינען איז אָבער געווען בלויז אַ פאָרמעלע, ווייל באַלד אויף צומאָרגנס זענען אומעטום געעפנט געוואָרן נייע פאַר־יינען מיטן איינהייטלעכן נאָמען: יידישער יוגנטלעכער אַרבעטער־ און האַנדלס־פּראַקטיקאַנטן בילדונגס־פאַריין „יוגנט״. — דעם נאָמען „יוגנט״ האָבן די אָרג. אויסגעקליבן דערפאַר, ווייל אויך פריער, ווען זיי האָבן גע־הייסן „פועלי־ציון״, האָט פונדעסטוועגן די גאַס — און די אַרבעטער־יוגנט גופא — זיי שטענדיק גערופן די יוגנט־פאַריינען, כדי דערמיט זיי צו אונטערשיידן פון די עלטערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן זיך אויך גערופן: אַלגעמיינער אַרבעטער־פאַריין „פועלי־ציון״.

די „יוגנט״־באַוועגונג אין עסטרייך האָט מיט איר אַנטשטיין און מיט איר טעטיקייט אַרויסגערופן ביי איינע דרך־ארץ און באַוואונדערונג און ביי די אַנדערע חוזק און ביטול. דער כאַראַקטער פון דער טעטיקייט איז געווען אַן אַלזייטיקער: אַ רייכע טעטיקייט פון עלעמענטאַרער ביל־דונג דורך גרינדן און פירן לייען־ און שרייב־קורסן פאַר יידיש, פּויליש, געשיכטע, חשבון, א. אז. וו., אַ פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט — דורך אַוועק־שטעלן אין יעדער שטאָט אַ „שוץ־קאָמיטעט״ פאַר לערניינגלעך און האַנדלס-פּראַקטיקאַנטן. אַ ספּאָרט־טעטיקייט — דורך אָרגאַניזירן וואַנדער־גרופּן (אין ספּעציעלע מונדירן), אויספלוגן און גימנאַסטישע איבונגען. אויפן פּאָליטישן געביט — זיך באַטייליקט אין אַלע אַקציעס, וואָס די פּאַרטיי האָט פּראָקלאַמירט, געפייערט דעם 1טן מאַי מיט גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, אַקאַדעמיעס, אָדער עפנטלעכע מיטינגען, געפירט אַ גרינטלעכע אויפקלע־רונג און אַגיטאַציע פאַרן פועלי־ציוניזם, זיך באַטייליקט אין די זאַמלונגען פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד און פאַרן פּאַלעסטינער אַרבעטער-פאָנד.

דער ציטוווייליקער צענטראַל־קאָמיטעט פונם פאַרבאַנד „יוגנט״ אין עסטרייך, האָט שוין אין די יאָרן 1906—1907 געפירט אונטערהאַנדלונגען מיטן ביוראָ פון דער אויבנדערמאָנטער „אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליס־טישער יוגנט־פאַראייניקונג״, וועגן אָנשליסן זיך אין דער דאָזיקער פאַר־ייניקונג. דער אָנשלוס־פּלאַן איז אָבער נישט רעאַליזירט געוואָרן, ווייל דאָס ביוראָ איז געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון לאַנדעס־פאַרבאַנדן און געוואָלט אונדזער פאַרבאַנד „יוגנט״ אָנערקענען נישט אַלס יידישן נאָר אַלס גאַליצישן לאַנדעס-פאַרבאַנד און מיר זאָלן זיך דערפאַר אָפּזאָגן פון צו אָרגאַניזירן די יידישע יוגנטלעכע אין די איבעריקע עסטרייכישע פּראָווינצן ווי: בוקאָווינע, בעהמען, מעהרן, אָדער נידער־עסטרייך. דער

דעמאָלטדיקער צ. ק. פון „יוגנט"־פאַרבאַנד האָט אָבער מיט רעכט געהאַלטן פונם נאַציאָנאַלן אָרגאַניזירונגס־פּרינציפּ און נישט געוואָלט מוותר־זיין אויף די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון ווין, ברין, פּראָג און טשערנאָוויץ מיט דער איבעריקער בוקאָווינער פּראָווינץ, וואו עס זענען שוין דעמאָלט געווען „יוגנט"־אָרגאַניזאַציעס אין כמעט אַלע שטעט פון דער בוקאָווינע.

צו דעם ערשטן „יוגנט"־צוזאַמענפאָר, וועלכער איז פאָרגעקומען אין אָקטאָבער (סוכות-טעג) פון יאָר 1907 אין לעמבערג, איז נאָך געקומען אַ באַגריסונג פון אינטערנאַציאָנאַלן ביוראָ — אָבער שפּעטער זענען די קעגנזייטיקע באַציאונגען געוואָרן אָנגעשטרענגט ביז זיי זענען אינגאַנצן איבערגעריסן געוואָרן. — דער ערשטער צוזאַמענפאָר — אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט קנאַפּע 30 אָרגאַניזאַציעס מיט 52 דעלעגאַטן — איז גערופן געוואָרן אָן דעם הסכם פון דער עסטרייכישער פּאַרטיי־לייטונג, וועלכע האָט זיך במשך פון 2—3 יאָר קאַטעגאָריש אַנטקעגנגעשטעלט דער גרינדונג פון אַ זעלבסטשטענדיקן פאַרבאַנד פון די פּועלי־ציוניסטישע „יוגנט"־אָרגאַניזאַציעס, גלויבנדיק, אַז ס'איז גענוג, ווען ביים צ. ק. פון דער פּאַרטיי וועט געשאַפן ווערן אַ סעקציע פאַר יוגנט־ענינים. די דאָזיקע קעגנער־שאַפט מצד דער פּאַרטיי איז געקומען צוליב 2 מאָמענטן: ערשטנס, האָבן די חברים פון דער אָנפירנדיקער אינסטאַנץ נישט געגלויבט, אַז די יוגנט וועט אומשטאַנד זיין אַליין אָנצופירן מיט איר באַוועגונג; צווייטנס, האָט די פּאַרטיי־אָנפירונג מורא געהאַט פאַר דער אידעאָלאָגישער אַנטוויקלונג פון דער „יוגנט", וועלכע איז געווען אין אַלע שטרייט־פראַגן פון דער פּועלי-ציון־באַוועגונג אַ סך נענטער צו די רוסלענדישע פּועלי־ציון (באָראָ־כאָוס שיטה), איידער צו די עסטרייכישע פּועלי־ציון, וועלכע זענען געווען פאַר אַ נאָענטער קאָאָפּעראַציע מיט דער אַלגעמיינער אָרטיקער ציוניסטישער באַוועגונג און אין סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען זענען זיי דעמאָלט געשטאַנען נאָענט צו עדוארד בערנשטיינס שיטה.

די „יוגנט"־אָנפירונג האָט אָבער געשטעלט די פּאַרטיי פאַר אַ גע־שעענעם פאַקט און גערופן דעם צוזאַמענפאָר, צו וועלכן די פּאַרטיי־אָנ־פירונג האָט בלית־ברירה געשיקט דעם ח' זלמן הערץ אַלס אירם אַ פאָר־שטייער מיט אַ באַגריסונג. דער דאָזיקער צוזאַמענפאָר, וועלכער האָט פּונקט ווי די ווייטערדיקע, געהאַט בלויז יוגנט־רעפערענטן, האָט אָנגע־נומען אַ פּראָגראַם, באַשלאָסן רעזאָלוציעס און טעזן וועגן דער פּאַרטיי־אישער, פּראָפעסיאָנעלער, קולטורעלער און אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט. דער פאַרבאַנד האָט זיך קאָנסטיטואירט אַלס אין יעדער הינזיכט פולשטענ־דיק זעלבסטשטענדיקער קערפּערשאַפט, אונטערן נאָמען: פאַרבאַנד פון די יידישע יוגנטלעכע אַרבעטער און האַנדלס־פּראַקטיקאַנטן בילדונגס־

פאַריינען „יוגנט" אין עסטרייך. דער צוזאַמענפאַר האָט אויך אָנגענומען דעם פּרינציפּ פון קאָנגזייטיקער פאַרטרעטערשאַפט מיט די אָרטיקע און צענטראַלע פּאַרטיי-אינסטאַנצן.

אונדזער „יוגנט"-באַוועגונג איז אין גאַליציע, די ערשטע עטלעכע יאָר, געווען די ערשטע יוגנט-באַוועגונג בכלל און אַלס באַוועגונג פון דער יידישער אַרבעטער-יוגנט איז זי געווען די ערשטע אין דער גאַרער וועלט. צוליב דעם האָט זי אויך שפּעטער, ווען ס'האָבן אָנגעהויבן צו אַנטשטיין אויך אַנדערע יוגנט-אָרגאַניזאַציעס, פאַר אַ צייט-לאַנג אָנגעהאַלטן איר העגעמאָניע. אינם קאַמף פאַר דער דאָזיקער העגעמאָניע איז אין אונזער עסטרייכישער „יוגנט"-באַוועגונג געבוירן געוואָרן דער באַגריף, אַז זי איז אומפּאַרטייאיש (הגם מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם פּועלי-ציוניסטישן פּראָגראַם). געמיינט האָט עס צו זאָגן די אָרגאַניזאַציאָנעלע זעלבסטשטענדיקייט. צוליב דעם פאַרבייטן די דאָזיקע באַגריפן זענען אפילו אָפטמאָל פאָרגעקומען סכסוכים און מיספאַרשטענדנישן צווישן דער „יוגנט" און דער פּאַרטיי. זיי פלעגן אָבער פון ביידע אינסטאַנצן גיך ליקווידירט ווערן אויף אַ חבֿרישן אופן, דורך אַ קעגנזייטיקער פאַרשטענדיקונג.

פון 1907 ביז 1914 האָט דער עסטרייכישער „יוגנט"-פאַרבאַנד אָפּגעהאַלטן 5 צוזאַמענפאָרן, אָדער, ווי מען האָט זיי דעמאָלט גערופן „קאָנפערענצן". דער 5-טער און דער לעצטער צוזאַמענפאַר פון יוני 1914 איז געווען דער יובל-צוזאַמענפאַר פון דער באַוועגונג (10 יאָר פּועלי-ציוניסטישע „יוגנט"-באַוועגונג אין עסטרייך. ער איז אַדורך מיט גרויס פּאַראַד און באַגייסטערונג. דער אויסגעקליבענער צענטראַל-קאָמיטעט וואָס זיין עקזעקוטיווע איז באַשטאַנען פון די ח"ח: יעקב קענער (פּאָרזיצער), בערל לאָקער (וויצע-פּאָרזיצער), נתן בוקסבוים און יהושיע טונים (סעקרעטאַרן) און פישל לויב (קאַסירער), האָט אָבער נישט באַוויזן אויסצופירן די אָנגענומענע באַשלוסן, ווייל אינגיכן איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט-מלחמה און סיי די פירער פון דער „יוגנט", סיי דער עלטערער שיכט פון דער יוגנט גופא, האָבן זיך צעשפּרייט און צעזייט איבער די מלחמה-פראָנטן. די אָרגאַניזאַציעס האָבן אין דער מלחמה-צייט געמוזט אָפּשטעלן זייער טעטיקייט. ערשט אביסל שפּעטער, אין מיטן פון דער מלחמה, האָבן זיך צוריק אַקטיוויזירט און זענען שוין געבליבן אויפן פּלאַץ ביזן לעצטן מאָמענט, די „יוגנט"-אָרגאַניזאַציעס אין לעמבערג, קראָקע און ווין. אין קראָקע איז דאָן — בעת דער מלחמה-צייט — אויסגעבילדעט געוואָרן אַ צענטראַלער הילפס-קאָמיטעט אונטער דער אָנפירונג פונם פאַרשטאָרבענעם ח' יחזקאל פרידבערג. דער דאָזיקער הילפס-קאָמיטעט האָט צונויפגעזאַמלט די אַדרעסן פון „יונגטאָוועצעס", וועלכע האָבן

זיך געפונען סיי אויף די פראָנטן, סיי אין דער געפאַנגענשאַפט, און האָט זיך מיט זיי געשטעלט אין קאָנטאַקט און דורך פּאָסט זיי צוגעשיקט פאַר־שידענע „מתנות", ווי שאָקאָלאַד, פּאַפּיראָסן, וועש, צייטונגען, אָדער עט־לעכע גילדן. שפּעטער האָט זיך ווידער אין ווין, אונטער דער אָנפירונג פון מיכל קאַן, אויסגעבילדעט אַ צענטראַלער סעקרעטאַריאַט פאַר „יוגנט"־ענינים און אין דעצעמבער 1917, האָט דער דאָזיקער סעקרעטאַריאַט צונויפגערופן קיין קראָקע אַ „יוגנט"־קאָנפערענץ, צו וועלכער ס'זענען געקומען 29 דעלעגאַטן פון 19 „יוגנט"-אָרגאַניזאַציעס. עס איז אויסגע־קליבן געוואָרן אַ נייער צ. ק. פון אַזעלכע חברים, וואָס האָבן נישט געדינט אין דער עסטרייכישער אַרמיי און דער דאָזיקער צ. ק. האָט אָנגעפירט מיט דער „יוגנט"־באַוועגונג ביז צום צוזאַמענברוך פון דער עסטרייכישער מאָנאַרכיע.

די „יוגנט"־אָרגאַניזאַציעס פון מערב־גאַליציע האָבן זיך שפּעטער אינם יאָר 1919 — נאָכדעם ווי פּוילן האָט שוין עקזיסטירט אַלס אומ־אָפּהענגיקע מלוכה — און אויפן שטח פון קאָנגרעס־פּוילן, האָבן זיך אָנ־געהויבן צו גרינדן פּועלי־ציוניסטישע „יוגנט"-אָרגאַניזאַציעס — באַלד זיך אָנגעשלאָסן אין דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע, וועלכע האָט געשאַפן דעם פאַרבאַנד „יוגנט" אין פּוילן און האָט גערופן אויף די שבועות־טעג פון 1919 דעם ערשטן „יוגנט"־צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן די דעלעגאַטן פון די מערב־גאַליצישע „יוגנט"־אָרגאַניזאַציעס, האָבן אַריינגעטראָגן זייערע אָרגאַניזאַציאָנעלע דערפאַרונגען און האָבן שטאַרק משפיע־געווען די באַ־שלוסן און די רעזאָלוציעס פונם דאָזיקן צוזאַמענפאָר, וועלכער האָט זיך טאַקע געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט פון אָרגאַניזאַציאָנעלער זעלבשטענ־דיקייט און אָנגענומען דעם פּרינציפּ פון קעגנזייטיקער פאַרטרעטערשאַפט מיט די פּאַרטיי־אינסטאַנצן.

די מזרח־גאַליצישע „יוגנט"־אָרגאַניזאַציעס זענען אַ געוויסע צייט— צוליב די קאַמפן צווישן דער אוקראַאינישער און פּוילישער באַפעלקערונג — געבליבן זעלבשטענדיק אַלס מזרח־גאַליצישער פאַרבאַנד „יוגנט" און זענען געשטאַנען אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיטן פּוילישן פאַרבאַנד. ערשט שפּעטער־צו האָבן זיך די מזרח-גאַליצישע אָרגאַניזאַציעס אָפּגעזאָגט פון זייער זעלבשטענדיקייט און זיך אָנגעשלאָסן אינם פּוילישן פאַרבאַנד „יוגנט", אין וועלכן זיי האָבן פּונקט ווי די מערב־גאַליצישע אָרגאַניזאַציעס אַריינ־געטראָגן זייערע אָרגאַניזאַציאָנעלע דערפאַרונגען און זייערע אַרבעטס־מע־טאָדן און זינט דעמאָלט האָט אויפן שטח פון דער גאַנצער פּוילישער רעפּוב־ליק עקזיסטירט איין איינהייטלעכער פּועלי-ציוניסטישער פאַרבאַנד „יוגנט."

## דערקלערונגען צום בילד פון דער ערשטער וועלט-קאָנפערענץ פון פועלי-ציון—אין 1907

די דעלעגאַטן און געסט צו דער ערשטער וועלט־קאָנפערענץ פון פועלי־ציון, אָפּגעהאַלטן אין אויגוסט 1907 אין האאג (האָלאַנד), זענען באַצייכנט מיט די פאָלגענדע נומערן:

1) נחום יעקב ראַפּאַלקעס (באַקאַנט אַלס ניר, געווען דעלעגאַט פונם „פוילישן פאַרבאַנד", איצט סעקרעטאַר פונם פאַרבאַנדס־ביוראָ פון לינקע פועלי־ציון, וואָס האָט זיין זיצאָרט אין תל־אביב); 2) סאַבינאַ ראַפּאַלקעס־ניר (געווען אַ גאַסט); 3) חברטע סאַבינעס אַ שוועסטער (אַלס גאַסט); 4) בעלאַ פּעווזנער (דעלעגאַטקע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, אין די שפּעטערע יאָרן האָט זי מער נישט געהאַט קיין שייכות צום לאַגער פונם אַרבעטנדן ארץ־ישראל, מיט עטלעכע יאָר צוריק איז זי אומגעקומען אין אַן אויטאָ־עקסי־דענט); 5) צבי לאָריע (אַנטווערפּן); 6) דר. קאַפּעלאָוויטש (אַמעריקאַנער דעלעגאַט); 7) קלמן מרמר (דעלעגאַט פון אַמעריקע און ענגלאַנד — איצט רעדאַקטאָר פון די איקוף-זשורנאַלן); 8) לעאָן בערלינראַוט (ארסקי) — געווען דעלעגאַט פון דער י. ס. ד. א. פּ. פועלי־ציון אין רוסלאַנד, נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע געווען צ. ק. מיטגליד פון דער י. ק. פּ. פועלי־ציון אין ראַטנפאַרבאַנד ביזן יאָר 1928 ווען די פּאַרטיי האָט דאָרטן פאַרלוירן איר לעגאַליטעט; 9) יצחק זאר (דעלעגאַט פון דער רוסלענדישער פּאַרטיי, נאָך דער ערשטער וועלט־קאָנפערענץ אַריבערגעבראַכט געוואָרן קיין אַמע־ריקע, וואו ער איז אַ לאַנגע צייט געווען טעטיק ביי די רעכטע פועלי־ציון און איצט איז ער אַן אַקטיווער רעוויזיאָנסט; 10) (אומבאַקאַנט); 11) יעקב קענער (דעלעגאַט פון גאַליציע, וואָס האָט דעמאָלט געהערט צו עסטרייך; 12) דר. מאַקס ראָזענפעלד (דעלעגאַט פון גאַליציע); 13) בער באָראָכאָוו (דעלעגאַט פון דער רוסלענדישער פּאַרטיי — אין 1917 געשטאָרבן ארץ-ישראל); 16) אַ גאַסט פון פראַנקרייך; 17) י. שוחט (פון א"י); 18) שלמה קאַפּלאַנסקי (דעלעגאַט פון עסטרייך, איצט אין ארץ-ישראל) צווישן 17 און 18 (אָן אַ נומער) איז י. עפּעלבוים — אַ דעלעגאַט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. — 19) אַלכסנדר כאשין (רוסלענדישער דעלעגאַט); 20 און 21) נישט דערקענבאַר; 22) גאָלדהאַמער (דעלעגאַט פון רומעניע— איצט אין ארץ־ישראל; 23) נתן גראָס (דעלעגאַט פון עסטרייך).



די ערשטע זומער-קאלאניע פון דער קראָקעווער „יוגנט", אין קאנינא
ביי נייסאנדז, אין 1919.

## דערקלערונגען צו די בילדער אויף די זייטן: 114, 115, 205, 211 און 212

## דער „יוגנט"־קאָמיטעט אין קראקע פון 1919־1920

1) קלאַרא לאבין 2) מאַניעק קליינבערג (איצט אין שטשעטשין); 3) רעגינע האס (ארגענטינע); 4) י. קענער; 5) יחזקאל פרידבערג (געשטאָרבן צווישןביידע וועלט־מלחמות יונגערהייט פון אַ הארץ־אטאַק); שרה (סטעפע) שענקער (יאָרנלאנג ביבליאָטעקארין פון דער י. ל. פרץ ביבליאָטעק אונטער דער אָנפירונג פון דער פּארטיי — אומגעקומען צוזאַמען מיט איר מאַן און זייער קינד); 7) העלא בראנד (שפּעטער: ראָזענבערג); 8) יחזקאל קליינבערגער (חיפה, א"י) 9) מאַקס (מאיר) ראָזענבערג (אומגעבראַכט צוזאַמען מיט זיין פרוי העלא בראנד; 10) שמעון רומשטיין (ניו־יאָרק). — 11) אביגדור בורשטין (ערשט־ראנגיקער יאָרנלאַנגער קולטור־טוער, ביים אויסברוך פון דער מלחמה אנטלאָפן קיין רומעניע און פון דאָרט צו וויסן געגעבן דורך ראַדיאָ, אַז ער לעבט — אָבער זינט דעמאָלט האָט מען מער נישט געהערט פון אים); 12) יעקב אלסטער (תל־אביב); 13) נחמן שווארץ (איצט סעקרעטאר פון דער פּועלי־ציון אָרגאַניזאציע אין קראָקע; 14) אסתר ראָכהענדלער (אין דער מלחמה געשטאָרבן אין פּאריז).

* * *

## די קראקעווער „יוגנט"־קאָלאָניע פון 1919

אין דער דריטער ריי פון אונטן, דער פערטער פון לינקס צו רעכטס, איז דער אומגעקומענער ח' לייבעק שמערלער־ראזענבערג, וואָס איז אין די לעצטע יאָרן געווען דער פירער פון דער פּועלי־ציון־אָרגאניזאציע אין קראקע און מיטגליד פונם הויפּטראַט פון דער פּארטיי אין פּוילן.

* * *

## דער צענטראלער אינסטרוקטאָרן־קורס אין 1928

אין דער מיטלסטער שורה (דריטע) זיצן די לעקטאָרן פון קורס. — דער פערטער פון לינקס איז דר. עמנואל רינגעלבלום; די ווייטערדיקע זענען: יוסף ראָזען (אין א"י); יעקב קענער, יעקב פּעטערזייל (א"י) און דר. רפאל מאהלער (איצט אין ניו־יאָרק). — דער דריטער פון רעכטס אין דער אויבערשטער ריי — איז דער העלדיש־אומגעקומענער הערש בערלינסקי.

* * *

## תיקון־טעות וועגן די זייטלעך 223 און 233

על־פּי־טעות איז דאָס 233־סטע זייטל געשטעלט אויפן אָרט וואו עס דארף קומען דאָס 223־סטע און דאָס 223־סטע איז געשטעלט אויפן אָרט פונם 233־סטן. די לייענער ווערן געבעטן, בעתן לייענען, דעם דאָזיקן טעכנישן טעות צו פּארבעסערן.



די קראקעווער „יוגנט" אין 1908



דער קראקעווער „יוגנט"-קאָמיטעט אין ווינטער 1920-1919:

# די אמאָליקע 4 גרעסטע קהילות אין פוילן

## ווארשע

1.

### געשיכטלעכער ארייגפיר

די ווארשעווער יידישע קהלה איז נישט די עלטסטע אין דער געשיכטע פון די יידן אין פוילן. זי איז אָבער געווען, ביז פאַר דער מלחמה, די גרעסטע אין פוילן לויט דער צאָל פון דער יידישער באפעלקערונג און די צווייט־גרעס־טע אין דער וועלט. די אינטערעסאנטסטע און וואַגיקסטע לויט איר ראָל און פאַרנעם אינם גייסטיקן לעבן פונם אייראָפּעאישן יידנטום.

אין אנדערע טיילן פון פוילן, למשל, אינם אזוי־גערופענעם גאַליציען (קליינפוילן), אָדער אין דער לובלינער געגנט, זיינען שוין אינם אָנהויב פונם 13־טן יאָרהונדערט — און ווי אַטייל היסטאָריקער באַהויפּטן אפילו שוין אינם 12־טן י. ה. — געווען אַ סך קלענערע, אָדער גרעסערע, יידישע קהלות אין קראָקע, לעמבערג, לובלין, יאַנאָווצע, קאזשימיעזש דאָלני א. א. וו. אפילו אין ווארשעווער פּראָווינץ גופא, אין מאַזאָווישע, האָט פלאָצק געהאַט אַ יידישע קהלה שוין אינם 12־טן יאָרהונדערט — דערקעגן אין ווארשע באַווייזן זיך די ערשטע יידן, לויט אַ טייל היסטאָריקער אין דער ערשטער העלפט פונם 13־טן יאָרהונדערט און לויט די באַהויפּטונגען פונם יידיש־פּוילישן היסטאָריקער דר. עמנואל רינגלבלום, ערשט צום סוף פונם 13־טן עווענטועל אמשפּעטסטן, אינם אָנהויב פונם 14־טן יאָרהונדערט.

עס איז אָבער אויך אָננעמבאַר די טעזע, אַז אין ווארשע האָבן שוין געוואוינט יידישע משפּחות בעת עס איז נאָך געווען אַ דאָרף, און ווען זי איז פארוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאָט האָט זיך די צאָל פון אירע יידישע בירגער באַדייטנד פאַרגרעסערט.

דאָס 15-טע יאָרהונדערט ווערט פון דר. רינגעלבלום באַצייכנט ווי אַ בלי־פּעריאָד פאַר די יידן אין מאַזאָווישע בכלל און באַזונדערס פאַר די יידן אין ווארשע, וועלכע איז דעמאָלט שוין געווען די הויפּט־שטאָט פון דער גאַנצער מאַזאָווישער פּראָווינץ. באַזונדערס איז דאָס חל פאַר דער צייט ווען אין מאַזאָווישע האָט געהערשט דער פירשט יאַנוש, וואָס האָט זיך דערצויגן אינם הויף פון קעניג קאַזימיעזש דעם גרויסן, אָדער ווי די יידן אין פוילן האָבן אים דעמאָלט גערופן קאַזימיעזש דער גוטער, דערפאַר ווייל ער האָט אייגעלאַדן קיין פוילן די יידן פון דייטשלאַנד, וואו זיי האָבן

געליטן פון רדיפות און גזירות און ער האָט זיך צו זיי באַצויגן מיט טיפער מענטשלעכקייט און מיט גרויסער שטאַטמענישקייט.

פירשט יאַנוש האָט אין אַ גרויסער מאָס איבערגענומען די דאָזיקע אייגנשאַפטן פון זיין דערציער — קעניג קאַזימיערזש — און אָפּשאַצנדיק דעם גרויסן ווערט פון יידישן עלעמענט פאַר דער ווירטשאַפטלעכער אַנט־וויקלונג פונם לאַנד האָט ער ברייט געעפנט די טויערן פון וואַרשע פאַר די יידן, כדי זיי זאָלן מיט זייערע קאַפּיטאַלן און מיט זייערע פעיקייטן אויסבויען און אַנטוויקלען וואַרשע אַלס די הויפּט־שטאָט פון מאַזאָווּשע.

אין דער ערשטער העלפט פונם 16־טן יאָרהונדערט, גענוי אינם יאָר 1527, האָבן אָבער די וואַרשעווער יידן געליטן זייער אַ שווערן קלאַפּ. נאָכן טויט פון לעצטן מאַזאָווּשן פירשט, איז די גאַנצע וואַרשעווער פּראָווינץ פאַראייניקט געוואָרן צו דער פּוילישער קרוין־מלוכה אונטער דער הערשאַפט פון קעניג זיגמונד דעם 1־טן, וואָס האָט געהאַט זיין רעזידענץ אין קראָקע.

אין מערץ פון 1527 האָט זיגמונד דער ערשטער צוליב־געטאָן אַ דע־לעגאַציע פון וואַרשעווער קריסטלעכע בירגער, בעלי־מלאכות און סוחרים, און אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג, אַז די וואַרשעווער יידן מוזן פאַרלאָזן די שטאָט. די יידן האָבן זיך דאַן באַזעצט אין די אַרומיקע שטעטלעך: טשערסק, בלוינע און זאַקראָטשים. דאָרט האָבן זיי געהאַט זייערע ווערק־שטאַטן און געשעפטן, וואו זיי האָבן אויסגעאַרבעט זייערע פּראָדוקטן און געהאַלטן זייערע סחורות. עטלעכע מאָל אַ וואָך פלעגן זיי אַריינקומען אויף וועגעלעך קיין וואַרשע וואו זיי האָבן געפירט מסחרים און אין בודקעס, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף אַ פּלאַץ, וואו עס געפינען זיך איצט די יעראָזאָלימסקער אַלייען, פאַרקויפט זייערע אויסאַרבעטונגען — אָבער בליי־בען נעכטיקן אין וואַרשע האָבן זיי ניט געטאָרט.

דאָס האָט אַזוי געדויערט ביזן סוף פונם 16־טן יאָהרהונדערט, ווען דער פּוילישער סיים איז איבערגעטראָגן געוואָרן קיין וואַרשע. דער סיים האָט לכתחילה פאָרמעל נישט אָפּגעשאַפט דעם דאָזיקן פאַרבאָט — אָבער מען האָט „אוועקגעקוקט" און יידן האָבן זיך ביסלעכוויז אָנגעהויבן צוריק אַריינצוציען קיין וואַרשע. ערשט אינם יאָר 1699 האָט די יידישע אויטאָ־נאָמיע פאַר רעליגיעזע און קולטורעלע ענינים, (דער „ועד ארבע הארצות ), געפועלט ביים מלוכהשן סיים, אַז דער פאַרבאָט זאָל אָפיציעל אָפּגעשאַפט ווערן און פון דעמאָלט אָן האָט זיך פאַר די יידן אין וואַרשע אָנגעהויבן גאָר אַ נייע עפּאָכע.

דאָס אָפיציעלע אָפּשאַפן פונם פאַרבאָט האָט אין דער צוקונפט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג סיי אויפן וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וואַרשע, סיי אויף דער אַנטוויקלונג פון וואַרשע גופא. צוויי פאַקטן

האָבן זיך קענגזייטיק משפיע געווען און זיך גינסטיק באַפרוכפּערט: וואָס מער יידן עס זיינען אינם לויף פון דער געשיכטע, אַריינגעקומען קיין וואַרשע — אַלץ גרעסער און רייכער איז די שטאָט געוואָרן און וואָס גרעסער די שטאָט האָט זיך אויסגעבויט — איז זי געוואָרן אַלץ מער אויפנאַמספעיק פאַר נייע יידישע — און אויך פאַר פּוילישע — איינוואוינער.

וואָס פאַר אַ ממש ריזיקע אַנטוויקלונג דער דאָזיקער קעגנזייטיקער פּראָצעס האָט אָנגענומען באַווייזט די פאָלגנדע טאַבעלע, וואָס עס ברענגט דער יידישער עקאָנאָמיסט און סטאַטיסטיקער יעקב לעשטשינסקי אין זיין בוך: „יידן אין דער שטאָטישער באַפעלקערונג פון פּוילן".

**דער וואוקס פון די יידן אין וואַרשע**

| יאָר | אַבסאָלוטע צאָל פון יידן | ייד. פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג |
|---|---|---|
| 1781 | 3,532 | 4.5 |
| 1810 | 14,061 | 18.1 |
| 1856 | 44,149 | 24.3 |
| 1882 | 127,917 | 33.4 |
| 1897 | 219,141 | 33.9 |
| 1914 | 337,074 | 38.1 |
| 1917 | 343,263 | 41.0 |
| 1921 | 310,322 | 33.1 |
| 1931 | 352,659 | 30.1 |
| 1939 | 375,000 | 29.0 |

2.

## די סאָציאַל־עקאָנאָמישע ראָל פון די יידן אין וואַרשע

אין דער וועלט איז לײַדער געווען אַ פאַלשע פאָרשטעלונג וועגן דער סאָציאַל-עקאָנאָמישער ראָל פון די יידן אין פּוילן. מען האָט געהאַלטן, אַז צווישן יידן זיינען געווען ווייניק פּראָדוקטיווע עלעמענטן און אַז די מערהייט פון זיי איז באַשטאַנען פון סוחרים, באַנקירן, הענדלער, פאַר־מיטלער, אָדער סתם לופט־מענטשן, וועלכע האָבן כלומרשט געלעבט אויפן חשבון פון דער אַרומיקער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג. ווי ווייט די דאָ־זיקע באַהויפּטונג איז פאַלש איז צו זען פון דער אַמטלעכער סטאַטיסטיק, וועגן דער ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט פון די יידן אינם פאַרמלחמה־דיקן פּוילן:

42 פּראָצענט פון אַלע יידן אין דער פּוילישער רעפּובליק, זיינען געווען בעלי־מלאכות און אַרבעטער. — 37 פּראָצענט — סוחרים, הענדלער און אָנגעשטעלטע. — 13 פּראָצענט — זיינען געווען באַשעפטיקט אין די אַזוי־

געךופענע פרייע פראַפעסיעס (אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, אינזשענירן, לערער, באַנק־בעאַמטע און הויז־דינערשאַפט) — די איבעריקע 8 פּראָצענט — פאַרזיכערונגס-אַנשטאַלטן, קאָמוניקאַציע, לאַנדווירטשאַפט, א. א. וו.

ווען מען נעמט אין אַכט, אַז וואָס קלענער די שטעט זיינען געווען, אַלץ גרעסער איז דאָרט געווען אינערהאַלב דעם יידישן סעקטאָר דער פּראָצענט פון סוחרים און הענדלער — ווערט דערפון קלאָר, אַז אין די גרויסע שטעט — באַזונדערס טאַקע אין וואַרשע — איז צוליב דעם אַרויסגעקומען אַ באַדייטנד העכערער פּראָצענט פון בעלי־מלאכות און אַרבעטער, אַזוי אַז פּאַקטיש איז די וואַרשעווער יידישע באַפעלקערונג באַשטאַנען אין איר איבערוויעגנדער מערהייט פון אַ שווער אַרבעטנדן עלעמענט.

כדי צו האָבן פאַר זיך אַ קלאָר בילד פונם עקאָנאָמישן מצב פון די יידן אין פּוילן בכלל און באַזונדערס פון די וואַרשעווער יידן, איז קודם־כל כדאי אָנצואווייזן אויפן פאַקט, אַז די יידישע האַנטווערקער און די יידישע לוין־פּראָלעטאַריער זיינען געווען באַשעפטיקט, כמעט אויסשליסלעך אין קליינע וואַרשטאַטן, אָדער אין קליינע פאַבריקלעך און מען האָט זיי, צוליב אַ גאַנצער ריי היסטאָרישע סיבות, כמעט נישט געטראָפן, נישט אין די גרויסע פאַבריקן און נישט אין די גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, נישט אין דער לאַדווירטשאַפט און נישט אין דער באַרג־אינדוסטריע און אויך נישט אין די מלוכהשע אָדער קאָמונאַלע אַמטן.

אָבער נישט-געקוקט אויפן ספּעציפישן כאַראַקטער פון די פּראָדוקציע צווייגן (באַקליידונגס און דערנערונגס־אינדוסטריען), אין וועלכן דער רוב פון די יידן זיינען געווען מעטיק, זיינען זיי געווען אַ דורכאויס פּראָדוקטיווער עלעמענט. אפילו די טיילן פון יידן וואָס האָבן געצויגן זייער חיונה פון מסחר און האַנדל, האָבן אויך בלי־שום־ספק דערפולט אַ פּאָזיטיווע פונקציע אינם ווירטשאַפטלעכן אָרגאַניזם פון לאַנד. דאָס איז אין אַלגעמיינעם חל אויף דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן און באַזונדערס אויף דער יידישער באַפעלקערונג פון וואַרשע.

די וואַרשעווער יידישע סוחרים און זייערע קאָמיוואָיאַזשאָרן (האַנדלס רייזנדע) האָבן פאַרזאָרגט די 33 מיליאָניקע באַפעלקערונג פון דער פּוילישער רעפּובליק מיט אַלעמען אין וואָס זיי האָבן זיך גענויטיקט און דערביי זיך באַנוגנט מיט אַ זייער באַשיידענעם פּראָפיט. זיי האָבן פאַרזאָרגט דאָס פּוילישע דאָרף מיט לאַנדווירשאַפטלעכע אַרבעטס-מכשירים און מיט פאַרזיי־פּראָדוקטן, מיט שיך־און־קליידער און מיט זייגערס, מיט ראַדיאָ־אַפּאַראַטן און מיט בוי־מאַטעריאַלן. אין די ווייטסטע און פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פונם לאַנד האָבן זיי פונאַנדערגעשיקט און אַליין פונאַנדערגעפירט מאַנופאַקטור און ביזשוטעריע, קיך־כלים און לייוונטן פון די זשירארדאָווער פאַבריקן, טעקסטיל און גאַלאַנטעריע אויסאַרבעטונגען, פון

צוקערוואַרג ביז שול און שרייב־מאַטעריאַלן — האָבן די וואַרשעווער סוחרים פון גאַלאַנטעריי־ און קורצוואַרג־האַנדל, ווי אויך די באַוואוסטע פירמעס מיט וואַרשעווער אינדוסטריע־פּראָדוקטן אַרום און אַרום אין גאַנץ פּוילן, אונטער אַנדערע אין די גרענעץ־געגנטן פון גאַליציע, צענטראַל פּוילן, דער גאַנצער ראַיאָן פון ווילנע, פאַרזאָרגט די ווייטסטע מזרח־קרעסן — בעת אַנדערע וואַרשעווער יידישע סוחרים האָבן עקספּאָרטירט קיין אויסלאַנד קאָנסערווירטע שינקן און פיש, תבואה און אייער, לעבעדיקע בהמות, קאַרטאָפל, געגנזענע פעדערן און בכלל אַלץ וואָס פּוילן האָט פאַרמאָגט פאַרן עקספּאָרט און זיי האָבן אויף דעם אופן אַ סך בייגעטראָגן צום פּוילישן האַנדל מיט אויסלאַנד, פאַרגרעסערנדיק דערמיט אין דער מלוכה־שער באַנק דעם אומלויף פון אויסלענדישער וואַלוטע און גאַראַנטירנדיק דערמיט דעם אימפּאָרט פון אויסלענדישע סחורות, אין וועלכע פּוילן האָט זיך געניטיקט.

יידישע בעלי־מלאכות אין וואַרשע — ובפרט די פאַרשידענע קליינע פאַבריקלעך פון לעדער־גאַלאַנטעריע, מעטאַל־אויסאַרבעטונגען, טריקאָטאַזש און שיך־פאַבריקן, האָבן באַזאָרגט די גרויסע פּראָווינץ מיט סוועטערס, און האַלז־שאַלן, מיט קנעפּ און מיט זאָקן, מיט שפּילצייג פאַר קינדער און מיט דאַמען־טאַשן, מיט זייף און מיט ליכט, מיט הויז־לאַטשן (סליפּערס), און מיט פוטער־אויסאַרבעטונגען און דערביי זיינען געווען באַשעפטיקט אַ סך צענדליקער טויזנטער אַרבעטער, עלטערע און יוגנטלעכע, וועלכע האָבן שווער געאַרבעט 6 טעג אין דער וואָך און מיט זייער האָרעוואַניע באַ־קוועמער געמאַכט דאָס לעבן פון זייערע מיטבירגער און באַפרידיקט זייערע באַדרפעניש אין אַרטיקלען פון ערשטן געברויך.

די וואַרשעווער יידן האָבן פאַרמאָגט זייערע ווירטשאַפטלעכע און פּראָ־פעסיאָנעלע פאַריינען אַלס כלי־זיין אינם טאָג־טעגלעכן קאַמף פאַר אויס־בעסערן זיך די אַרבעטס־און־לעבנס באַדינגונגען. עס האָבן עקזיסטירט מעכטיקע פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־פאַריינען און שטאַרקע פאַרבאַנדן פון סוחרים און אינדוסטריאַליסטן, פון קליינהענדלער און קאָמיוואָיאַזשאָרן, פון האַנטווערקער און גייסטיקע אַרבעטער, פון דאָקטוירים און אינזשענירן. די האַנטווערקער און סוחרים־פאַראיינען האָבן פון צייט־צו־צייט קאָאָפּע־רירט מיט דיזעלבע פאַריינען פון די פּויליש־קריסטלעכע בעלי־מלאכות, אָדער סוחרים. דערקעגן די באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון די יידישע אַרבעטער — די פאַריינען פון שניידער, קירזשנער, היטל־מאַכער, בוי און מעבל סטאָליאַרעס, בערשטן־מאַכער, פאַראַסאָלניקס, טאָקערס, בלעכער, שלאָסער, שטריקער, דרוקער, כעמישע אַרבעטער און אַזוי ווייטער, זיינען געווען אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער באַשטאַנד־טייל פון דער אַלגעמיינער אַרבעטער־קאָנפעדעראַציע אין דער פּוילישער רעפּובליק וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון דער אַזוי־גערופענער צענטראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפ. פאַריינען.

צווישן די ווארשעווער יידן זיינען אָבער אויך געווען אַ היפּש ביסל דעקלאַסירטע מענטשן, וואָס זיינען צוליב אַרבעטסלאָזיקייט, אָדער צוליב מעכאַניזאַציע פון זייערע אַמאָליקע בארופן, ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון זייערע פּאָזיציעס און זיי האָבן פאַרגרעסערט די רייען פון דער עקסטרעמער אָרעמקייט. די יונגערע עלעמענטן האָבן זיך געראַטעוועט דורך עמיגראַציע — ווער קיין מערבֿ־אייראָפּע און ווער קיין צפֿון־אַמעריקע, אָדער אין די זיד־אַמעריקאַנער לענדער. די מערהייט פון דער יוגנט איז אָבער געפאָרן קיין ארץ ישראל אויב מען האָט נאָר נאָכן דורכמאַכן די „הכשרה" אין די רייען פונם „החלוץ" געקענט באַקומען אַ „סערטיפיקאַט". דערקעגן די עלטערע עלעמענטן האָבן זיך געוואָרפן אויפן גאַסן־האַנדל, מיט האַנט־וועגעלעך און מיט קעסטלעך אויף דער ברוסט, מיט קאַטערינקעס און מיט קוישן פרישע בייגל . . .

די קולות פון די ווארשעווער יידישע גאַסן־הענדלער, האָבן זיך אָפּט־מאָל אויסגעמישט מיט די געזאַנגען וואָס האָבן זיך דורך די אָפענע פענסטער געטראָגן פון די ווארשטאַטן און פאַבריקלעך. דאָס צוצפּייפן זיך צום טאַקט פון די יידישע דראָזשקאַרזשעס, (פיאַקערניקעס), האָט זיך אָפט אויס־געמישט מיטן געזאַנג פון די יידישע בוי־אַרבעטער ביים אויסענדיקן נייע געביידעס און צוזאַמען האָט דאָס אַלץ געשאַפן אַ סימפּאָניע פון אַרבעט און נויט, פון בענקשאַפט און האָפענונג — פון לעבן מיט אַלע זיינע פּאָזי־טיווע און נעגאַטיווע באַגלייט־דערשיינונגען.

3.

## דער גייסטיק־קולטורעלער פּרצוף פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין ווארשע

נאָך מער פאַרשידנאַרטיק און פילפאַרביק איז געווען דאָס גייסטיק־קולטורעלע לעבן פונם יידישן קיבוץ אין ווארשע. פּאַראַלעל מיט די אומ־צייליקע קליינע „שטיבלעך" און גרויסע שוהלען, האָבן די ווארשעווער יידן פאַרמאָגט צענדליקער אייגענע פאָלקס־שולן פון די פאַרשידנסטע טיפּן: וועלטלעכע דערציאונגס־אַנשטאַלטן פון אַ הויכן קולטורעלן ניוואָ און פאַרעלטערטע „חדרים" מיט אַ רעליגיעזן כאַראַקטער. אָוונט־שולן, ביב־ליאָטעקן, דראַמקרייזן, מאַנדאָלינען־אָרקעסטערס, כאָרן, קינדער־היימען, מוזעאומס, טעאַטערס און ספּאָרט־קלובן וואָס האָבן געזאָרגט פאַר דער פיזישער דערציאונג. ווארשע האָט פאַרמאָגט העבּרעאיש־פּוילישע מיטל־שולן און פאָלקס־שולן מיט יידיש אַלס לערנשפּראַך. 4 ביז 5 פּראָפעסיאָ־נעלע יידישע טעאַטערס האָבן שטענדיק געשפּילט אין ווארשע, בעת צו דערזעלבער צייט האָבן כמעט אַלע פאַריינען געהאַט זייערע באַזונדערע דראַמאַטישע סטודיעס. אַ חוץ דער באַרימטער סינאַגאָגן־ביבליאָטעק אויף

מלאָמאַצקע גאַס, וואָס האָט עקזיסטירט ביים „יודאיסטישן אינסטיטוט", האָבן עקזיסטירט רייכע ביבליאָטעקן אויף די נעמען פון פאַרשטאָרבענע יידישע אַרבעטער פירער — די גרויסע גראָסער ביבליאָטעק, די באָראָכאָוו־ביבליאָטעק — און צענדליקער קלענערע ביבליאָטעקן. אַ חוץ דעם האָבן אויך עקזיסטירט עטלעכע פּריוואַטע עפנטלעכע ליי־ביבליאָטעקן און אַלע צוזאַמען האָבן באַדינט הונדערטער טויזנטער לייענער.

וואַרשע האָט פאַרמאָגט די גרעסטע יידישע ביכער־פאַרלאַגן אין דער וועלט: דער קלעצקין־פאַרלאַג האָט באַזאָרגט מיט יידישע ביכער די גאַנצע וועלט, אַן ענלעכע ראָל האָט געשפּילט אינם העברעישן ביכער־וועזן דער פאַרלאַג אחי־עבר. שימינס פאַרלאַג און די פאַרלאַגן „קולטור־ליגע", „נייע קולטור" און אַנדערע, האָבן יעדעס יאָר באַרייכערט דעם ביכער־מאַרק מיט צענדליקער נייע אויסגאַבן, סיי פון דער יידישער, סיי פון דער אייראָפּעישער ליטעראַטור.

וואַרשע איז געווען דער וועלט־צענטר פון דער שיינער יידישער ליטעראַטור און האָט גייסטיק משפּיע געווען די יידישע פאָלקס־מאַסן אין אַלע אַנדערע וועלט־טיילן וואו יידיש ווערט געלייענט. אין וואַרשע האָבן געלעבט און געווירקט אַזעלכע באַרימטע שריפטשטעלער און דיכטער ווי י. ל. פּרץ, דוד פרישמאַן, נחום סאָקאָלאָוו, ה. ד. נאָמבערג, י. מ. ווייסענבערג, דר. יצחק שיפּער, פּראָפ. מאיר באַלאַבאַן און הונדערטער אַנדערע באַרימטע דיכטער, נאָוועליסטן עסייאיסטן און פּובליציסטן, צו וועמענס וואָרט עס האָבן זיך צוגעהערט די יידישע מאַסן אין דער גאָרער וועלט און וועמענס ווערק עס זיינען איבערגעזעצט אין אַ סך אַנדערע שפּראַכן.

אין וואַרשע זיינען דערשינען 6 טעגלעכע ציטונגען אין דער יידישער שפּראַך: „היינט", „מאָמענט", „פאָלקס־ציטונג", „דאָס וואָרט", „טאָגעבלאַט" און „אונזער עקספּרעס". כמעט יעדע ציטונג האָט פאַרטראָטן אַ באַזונדערע פּאָליטישע ריכטונג אין יידישן לעבן.

אַ חוץ די דאָזיקע ציטונגען זיינען אויך דערשינען 2 נאָכמיטאָג־בלעטער, פאַר די ברייטסטע מאַסן — „ראַדיאָ" און „היינטיקע נייעס", אַ טעגלעכע יידישע ציטונג אין דער פּוילישער שפּראַך, „נאַש פּזשעגליאָנד" — (אונזער איבערזיכט) און צענדליקער וואָכן־בלעטער און חודש־זשורנאַלן, פון וועלכע עס איז כדאי צו דערמאָנען — צוליב זייער הויכן ניווא — די „אַרבעטער־ציטונג", די „ליטעראַרישע בלעטער", די „פרייע יוגנט", דער „יוגנט וועקער" און „דער יונגער דור". די איבריקע זיינען געווען קינדער־זשורנאַלן, פאַך־ציטונגען און אילוסטרירטע מאַגאַזינען. עס זיינען אויך געווען עטלעכע פעריאָדישע יידישע אויסגאַבן אין דער פּוילישער שפּראַך: „אָפּיניאַ" — אַ ציוניסטיש וואָכנבלאַט, „וואָלקאַ" — אַ סאָציאַליסטיש און „טריבונאַ אַקאַדעמיצקאַ" פאַר דער שטודירנדער יידישער יוגנט.

אין ווארשע האָט עקזיסטירט דער יידישער „ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַריין אויפן נאָמען פון י. ל. פרץ", וואָס האָט געציילט הונדערטער מיט־גלידער און איז געווען פּאָפּולער איבער דער גאַנצער וועלט. ס'האָט אויך פונקציאָנירט אַ „פאַראיין צו פאַרשפּרייטן קונסט צווישן יידן", וואָס האָט גרופּירט אַרום זיך אַלע ווארשעווער פּענזל־קינסטלער און סקולפּטאָרן. דער דאָזיקער פאַריין האָט זייער אָפּט איינגעאָרדנט אויסשטעלונגען פון יידישע אַרטיסטן און מיטגעהאָלפן צו אַנטוויקלען יידישע טאַלאַנטן.

מיט באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט דאַרפן דערמאָנט ווערן די וואַר־שעווער יידישע ספּאָרט־פאַריינען, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף אַ גאָר הויכער מדרגה. דער עלטסטער פון זיי איז געווען דער „מכבי"־קלוב, וואָס האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם שווים־סטאַדיאָן אויף דער ווייסל (וויסלא). דער שטאַרקסטער, סיי לויט דער מיטגלידערשאַפט, סיי לויט דער צאָל ספּאָרט געביטן, אויף וועלכע ער איז געווען טעטיק, איז אָבער געווען דער אַרבעטער־ספּאָרט־קלוב „גוויאַזדא" (שטערן) — איבער 2,000 מיטגלידער זיינען געווען איינגעטיילט אין 12 פאַרשיידענע ספּאָרט־סעקציעס. פון אַלע וואַר־שעווער יידישע ספּאָרט־פאַרבאַנדן איז די „גוויאַזדא" וואָס איז געווען דער ספּאָרט־פאַרבאַנד פון די לינקע פּועלי־ציון — געווען דער איינציקער וואָס איז געווען אָנגעשלאָסן אינם אַלגעמיינעם פאַרבאַנד פון די ספּאָרט־פאַריינען אין דער פּוילישער רעפּובליק.

צו די גרעסערע ספּאָרט־קלובן דאַרפן אויך צוגערעכנט ווערן די „יוטשענקא" (מאָרגנשטערן) פון „בונד", דער „הפועל" פון די רעכטע פּועלי־ציון און דער „זשאַר" (פלאַם), פון די לינקע „פּועלי־ציון" אין דער פאָר־שטאָט פּראַגע. אַ חוץ זיי האָבן נאָך עקזיסטירט צענדליקער אַנדערע קלע־נערע ספּאָרט־קלובן, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט די גרעסערע אַ סך אויפגע־טאָן פאַר דער פיזישער אַנטוויקלונג פון דער יידישער יוגנט.

אין אָנגעזען אָרט אינם געזעלשאַפטלעכן יידישן לעבן האָט אויך פאַר־נומען דער „טאָז" (פאַריין צום שוץ פון געזונט), וואָס האָט אויסגעהאַלטן אייגענע מעדיצינישע באַראַטונגס־שטעלן, זומער־קעמפּס פאַר אָרעמע קינ־דער און צוגעשטעלט היגיעניסטן פאַר אַלע יידישע פאָלקס־שולן.

4.

## די ראָל און דער גורל פון די ווארשעווער יידן אין דער לעצטער מלחמה

אינם יאָר 1939, ווען איבער פּוילן האָט געהאָנגען די געפאַר פון אַן אָנגריף מצד היטלער־דייטשלאַנד, האָבן די ווארשעווער יידן, פּונקט ווי זייערע זיידעס אינם יאָר 1863, בעת דעם פּוילישן אויפשטאַנד קעגן דער צאַרישער הערשאַפט איבער פּוילן, אַרויסגעוויזן אַ הויכן גראַד פון בירגער־לעכן פליכט־באַוואוסטזיין. פון די 25 מיליאָן דאָלאַר, וואָס די פּוילישע

יידן האָבן במשך פון אַ קורצער צייט צוגעטראָגן צום „פאָנד פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג", זיינען נאָר אַ גרויסער טייל געווען די פּריוואַטע באַשטייערונגען פון די 375,000 וואַרשעווער יידן. געגעבן האָבן אַלע — די רייכע און די מיטעלע שיכטן, לויט זייערע מעגלעכקייטן און די אַרבעטער מיט די איבעריקע אומפאַרמעגלעכע עלעמענטן — איבער זייערע מעגלעכקייטן. די באַאַמטע פונם מלוכהשן פאַרטיידיקונגס־אַפּאַראַט, האָבן זיך אָבער נישט באַנוגנט מיט דעם וואָס די יידן האָבן איין מאָל געגעבן, נאָר זיי האָבן מיט די פאַרשידנסטע „קונצן" וואָס מער אַרויסגעדריקט ביי דער יידישער באַפעלקערונג . . .

די יידישע באַפעלקערונג אין וואַרשע האָט זיך אין אַלע צייטן אויסגעצייכנט מיט איר בירגערלעכער פליכט־דערפילונג. אין 1863 האָט דער וואַרשעווער רב ר' בעריש מייזעלס גערופן די יידישע יוגנט אַריינצוטרעטן אין די פּריוואַטע קאַמפס-באַטאַליאָנען פון יידיש־פּוילישן אויפשטאַנדס־העלד קאָלאָנעל בערעק יאָסעלעוויטש און ביי די רייכערע יידן האָט ער געזאַמלט געלט פאַר די פּוילישע אויפשטענדלער. אין 1905, בעת דער ערשטער דורכגעפאַלענער רוסישער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, איז אַ וואַרשעווער פרייהייטס־קעמפער, דער ייד קאַרוזע, דער ערשטער אויפגעהאָנגען געוואָרן אויף אַ צאַרישער תליה, פאַרן אָנטיילנעמען אין דער אונטערערדישער באַוועגונג פאַר פּוילנס אומאָפּהענגיקייט. מענדל פינקעל איז געווען דער צווייטער ייד פון די ערשטע פינף צום טויט פאַרמשפּטע פּוילישע פרייהייטס־קעמפער. — ברוך שולמאַן אַ יידישער אַרבעטער איז געגאַנגען אויפן עשאַפאָט, דערפאַר וואָס ער האָט אויסגעפירט אַן אַטענטאַט אויף אַ צאַרישן סאַטראַפּ און אומעטום האָט מען דערנאָך יאָרנלאַנג געזונגען „דאָס ליד פון ברוך שולמאַן", וואָס דאָס פאָלק האָט וועגן אים פאַרפאַסט.

די יידישע מאַסן האָבן בעת דער איצטיקער מלחמה, מאַסנווייז זיך באַטייליקט סיי אין דער פּוילישער אַרמיי ביים פאַרטיידיקן דאָס לאַנד קעגן אָנפאַל מצד די דייטשן, סיי אין די פּריוואַטע פּוילישע באַטאַליאָנען וואָס זענען שפּעטער אָרגאַניזירט געוואָרן אין ראַטנפאַרבאַנד, מיטן צוועק צו באַפרייען פּוילן פונם דייטשן יאָך.

מאַסנווייז האָבן זיך אויך אין סוף אויגוסט און אין אָנהויב פון סעפּטעמבער 1939 די וואַרשעווער יידישע אַרבעטער־מאַסן, וועלכע זיינען נישט געווען אַריינגעצויגן אין דער אַרמיי, געשטעלט צו די שוץ־אַרבעטן אַרום וואַרשע. אונטער דער אָנפירונג פון זייערע פאַריינס־סעקרעטאַרן, האָבן אין די פינסטערע נעכט מאַרשירט די יידישע שניידער און סטאָליאַרעס די קעלנער און טרעגער, די האַנדלס־אָנגעשטעלטע און אַלע אַנדערע פּראָפעסיאָנעל אָרגאַניזירטע פאַריינס־מיטגלידער, כדי צו גראָבן און צו בויען די פאַרטיידיקונגס־ליניע פון וואַרשע.

די מאַכט פון דייטשן שונא, די קראַפט פון זיינע מאָטאָריזירטע אָפּ־טיילונגען איז אָבער געווען שטאַרקער און ער האָט באַזיגט פוילן. די וואַר־שעווער יידן זיינען פונקט ווי די יידן אין לאָדזש, אין קראָקע און אין צענדליקער אַנדערע שטעט, דורך די דייטשן אָפּגעשלאָסן געוואָרן אין אַן ענגן געטאָ, וואו זיי זיינען במשך פון העכער 3 יאָר אויף אַ סאַדיסטיש־פאַרברעכערישן אופן געפייניקט און אויסגעהונגערט געוואָרן. די עטלעכע הונדערט טויזנט וואַרשעווער יידן, זיינען פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אויף דעם אכזריותדיקן אופן אומגעבראַכט געוואָרן און לעבן גע־בליבן זיינען בלויז אַן ערך 35,000 נפשות, דערונטער דער רוב יונגע און אַרבעטס־פעיקע, וועלכע די נאַציס האָבן באַצייכנט אַלס „ווירטשאַפטלעך־נוצלעכע". אָבער אויך זיי האָט געדראָט די סכנה, נאָכן פאַרענדיקן פון זייער אַרבעט „פאַרגאַזט" צו ווערן, האָט זיך ביי זיי דערוועקט דער גייסט פון די מאַקאַבעער און — הגם אָן אויסזיכטן אויף וועלכן ס'איז דערפאָלג — זיינען זיי אַרויס אין אַן אָפּענעם באַוואָפנטן קאַמף קעגן אַי־בערמעכטיקן דייטשן שונא. 6 וואָכן האָבן זיי פאַרצווייפלט געקעמפט קעגן קאַנאָנען, טאַנקען און מאַשינען־געווער . . . ווי די העלדן זיינען זיי געפאַלן, טויטנדיק דערביי איבער 1,000 דייטשן. דער פינאַל פון דעם דאָ־זיקן העראָישן און כמעט לעגענדאַרישן קאַמף איז געווען, אַז די וואַרשעווער געטאָ איז פולשטענדיק פאַרברענט געוואָרן באַגראָבנדיק אונטער אירע חורבות טויזנטער לעבעדיקע קרבנות. אָבער אַ טייל פון די קעמפנדע אָפּ־טיילונגען איז דאָך געלונגען זיך דורכצורייסן דורך דעם דייטשן מיליטערישן קאָרדאָן, אָדער דורך די קאַנאַליזאַציע־רערן זיך אַרויסצובאַקומען אונטער דער שטאָט און זיי האָבן דערנאָך אַ צייט־לאַנג געקעמפט ווי פאַרטיזאַנען אין די וועלדער.

איצט לעבן ווידער אין וואַרשע עטלעכע טויזנט יידן — אַ טייל אָפן אַלס יידן און אַ טייל נאָך אַלץ אונטער פוילישע נעמען — און עס זענען דאָרט שוין פאַראַנען סימנים פון אַ יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס איז אָבער בלויז אַ בלאַסער זכר פונם אַמאָליקן גרויסן און פילפאַרביקן יידישן צענטער, וואָס האָט געלעבט און געקעמפט אינם פאַרמלחמה'דיקן יידישן וואַרשע . . .



# לאָדזש

לאָדזש איז געווען אין פּוילן, די צווייט-גרעסטע שטאָט, מיט אַ באַפעלקערונג פון אַן ערך 600,000 איינוואוינער — דערפון קנאַפּע 200,000 יידישע נפשות. לאָדזש איז, פאַרהעלטנישמעסיק, געווען אַ יונגע שטאָט. צום אָנהויב פונ׳ם 19טן יאָהרהונדערט איז עס נאָך געווען אַ דאָרף אין וועלכן עס האָבן געוווינט קוים עטלעכע יידישע משפחות.

די ערשטע יידישע פאַמיליעס האָבן אַהין איינגעוואַנדערט אינם יאָר 1785 פונם שכנות׳דיקן דאָרף לענטשיץ און אינם יאָר 1822 איז שוין לאָדזש געווען אַ שטעטל מיט 282 יידישע נפשות, לרוב בעלי־מלאכות, וועלכע זיינען שוין געווען אָרגאַניזירט אין אַן אייגענער קהלה, מיט אַ רב, מיט 2 שוחטים און — אַ חוץ די מלמדים — אויך אַ מאָדערנער לערער.

אויב לאָדזש האָט זיך אין אינדוסטריעלער הינזיכט אַזוי גיך און אַזוי הויך אַנטוויקלט, אַז ס׳איז אין דער וועלט גערופן געוואָרן דאָס „פּוילישע מאַנטשעסטער״, איז דאָס, אין ערשטער ריי, געשען אַ דאַנק דער אומדערמידליכער מי, פלייס און ענערגיע פון דער דאָרטיקער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט געשפּילט אַ פּיאָנערן־ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון דער דאָרטיקער טעקסטיל־אינדוסטריע.

פונם יאָר 1839 — אַלזאָ, נענטער מיט 100 יאָר פאַרן אויסברוך פון דער לעצטער מלחמה — ביזן יאָר 1842, זיינען דאָרט דורך יידן געגרינדעט געוואָרן די ערשטע 3 טעקסטיל פאַבריקן און פון דעמאָלט אָן, ווען דאָרט איז נאָכנישט געווען קיין איינציקער דייטש, האָט לאָדזש אָנגעהויבן צו גיין באַרג־אַרויף. די שטאָט איז געוואַקסן אין אַ גיכן טעמפּאָ און צוזאַמען דערמיט איז אויך ראַש געוואַקסן די דאָרטיקע יידישע באַפעלקערונג, אַזוי אַז צום סוף פונם 19טן יאָהרהונדערט, אינם יאָר 1897, האָט לאָדזש שוין פאַרמאָגט הונדערטער טעקסטיל פאַבריקן מיט אַ באַפעלקערונג פון 314 טויזנט איינוואוינער און דערונטער קנאַפּע 100 טויזנט יידן.

לאָדזש איז צוליב דער טעקסטיל־אינדוסטריע, וואָס די יידן האָבן דאָרט איינגעפירט און זי כסדר טעכניש אַנטוויקלט אויף אַן אַלץ העכערער מדרגה, געוואָרן דער גאָלד־גרובן, דער צוציאונגס-פונקט פאַר יידן און פאַליאַקן פון אַלע אַנדערע פּוילישע געגנטן. מאַסנווייז האָבן אַהין געשטראָמט פאַראָרעמטע פּוילישע פּויערים און דעקלאַסירטע יידישע פאָלקסמאַסן, וועלכע זיינען דאָרט געוואָרן פּראָדוקטיווע אַרבעטער אין די אומצייליקע גרויסע און קליינע פאַרשידנאַרטיקע טעקסטיל פאַבריקן, וועלכע

עס האָבן געבויט די איינגעוואנדערטע יידן פון ווארשע און פון ביאַליסטאָק און שפּעטער אויך רוסישע יידן, וואָס זיינען פון דער צארישער רעגירונג ארויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע פריעדיקע וואוינערטער.

לויט די אָפיציעלע ציפערן פון דער לעצטער פאָלקס-ציילונג אין פוילן, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן צום סוף פון יאָר 1931, ווען לאָדזש האָט שוין פארמאָגט א יידישע באפעלקערונג פון 194 טויזנט נפשות, האָבן די יידן געבילדעט 70 פּראָצענט אין דער שפּינדל־אינדוסטריע. א חוץ דעם זיינען זיי אויך געווען זייער שטארק פארטראָטן אין דער באַקליידונג-אינ־דוסטריע און אין אַלע איבעריקע פּראָדוקציע צווייגן, וואָס האָבן דאָרט עקזיסטירט — פּונקט ווי אין האנדעל, טראנספּאָרט און אין אַלע פרייע פּראָפעסיעס.

די דייטשן, דערקעגן, וועלכע האָבן ערשט אין דער צווייטער העלפט פונם 19טן יאָהרהונדערט אָנגעהויבן איינצואוואנדערן קיין לאָדזש, וואו זיי האָבן באקומען עקזיסטענץ-מעגלעכקייטן, נאָר א דאנק דער אנטוויק־לונג פון דער יידישער טעקסטיל־אינדוסטריע, האָבן ביז פאַר דער איצ־טיקער מלחמה נישט געבילדעט מער ווי קוים עפּעס איבער 8 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באפעלקערונג. צווישן די 50 טויזנט דייטשע נפשות האָבן זיך געפונען, סיי ארבעטער און סיי פאַבריקאַנטן. די דייטשע פאַברי־קאַנטן האָבן אָבער, אין קעגנזאַץ צו די יידישע, נישט אַריינגעלאָזט אין זייערע פאַבריקן נישט קיין פּוילישע און נישט קיין יידישע ארבעטער. זיי האָבן באַשעפטיקט ביי זיך, אויסשליסלעך „פאָלקס־דייטשן". זיי זיינען, אין אַלע צייטן און אין אַלע יאָרן, פינאַנציעל געשטיצט געוואָרן פון דייטש־לאַנדס מלוכה־קאַסע און גרויסע טיילן פון זיי האָבן אין געהיים דערפולט די ראָלע פון „דייטשע אַגענטן", און אַלע צוזאַמען זיינען געווען דער „דייטשער פאָרפּאָסטן אין מזרח־אייראָפּע", וועלכער איז מצד דייטשלאַנד צוגעגרייט געוואָרן אויף צו דעראָבערן פאַרן דייטשן רייך מער „לעבנסרוים".

שטיצנדיק זיך אויף די דאָזיקע 50 טויזנט דייטשן אין לאָדזש און אויף די איבריקע דייטשן פון דער ארומיקער געגנט, האָט די דייטשע מאַכט, באַלד אין די ערשטע עטלעכע וואָכן פון דער איצטיקער מלחמה, „דער־קלערט" די גאַנצע לאָדזשער געגנט, וואָס געפינט זיך ביים „וואַרטאַ"-טייך, אַלס דייטשע פּראָווינץ און זי באַלד איינגעשלאָסן אינם „דריטן רייך."

פּאַראַלעל מיט דעם דאָזיקן „אַנשלוס"—און אפילו נאָך פריער, כדי זיך צוצוגרייטן דערצו דעם באָדן — האָט די היטלער־אַדמיניסטראַציע, באַלד אין די ערשטע טעג נאָך איר אַריינמאַרש קיין לאָדזש, אָנגעהויבן אָנצואווענדן די ברוטאַלסטע און באַרבאַרישסטע מיטלען, כדי צו ערשט

צו באַרויבן און דערנאָך סיסטעמאַטיש אויסצוראַטן די דאָרטיקע יידישע באַפעלקערונג.

לאָדזש איז אַזוי־אַרום געווען די ערשטע שטאָט, וואו די דייטשן האָבן אָנגעווענדעט זייער פּראַקטיק אויפן לעבעדיקן אָרגאַניזם פון דער דאָר־טיקער יידישער קהלה. די ערשטע דראַסטישע אַנטי־יידישע גזירות זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין לאָדזש. דער ערשטער בלוטיקער פּאָגראָם איז דורך געבעלסן אָרגאַניזירט געוואָרן אין לאָדזש. די ערשטע מאַסן־דעפּאָר־טאַציעס פון דער יידישער באַפעלקערונג זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין לאָדזש און די ערשטע אַרומגעמויערטע געטאָ איז איינגעפירט געוואָרן אין לאָדזש. דאָס אַלץ איז, מצד דער דייטשער אָקופּאַציע-מאַכט, סיסטעמאַטיש און אויסגערעכנט צוגעגרייט און דורכגעפירט געוואָרן מיטן אייניציקן ציל: צו דערגרייכן אַ טאָטאַלע אויסראָטונג פון די 200 טויזנט לאָדזשער יידן און אויף זייער אָרט צו באַזעצן די איבערגעבראַכטע דייטשן פון די באַלטישע לענדער.

קודם־כל האָבן זיי געענדערט דעם נאָמען פון דער שטאָט אויף „ליטצ-מאַנשטאַט" — אויפן נאָמען פון אַ דייטשן גענעראַל, וועלכער האָט אינם יאָר 1914, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, דעראָבערט לאָדזש — און וועלכער ייד, אָדער פּאָליאַק, עס האָט אין וואָרט, אָדער אין שריפט, זיך באַנוצט מיטן אַלטן נאָמען פון דער שטאָט, אַנשטאַט "ליטצמאַנשטאַט", און דערפאַר שטרענג באַשטראָפט געוואָרן.

דער דייטשער בלאָף־מיניסטער, יאָזעף געבעלס, איז אין נאָוועמבער 1939 אַליין געקומען קיין לאָדזש און פּערזענלעך אָנגעפירט מיט אַ בלוּ־טיקן פּאָגראָם אויף דער יידישער באַפעלקערונג. 2 שעה־צייט האָבן גע־אַרבעט די היטלעריסטישע מאַשין־ביקסן, שיסנדיק אויף דורכגייענדיקע יידן און אַריינשיסנדיק אין די יידישע וואוין-הייזער. דערנאָך האָבן זיך די „שטורמיסטן" געלאָזט איבער די יידישע וואוינונגען און אויסגערויבט אַלץ וואָס עס איז זיי געקומען אין די הענט-אַריין: צירונג און מלבושים, סחורות און מעבל־איינריכטונגען און דערביי האָבן זיי געשלאָגן יעדן יידן — מאַן אָדער פרוי — וואָס זיי האָבן נאָר געטראָפן. זויג-קינדער האָבן זיי אַרויסגעוואָרפן דורך די פענסטער פאַר די אויגן פון זייערע מאַמעס, וועלכע זיינען דערנאָך פאַר צער און ווייטאָג משוגע געוואָרן.

קורץ נאָכן פּאָגראָם, אין דעצעמבער 1939, און אין יאַנואַר 1940, האָט זיך די דייטשע מאַכט פּלוצים אַרומגעזען, אַז אין לאָדזש זיינען פאַראַנען „צופיל" יידן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַכזריותדיקע מאַסן־דעפּאָרטאַציע — אַ באַרבאַרישער גירוש — פון די לאָדזשער יידן. 30 טויזנט יידן זיינען במשך פון די דערמאָנטע 2 חדשים אַרויסגעטריבן

געוואָרן בערום ובחוסר כל — אָן וואַרעמע מלבושים, אָן לעבנסמיטלען און אָן אַ דערלויבניש עפּעס מיטצונעמען מיט זיך.

אַ פּאָליאַק, וועלכן עס איז געלונגען צו אַנטלויפן פון לאָדזש און זיין אַרויסצוראַטעווען פון אייראָפּע, האָט דערנאָך צוגעשיקט צו דער רעדאַקציע פונם וועכנטלעכן בויולעטין „פּאָלאַנד פייטס", וואָס איז בעת דער מלחמה דערשינען אין ניו־יאָרק, דעם פאָלגענדן ראַפּאָרט:

„אין דעצעמבער 1939 און אין יאַנואַר 1940 — בעת די גרעסטע קעלטן — האָט די דעפּאָרטאַציע פון די לאָדזשער יידן דערגרייכט דעם העכסטן מאַסשטאַב. ספּעציעל מערדערלעך זיינען די דייטשן געווען לגבי דער יידישער אינטעליגענץ. אין מיטן דער נאַכט פלעגט מען די יידן צונויפטרייבן אין נישט־געהייצטע פאַבריקס־לאָקאַלן און דערנאָך זיי אַריינגעפּאַקט צו 60-70 פערזאָן אין אָפענע קוילן וואַגאָנען, אין וועלכע מען האָט זיי אָפּטראַנספּאָרטירט אין גענעראַל גאָווערנמענט. פרויען און קינדער זיינען אויפן וועג אויסגעפרוירן געוואָרן אויף טויט. די דירות און די מעבל פון די דעפּאָרטירטע יידן האָט די דייטשע מאַכט איבערגעגעבן צו דייטשן וואָס זיינען קיין לאָדזש געבראַכט געוואָרן פון די באַלטישע לענדער."

אָנהויב פעברואַר 1940 זיינען די דעפּאָרטאַציעס אָפּגעשטעלט געוואָרן און דער „פירער" פון דער לאָדזשער „שטורם־שטאַפּעטען בריגאַדע" (ס. ס.) האָט דעם 8טן פעברואַר אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג, אַז אין לאָדזש ווערט פאַר דער יידישער איבערגעבליבענער באַפעלקערונג איינגעפירט אַ „געטאָ." אַלס דאָס „געטאָ" איז באַשטימט געוואָרן דער אָרעמער און סאַניטאַריש פאַרנאַכלעסיגטער שטאָט־קוואַרטאַל „באַלוט" וואו עס האָבן שוין פון פריער געוואוינט אַן ערך פון 50 טויזנט יידישע נפשות. דער 30טער אַפּריל 1940 איז געווען דער לעצטער טאָג, אין וועלכן די לאָדזשער יידן האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע הייזער, פאַבריקן און געשעפטן, פון אַלע איבריקע שטאָט־טיילן און זיך אַריבערציען אין „באַלוט". זיי האָבן נישט געטאָרט מיטנעמען מיט זיך, נישט זייערע אַרבעטס־מאַשינען, נישט זייערע מעבל — אויב זיי זיינען נאָכנישט געווען צערויבט — און אפילו נישט זייער גאַנצע קליידער־גאַרדעראָב. יעדער ייד האָט „געמעגט" מיטנעמען מיט זיך נאָר אַזוי פיל באַגאַזש וויפל ער האָט געקענט מיטטראָגן מיט־זיך אין די הענט, אָן דער הילף פון וועלכן ס'איז טראַנספּאָרט־מיטל.

דעם 1טן מאַי 1940—אינם ערשטן טאָג ווען די לאָדזשער געטאָ איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן — האָט די פּועלי־ציון „יוגנט" אָרגאַניזירט אַן אַנטי־היטלעריסטישע דעמאָנסטראַציע איבער די גאַסן פון באַלוט מיט

אַנטי־נאַציאָנאַלע לאָזונגען און מיטן געזאַנג פון דער „שבועה“ האָבן זיי מאַרשירט ביז די פּאָליציי האָט זיי פונאַנדערגעטריבן און עטלעכע פון זיי אַרעסטירט.

די אמתע צרות פאַר די לאָדזשער יידן האָבן זיך אָנגעהויבן ערשט אין געטאָ גופא. היות באַלוט פאַרמאָגט נישט קיין קאַנאַליזאַציע און דער גרעסטער טייל פון די הייזער זיינען אַלטע, אָן וואַסער־לייטונג, האָט דאָס צוזאַמען מיט דער מוראדיקער ענגשאַפט, אַרויסגערופן אַ טיפוס-עפּידעמיע, פון וואָס די שטערבלעכקייט האָט אָנגענומען מוראדיקע פאָרמען, דערגרייכנדיק 8 מאָל אַזוי פיל ווי פאַר דער מלחמה.

די לאָדזשער געטאָ האָבן די דייטשן באַטראַכט ווי אַ פּרואוו, ווי אַזוי אויף אַ טאָטאַלן אויפן אויסצוראָטן די יידישע באַפעלקערונג פון גאַנץ פוילן און דעם 5טן אַפּריל 1941 האָט טאַקע די „קעלנישע צייטונג“ וועגן דעם געשריבן: „הגם די לאָדזשער געטאָ איז לכתחילה געווען בלויז אַ פּרואוו, אַ פאַרשפּיל צום לייזן די יידנפראַגע, האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז די בעסטע און פּאָלקאָמסטע צייטווייליקע לייזונג פון דער יידנפראַגע.“

די לאָדזשער געטאָ-יידן זיינען געצוואונגען געוואָרן צו אַרבעטן פאַר דער נאַצישער אַרמיי. די לאָדזשער שניידער־אַרבעטער, וועלכע פלעגן פריער פּראָדוצירן מלבושים פאַר די ענגלישע קאָלאָניעס אין אַפריקע, האָבן איצט געמוזט נייען אוניפאָרמען פאַר די דייטשע לופט־פליער. די טעקסטיל אַרבעטער האָבן געמוזט פּראָדוצירן וואַרעמע וועש און סוועטערס פאַר דער דייטשער אַרמיי און די איבריקע יידן פלעגן יעדן אינדערפרי אַרויסגעפירט ווערן פון געטאָ, אונטער דער וואַך פון די ס. ס. כדי אויסערהאַלב דער שטאָט אַ גאַנצן טאָג צו בויען וועגן. זיי אַלע האָבן געאַרבעט 18 שעה טעגלעך, ביי אַ פּערמאַנענטן הונגער, און כמעט יעדן טאָג זיינען צענדליקער פון זיי געפאַלן ביי דער אַרבעט אויסגעשעפּטע און פאַרחלשטע.

די דייטשע מאַכט האָט לגבי דער יידישער באַפעלקערונג געפירט אַ ספּעציעלע, אַ בייזוויליקע, אויסהונגערונגס־טאַקטיק. פאַר דער אַרבעט האָבן זיי נישט געקראָגן קיין געלט, נאָר אַזעלכע ספּעציעלע „אַרבעטס מאַרקעס“ פאַר וועלכע זיי האָבן באַדאַרפט אין די שטאָטישע קראָמען צו באַקומען לעבנסמיטלען. זיי איז אָבער דערלויבט געווען צו גיין אין די שפּייז קראָמען נאָר אין די פאַר־נאַכטיקע שעה׳ן, דעמאָלט ווען עס איז שוין גאָרנישט געווען צו באַקומען. אַ חוץ דעם, איז פאַר די יידן געווען באַשטימט, צוערשט בלויז אַ פערט־חלק דערפון וואָס דייטשן האָבן באַקומען, אָדער קוים אַ העלפט — און שפּעטער נאָך אַ קלענערער פּראָצענט — דערפון וואָס פּאָליאַקן האָבן באַקומען און דאָס אויך נישט פון אַלע לעבנס־מיטל-אַרטיקלען.

די אויבנדערמאָנטע נאַצישע „קעלנישע ציישונג", פונם 20טן פעברואַר 1941, האָט וועגן דעם געשריבן: „שפּייז וועט פאַר די יידן געשיקט ווערן אינם לאָדזשער געטאָ, נאָר אַזוי פיל פאַר וויפל זיי וועלן פון דאָרט אַרויסשיקן אינדוסטריעלע אויסאַרבעטונגען."

דערפון איז צו זען, אַז סיי פאַר די שוואַרצע אַרבעטער, סיי פאַר די אַלע וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט אין די שפּיטאָלן, אין דער קהלה, אין דער יידישער אַדמיניסטראַציע און סיי פאַר די משפחה־מיטגלידער פון די אינדוסטריעלע אַרבעטער, איז קיין שפּייז בכלל נישט געשיקט געוואָרן און דאָס אַלץ צוזאַמען האָט דאָרט געשאַפן אַ מורא'דיקן הונגער.

ביי אַזאַ סיטואַציע האָט געמוזט אַנטשטיין אַן אומלעגאַלער האַנדל מיט לעבנסמיטלען און דער רעזולטאַט פונם אומלעגאַלן האַנדל מיט עסנוואַרג איז געווען, אַז בלויז ביזן חודש מאַי פון 1941, זיינען 345 יידן און צענדליקער פּאָליאַקן פאַרשיקט געוואָרן אין די דייטשע קאָנצענטראַציע לאַגערן.

הונדערטער יידן זיינען במשך פון די ערשטע 2 מלחמה יאָר, פאַר בלומרשטדיקע חטאים, ווי, למשל, פאַר וואַלוטע האַנדל, אָדער בכלל אָן וועלכע ס'איז סיבות, פון דער דייטשער „געשטאַפּאָ" דערשאָסן געוואָרן, אָדער מאַסנווייז פאַרשיקט געוואָרן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

דערשיסונגען און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, מאַסן־שטערבלעכקייט פון עפּידעמיעס און די ערשטע דעפּאָרטאַציעס — האָבן באַדייטנד פאַרקלענערט די לאָדזשער יידישע באַפעלקערונג, אָבער עס זיינען נאָך אַלץ געווען דאָרטן צענדליקער טויזנטער יידן און דאָס האָבן די דייטשן נישט געקענט פאַרליידן. האָבן זיי אין פאַרלויף פון לעצטן האַלבן יאָר פון 1942, פאַרשטאַרקט זייער אויסראָטונגס־מאַשין, מאָרדנדיק די יידן אויף רעכטס און אויף לינקס. אַלע איבעריקע יידן זיינען כמעט ביז אויפן לעצטן מאַן, מאַסנווייז דעפּאָרטירט געוואָרן צו שקלאַפן־אַרבעט, אָדער צו גאַז־עקזעקוציעס, ביז די אָפיציעלע לאָדזשער נאַצישע צייטונג — די „ליטצמאַנשטעטישע צייטונג" — האָט זיך ענדלעך געקענט באַרימען אַז „די רעשטלעך פון דער יידישער רעליגיע זיינען שוין באַזייטיקט, נאָכדעם ווי אַלע יידן זיינען פון לאָדזש אַרויסגעטריבן געוואָרן."

אַט אַזוי האָבן די נאַצים חרוב געמאַכט איינע פון די גרעסטע און שענסטע יידישע קהלות, וועלכע האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַזאַ הערלעך קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די יידן אין פּוילן — אַ קאַפּיטל פון אַ קהילה, וואָס האָט געברויזט און געשפּרודלט מיט געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן און קולטורעלן יידישן לעבן.

* * *

# לעמבערג

דער מזרח׳דיקער טייל פון גאַליציען, וואָס ווערט איצט גערופן מערב־אוקראַינע, האָט פאַר דער איצטיקער מלחמה געציילט אַ יידישע באַפעלקערונג פון העכער 600 טויזנט נפשות. דאָס האָט אויסגעמאַכט 75 פּראָצענט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין גאַנץ גאַליציען. די קאָמפּאַקטקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין מזרח-גאַליציען דאַטירט זיך נאָך פון מיטלאַלטער, און פאַר דעם פונאַנדערפאַלן־זיך פון דער פּוילישער מלוכה אינם יאָר 1793. דערצו האָט גורם-געווען, סיי די דעמאָלט־דיקע פּאָליטיק פון די פּוילישע פּריצים, וועלכע האָבן גראָד אין יענעם טייל פון גאַליציען פּאַוואָריזירט דעם יידישן עלעמענט, כדי אָפּצושוואַכן די נומערישע באַדייטונג פון דער רוטענישער באַפעלקערונג, וואָס איז געווען אַ מערהייט לגבי דער פּוילישער; סיי די שפּעטערדיקע פּאָליטיק פון די עסטרייכישע הערשער, וועלכע האָבן דאָסגלייכן פּריווילעגירט די יידן אַלס רעגירונגס-געטרייען עלעמענט.

אין רעזולטאַט פון די דאָזיקע סיבות זענען אין גאַנץ מזרח־גאַליציען דורך די יידן אויסגעבויט געוואָרן צענדליגער מיטלמעסיקע שטעט מיט אַבסאָלוטע יידישע מערהייטן און די עטלעכע גרויסע שטעט, מיט לעמבערג בראָש, האָבן פון תמיד־אָן ביז פאַרן אויסברוך פון דער לעצטער מלחמה, שטענדיק געהאַט אַ גרויסע און איינגעפונדעוועטע יידישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט געציילט פון 30-40 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער שטאָטישער באַפעלקערונג. אַ גרויסער טייל פון האַנדל איז לרוב געלעגן אין יידישע הענט. דער האַנטווערק, איז לכתחילה אַנטוויקלט געוואָרן דורך יידן און זיי האָבן ביז 1939 כמעט דאָמינירט אין דעם דאָזיקן פּרנסה־צווייג. אויך אין דער גרויסער אינדוסטריע, אויף וויפל זי איז פאַראַנען געווען אין מזרח־גאַליציע — די נאַפט־און וואַקס־פּראָדוקציע אין באָריסלאַוו און אין סכאָדניץ, די טעקסטיל־אינדוסטרי אין קאָלאָמיי, די שוועבעלעך־פאַברי־קאַציע אין באָלעכאָוו, די זאַלץ-גרובן אין קאָלוש א. א. וו. — זענען אַנט־שטאַנען מיט דער איניציאַטיוו און מיט די פינאַנסיעלע מיטלען פון יידן און ס׳זענען אפילו געווען צייטן, ווען אין די דאָזיקע אינדוסטריען זענען געווען באַשעפטיקט אַסך טויזנטער יידישע לוין־אַרבעטער, וועלכע זענען אָבער צום סוף פונם 19־טן יאָרהונדערט, אַרויסגעשטויסן געוואָרן און זיי זענען פאַרביטן געוואָרן אויף נישט־יידישע.

די היים־אינדוסטריע אין דרום־מזרח׳דיקן ווינקל פון גאַליציע — אין קאָלאָמיי און איר אומגעבונג — וועלכע האָט באַזאָרגט גאַנץ עסטרייך

און שפּעטער גאַנץ פּוילן מיט קילימס (וואַנט־טעפּיכן) און מיט געהעקלטע פענסטער־פאָרהאַנגען, איז געשאַפן געוואָרן און איז ביז 1939 אָנגעפירט געוואָרן דורך די דאָרטיקע יידן. די אומצייליקע טאַרטאַקן (האָלץ־זעגע־רייען), וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט אויסהאַקן די געדיכטע מזרח־גאַליצישע קאַרפּאַטן־וועלדער און האָבן פון די ביימער אויסגעאַרבעט בוי־מאַטעריאַלן, זענען אויך אַמאָל געווען אויסשליסליך אין יידישע הענט.

די מזרח־גאַליצישע יידן זענען אויך, פאַרהעלטנישמעסיק, געווען אין אַ באַדייטנדער מאָס פאַרטראָטן אין דער לאַנדווירטשאַפט. די יידישע גרויסע לאַנד־באַזיצער, מיטלמעסיקע ערד־פּאַכטער און קליינע פּויערים, וואָס האָבן אינגאַנצן, אָדער לכל־הפּחות טיילווייז געלעבט פון זייער לאַנדווירטשאַפטלעכער באַשעפטיקונג האָבן אפילו אין די לעצטע יאָרן אין מזרח־גאַליציען באַטראָפן 10 פּראָצענט פון דער גאַנצער דאָרטיקער יידישער באַפעלקערונג, וואָס דאָס איז געווען אַ גרויסער פּלוס לגבי די פאַרהעלטנישן אויף דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן געביט אין אַנדערע לענדער, אָדער אפילו אין אַנדערע טיילן פון פּוילן גופא.

אין מזרח־גאַליציען האָט מען אויך, באַזונדערס אין די צייטן פון דער עסטרייכישער אַנעקסיע, געזען אַסך יידן אַלס מלוכה־בעאַמטע, אין די פּאָסט־אַמטן, ביים באַן־וועזן, אין די געריכטן, אין די שטייעראַמטן, און אין אַנדערע אַדמיניסטראַטיווע מלוכה־אַמטן. נאָכן ערשטן וועלט קריג — 1918־1919 — האָט זיך די לאַגע אין דער דאָזיגער הינזיכט באַדייטנד געענדערט צום אומגונסטן פון די יידן — אָבער אַ געוויסער טייל פון יידישע בעאַמטן זענען נאָך אַלץ געבליבן.

אין די 20 יאָר, צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן די מזרח־גאַליצישע יידן נישט געהאַט צו פאַרצייכענען קיין צופרידנשטעלנדיקע אַנטוויקלונג פון זייער עקאָנאָמישער לאַגע, סיי צוליב דעם וואָס מזרח־גאַליציע איז בכלל שטיפמוטערלעך באַהאַנדלט געוואָרן מצד דער פּוילישער רעגירונגס־מאַשין, סיי צוליב־דעם וואָס די נאַציאָנאַלע קאַמפן צווישן די אָרטיקע רוטענער (אוקראַאינער) און פּאָליאַקן האָט זיך פּאַטאַל אויסגעווירקט אויף דער עקאָנאָמישער פּאָזיציע פון די יידן אַלס אַ נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישער קיבוץ, וואָס איז שיעור נישט אויפגעריבן געוואָרן צווישן ביידע קעמפנדע צדדים.

די יידישע יוגנט האָט נישט געהאַט פאַר זיך קיין שום פּערספּעקטיוון און זי איז דערפאַר מאַסנווייז אויסגעוואַנדערט קיין ארץ־ישראל, אויף וויפל די יידישע „אַגענץ" האָט איר נאָר געקענט אַנטקעגנקומען מיט איינוואַנדערונגס־סערטיפיקאַטן. די יידישע אינטעליגענץ, געוועזענע מלוכה־בעאַמטן, לערער, אינזשענירן, אַדוואָקאַטן א. ד. גל. האָט לרוב נישט געפונען קיין

באַשעפטיקונג פאַר זיך און זי האָט ממש פאַרפלייצט דעם אַרבעטס־מאַרק פון די דאָזיקע פּראָפעסיעס אינם איבעריקן טייל פון פּוילן. דער יידישער מיטל־און־קליין־שיכט האָט שטאַרק געפילט די קאָנקורענץ פון די ניי־אויפגעקומענע האַנדלס־שטאַנדן ביי די פּאָליאַקן און אוקראַינער און אַזוי האָט זיך געשאַפן אַ סיטואַציע, אַז די גרויסע מערהייט פון די 600,000 מזרח־גאַליצישע יידן האָבן ממש פאַרצווייפלט געקעמפט פאַר זייער באַשיידענער עקאָנאָמישער עקזיסטענץ.

אָבער — נישט־געקוקט אויף די אַלע נאַטירלעכע און אָפּטמאָל קינסט־לעך־אַרויסגערופענע „שוועריקייטן" — האָט דער דאָרטיקער יידישער יישוב פאַרטגעזעצט זיין אַנטוויקלונגס־פּראָצעס. עס איז אַנגעגאַנגען דער האַנדל־וואַנדל; די האַנטווערקער האָבן פּראָדוצירט זייערע אויסאַרבעטונגען און די הענדלער האָבן זיי פונאַנדערגעפירט איבער די שטעט און שטעטלעך; טיילן פון דער יוגנט האָבן געאַרבעט אין די פאַבריקן, אין די טאַרטאַקן, אויף פאַרמס און זיך געגרייט אָפּצופאָרן קיין ארץ־ישראל. דאָס אַלט־וואַרג — באַזונדערס אין די קליינע שטעטלעך — האָט געלעבט דערפון וואָס זיי פלעגן באַקומען פון זייערע קינדער אין אַמעריקע. אָבער, נישט־גע־קוקט אויף די עקאָנאָמישע שוועריקייטן, האָט זיך פונדעסטוועגן אין אונ־טערשטן סך־הכל, אינם גוזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן שטח פונם יידישן לעבן, באַקומען אַ בילד פון אַן אינטערעסאַנטן און פילפאַרביקן לעבן.

דער אינטערעסאַנטסטער, לעבעדיקסטער און פיל־פאַרביקסטער יידישער קיבוץ איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געווען לעמבערג מיט זיינע 80,000 יידישע נפשות. לעמבערג איז בכלל געווען איינע פון די עלטסטע יידישע קהלות אין פּוילן. די ערשטע יידישע איינוואוינער האָבן זיך דאָרט באַזעצט אינם 13־טן יאָהרהונדערט, ווען לעמבערג איז נאָך געווען יונג און קליין. זיי זיינען אַהין געקומען פון מזרח־זייט, דורך אַרמעניען, פּערסיען, קרים און טאַטאַרן־לאַנד. זיי זיינען אַהין געקומען אַלס רייזנדע־סוחרים און זענען דערנאָך שוין פאַרבליבן דאָרטן אַלס תושבים. אינם 14־טן יאָהר־הונדערט האָט שוין לעמבערג פאַרמאָגט 2 יידישע געמיינדעס: איינע אין צענטער פון דער שטאָט און די צווייטע אין די פאָרשטעט. לעמבערג איז, אַדאַנק די דאָזיקע פּיאָנערן פון האַנדל, געוואָרן אַ גרויסער האַנדלס־צענטער, וועלכער האָט פאַרבונדן דעם מזרח מיטן מערב. די יידישע סוחרים פלעגן אינם 15־טן, 16 און17־טן יאָהרהונדערט, פאָרן אין די מזרח־לענדער, כדי פון דאָרט צו ברענגען מזרחדיקע פּרוכטן, אָדער דאָרטיקע אויסאַר־בעטונגען, ווי פּערסישע דיוואַנען, איידל־שטיינער א. ד. גל. און דערנאָך זיי ווידער פונאַנדערפירן ביז קיין ווין, דאַנציג און לייפּציג.

יעדע נסיעה פון אַזאַ סוחרים־גרופּע, וואָס האָט אָפט געדויערט יאָרן, האָט דערנאָך פאַרגרעסערט דעם יידישן יישוב מיט ניי־צוגעקומענע יידן,

וואָס די יידישע סוחרים האָבן מיט זיך צוריקגעבראַכט, סיי פון די מערב־דיקע און סיי פון די מזרח־דיקע לענדער, אַזוי אַז אין מיטן פונם 17־טן יאָהרהונדערט האָבן אין לעמבערג שוין געלעבט 30,000 יידן. מיט דער צייט זענען אין לעמבערג, פונקט ווי אין אַנדערע שטעט, די קול־טורעלע און שפּראַכלעכע אונטערשיידן צווישן די מזרחדיקע און מערב־דיקע יידן אינגאַנצן פאַרשוואונדן און עס האָט זיך אויסגעבילדעט אַן איינהייטלעכער ישוב מיט איין קולטור, איין שפּראַך און איין לעבנס־שטייגער, וואָס האָט אַזוי אַנגעהאַלטן הונדערטער יאָרן און האָט לעצטנס אפילו אָנגענומען אַ מאָדערנעם און פּראָגרעסיוון כאַראַקטער.

מזרח־גאַליציען בכלל, און באַזונדערס לעמבערג, איז אַזוי־אַרום אין אַלע צייטן און אין יעדער הינזיכט געווען אַ באַדייטנדער צענטער פונם יידישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע. אין מזרח־גאַליציען איז געשטאַנען דאָס וויגעלע פונם „חסידיזם" — אַ פאָלקסטימלעכע באַוועגונג, וואָס האָט גע־פּרעדיקט צווישן יידן אָפּטימיזם און חברשאַפט — און האָט זיך דאַן פאַרשפּרייט צווישן די יידן איבער גאַנץ מזרח־אייראָפּע. די „השכלה"־באַוועגונג צווישן יידן, וואָס איז געפּרעדיקט געוואָרן פונם בערלינער פילאָ־סאָף משה מענדעלסאָן, האָט אירע ערשטע מאַסן־אָנהענגער געהאַט אין לעמבערג און אין די שכנותדיקע שטעט טאַרנאָפּאָל, בראָד און זשאָלקעוו.

אין 1825 איז אין לעמבערג געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער מאָדערנער יידישער האַנטווערקער־פאַרבאַנד „יד־חרוצים", וועלכער האָט זיך, אַחוץ ריין פּראָפעסיאָנעלע אויפגאַבן, אויך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע, צו פאַרשפּרייטן האַנטווערק צווישן יידן. שפּעטער האָט די דאָזיקע אויפ־גאַבע גענומען אויף זיך דער קוראַטאַריום פון דעם פאַרשטאָרבענעם ווינער יידישן מיליאָנער באַראָן משה הירש, וועלכער האָט אין 1891 געגרינדעט אין מזרח־גאַליציען 80 עלעמענטאַרע פאָלקסשולן פאַר יידישע קינדער, געבנדיק זיי אויך דערנאָך די מעגלעכקייטן צו לערנען אַזעלכע מלאכות, וואָס זיינען דעמאָלט ביי יידן נאָך נישט געווען פאַרשפּרייט, ווי: שלאָסעריי, סטאָלעריי, מעש־גיסעריי א. ד. גל.

אין לעמבערג איז נאָך מיט העכער 60 יאָר צוריק געגרינדעט גע־וואָרן איינער פון די ערשטע און עלטסטע יידישע פאָלקס־טעאַטערס — דאָס באַרימטע גימפּל־טעאַטער — וועלכעס האָט 2 דורות געשפּילט אַ באַדייטנדע ראָל אינם לעבן פון די יידישע מאַסן און איז געווען טעטיק ביזן יאָר 1941.

דאָס יידישע לעמבערג — און מזרח־גאַליציען בכלל — האָט אין אַלע צייטן און באַזונדערס אינם לעצטן יאָהרהונדערט אַרויסגעגעבן אַסך יידישע פּערזענלעכקייטן אויף די געביטן פון גייסטיק, רעליגיעזן, און ליטעראַרישן שאַפן.

די באַרימטע העברעאישע שריפטשטעלער און פילאָסאָפן נחמן קראָכ־מאַל, ש. ל. ראַפּאַפּאָרט און דר. יצחק ערטער זענען געווען מזרח־גאַלי־ציאַנער. דער וועלט־באַרימטער יידישער פאָלקסדיכטער וואָלף עהרענקראַנץ, וואָס איז באַקאַנט אינטערן פּאָלקסטימליכן נאָמען וועלוול זבאַראַזשער איז אַ מזרח־גאַליציישער. דער פאַרשטאָרבענער ווינער אויבער־ראַבינער דר. צבי חיות — איז געווען אַ בראָדער און דער איצטיקער שטאָקהאָלמער אויבער־ראַבינער דר. מרדכי ערהרענפּרייז — איז אַ לעמבערגער. דער באַרימטער אַמעריקאַנער מאָווי־אַקטיאָר פּאָול מוני און דער פאַרשטאָר־בענער יידישער בינען־קינסטלער לודוויק זאַץ — זענען ביידע פאָלקס־קינדער פון יידישן לעמבערג. דער גרויסער קונסטמאָלער ווילהעלם וואַכטעל און דער פאַרשטאָרבענער קינסטלער א. מ. ליליען, וואָס האָט אילוסטרירט מאָרים ראָזנפעלדס שאַפ־לידער — זיינען ביידע זין פון מזרח־גאַליציישן יידנטום. דער וואַרשעווער אויבער־ראַבינער פּראָפעסאָר משה שאָר, וואָס איז אין 1941 געשטאָרבן אויף דער עמיגראַציע, איז געווען אַ פּשעמישלער און דער באַרימטער היסטאָריקער פּראָפ. מאיר באַלאַבאַן, וואָס איז בעת דער מלחמה געשטאָרבן אין וואַרשע אויף אַ טראַגישן אופן — איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין לעמבערג.

נאָכן איבערפאַל פון דייטשלאַנד אויף פוילן, איז היפּש געשטיגן די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין מזרח־גאַליציען, צוליב־דעם, ווייל אַסך פּוילישע יידן, ובפרט מערב־גאַליציישע, זענען באַלד אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה אַנטלאָפן קיין מזרח־גאַליציען. צום סוף פון 1939 האָבן זיך שוין בלויז אין לעמבערג געפונען 104 טויזנט יידישע נפשות און אין 1940 האָט מען שוין געשאַצט די לעמבערגער יידישע באַפעל־קערונג אויף 120 טויזנט נפשות, ווייל אין דער הויפּטשטאָט פון דער מזרח־גאַליציישער פּראָווינץ האָבן זיך אויך איינגעאָרדנט אַסך יידישע פאַ־מיליעס פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, וואו עס איז זיי געווען שווער זיך באַלד צוצופּאַסן צו די נייע סאָוויעטישע באַדינגונגען — בעת אין לעמבערג איז זיי לייכטער אָנגעקומען זיך איינצוגלידערן אין די נייע לעבנס־באַדינגונגען.

אין 1941 איז אָבער געקומען דער פּלוצימדיקער דייטשער אָנפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד און די לעמבערגער יידן האָבן אפילו נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן צו אַנטלויפן, אַזוי אַז במשך פון די קומענדיקע 3 מלחמה־יאָרן, זענען זיי כמעט אַלע אומגעבראַכט געוואָרן. די גרויסע יידישע לעמבערגער קהילה — און צוזאַמען מיט איר דער גאַנצער מזרח־גאַליציישער יידישער ישוב — איז אָפּגעמעקט געוואָרן פונם פּנים פון דער ערד. די קליינע רעשטלעך פון הונדערטער לעבנגעבליבענע יידישע נפשות זענען איצט צעזייעט און צעשפּרייט איבער דער גאַרער וועלט . . .

# קראָקע

פונקט ווי קראָקע בכלל איז געקניפּט און געבונדן מיט דער געשיכטע פון פּוילן, אַזוי איז די קראָקעווער יידישע קהלה ענג פאַרבונדן מיט דער דורות־לאַנגער געשיכטע פונם פּוילישן יידנטום.

די יידישע קהלה אין קראָקע איז שוין אַלט איבער, אָדער לכל־הפּחות קנאַפּע 700 יאָר. יידן האָבן געלעבט אין קראָקע זינט דעם 13־טן יאָר־הונדערט און אין 1304 — האָבן היסטאָריקער אויסגעפונען — איז שוין דאָרט געווען אַ „יידנגאַס". אין מיטן פון 14טן יאָרהונדערט האָט די דאָר־טיקע קהלה שוין פאַרמאָגט עטלעכע געמויערטע שוהלן וואָס דאָס איז אַ באַווייז, אַז יידן האָבן זיך דעמאָלט שוין געפילט דאָרט ווי תושבים.

ביז פאַר דער מלחמה האָט נאָך קראָקע פאַרמאָגט די „אַלטע שוהל", וואָס האָט געשטאַמט פון קעניג קאַזשימירס צייטן און די דאָזיקע מערק־ווירדיקע שוהל איז געווען אַן אַטראַקציע פאַר טוריסטן פון דער גאָרער וועלט.

קראָקע איז געווען רייך אין אַלטע בית־עולמס, מיט אומצייליקע קברים פון גרויסע יידישע פּערזענלעכקייטן, וואָס זיינען אין פאַרשידענע צייטן אומגעקומען אויף „קידוש־השם" מיט די גרויזאַמסטע מאַרטירער־טויטן.

די ענגע און שמאָלע געסלעך פון דער אַמאָליקער קראָקעווער געטאָ זיינען געשטאַנען ווי לעבעדיקע עדות פון די צרות און ליידן וואָס די דאָר־טיקע יידן האָבן במשך פון דורות איבערגעטראָגן — בעת די גרויסע הייזער אויף די רחבותדיקע גאַסן פון די איבעריקע שטאָט־טיילן, האָבן אָפּגעשפּיגלט דעם ווירטשאַפטלעכן אָנטייל פון די דאָרטיקע יידן אינם אויפבוי פון דעם שיינעם און קולטורעלן קראָקע.

די גרויסע יידישע פאַבריקן אין די קראָקעווער פאָרשטעט האָבן די דייטשן באַלד אין די ערשטע חדשים פון דער לעצטער וועלט־מלחמה אַריע־ריזירט און די גרויסע יידישע געשעפטן אויפן רינגפּלאַץ, אויף דער פלאָריאַנ־סקע, אויפן שטראָדעם, און אויף גראָדזקע, האָבן זיי אויסגערויבט און פון די קראָקעווער יידן — אָן אונטערשיד פון זייער סאָציאַלן שטאַנד — איז כמעט קיין זכר נישט געבליבן.

די איבער 60 טויזנט יידישע נפשות וואָס די קראָקעווער יידישע קהלה האָט פאַרמאָגט פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, זיינען געווען די אור־אור־אייניקלעך פון יענע יידן, וועלכע זיינען אין מיטן פונם 14־טן יאָר־הונדערט, איינגעלאַדן געוואָרן פונם אויבנדערמאָנטן מלך קאַזשימיר, כדי זיי זאָלן דאָרט אַנטוויקלען דעם האַנדל און די מלאכה.

די אין יעדער הינזיכט פילפארביקע קראָקעווער יידישע קהלה, איז ספּעציעל אין די לעצטע עטלעכע צענדליקער יאָרן, געווען פאַרטראָטן נישט בלויז אין האַנדל און אין האַנטווערק, נאָר אויך אין דער גרויס־אינדוסטריע, אין דער מעדיצין און אין דער אדוואָקאַטור, אין דער פּוילישער ליטעראַטור און קולטור און אין אַלע געביטן פונם לעבן.

קראָקע האָט פאַרמאָגט גרויסע יידישע האַנטווערקער־פאַרבאַנדן און שטאַרקע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, סיי זעלבסטשטענדיקע, סיי בשותפות־דיקע מיט די פּוילישע אַרבעטער, וואָס איז אין אַנדערע גרויסע שטעט פון פּוילן געווען אַ זעלטנהייט.

קראָקע איז געווען דאָס וויגעלע פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג אינם אַמאָליקן עסטרייך. דאָרט האָבן געהאַט זייער זיצאָרט די ערשטע צענטראַל־קאָמיטעטן פון „פּועלי־ציון" און פונם גאַליצישן „בונד". גלייכ־צייטיק איז קראָקע געווען דער צענטער פון דער יידישער אָרטאָדאָקסיע. יעדעס יאָר, אין ל"ג־בעומר, אינם יאָרצייט פון וועלט־באַרימטן קראָקעווער רב ר' משה איסערלעס (רמ"א), פלעגן־זיך אַהין צוזאַמענקומען צענדליקער־טויזנטער יידן פון גאַנצן פּוילן און פון דער סלאָוואַקיי, און קראָקע פלעגט דעמאָלט אויסזען ווי אַ מלוכה פון דער יידישער אָרטאָדאָקסיע . . . קראָקע איז געווען די ערשטע שטאָט אין עסטרייך, וואו עס איז נאָך מיט העכער 50 יאָר צוריק שוין געווען אַ שטאַרקע חיבת־ציון־באַוועגונג, וועלכע האָט זיך דערנאָך אַנטוויקלט אין אַ פּאָליטיש־ציוניסטישער פעסטונג און האָט אַרויסגעגעבן ציוניסטישע דעפּוטאַטן צום פּוילישן סיים.

קראָקע האָט שוין מיט העכער 40 יאָר צוריק, געהאַט מאָדערנע יידישע ספּאָרט־פאַריינען און גרויסע ביבליאָטעקן; אַן אייגן יידיש טעאַטער, (וואָס האָט, אגב, פּריוואַט־צו־נאַכטס נישט געטאָרט שפּילן, צוליב דעם וויל די פרומע יידן האָבן אַמאָל געמאַכט קעגן דעם אַ גרויסע שומר־שבת דעמאָנ־סטראַציע און די אָרטיקע אדמיניסטראַטיווע מאַכט האָט זיי דערנאָך צוליב־געטאָן און פאַרבאָטן פּריוואַט־צו־נאַכטס צו שפּילן). אין קראָקע זענען אָפּט דערשינען וועכנטלעכע און פּעריאָדישע אויסגאַבן אין יידיש און אַ יידישע טעגלעכע צייטונג אין דער פּוילישער שפּראַך.

אין די קראָקעווער גאַסן האָט אויך געקלונגען די פּועלי־ציון שבועה, בעת ס'זיינען דאָרט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה פאָרגעקומען די וועלט־קאָנפערענצן פון פּועלי־ציון מיטן אַנטייל פון בער באָראָכאָוו, נחמן סירקין, זרבבל, בן־צבי, רחל ינאית, ברוך צוקערמאַן, ש. קאַפּלאַנסקי און אַנדערע פירנדיקע פּועלי־ציון חברים.

אין קראָקע זיינען פאָרגעקומען די ערשטע שטרייקן פון יידישע האַנט־ווערקער־לערניינגלעך און פון בעלפערס — אַלץ אָנגעפירט פון פּועלי־ציון

און ריזיקע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס קעגן די צאַרישע פּאָגראָמען בעת די יאָרן 6־1905.

אין קראָקע האָט עס ממש געשוועבלט מיט אַקטיוון יידיש לעבן אין אַלע ווינקעלעך פון דער ברייט־פונאַנדערגעבויטער שטאָט. אָבער, בעת די שטאָט — און צוזאַמען מיט איר אַלזייטיק יידישן לעבן — האָט זיך געפונען אין פּוילן עקאָנאָמישן אויפשוואונג, אין בעסטן ווירטשאַפטלעכן אויפשטייג און אין העכסטן קולטורעלן פונאַנדערבלי — זענען די נאַצישע האָרדעס באַפאַלן פּוילן און דעם 6־טן סעפּטעמבער 1939, האָבן זיי דורך די מאַיעסטעטישע טאַטרען־בערג אין מאַלערישער זאַקאָפּאַנע־געגנט, אַריינגעמאַרשירט קיין קראָקע, ברענגענדיק מיט זיך חורבן און אומקום.

נאָך פאַרן אַריינמאַרש פון די היטלעריסטישע משחיתים, האָבן טויזנטער יידן, לרוב יונגוואַרג, וואָס האָבן נאָר געקענט לויפן, אין שרעק און בהלה, פאַרלאָזט קראָקע און אַנטלאָפן קיין מזרח־גאַליציע. אָבער אויף זייערע ערטער זיינען זיך קיין קראָקע צוזאַמענגעלאָפן טויזנטער יידישע משפּחות פון דער אַרומיקער געגנט, אַזוי אַז די יידישע קהלה האָט באַלד אין די ערשטע מלחמה־וואָכן געציילט איבער 72 טויזנט נפשות.

די קראָקעווער יידן, די תושבים, אָרעם און רייך, האָבן זיך באַלד באַשטייערט, איש־איש כפי יכלתו, און די פּליטים זיינען פאַרזאָרגט געוואָרן מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ און מיט אַ לעפל וואַרעמער זופּ. אָבער גאָר אין גיכן האָבן זיך אָנגעהויבן צו שיטן אויף זייערע קעפּ נאַצישע גזירות און רדיפות, ביז די 700־יאָריקע יידישע קהלה איז פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן.

דעם 10־טן אָקטאָבער 1939 האָבן די דייטשן געכאַפּט אין די גאַסן צענדליקער דורכגייענדיקע יידן און אָן אַ וועלכן ס'איז פאַרהער זיי פאַרשיקט אין אַ נאַצישן קאָנצענטראַציע־לאַגער, פון וואַנען זייערע משפּחות האָבן דערנאָך באַקומען די אָפיציעלע מעלדונג, אַז די פאַרשיקטע זיינען „געשטאָרבן" . . .

אין נאָוועמבער־חודש פון דעמזעלבן יאָר האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט איינגעפירט דאָרט די געלע לאַטע און וועלכער ייד עס האָט זיך נאָר, ווען אפילו צופעליק, באַוויזן אין גאַס אָן דער געלער לאַטע, דער האָט באַקומען אַ חודש שווערע תפיסה. — אין די טראַמווייען, אָדער אויטאָבוסן, האָבן יידן נישט געטאָרט פאָרן און די גרויסע יידישע געשעפטן, אָדער אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, זיינען ברוטאַל און אָפן אויסגערויבט געוואָרן. סאַדיסטישע „שפּילן" פון דייטשע אָפיצירן, בעת וועלכע צענדליקער יידן זיינען אָן אַ פאַרוואָס דערשאָסן געוואָרן, זיינען געוואָרן מאַסן־דערשיינונגען און דערנאָך איז געקומען אַ 2־טאָגיקער בלוטיקער פּאָגראָם, וואָס

האָט געדויערט פונם 4-טן ביזן 5־טן דעצעמבער 1939, בעת וועלכן עס זיינען געפאַלן צענדליקער יידישע קרבנות. דער דאָזיקער נאַצישער פּאָ־גראָם איז פאָרגעקומען אונטערן דעק־מאַנטל פון זוכן גאָלד און פרעמדע וואַלוטע און געראַבעוועט האָבן זיי דעמאָלט אַלץ וואָס איז זיי נאָר געקומען אין די הענט־אריין — פון קליידונגס־זאַכן ביז עסנוואַרג.

אין אויגוסט 1940 האָבן זיך אָנגעהויבן די מאַסנהאַפטע דעפּאָרטאַ־ציעס פון קראָקעווער יידן, כדי צו געבן דער שטאָט א דייטשן כאַראַק־טער. די דאָזיקע דעפּאָרטאַציעס זיינען אַזוי אָנגעגאַנגען ביז נאָוועמבער 1940. העכער 60 טויזנט יידן זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן קיין וואַרשע, קיין לובלין, קיין מעזעריטש, אָדער אין אומבאַקאַנטע ערטער. בלויז דער ערשטער טראַנספּאָרט, וועלכער האָט „פּריווילעגיע" פאַרלאָזט קראָקע, האָט געמעגט מיטנעמען מיט זיך 55 פונט באַגאַזש — דערקעגן די ווייטערדיקע טראַנספּאָרטן האָט מען שוין אַרויסגעטריבן מיט ליידיקע הענט. זייער האָב און גוטס, אָדער דאָס ביסל אָרעמקייט, האָבן די אַרויסגעטריבענע נישט געטאָרט איבערלאָזן פאַר די 11,000 יידן וואָס זיינען איבערגעבליבן, נאָר אַלץ האָט „צוגענומען" די דייטשע מאַכט און עס פאַרטיילט צווישן איינ־געוואַנדערטע דייטשן.

פאַר די איבערגעבליבענע 11 טויזנט יידן, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון קוואַליפיצירטע אַרבעטער און פּראָפעסיאָנאַליסטן, האָט די דייטשע מאַכט איינגעפירט א „געטאָ" און זיי צוזאַמענגעקוועטשט אין עטלעכע פון די אָרעמסטע און שמוציקסטע גאַסן פון דער קראָקעווער פאָרשטאָט פּאָדגורזש.

די געטאָ־יידן האָבן געמוזט צושטעלן יעדן טאָג 3000 צוואַנגס־אַר־בעטער. פון שווערער אַרבעט און ענגע וואוינונגס־באַדינגונגען, פון פער־מאַנענטן הונגער און צוליב דעם פעלן פון די סאַמע עלעמענטאַרסטע סאַני־טאַרע באַדינגונגען, איז גיך אויסגעבראָכן א טיפוס־עפּידעמיע און זייער א סך יידן זיינען אויסגעשטאָרבן.

אָבער נישט־געקוקט אויף די דאָזיקע שוידערלעכע באַדינגונגען האָט דאָס ביסל יידישע יוגנט וואָס איז נאָך פאַרבליבן אין דער געטאָ, אָנגעהאַלטן א קאָנטאַקט מיט דער אונטערערדישער באַוועגונג פון די פּוילישע אַרבעטער און אַזוי ווייסן מיר, אַז 6 קראָקעווער יידן זיינען פון די דייטשן דערשאָסן געוואָרן דערפאַר וואָס זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט אַרויסגעבן אַן אונטער־ערדישע פּוילישע צייטונג; 150 קראָקעווער יידן זיינען דערשאָסן געוואָרן פאַר אויספירן א סאַבאָטאַזש־אַקט אויף דער פּאָדגורזשער באַן־ליניע, וועלכע פלעגט דורכגיין נאָענט ביים געטאָ און א דייטשער מיליטערישער צוג איז דערביי אַראָפּ פון די שינעס.

א סך הונדערטער קראָקעווער יידישע מענער און פרויען זיינען פאַר־שיקט געוואָרן אין דעם שווידערלעכן פאַרניכטונגס־לאַגער קיין אָשוויענטשים, וואו זיי זיינען כמעט אַלע פאַרברענט געוואָרן אין די דאָרטיקע קרעמאַטאָריעס.

אין מאַי 1942 זיינען פון די 11 טויזנט יידן שוין נישט געווען מער ווי 6000 נפשות, וועלכע זיינען קאָנצענטרירט געוואָרן אין שכנותדיקן דאָרף פלאַשאָוו, וואו עס איז פאַר זיי איינגעאָרדנט געוואָרן א שקלאַפן־לאַגער, וואָס איז געווען איינער פון די ערגסטע און שווערסטע שקלאַפן־לאַגערן.

אָט אַזוי האָבן די דייטשע בעסטיעס „אויסגעריייניקט" קראָקע פון יידן. זיי האָבן מיט די ברוטאַלסטע מיטלען חרוב געמאַכט איינע פון די עלטסטע און שענסטע, איינע פון די פאַרבנרייכסטע און בליענדיקסטע יידישע קהלות.

בלויז יחידים פון דער קראָקעווער יידישער יוגנט זענען על־פי־נס געבליבן לעבן מיט די אויסטאַטואירטע אשוויענטשימער נומערן אויף זייערע הענט און זיי געפונען זיך איצט אין די שפּיטאַלן פון שוועדן, אָדער אין די לאַגערן פאַר אויסגעוואָרצלטע אין דייטשלאַנד. צענדלינגער קראָקעווער יידן זענען לעצטנס צוריקגעקומען פונם ראַטנפאַרבאַנד און עט־לעכע הונדערט היימלאָזע יידן פון מזרח־גאַליציע האָבן געמאַכט קראָקע פאַר זייער נייער היים.

עס איז ווידער פאַראַנען אַן אָנהויב פון א יידישן לעבן. עס זענען ווידער אנטשטאַנען עטלעכע יידישע אינסטיטוציעס, וואָס ראַנגלען זיך עקשנותדיק פאַר זייער עקזיסטענץ. אָבער, עס איז, לײדער, נישט מער דאָס אַמאָליקע, שפּרודלדיקע און פול מיט לעבן ברויזנדיקע יידישע קראָקע . . .



# די ראָל פון ארץ־ישראל אינם יידישע לעבן פונם פארמלחמה׳דיקן פוילן

די יידישע עמיגראַציע פונם פאַר־מלחמה׳דיקן פוילן האָט, ווי יעדע עמיגראַציע, געהאַט אונטער זיך אַן עקאָנאָמישן יסוד. עס וואָלט אָבער געווען אַן אומזין צו איגנאָרירן דעם אידעאישן מאָמענט וואָס די יידישע עמיגראַציע פון פוילן האָט אין זיך אַנטהאַלטן. עס וואָלט אויך געווען פאַלש נישט צו אָנערקענען די פּאָזיטיווע ראָלע, וואָס עס האָט אין דעם פּראָצעס געשפּילט, סיי די פיזישע און גייסטיקע צוגרייטונג פון דער יידישער יוגנט אַלס פּאָטענציעלער עמיגראַציע־עלעמענט, סיי די ציל־באַוואוסטע רעגולירונג פון דער עמיגראַציע, אין דער ערשטער סטאַדיע דורכן ציוניסטישן געדאַנק און אין זיין צווייטער סטאַדיע — דורך דעם אַזוי גערופענעם צענטראַלן ארץ־ישראל־אַמט.

פון דער גאַנצער, פון דער אַלוועלטלעכער יידישער עמיגראַציע, וואָס איז פון 1919 ביז 1937 געגאַנגען קיין ארץ־ישראל, האָט זיך אַ קנאַפּע העלפט — גענוי 46.6 פּראָצענט — רעקרוטירט פון פוילן. ווען מען נעמט נאָך דערצו אין אַכט די אַזוי גערופענע „אומלעגאַלע עמיגראַציע", וואָס איז פאַר דער מלחמה געגאַנגען פון פוילן קיין ארץ־ישראל, באַקומט זיך, אַז דער פאַקטישער פּראָצענט פון דער יידישער עמיגראַציע פון פוילן קיין ארץ־ישראל האָט פאַר דער מלחמה באַטראָפן מער ווי אַ העלפט פון דער גאַנצער יידישער איינוואַנדערונג אין ארץ־ישראל.

## די חלוצישע אָרגאַניזאַציעס

סיי לויטן סאָציאַלן צוזאַמענשטעל, סיי לויט דעם עלטער, איז די יידישע עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל געגאַנגען טיילווייז ווי אַ סטיכישער פּראָצעס און טיילווייז איז זי פאָרגעקומען אויף אַ רעגולירטן, צוגעגרייטן אופן, מיט אַ חלוצישן עלעמענט. ס׳זיינען געפאָרן יונגע מענטשן מיט אַר־בעטס־הענט און מיטלקלאַס־עלעמענטן מיט קאַפּיטאַל: בעלי־מלאכות, קוואַ־ליפיצירטע אַרבעטער, געוועזענע סוחרים און סתם פרנסה־זוכנדיקע יידן. די איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל איז אָבער, ווי באַקאַנט, געווען אַ באַשרענקטע. ביי די טויערן פון ארץ־ישראל זיינען געשטאַנען — און שטייען נאָך היינט — די שומרים פונם ענגלישן קאָלאָניאַל־אַפּיס און אַריינ־געלאָזן נאָר עמיגראַנטן מיט „סערטיפיקאַטן" אין די הענט. די אַרויס־געגעבענע סערטיפיקאַטן האָבן קיינמאָל נישט געקענט באַפרידיקן די עמי־גראַציע־באַדערפענישן פון די יידישע מאַסן אין אייראָפּע בכלל, און באַ־

זונדערס איז אין פּוילן שטענדיק געווען אַ גרויסע דיספּראָפּאָרץ צווישן דער עמיגראַציע־נויט און די עמיגראַציע־מעגלעכקייטן. אחוץ דעם האָט זיך די איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל אָביעקטיוו געניוטיקט אין אַ געוויסער סוביעקטיווער צוגרייטונג פון די עמיגראַנטן, סיי אין פיזישן און סיי, אין אַ געוויסער הינזיכט, אויך אין גייסטיקן זין. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט אַרויסגערופן צום לעבן אָרגאַניזאַציעס און קערפּערשאַפטן, וועלכע האָבן געזוכט, פון איין זייט, צו געבן דער יונגער עמיגראַנטן־מאַסע די מעגלעכקייטן צו באַקומען הכשרה און, פון דער אַנדערער זייט, — אַזוי לאַנג ס׳איז נאָך נישטאָ קיין ארץ־ישראל אַ פרייע איינוואַנדערונג — פונאַנדערצוטיילן די סערטיפיקאַטן. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס און קערפּערשאַפטן האָבן אויך באַדינט די פּאָטענציאַנעלע און די פּאַקטישע עמיגראַנטן מיט דער נויטיקער אינפאָרמאַציע און באַגלייט די „עולים" אויף זייער וואַנדערוועג ביז זייער אָנקומען קיין ארץ־ישראל.

די ערשטע אויפגאַבע האָבן דערפילט די חלוצישע אָרגאַניזאַציעס מיט זייערע אַרבעטס־קיבוצים. די אויפגאַבן פון דער צווייטער קאַטעגאָריע האָבן צווישן זיך געטיילט דער „ארץ־ישראל־אַמט" און די „פּוילישׁ־פּאַלעסטינער האַנדלס־קאַמער". בלויז עטלעכע קאַרגע אינפאָרמאַציעס וועגן די דאָזיקע אינסטיטוציעס וועלן שוין באַווייזן מיט וואָס פאַר אַ קראַפט עס האָט געווירקט אויף די יידישע מאַסן אין פּוילן די פּערספּעקטיוו צו קענען עמיגרירן קיין ארץ־ישראל. דער איינוואַנדערונגס־סערטיפיקאַט קיין ארץ־ישראל האָט ממש מיט אַ מאַגישער קראַפט באַהערשט די מוחות און די הערצער פון הונדערטער טויזנטער פּוילישע יידן.

חלוצישע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען עטלעכע, מיט פאַרשידענע אידעאָלאָגישע אונטערשלאַקן און מיט אַ פאַרשידענע מיטגלידערשאַפט.

די שטאַרקסטע און עלטסטע חלוצישע אָרגאַניזאַציע איז דווקא געווען דער „החלוץ" וואָס איז באַשטאַנען פון דער אַרבעטנדיקער און אַרבעטזוכנדיקער יוגנט. דער דאָזיקער „החלוץ", וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל", איז באַשטאַנען לרוב פון יוגנטלעכע, וואָס אָרגאַניזאַציאָנעל האָבן זיי געשטאַמט פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: „פריהייט" (רעכטע פּועלי־ציון), „השומר־הצעיר" און „גורדוניה" (התאחדות). צום החלוץ האָבן אָבער גלייכצייטיק אויך געהערט מאַסן אומפּאַרטייאישע יוגנטלעכע און — אין די לעצטע עטלעכע יאָר — אויך יוגנטלעכע פון דער „יוגנט" (לינקע פּועלי־ציון).

די ערשטע גרופּן פון דעם החלוץ אין פּוילן זיינען אַנטשטאַנען צום סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און האָבן לכתחילה געציילט צו 6,

8, 10 אָדער 12 יונגנטלעכע אין אַ שטאָט. מיט דער צייט זיינען די גרופּעס זיך צעוואַקסן איבערן שטח פון גאַנץ פּוילן און האָבן געציילט צוזאַמען אַ מחנה פון צענדליקער טויזנטער. אין 1935 האָט דער החלוץ, וואָס האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגיע, געציילט 65 טויזנט מיטגלידער און הונדערטער הכשרה־פּונקטן. צוליב די באַגרענעצטע עמי־גראַציע־מעגלעכקייטן איז אָבער די מיטגלידער־צאָל זיינע, אין די לעצטע יאָרן, באַדייטנד געפאַלן. צענדליקער טויזנטער יונגע מענטשן זיינען אָפּ־געזעסן עטלעכע יאָר אין די הכשרה־קיבוצים, ביי וואַלד־אַרבעט, אין טאַר־טאַקן (האָלץ־זעגערייען), אין שטיין־האַקערייען, אָדער ביי לאַנדווירטשאַפט־לעכער אַרבעט, און ווען נאָר אַ קליינע צאָל פון זיי האָבן „זוכה־געווען" צו באַקומען סערטיפיקאַטן, — האָבן זיך אַ סך פון די איבעריקע מיט־גלידער אומגעקערט אין שטאָט אַריין צו זייער „נאָרמאַלער" באַשעפטיקונג. פון דעם דאָזיקן פּראָצעס האָט געליטן בלויז די קאָנקרעטע אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל, אָבער באַין אופן נישט די ארץ־ישראל שטימונג צווישן דער יידישער יוגנט אין פּוילן, ווייל אַלע „אָפּגעפאַלענע" פון החלוץ זיינען דורך אַנדערע אָרגאַניזאַציעס ווייטער געבליבן פאַרבונדן מיט דער ציוניס־טישער באַוועגונג.

נישט געקוקט אויף דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן צוריקגאַנג־פּראָצעס, האָט נאָך אין 1939, קורץ פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, בלויז דער סאָציאַ־ליסטישער החלוץ געציילט קרוב צו 25,000 מיטגלידער, פון וועלכע 10,000 האָבן זיך געפונען אויף זייערע אַרבעטס־פּלעצער אין די הכשרה־קיבוצים און געוואַרט אויף עליה־מעגלעכקייטן. פּאַראַלעל מיטן החלוץ האָט אויך עקזיסטירט ביי דער „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל" אַ חלוצישע אָר־גאַניזאַציע פון עלטערע קוואַליפיצירטע אַרבעטער, מיטן נאָמען „העובד". דאָס זיינען געווען לרוב מיטגלידער פון פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וועלכע האָבן זיך מער נישט געניטיקט אין קיין פיזישער הכשרה, צוליב זייערע פּראָפעסיאָנעלע קוואַליפיקאַציעס און האָבן אינם „העובד" דורכגעמאַכט בלויז אַ מין גייסטיקע הכשרה.

די חלוצים, וואָס האָבן זיך געפונען אין די הכשרה־קיבוצים האָבן געאַרבעט אויף קאָלעקטיווע יסודות. אַלע פאַרדינסטן זייערע האָבן זיי אַריינגעטראָגן אין אַ בשותפותדיקער קאַסע און געלעבט ווי אין אַ קאָמונע. זיי האָבן פאַרמאָגט עטלעכע אייגענע פערמעס, פון וועלכע די גרעסטע און פּאָפּולערסטע איז געווען די גראָכאָווער פערם לעבן וואַרשע. דאָרט האָבן טויזנטער חלוצים באַקומען אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע אויסבילדונג און זיי האָבן דערנאָך עמיגרירט קיין ארץ־ישראל.

אחוץ דעם סאָציאַליסטישן החלוץ, האָבן נאָך עקזיסטירט באַזונדערע חלוצישע אָרגאַניזאַציעס מיט אייגענע אַרבעטס־וואַרשטאַטן און לאַנדווירט־שאַפטלעכע הכשרה־קיבוצים ביי די אַלגעמיין־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס א׳ און ב׳, ביים מזרחי און אפילו ביי דער אגודה. ביי די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס „הנוער הציוני א׳ און ב׳, האָט עקזיסטירט דער „החלוץ־הכלל־ציוני״, וואָס האָט געציילט איבער 3,000 מיטגלידער. 800 פון זיי האָבן זיך אין 1939 געפונען אויף 22 הכשרה־פונקטן בלויז אופן שטח פון אַזוי־גערופענעם קאָנגרעס־פוילן. אַחוץ דעם האָבן זיי אויך געהאַט הכשרה־קיבוצים מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע פערמעס אין מזרח־גאַליציע און אין מערב־גאַליציע, וואו עס איז געווען זייער פּאָפּולער די קראָקעווער מוס־טער־פאַרם, אויף וועלכער עס האָבן שטענדיק געאַרבעט 200 יוגנטלעכע און דאָרטן זיך אויסגעבילדעט פאַר דער ארץ־ישראלדיקער עמיגראַציע.

די ציוניסטיש־אָרטאָדאָקסישע יוגנט פונם „מזרחי״ לאַגער האָט, צו־זאַמען מיט איר קרובה׳שער סקויטן־אָרגאַניזאַציע „השומר־הדתי״ (דער רעליגיעזער שומר), געהאַט אַ באַזונדערן „החלוץ־המזרחי״, וועלכער האָט אין 1933 געציילט 103 הכשרה־קיבוצים מיט 2,450 מיטגלידער. זיי האָבן דעמאָלט פאַרמאָגט 5 אייגענע פערמעס און 6 אייגענע וואַרשטאַטן. אַ צאָל מיטגלידער האָבן געאַרבעט אין פּריוואַטע וואַרשטאַטן, אָדער ביי יידישע לאַנד־באַזיצער אין די דערפער. אין די לעצטע יאָרן איז דער „החלוץ־המזרחי״ באַדייטנד אָפּגעשוואַכט געוואָרן צוליב די באַשרענקטע עליה־מעגלעכקייטן, אָבער ער איז נאָך אַלץ געבליבן ביי 44 הכשרה־פונקטן מיט אַ צאָל פון העכער 1,100 אָנטיילנעמער. — אויך ביי דער עקסטרעם־אָר־טאָדאָקסישער יוגנט אין פוילן, ביי דער „אגודה״־יוגנט, איז געווען גרויס דער דראַנג זיך צוצוגרייטן צו דער איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל, כדי דאָרט צו פירן אַ לעבן פון פּראָדוקטיווער אַרבעט, אויפן יסוד פון זייער רעליגיעזער וועלט־אַנשויאונג. וועגן דער גרויס פון דעם דאָזיקן דראַנג פון דער אגודהשער יוגנט זאָגט עדות די ציפער פון 70 הכשרה־פונקטן מיט אַ לאַנדווירטשאַפטלעכן און האַנטווערקערישן כאַראַקטער.

דער גרויסער ווילן צו עמיגרירן קיין ארץ־ישראל איז געווען נישט נאָר ביי דער יוגנט, נאָר אויך ביים עלטערן דור. ביי דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט עקזיסטירט אַ חלוץ־בעל־מלאכה מיט אַ צענטראַלע אין וואַרשע און אַ סך אָפּטיילונגען אין די מיטעלערע און גרע־סערע שטעט. דער דאָזיקער „האַנטווערקערישער החלוץ״ האָט צוגעגרייט זיינע מיטגלידער עולה־צו־זיין קיין ארץ־ישראל און אַ סך פון זיי האָבן

טאַקע בהדרגה אויסגעוואַנדערט, מיטנעמענדיק מיט זיך זייערע פאַמיליעס און זייערע אַרבעטס־מכשירים.

די צוגעשטעלטע סערטיפיקאַטן פאַר פוילן האָבן בלויז אין דער סאַמע מינימאַלסטער מאָס באַפרידיקט די עמיגראַציע־באַדערפענישן פונם 3 מיט אַ האַלבן מיליאָנענדיקן יידישן ישוב אין פוילן. עס איז דערפאַר נישט קיין וואונדער, וואָס דער צענטראַלער ארץ־ישראל־אַמט אין וואַרשע, האָט נישט געקענט אַלעמען צופרידענשטעלן און ס'האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַנטקעגן אים טענות מצד די פאַביטערטע פּאָטענציאָנעלע עמיגראַנטן, וואָס האָבן יאָרנלאַנג געשטרעבט און געוואַרט אויף דער מעגלעכקייט זייער צוקונפט צו פאַרבינדן מיטן אויפבוי פון ארץ־ישראל. אין די אָפיס־צימערן פונם אַזוי גערופענעם יידישן עמיגראַציע־מיניסטעריום — ד. ה. פונם ארץ־ישראל־אַמט — האָבן זיך געפונען פולע קאַסטנס מיט העכער 120 טויזנט נישט־באַפרידיקטע אַפּליקאַציעס פאַר סערטיפיקאַטן. 30 טויזנט פון זיי זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט המלצות (אַפידייוויטס) פון זייערע ארץ־ישראלדיקע קרובים, און אַן ערך 10 טויזנט שאלונים (אַפּליקאַציעס) זיינען געווען פון קאַנדידאַטן, וואָס האָבן געהאַט אונטער זיך די נויטיקע קיבוצישע הכשרה.

דער פערמאַנענטער מאַנגל פון סערטיפיקאַטן האָט נאָך פאַר דער מלחמה געשאַפן דעם באָדן פאַר די פאַרשידנסטע פאָרמען פון אומלעגאַלער עליה קיין ארץ־ישראל. פון 1932 ביז 1936 איז די דאָזיקע עליה געגאַנגען אין דער פאָרם פון טוריסטיק און זי האָט פון 1932 ביז 1936 אַרויסגעפירט פון פוילן קיין ארץ־ישראל 18—20 טויזנט עולים. נאָך 1936, ווען אין ארץ־ישראל האָבן זיך אָנגעהויבן די אַראַבישע אומרועז און קיין טוריסטיק איז מער נישט מעגלעך געווען, האָט די „אומלעגאַלע עליה" אָנגענומען אַנדערע, אָפטמאָל אַפילו ריזיקאַלישע פאָרמען. פונדערסטוועגן האָבן זיך טויזנטער מענטשן, מערסטנטייל גאַנצע פאַמיליעס מיט יונגע קינדער, נישט אָפּגעשראָקן פאַר קיין שום שוועריקייטן. מען איז געפאָרן מיט שיפן בלויז ביז פאַר די ברעגעס פון ארץ־ישראל און דערנאָך מיט קליינע שפּאַציר־שיפלעך, אָדער צופוס, ביזן האַלז אין וואַסער, זיך דערשלאָגן צו דער אויסגעבענקטער נאַציאָנאַלער היים. בלויז אין די אָנדערהאַלבן יאָר פון מערץ, 1938, ביז אויגוסט, 1939, זיינען אויף דעם אופן אַריינגעקומען קיין ארץ־ישראל 7,500—8,000 עמיגראַנטן.

אין פוילן האָט עקזיסטירט און איז געווען טעטיק די „געז. פריינט פונם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל" וואָס האָט געהאַט 68 אָפּטיילונגען איבערן לאַנד און האָט זיך געשטיצט אויף אַ ברייטער מיטגלידערשאַפט צווישן

דער פּראָפעסיאָנעל־אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט. די צענטראַלע האָט אַרויסגעגעבן אַ חודש־זשורנאַל „דאָס אַרבעטנדע ארץ־ישראל; האָט אָר־גאַניזירט און געשטיצט די טוריסטיק קיין ארץ־ישראל; האָט פּאָפּולאַרי־זירט צווישן דער אַרבעטערשאַפט אַלע אַקציעס וואָס זיינען אין פּוילן גע־פירט געוואָרן פאַר דער "הסתדרות" און — מיט דער הילף פון די לינקע פועלי־ציון און פאַרבאַנד־„יוגנט" — אין די קרייזיס־יאָרן געפירט זעלבסט־שטענדיקע הילפס־קאַמפּאַניעס פאַר פאַרשידענע ארץ־ישראל'דיקע אַרבע־טער־אינסטיטוציעס.

אין 1925 האָבן די ווירטשאַפטלעכע קרייזן פון די אַלגעמיינע ציוניסטן געגרינדעט אַ „פּויליש־פּאַלעסטינער האַנדלס־קאַמער", וואָס האָט זיך גע־שטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו אַנטוויקלען די ווירטשאַפטלעכע און האַנדלס־באַציאונגען צווישן ביידע לענדער, דערמעגלעכן דעם אויסטויש פון לאַנד־ווירטשאַפטלעכע און אינדוסטריעלע אַרטיקלען און צו פאַרגרעסערן דעם ארץ־ישראל'דיקן עקספּאָרט.

די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט געאַרבעט מיט אַ סך דערפאָלג. פון די באַריכטן וואָס זיינען דערשינען אין איר חודש־זשורנאַל „פּאַלעסטינע און דער נאָענטער מזרח" (אין פּויליש), איז צו זען, אַז פון 15 ביז 20 פּראָצענט פונם ארץ־ישראלדיקן עקספּאָרט איז געגאַנגען קיין פּוילן. אין פּוילן איז דער אימפּאָרט פון ארץ־ישראלדיקע ציטרוס־פּרוכטן געגאַנגען אויפן ערשטן אָרט. די ארץ־ישראלדיקע אָראַנדזשן און גרעיפּ־פרוכטן האָבן אין אַ גרויסער מאָס אַרויסגעשטויסן די איטאַליענישע ציטרוס־פּרוכטן פונם פּוילישן האַנדלס־מאַרק.

אַחוץ ציטרוס־פּרוכטן האָט פּוילן אימפּאָרטירט פון ארץ־ישראל רויע לעדער, ווייַן, בצלאל־אויסאַרבעטונגען און מאַטעריאַלן פאַר קינסטלעכע זייַן, און דערמיט פּולשטענדיק אַרויסגעשטויסן דעם דייטשן עקספּאָרט פון דיזעלבע אַרטיקלען. פון פּוילן זיינען, דורך דער פאַרמיטלונג פון דער דאָזיקער האַנדלס־קאַמער, עקספּאָרטירט געוואָרן קיין ארץ־ישראל: האָלץ פאַר בוי־צוועקן און פאַר די אָראַנדזשן־קעסטלעך, צעמענט, טעקסטיל, לעבעדיקע בהמות, מעדיקאַמענטן און אייזן.

דער ווערט פונם יערלעכן עקספּאָרט און אימפּאָרט צווישן פּוילן און ארץ־ישראל האָט פאַר דער מלחמה באַטראָפן, דורכשניטלעך, די סומע פון 30 מיליאָן פּוילישע זלאָטעס אַ יאָר.

די לייסטונגען פונם פּוילישן יידנטום פאַרן קרן־היסוד, קרן־קימת, שקלים און אַנדערע פאָנדן לטובת ארץ־ישראל

אין די ביז־איצטיקע ציפערן קומט שוין גענוג בולט צום אויסדרוק די השפּעה פונם ציוניזם אויפן לעבן און דענקען פונם יידישן קיבוץ אין

פוילן. אָבער עס זיינען אין פוילן נאָך געווען אַנדערע געביטן פון קאָנקרעי־טער ארץ-ישראלדיקער טעטיקייט, וואָס דערמאָנסטרירן נאָך מער דעם ציוניסטישן פּרצוף פונם פוילישן יידנטום.

לאָמיר קודם־כּל א קוק טאָן וואָס די פּוילישע יידן האָבן געלייסטעט פאַר אַזעלכע אויסגעשפּראָכענע ציוניסטישע פאָנדן, ווי עס זיינען דער „יידישער נאַציאָנאַל־פאָנד", דער „קרן־היסוד", אָדער פאַרן פאַרקויף פון שקלים, וואָס איז א דירעקטער ציוניסטישער שטייער פאַר די וואַלן צו אַלוועלטלעכע ציוניסטישע קאָנגרעסן. עס וואָלט אוודאי געווען זייער אינטערעסאַנט צו ברענגען אַן אויספירלעכן סטאַטיסטישן צוזאַמענשטעל וועגן די דאָזיקע פינאַנציעלע לייסטונגען במשך פון די גאַנצע 20 יאָר פונם אומאָפּהענגיקן פוילן — אָבער, ליידער, איז אַזא טאַבעלע נישט מעגלעך צונויפצושטעלן, צוליב דעם מאַנגל פון געהעריקע מאַטעריאַלן. מיר מוזן זיך דערפאַר באַגנוגענען בלויז מיט א טיילווייזער סטאַטיסטיק וואָס מיר האָבן געפונען צעוואָרפן אין פאַרשידענע אָפיציעל און אויטאָריטאַטיווע אויסגאַבן.

אזוי, למשל, זאָגט דער באַריכט פונם הויפּט־אָפיס פון קרן־היסוד (אַרויסגעגעבן אין לאָנדאָן, אין ענגליש), אַז אין די ערשטע 5 יאָר פון זיין עקזיסטענץ, ד. ה. פון 1921 ביז 1926, האָט דער דאָזיקער פאָנד דערהאַלטן פון פוילן די געזאַמט-סומע פון 109,291 ענגלישע פונט, וואָס דאָס באַ־טרעפט אַן ערך 2 מיליאָן מיט 622 טויזנט און 894 פוילישע זלאָטעס. טיילט די דאָזיקע סומע אין 5 גלייכע חלקים באַקומט זיך פאַר יעדן יאָר באַזונדער די דורכשניטלעכע סומע פון 544 טויזנט מיט קנאַפּע 497 זלאָטעס!

אינם דערמאָנטן אויסווייז-באַריכט שטייט פוילן אויפן דריטן אָרט, נאָך דעם גרויסן יידישן ישוב פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון אמע־ריקע און נאָך דעם רייכן יידישן ישוב אין דרום־אַפריקע.

אָדער, לאָמיר נעמען דעם באַריכט פונם הויפּט־ביוראָ פונם יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד אין ירושלים (אַרויסגעגעבן אין 1927). דאָרט געפינען מיר די פאָלגענדע 2 פילזאָגנדיקע טאַבעלעס:

ווען דער נאַציאָנאַל־פאָנד האָט געפירט א ספּעציעלן קאַמפּיין פאַר דער באַוואַלדונג פון ארץ־ישראל, האָט דער יידישער ישוב אין פוילן איינ־געצאָלט פאַר 83,017 ביימער.

די געלטער וואָס זיינען געווען באַשטימט פאַר דער פלאַנצונג פון וועל־דער גייען נישט אַריין אין דער סומע, וואָס איז אין פוילן אין דיזעלבע יאָרן געזאַמלט געוואָרן דירעקט פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד, פאַרן איינקויף פון נייעם באָדן.

אָט האָבן מיר דאָ אַ באַזונדערע טאַבעלע וואָס באַציט זיך צו די דאָזיקע געלט־זאַמלונגען במשך פון דיזעלבע 3 יאָר:

| אינם יאָר | קאָנגרעס פּוילן | מזרח־גאַליציע | מערב־גאַליציע | צוזאַמען ענגלישע פונט |
|---|---|---|---|---|
| 1925 | 41,722 | 13,394 | 5,011 | 60,127 |
| 1926 | 23,744 | 8,599 | 3,965 | 36,308 |
| 1927 | 10,065 | 3,757 | 1,955 | 15,777 |
| צוזאַמען | 75,531 | 25,750 | 10,931 | 112,212 |

צוזאַמען איז דער באַטרעף — 2 מיליאָן מיט 732 טויזנט און 848 פּוילישע זלאָטעס. ווען מען נעמט אין אכט, אַז די נאַציאָנאַל־פאָנד־זאַמלונגען אין פּוילן האָבן זיך צונויפגעלייגט פון קליינע זאַמלונגען ביי פאַר־שיידענע געלעגנהייטן, זעט מען ערשט, אַז אין די דאָזיקע זאַמלונגען האָבן זיך באַטייליקט די ברייטסטע יידישע פאָלקסמאַסן. אַז אינם שאַפן די סומען פאַרן קרן־קימת זיינען געווען באַטייליקט די האָרעפּאַשנע פאָלקס־מאַסן, זעט מען אויך דערפון, וואָס אין 1926 און 1927 זיינען די זאַמ־לונגען היפּש געפאַלן צוליב דעם עקאָנאָמישן קריזיס וואָס האָט אין יענע יאָרן געהערשט אין פּוילן און די מאַסן זיינען נישט געווען בכוח צו לייסטן דאָסזעלבע וואָס אינם יאָר 1925.

דערגעגן אין די ווייטערדיקע יאָרן, ווען די ווירטשאַפטלעכע לאַגע האָט זיך נאָר עטוואָס געבעסערט, האָבן זיך פאַרגרעסערט די פינאַנציעלע לייסטונגען פונם יידישן ישוב לטובת די ארץ־ישראלדיקע פאָנדן. אַזוי, למשל, געפינען מיר אינם באַריכט וואָס די ציוניסטישע וועלט־עקזעקוטיווע אין ירושלים האָט אַרויסגעגעבן אין 1937, צום 20טן ציוניסטישן קאָנ־גרעס, די פאָלגנדע ציפערן בנוגע די זאַמלונגען אין פּוילן:

| יאָר | קרן־היסוד | קרן־קימת | צאָל באַטייליקטע שטעט |
|---|---|---|---|
| 1935 | זל. 575,753 | זל. 800,570 | 437 |
| 1936 | 690,256 | 1,137,000 | 521 |
| צוזאַמען | 1,266,009 | זל. 1,937,570 | |

די דאָזיקע ציפערן באַציען זיך בלויז צו קאָנגרעס־פּוילן. פון ביידע טיילן גאַליציע איז נישטאָ קיין ציפערן פאַרן יאָר 1935, דערפאַר פיגורירן זיי אינם יאָר 1936, מיט די פאָלגנדע סומען:

| געגנט | קרן־קימת | קרן־היסוד |
|---|---|---|
| מזרח־גאַליציע — — — — | 180,585 זל. | 165,235 זל. |
| מערב־גאַליציע — — — — | 80,000 | |

אחוץ די אַלע סומען איז נאָך אין פּוילן, אין 1936, געזאַמלט געוואָרן איבער 300,000 זלאָטעס פאַר אַ ספּעציעלן „זיכערקייט־פאָנד", אין וועלכן דער יידישער ישוב אין ארץ־ישראל האָט זיך דעמאָלט גענויטיקט, אַזוי אַז צוזאַמען האָט דאָס אָרעמע יידישע פּוילן במשך פון די דאָזיקע 2 יאָר פרייוויליק געשאַפן פאַר ארץ־ישראל־צוועקן, וואָס האָבן אַ דירעקטע שייכות מיט דער אָפיציעלער, אַלגעמיינער, צווישן־פּאַרטייאישער ציוניסטישער באַוועגונג, די סומע פון איבער 4 מיליאָן זלאָטעס.

דאָס איז אָבער נאָך נישט אַלץ! אחוץ דעם קרן־קימת, קרן־היסוד און זיכערקייטס־פאָנד, פלעגט די „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל" יעדעס יאָר שאַפן אַ געוויסע סומע פאַר די אינסטיטוציעס פון דער „הסתדרות". דער מזרחי פלעגט — אחוץ זיין אָנטייל אין די אַלגעמיינע פאָנדן — אויך זאַמלען פאַרן „קרן ארץ־ישראל של המזרחי"; דער החלוץ פלעגט זאַמלען פאַרן קרן־החלוץ, כדי צו דעקן זיינע בודזשעטן אין שייכות מיט די הכשרה־קיבוצים; די רעוויזיאָניסטן, וואָס פלעגן זיך נישט באַטייליקן אין קרן־קימת און נישט אין קרן־היסוד, פלעגן זאַמלען פאַר זייערע באַזונדערע פאָנדן; אויך די „אגודה" פלעגט זאַמלען גענוג גרויסע סומען פאַר איר „קרן־הישוב". און נאָך דעם אַלעמען זיינען נאָך יעדעס יאָר, ווי אַ צוגאָב, פאַרקויפט געוואָרן הונדערטער טויזנטער שקלים. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט —אחוץ די זאַמלונגען פאַרן קרן־קמית, קרן־היסוד און זיכערקייטס־פאָנד— זיכער באַטראָפן אַן ערך פון 3 מיליאָן זלאָטעס יערלעך און אפשר נאָך מיט אַ היפּשן עודף.

וועגן דעם פאַרקויף פון שקלים און וועגן דער צאָל באַטייליקטע אין די וואַלן צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן, האָב איך געפונען אין די קאָנגרעס־באַריכטן, אַרויסגעגעבן פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע די פאָלגנדע ציפערן:

אינם יאָר 1933 זיינען אין קאָנגרעס־פּוילן פאַרקויפט געוואָרן 259,518 שקלים; אין מזרח־גאַליציע — 91,600 און אין מערב־גאַליציע — 44,100. צוזאַמען די בכבודיקע ציפער פון 395,218 דערוואַקסענע פּאַרטיי־שטייער צאָלער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

פון די 395,218 שקלים־צאָלער האָבן זיך 326,214 באַטייליקט אין די וואַלן. אין קאָנגרעס־פּוילן האָבן געשטימט: 203,000; אין מזרח־גאַליציע: 70,50 און אין מערב־גאַליציע: 32,741 — און אויסגעקליבן צוזאַמען 87 דעלעגאַטן צום 18טן ציוניסטישן וועלט־קאָנגרעס.

אינם שקל־יאָר 9־1938 זיינען פאַרקויפט געוואָרן בלויז 326,241 שקלים. די פאַרקלענערטע צאָל דערקלערט זיך מיט דער געשפּאַנטער ערב־מלחמה סיטואַציע. אָבער, נישט געקוקט אויף דער ערב־מלחמה־סיטואַציע, האָבן זיך איבער 200,000 שקל־צאָלער באַטייליקט אין די וואַלן צום 21טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין זשענעווע.

לאָמיר נאָך דאָ איבערגעבן די ציפערן פון די סומען וואָס זיינען אין 1938 געזאַמלט געוואָרן פאַר די דירעקטע ציוניסטישע פאָנדן בלויז אין קאָנגרעס־פּוילן און דאָס בילד וועט זיין פאַרענדיקט.

אין 1938 איז אין קאָנגרעס־פּוילן געזאַמלט געוואָרן 1,600,000 זלאָטעס פאַרן קרן־היסוד, 1,300,000 זלאָטעס פאַרן קרן־קימת און קנאַפּע 500,000 זלאָטעס האָבן באַטראָפן די באַזונדערע זאַמלונגען לטובת ארץ־ישראל פון דער „ליגע", פון „מזרחי" און פון דער „אגודה".

## די ראָל פון ארץ־ישראל אין די דערציאונס־אַנשטאַלטן און אין די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס

ביז איצט האָבן מיר גערעדט וועגן דער השפּעה פונם ארץ־ישראל־געדאַנק אויפן דערוואַקסענעם דור. איצט וועלן מיר פּרואוון צו וואַרפן אַ בליק אויפן געביט פון דער דערציאונג פונם יונגן דור און אויף די ציוניסטישע שטימונגען פון דער יידישער יוגנט אין פּוילן.

לאָמיר זיך צוערשט באַקענען מיטן יידישן שול־וועזן, וואו — ווילנדיק, אָדער נישט־ווילנדיק — עס קומען אַזוי בולט צום אויסדרוק די אידעאָלאָגישע טענדענצן, אין וועלכע די עלטערן באַמיען זיך צו דערציען זייערע קינדער.

אין פּוילן האָבן זיך פאַר דער מלחמה געפונען 450,000 יידישע קינדער אינם שול־עלטער, וועלכע האָבן, לויט דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק, באַקומען זייער עלעמענטאַרע דערציאונג אין די פאַרשידנערלייסטע טיפּן פון מלוכהש־עפנטלעכע און פּריוואַט־געזעלשאַפטלעכע שולן. פון זיי האָבן 340,000 זיך געלערנט אין יידישע דערציאונגס־אַנשטאַלטן: חדרים, תלמוד־תורות, העברעאישע שולן מכל־המינים, העברעאיש־פּוילישע שולן, העברעאיש־יידישע פאָלקסשולן, אָרטאָדאָקסישע לערן־אַנשטאַלטן פון דער „אגודה" און אין די יידיש־וועלטלעכע שולן פון דער ציש"אָ.

דעם שטאַרקסטן צוציאונגס־כוח פאַר די יידישע עלטערן האָבן פאַר־מאָגט די העברעאישע פאָלקסשולן פון דער „תרבות"־געזעלשאַפט, וועלכע האָבן געהאַט די מאַרקע פון ציוניסטישע שולן. אינם לערניאָר 1933—1934 האָט „תרבות" געהאַט 269 שול־אַנשטאַלטן מיט 37,000 שילער.

די שולן פון דער געזעלשאַפט „יבנה", וועלכע איז געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון דער ציוניסטיש־אָרטאָדאָקסישער אָרגאַניזאַציע „מזרחי", האָבן אין 1935 פאַרמאָגט 220 פאָלקסשולן מיט איבער 16,000 שילער, 7 מיטלשולן און 2 העבערע סעמינאַרן — צוזאַמען מיט 1,300 תלמידים.

אין פּוילן האָבן אויך עקזיסטירט צווייִשפּראַכיקע יידישע שולן (העב־רעאיש־פּויליש) מיט 6,220 שילער. אין די דאָזיקע שולן האָט מען אַ סך פּלאַץ אָפּגעגעבן פאַר ארץ־ישראל־פּראָבלעמען און אין זיי האָבן געלערנט לרוב קינדער פון די פאַרמעגלעכערע שיכטן.

צוזאַמען האָבן מיר אַלזאָ אַ ציפער פון קנאַפּע 63,000 קינדער וואָס האָבן לויט דעם ווילן פון זייערע עלטערן באַזוכט שולן מיט אַ ציוניסטישן גייסט — נישט אַריינרעכענענדיק אַהער די באַראַכאָוו־שולן, וועלכע זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין דער ציש"אָ—וועלכער מיר ווידמען אין דעם היינטיקן בוך אַ באַזונדער אָפּהאַנדלונג, און אויך נישט די דערציאונגס־אַנשטאַלטן פון דער געז. „שול־קולט"—ביי וועלכע ארץ־ישראל האָט פאַרנומען אַ וויכ־טיקן אָרט אין זייערע לערן־פּראָגראַמען.

אַזוי האָט אויסגעזען און אַזאַ פּלאַץ האָט פאַרנומען ביים פּוילישן יידנטום דער ענין ארץ־ישראל אין דער עלעמענטאַרער דערציאונג פון די שול־קינדער, און אַזוי — אפשר נאָך גינסטיקער — האָט אויסגעזען די דערציאונג פון דער יוגנט און פון קינדער אויסערהאַלב די שולן.

בלויז אינם סאָציאַליסטישן סעקטאָר האָבן עקזיסטירט אַ גאַנצע רייע מעכטיקע יוגנט־און־קינדער־פאַרבאַנדן, וועלכע האָבן געפירט אַן ארץ־ישראל־דיקע טעטיקייט. דער „השומר־הצעיר" איז געווען די שטאַרקסטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין לאַנד מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 25,000 יוגנטלעכע שילער, אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אינם עלטער פון 14 ביז 21 יאָר, און אַן ערך 6,000 מיטגלידער האָבן געציילט זיינע קינדער־גרופּן. דער יוגנט־לעכער אַרבעטער־פאַרבאַנד „יוגנט" (לינקע פּועלי־ציון) האָט געציילט איבער 8,000 מיטגלידער און זייער קינדער־פאַרבאַנד „יונגבאָר" (יונגע באָראָכאָ־וויסטן) 7,500 קינדער פון שולן, חדרים, וואַרשטאַטן און פאַבריקן. דער יוגנט־פאַרבאַנד „פרייהייט" (רעכטע פּועלי־ציון) האָט פאַר זיין פאַראייניקונג מיטן חלוץ־הצעיר געציילט 7,000 יוגנטלעכע און נאָך דער פאַראייניקונג — צוזאַמען אַן ערך 15,000 יוגנטלעכע און קינדער. אחוץ זיי האָבן אויך

אויפן גאנצן שטח פון דער פוילישער רעפובליק עקזיסטירט יוגנט־אָרגאַ־ניזאַציעס ביי דער „התאחדות", די „גאָרדאָניא" — וועגן וועלכער מיר האָבן ניט קיין ציפערן — איז געווען טעטיק אויפן געביט פון קאָנגרעס־פוילן און איז געווען אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע. אויפן 4טן שול־צוזאַמענפאָר פון „תרבות", אינם יאָר 1931, איז דער דאָזיקער יוגנט־פאַרבאַנד געווען פאַרטראָטן מיט 32 דעלעגאַטן. — דאַסגלייכן האָבן מיר נישט קיין ציפערן, ניט בנוגע די בירגערלעכע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען געווען געוווג אַנזעעוודיק אינם יוגנט-סעקטאָר פונם יידישן לעבן, און אויך ניט וועגן דער צווייטער התאחדותישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „וויטקיניא", וועלכע איז געווען טעטיק בלויז אויפן שטח פון גאַליציע.

אויפן שטח פון קאָנגרעס־פוילן האָבן עקזיסטירט 2 אַלגעמיינע ציוניס־טישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס „הנוער־הציוני" א' און ב', לויט די אידעאָלאָ־גיעס פון די דאָזיקע פאַרטייען, און אַ ציוניסטישער יוגנט־פאַרבאַנד „עקיבא" אויפן שטח פון גאַליציע; אַ סקויטישע אָרגאַניזאַציע „השומר-הדתי", וועלכע האָט אין איר דערציאונגס־טעטיקייט קאָאָפּערירט מיט די „צעירי־מזרחי"; מען דאַרף נאָך אויך דערמאָנען די „צעירי אגודת ישראל" — די אָרגאַניזאַציע פון דער אָרטאָדאָקסישער יוגנט, — וועלכע איז געווען שטאַרק באַהויכט מיט ארץ־ישראל־שטימונגען און האָט מאַסנווייז אויס־געפּולט די הכשרה־פּונקטן פון דער „אגודה"; און, צי עס איז אונז יאָ צום הארצן, אָדער ניט, מוז מען אויך דערמאָנען די גענוג־שטאַרקע יוגנט-אָרגאַניזאַציע פון די רעוויזיאָניסטן — דעם „ברית טרומפּעלדאָר", וועלכע האָט איבערן גאַנצן לאַנד געהאַט אירע אָפּטיילונגען.

פון די דאָזיקע ציפערן און פאַקטן, ווי בכלל פונם גאַנצן בילד אויפן געביט פון שולן און יוגנט־דערציאונג, איז קלאָר, אַז דער סענטימענט צו ארץ־ישראל און דאָס באַוואוסטזיין, אַז אַ שענערע צוקונפט פון דער יידישער יוגנט איז ענג פאַרבונדן מיט דער פאַרווירקלעכונג פון דער יידישער נאַ־ציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל, האָט געהאַט אַ דאָמינירנדיקע השפעה אויף דער יידישער יוגנט אין פוילן.

## ארץ־ישראל־שטימונגען אין די רייען פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס

אויך אין די רייען פון דער פּראָפעסיאָנעל־אָרגאַניזירטער יידישער ארבעטערשאַפט זיינען געווען גרויסע טיילן, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט די פּועלי־ציון-פּאַרטייען, אָדער האָבן זיך, וויניקסטנס, באַצויגן מיט סימפּאַטיע צום לאַגער פונם ארבעטנדן ארץ־ישראל.

די יידישע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, וואָס איז אין 1939 געווען גרו־פּירט אַרום דעם „לאַנדראַט", האָט, לויט אָפיציעלע קוואַלן, געציילט 98,810 מיטגלידער. כמעט אין אַלע יוניאָנס האָבן עקזיסטירט באַדייטנדע געשלאָ־סענע פראַקציעס פון לינקע, אָדער רעכטע, פּועלי־ציון.

אין דער צענטראַלער אָנפיר־קערפּערשאַפט פון דער יידישער פּראָ־פעסיאָנעלער באַוועגונג, אינם „לאַנדראַט", זיינען געווען 2 פאָרשטייער פון די לינקע פּועלי־ציון און אַ מינימום פון 20,000 אַרבעטער, האָבן זיך געפונען אונטער דער אָנפירערשאַפט, אָדער אונטער דער אידעאישער השפעה פון די לינקע פּועלי־ציון.

אָט זיינען עטלעכע ציפערן וועגן דעם כוח פון לינקע פּועלי־ציון אין דער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג: אין וואַרשע האָבן מיר געהאַט אונטער אונ־זער אָנפירערשאַפט, אָדער לכל־הפחות אונטער אונזער אידעאישן איינפלוס די פאָלגנדע פאַראיינען: דער האָלץ־אַרבעטער־פאַראיין (בוי־ און מעבל־סטאָלאַרעס, קאַסטן־מאַכער, בערשטער, טאַפּעצירער, שירעם־און־שטעקן־מאַ־כערס, גלעזער, בעטל־אַרבעטער א. אַז. וו.) מיט 1,200 מיטגלידער; דער פאַריין פון כעמישע אַרבעטער — מיט קרוב צו 2,000 מיטגלידער; פאַריין פון יידישע קעלנער און גאַסטראָנאָמישע אָנגעשטעלטע — 500 מיטגלידער; צענטראַלער פאַריין פון יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע (מאַנופאַקטור, פּער־פומעריע, זייד־און־טיול, גאַלאַנטעריע, וויין, האַרטע־לעדער און אַנדערע בראַנזשעס, מיט איבער 2,000 מיטגלידער; פאַריין פון ליטאָגראַפן און קונסט־דרוקער — 200 מיטגלידער; טראַנספּאָרט־אַרבעטער־פאַריין (קוילן־טרעגער, פלייצע־טרעגער און האַנטוועגעלעך־פירער) מיט 400 מיטגלידער. אחוץ די דאָזיקע פאַריינען האָבן אויך עקזיסטירט פּועלי־ציון־פראַקציעס אין די פאַריינען פון נאָדל, טעקסטיל, לעדער, דרוקער און אַנדערע פאַכן.

אין לאָדזש האָבן די לינקע פּועלי־ציון אָנגעפירט מיט די פאַריינען פון די נאָדל־אַרבעטער (מיט 2,000 מיטגלידער), כעמישע אַרבעטער (200 מיטגלידער), הויזדינערשאַפט (400 מיטגלידער), כעמישע אַרבעטער (200 מיטגלידער), קעלנער און גאַסטראָנאָמישע אָנגעשטעלטע (200 מיטגלידער), מעטאַל־אַרבעטער — מיט 150 מיטגלידער און זיי האָבן אחוץ דעם געהאַט זייערע פראַקציעס אין די פאַריינען פון די טעקסטיל און לעדער־אַרבעטער און אויך אינם איינהייטלעכן פאַריין פון די יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע. זיי זיינען אויך געווען פאַרטראָטן אינם אָרטיקן „קולטור־אַמט" פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

אין כלל איז די גאַנצע יידישע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, מיט אירע אַלע 12 פאַריינען (פון נאָדל, לעדער, פאָטאָגראַפיסטן, האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וואַסער־טרעגער, מיל־אַרבעטער, מעטאַל, דראָזשקאַרזשעס, בעלי־עגלות,

בעקער, א. א. וו.) אַלע יאָרן געשטאַנען אונטער דער אָנפירונג פון די לינקע פּועלי־ציון און דער אָרטיקער קולטור־אַמט איז אינגאַנצן געווען אונטער זייער קאָנטראָל.

אַן ענלעכע לאַגע איז אויך געווען אין נייסאַנדז, וואו אַלע יידישע פּראָפעסיאָנאַלע פאַריינען זיינען געווען אונטער דער השפעה פון לינקע פּועלי־ציון. אין בריסק און אין קאָלאָמיי איז די גרויסע מערהייט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג (די פאַריינען פון די נאָדל און האָלץ־אַרבעטער, האַנדלס־אָנגעשטעלטן־פאַריינען און אַנדערע) געווען אין די הענט פון די לינקע פּועלי-ציון.

אין צענדלינגער שטעט און שטעטלעך פון דער פּראָווינץ, למשל, אין סאָסנאָוויץ, קאַליש, לעמבערג, קראָקע, שעדלעץ, ראַדאָם, קעלץ, פּינסק, טשענסטאָכאָוו, וולאָצלאַוועק, וועגראָוו, וויעלון, כמיעלניק, בזשעזשין, וויִשעגראָד, אָטוואָצק, אַלעקסאַנדער, סטאַשעוו, יאַנאָוו, אָסטראָוויעץ, ווישקאָוו, זעלאָוו, לענטשיץ און נאָך און נאָך, האָבן אַ סך פאַריינען געהערט צו לינקע פּועלי־ציון, אָדער — דאָרט וואו זיי זיינען געווען צווישן־פּאַרטייאישע — האָבן מיר געהאַט אַן אַנטשפּרעכענדע צאָל פאָרשטייער אין די פאַרוואַלטונגען.

נישט אַלע אונזערע פאַראיינען (אין וואַרשע, למשל) האָבן שוין גע־האַט דורכגעפירט זייער אָנשלוס צום לאַנדראַט — אָבער די וואָס זיינען שוין יאָ געווען אָנגעשלאָסן, צוזאַמען מיט אונזערע אָנהענגער אין די אַל־געמיינע פאַריינען, האָבן, ווי געזאָגט, געציילט אַ מינימום פון 20,000 פּראָפעסיאָנעל אָרגאַניזירטע אַרבעטער.

עס איז אויך אַ פאַקט, אַז גאָר אַ סך פון די אומפּאַרטייאישע אַרבעטער, האָבן אין אַ סך פאַלן, זיך סאָלאַדיריזירט מיט די לאָזונגען פונם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און זיי האָבן אפילו ממשותדיק געשטיצט די פאַרשידנסטע ארץ־ישראל־קאַמפּיינען.

אַלס קאָנקרעטער באַוויז דערפאַר קען אונז דינען דער ביישפּיל מיטן אָנטייל פון דער יידישער פּראָפעסיאָנעל־אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט אין די וואַלן צום ערשטן אַלוועלטלעכן פּראָ־פּאַלעסטינער אַרבעטער־קאָנגרעס, וואָס די ארץ־ישראלדיקע „הסתדרות” האָט אינם יאָר 1930 צונויפגערופן קיין בערלין.

לויט אַן אָפיציעלן אָפּמאַך צווישן די גרופּירונגען, וואָס שטיצן די הסתדרות, האָבן זיך פון פּוילן געקענט באַטייליקן אינם בערלינער קאָנגרעס נאָר דעלעגאַטן, וואָס זיינען געוויילט געוואָרן אויפן יסוד פון אַלגעמיינעם, גלייכן, געהיימען, דירעקטן און פּראָפּאָרציאָנעלן וואַלרעכט. אויסקויפן אַ שטים־קאַרטע און דערפאַר האָבן וואַלרעכט, האָבן געקענט נאָר מיטגלידער

פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, אָדער חברים פון סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און זייערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

ס'איז אויסגעבילדעט געוואָרן אַ צווישן־פּאַרטייאישער צענטראַלער וואַל-קאָמיטעט, אין וועלכן ס'זיינען אַריין פאָרשטייער פון אַלע הסתדרות־גרופּירונגען. אין דעמזעלבן צוזאַמענשטעל זיינען אויסגעבילדעט געוואָרן די וואַל־קאָמיטעטן אויף די ערטער. אונטער דער קעגנזייטיקער קאָנטראָל פון די דאָזיקע קאָמיטעטן זיינען פאַרקויפט געוואָרן די שטימקאַרטן און עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן די וואַלן. ס'איז אָנגעגאַנגען אַ הייסער פראַקציאָנעלער קאַמף. יעדע גרופּע איז געשטאַנען אויף דער וואַך, אַז קיינער פון די איבעריקע גרופּן זאָל נישט פאַרקויפן קיין שטימקאַרטן צו אַנדערע סאָציאַלע עלעמענטן; אַזוי אַז אין דער גאַנצער קאַמפּאַניע האָבן זיך פּאַקטיש באַטייליקט נאָר אַרבעטער און פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז עס זיינען פאַרקויפט געוואָרן איבער 103 טויזנט שטימקאַרטן.

ווען מען זאָל נאָך צורעכענען צו די 20 טויזנט פּראָפעסיאָנעל אָרגאַניזירטע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון די לינקע פּועלי־ציון, די איבער 16,000 מיטגלידער, וואָס עס האָבן געציילט די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון די רעכטע פּועלי־ציון, וועלכע זיינען נישט געווען אָנגעשלאָסן אינם לאַנדראַט, און נאָך אַ 35 ביז 40 טויזנט שטימקאַרטן־קויפער רעכענען אויפן חשבון פון פּאַרטיי־מיטגלידער פון די פּאָליטישע פּאַרטייען און פון השומר־הצעיר, אָדער אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן נישט געהערט צו קיינער פון די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונגען, — וועט נאָך אַלץ אַרויסקומען, אַז אַן ערך 25 ביז 30 טויזנט אומפּאַרטייאישע אַרבעטער פון די פאַריינען, וואָס זיינען יאָ געווען אָנגעשלאָסן אינם לאַנדראַט, האָבן אויסגעקויפט שטימקאַרטן צום דערמאָנטן פּראָ-פּאַלעסטינע קאָנגרעס אין בערלין. אַ סך פון זיי האָבן זיך אויך באַטייליקט אין די וואַלן, בעת וועלכע עס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן 76,501 שטימען פאַר די פאַרשידנסטע ריכטונגען פון דער הסתדרות.

פון די אַלע פאַקטן וואָס מיר האָבן ביז איצט געבראַכט, איז צו זען, אַז די גרויסע מערהייט פונם יידישן קיבוץ אין פּוילן האָט בפירוש געוואָלט און זי האָט עס אויך פאַרשטאַנען, אַז זי נויטיקט זיך אין ארץ־ישראל אַלס פרייער איינוואַנדערונגס־צענטער און אַלס אַ נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק.

# די יידישע ארבעטער־פארטייען אין פוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות

**א ר י י נ פ י ר**

דאָס סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכע לעבן פונם דריי־און־א־האלב מיליאָניקן יידישן ישוב אינם פאַר־מלחמה'דיקן, אומאָפּהענגיקן פוילן, איז געווען שטאַרק דיפערענצירט — הגם זיין עקאָנאָמישע סטרוקטור איז געווען ווייט דערפון צו זיין פולשטענדיק נאָרמאַל, אַזוי ווי דאָס איז דער פאַל ביי אַנדערע טע־ריטאָריאַלע פעלקער, אין די ראַמען פון היינטיקן ווירטשאַפטלעכן סדר. עס האָט ביי אונז, ביי די פּוילישע יידן, געפעלט אַ נאָרמאַלער פּויערים־קלאַס מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער. די יידן זיינען ניט געווען פאַר־טראָטן אין דער שווערער אינדוסטריע. זיי זיינען ניט געווען בנמצא אין די קוילן־ אָדער נאַפט־גרובן, ניט אין די באַן-וואַרשטאַטן אָדער באַן־קאָ־מוניקאַציע און אויך ניט אין די מלוכה־אַמטן. די יידישע באַפעלקערונג — די אַרבעטנדיקע — איז געווען באַשעפטיקט כמעט אויסשליסלעך אין דער קליינער אינדוסטריע, אין האַנטווערק, האַנדל, וכדומה און בלויז אין אַ קליינער מאָס אין דער מיטעלער אינדוסטריע — אַלץ צווייגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער באַקליידונג־און־באַשוכונגס-פּראָדוקציע, אָדער צו די דערנערונגס־בראַנזשן.

אָבער, ניט געקוקט דערויף, זיינען כסדר, בהדרגה, אַלץ קלענער געוואָרן די לופט־פּרנסות און ס'זיינען געוואַקסן ביי יידן די לוין־אַרבעטער, די פּראָלעטאַריער, וואָס האָבן פאַרקויפט זייער אַרבעטסקראַפט און האָבן מאַסנווייז אָנגעפולט די פאַבריקן און וואַרשטאַטן פון קליידער און טעקס־טיל; פון לעדער און האַלב־אויסאַרבעטונגען; די קלענערע פאַבריקלעך און וואַרשטאַטן פון די מעטאַל און כעמישע אינדוסטריען; פון האַנדלס־אונטערנעמונגען און געשעפטן; פון אינטעליגענטע פּראָפעסיעס אַן גלייכ־צייטיק אויך פונם גרויסן אַרבעטסלאָזן מאַרק.

די דאָזיקע סאָציאַלע דיפערענצירונג האָט אָביעקטיוו פאַרשטאַרקט — אינם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון איין זייט און אויף דער אינערלעך־פּאָליטישער אַרענע פון דער אַנדערער זייט — די ראָל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אַלס זעלבסטשטענדיקער קלאַס און האָט געשאַפן אַ גינסטיקן באָדן פאַרן וואוקס פון די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען. סיי פון די וואָס האָבן אין די באַזונדערע טיילן פון פוילן עקזיסטירט נאָך פאַר דער ערשטער

וועלט־מלחמה און סיי פאר נייע גרופּירונגען, וואָס זיינען אויפגעקומען ערשט אין די יאָרן צווישןביידע וועלט־מלחמות. די באַזונדערע אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן צווישן זיך געקעמפט פאר דער העגעמאָניע אויף דער יידי־שער אַרבעטער־גאַס און כלפּי־חוץ געפירט דעם טאָג־טעגלעכן קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט און פאַר די מעגלעכקייטן איבערצובויען דאָס לעבן פון די יידישע מאַסן אויף געזונטע און פולשטענדיקע נאָרמאַלע יסודות.

די דאָזיקע קאַמפן — במשך פון דער 20 יאָריקער אומאָפּהענגיקייט־תקופה — זיינען געווען רייך אין העראָאישע מאָמענטן. זיי זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט קאָלעקטיווער מסירת-נפש און האָבן אָפטמאָל געטראָגן אַ דראַמאַטישן כאַראַקטער, אַזוי אַז עס איז כדאי גענויער זיך צו באַקענען מיט דעם פילפאַרביקן און שיינעם קאַפּיטל פונם יידישן לעבן אין פּוילן — מיט דעם קאַפּיטל וואָס הייסט: די יידישע אַרבעטערשאַפט אינם פאַר־מלחמה־דיקן פּוילן.

## דער „בונד"

דער „בונד" אין פּוילן, וואָס ציט זיין יחוס פונם „אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד („בונד") אין רוסלאַנד, ליטע און פּוילן", וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן נאָך מיט 50 יאָר צוריק — אינם יאָר 1897 — איז געווען ניט נאָר די עלטסטע, נאָר אויך רעלאַטיוו די שטאַרקסטע יידישע אַרבעטער־פּאַרטיי.

איבערנעמענדיק פונם אַמאָליקן „בונד" די אַלטע אידעאָלאָגיע, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ צייטווייליקע דערשיינונג און אַז די יידנפראַגע קען פאַרענטפערט ווערן נאָר אויפן אָרט, וואו די יידישע מאַסן וואוינען — האָט דער פּוילישער „בונד", שטיצנדיק זיך אויפן דאָזיקן אני־מאמין, פאַרט־געזעצט זיין פּראָפּאַגאַנדיסטישע און דערציאונגס־אַרבעט צווישן די יידישע אַרבעטער אין דעמזעלבן זין און איז צוליב דער דאָזיקער איינשטעלונג, במשך פון די גאַנצע 20 יאָר, כסדר געשטאַנען אין אַ שאַרפן קאַמף, סיי קעגן בירגערלעכן ציוניזם און אַלע זיינע שאַטירונגען, סיי קעגן דעם פּועלי־ציוניזם פון רעכטן, אָדער לינקן כאַראַקטער, און אויך קעגן די קאָנקרעטע טעטיקייטן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס האָבן געהאַט פאַר אַ ציל צו שטיצן דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל.

באַזונדערס שאַרף איז דער „בונד" אַרויסגעטראָטן אין די לעצטע יאָרן קעגן דער עוואַקואַציע־אַוואַנטורע, וואָס איז מצד די אַנטיסעמיטן אַרויס־געשטעלט געוואָרן ווי אַ לאָזונג אויף צו פאַרענטפערן די יידנפראַגע, און בעת די דאָזיקע לאָזונג פון עוואַקואירן אַ גרויסן טייל יידן פון פּוילן איז אונטערגעהאַלטן געוואָרן מצד די רעוויזיאָניסטן.

דער „בונד״ האָט אין זיין פּאָליטישער טעטיקייט ניט געהאַלטן פון קאָאָפּעראַציע מיט אַנדערע קלאַסן פונם יידישן פאָלק. קעגן אַזאַ שטע־לונג האָט ער אַרויסגעשטעלט דעם לאָזונג פון פאַרברידערונג צווישן די יידישע און פּוילישע אַרבעטער־מאַסן און אין דער דאָזיקער ריכטונג איז געגאַנגען זיין טאָג־טעגלעכע פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייטן. אויפן פּאָליטישן געביט זיינען אָבער, זעלטן־ווען זיינע באַמיאונגען געקרוינט גע-וואָרן מיט ממשותדיקע דערפאָלגן. די מניעות זיינען געקומען פון דעם צד־שכנגד, וואָס האָט זיך גערעכנט מיט די אַנטיסעמיטישע שטימונגען פון דער פּויליש־בירגערלעכער וועלט און פּשוט מורא געהאַט פּאָליטיש, אָפן, צו קאָאָפּערירן מיט יידישע אַרבעטער. ערשט אין די סאַמע לעצטע יאָרן האָט זיך די אָרגאַניזירטע פּוילישע אַרבעטערשאַפט דערלויבט דאָ־און־דאָרט אויפ־צוהויבן איר שטים קעגן דיסקרימינאַציעס און בכלל קעגן אַנטיסעמיטיזם. דאַגעגן האָט קיין איין מאָל ניט געטראָפן, אַז ס'זאָל אין צענטראַלן מאַס־שטאַב, ביי סיים- אָדער שטאָטראַט־וואַלן, געשלאָסן ווערן אַ בלאָק פון „בונד״ און פּ. פּ. ס.

דערפאַר אָבער, איז אַזאַ צוזאַמענאַרבעט צווישן דער פּוילישער אָרגאַ־ניזירטער אַרבעטערשאַפט (פּ.פּ.ס.) און „בונד״ (לעצטנס אויך מיט אַנדערע יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען) זייער אָפט פאָרגעקומען אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט. די קאָנקרעטע רעזולטאַטן פאַר דער יידישער אַרבעטערשאַפט גופא, זיינען, אמת געווען מינימאַלע — דערפאַר אָבער האָט די דאָזיקע אָפט־מאָל בלויז פאָרמעלע אָדער פּלאַטאָנישע, צוזאַמענאַרבעט, וועלכע איז גע-קומען צום אויסדרוק אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, שטאַרק געהויבן דעם פּרעסטיזש פונם „בונד״ אין דער פּוילישער עפנטלעכקייט און באַ־דייטנד געשטאַרקט זיינע פּאָזיציעס צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט גופא.

אין די ערשטע יאָרן פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט האָט דער „בונד״ (גלייך ווי די איבעריקע יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען: פּועלי־ציון און „פאַראיי־ניקטע״) זיך באַטייליקט אין די אַרבעטער־ראַטן, וואָס האָבן דעמאָלט עקזיס־טירט אין אַלע גרעסערע אַרבעטס־צענטרען און פאַרנומען אין זיי אַן אָנגע-זעענעם אָרט. שפּעטער ווען די אַרבעטער־ראַטן האָבן ניט דערפולט די האָפענונגען וואָס די יידישע אַרבעטערשאַפט האָט אויף זיי געלייגט, איז דער „בונד״, צוזאַמען מיט די איבעריקע יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען, אַרויסגעטרעטן פון זיי און די אַרבעטער־ראַטן זיינען דאַן אינגאַנצן בטל געוואָרן.

שטימונגען, אַז דער „בונד״ זאָל זיך אָנשליסן אינם 3טן אינטער־נאַציאָנאַל, האָבן דערפירט דערצו, אַז אין „בונד״ איז אַנטשטאַנען אַ

שטאַרקע לינקע אָפּאָזיציע, וועלכע האָט זיך שפּעטער אָפּגעריסן און זיך קאָנסטיטואירט אַלס „קאָמבונד". די דאָזיקע שפּאַלטונג האָט דעם „בונד" דעמאָלט באַדייטנד אָפּגעשוואַכט. אָבער, ווען דער „קאָמבונד" האָט זיך דערנאָך אריינגעגאָסן אין דער אַלגעמיינער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָט דער „בונד" אין זיין פּראָפּאַגאַנדע, ווי געהעריק אויסגענוצט דעם דאָזיקן פאַקט, וואָס די קאָמפּאַרטיי אָנערקענט ניט קיין באַזונדערע פאָרמען פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, און האָט צוביסלעכווייז צוריק אָנגעהויבן צו פאַרשטאַרקן זיין השפּעה צווישן די יידישע אַרבעטער־מאַסן, און ווען ער האָט נאָך דערצו איבערגעריסן זיינע אונטערהאַנדלונגען מיטן קאָמינטערן, איז ער אין די לעצטע פאַר־מלחמה יאָרן, דערגאַנגען, ווי די אָפיציעלע בונדישע קוועלן האָבן זיינערצייט אָנגעגעבן, צו דער צאָל פון 13 טויזנט מיטגלידער.

זיין השפּעה איז אָבער אַרויסגעגאַנגען ווייט איבער די ראַמען פון די אָנגעגעבענע 13 טויזנט בונדיסטן. כידוע, האָט דער „בונד", זיין הויפּט־אויפמערקזאַמקייט געשענקט דער פּראָפּעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג פון די יידישע אַרבעטער. צוליב דעם וואָס ער האָט שטענדיק אָנגעהאַלטן גוטע באַציאונגען מיט דער פּ.פּ.ס., וועלכע איז סיי יורידיש, סיי אין אַ היפּשער מאָס פאַקטיש, געווען דער באַלעבאָס פון דער אַלגעמיינער פּראָפּעסיאָנעלער באַוועגונג, האָט דער „בונד" אויפן פּראָפּעסיאָנעלן געביט אין דער יידישער גאַס, געשפּילט כמעט דיזעלבע ראָל וואָס די פּ.פּ.ס. אויף דער פּוילישער.

אַזוי אַרום איז דער „בונד" צייטנווייז געווען דער דאָמינירנדיקער כח, שיעור ניט דער איינציקער באַלעבאָס פון די יידישע פּראָפּעסיאָנעלע פאַריינען — יעדנפאַלס פון כמעט אַלע פאַריינען, וואָס האָבן געהערט צום אַזוי־גערופענעם „לאַנדראַט פון די יידישע פּראָפּעסיאָנעלע פאַריינען", וועלכע איז אַלס גאַנצע קערפּערשאַפט געווען אָנגעשלאָסן אין דער אַזוי־גערופענער „צענטראַלנאַ קאָמיסיאַ זוויאָנזקוּוו זאַוואָדאָוויך", ד. ה. אין דער „צענט־ראַלער קאָמיסיע פון די פּראָפּעסיאָנעלע פאַרבאַנדן", אונטער דעם קאָנטראָל פון דער פּ.פּ.ס.

אינם לאַנדראַט זיינען אין לעצטן יאָר פאַרן מלחמה־אויסברוך געווען אָנגעשלאָסן אַן ערך פון 96,000 יידישע אַרבעטער. דערפון זיינען קנאַפּע 50,000 געווען מיטגלידער אין די בונדישע, אָדער פּראָ־בונדישע פאַריינען; 20,000 האָבן געהערט צו די לינקע פּועלי־ציון פאַראיינען און קנאַפּע 30,000 האָבן זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון די קאָמוניסטן. אחוץ דעם האָבן זיך נאָך געפונען אַ ריי פאַריינען פון די לינקע פּועלי־ציון, וועלכע זיינען צוליב פאַרשידענע סיבות, נאָך ניט געווען אָנגעשלאָסן אינם לאַנד־ראַט, און די פּראָפּעסיאָנעלע פאַריינען פון די רעכטע פּועלי־ציון מיט אַ

העכער 16 טויזנט־קעפּיקער מיטגלידערשאַפט, וועלכע האָבן געהאַט זייער אייגענע צענטראַלע ביוראָ.

דער „בונד" האָט אויך געהאַט אונטער זיין קאָנטראָל אַ „סאָציאַליס־טישן פאַרבאַנד פון אָרעמע האַנטווערקער" — ד. ה. פון זעלבסטשטענדיקע באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר זיך, אָדער אַזעלכע וואָס האָבן אַפילו געהאַלטן צו עטלעכע אַרבעטער, נאָר זיי האָבן אַלס קאָנטראַקטאָרס געאַרבעט פאַר די גרעסערע פאַבריקן; אַ פאַרבאַנד פון יידישע אַרבעטער־פרויען — אונטערן נאָמען „יאַפּ" (ייד. אַרב. פרויען); אַ ספּאָרט־פאַרבאַנד „מאָרגנשטערן" מיט צענדליקער אָפּטיילונגען איבערן גאַנצן לאַנד, וועלכע האָבן געציילט 6000 מיטגלידער און אַ גרויסע יוגנט־אָרגאַניזאַציע — דעם פאַרבאַנד פון יוגנטלעכע אַרבעטער און סאָציאַליסטישע שילער — דעם יוגנט־בונד „צוקונפט", וועלכער האָט געציילט, לויט ווי די בונדיסטן גיבן אָן, 250 אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס מיט „בערך 15 טויזנט מיטגלידער". די בונדישע קינדער־אָרגאַניזאַציע — דער „סקיף" (סאָציאַליסטישער קינ־דער־פאַרבאַנד) האָט, לויט דיזעלבע בונדישע קוואַלן געהאַט אין זיינע רייען קנאַפּע 10 טויזנט מיטגלידער.

אין די ערשטע יאָרן פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייטס־תּקופה, האָט דער „בונד" פאַרמאָגט אַ גאַנצע ריי פאַרברויך־קאָאָפּעראַטיוון — קאָנ־סום־געוועלבער — און אויך אַ געוויסע צייט פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון. אָבער מיט דער צייט זיינען זיי אַלע, פּונקט ווי די קאָאָפּעראַטיוון פון אַלע אַנדערע פּאַרטייען, צוליב פאַרשידענע סיבות, צוביסלעך ליקווידירט געוואָרן.

אַחוץ קלענערע ספּאָראַדישע אַקציעס קעגן די דיסקרימינאַציעס מצד דער פּוילישער רעגירונג, האָט דער „בונד" אינם יאָר 1926 געגעבן די איניציאַטיוו, אַז דער לאַנדראַט זאָל רופן אָן עפנטלעכן גרויסן קאָנגרעס „צום קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט". דער קאָנגרעס איז צושטאַנד־געקו־מען מיטן הסכּם פון די איבעריקע יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען און קיין וואַרשע זיינען זיך צונויפגעפאָרן קנאַפּע 600 דעלעגאַטן פון גאַנצן לאַנד. די 2 הויפּט־רעפעראַטן האָבן דעמאָלט געהאַלטן: הענריק ערליך — אינם נאָמען פון דער בונדישער פראַקציע, וועלכע האָט צוזאַמען מיט די אומ־פּאַרטייאישע געציילט 422 דעלעגאַטן און נתן בוקסבוים — אינם נאָמען פון דער לינקער פּועלי־ציון פראַקציע, וועלכע האָט געציילט 96 דעלעגאַטן. די איבעריקע דעלעגאַטן זיינען געווען פונאַנדערגעטיילט אין 3 קלענערע פראַקציעס פון קאָמוניסטן, רעכטע פּועלי־ציון און „אומאָפּהענגיקע סאָציאַ־ליסטן" (אַ גילגול פון די אַמאָליקע „פאַראייניקטע").

דער לאַנדראַט איז — אַחוץ דער צענטראַלער יידישער שול-אָרגאַני־זאַציע — געווען דער איינציקער אָרט אין וועלכן עס איז צושטאַנד גע־קומען אַ צוזאַמען־אַרבעט פון „בונד" מיט אַנדערע ריכטונגען.

דאַגעגן אינם פּאָליטישן קאַמף, ביי פאַרשיידענע וואַל־קאַמפּאַניעס צום סיים, צו קהילות און שטאָט־ראַטן, אָדער ביי עפנטלעכע מאַניפעסטאַציעס, איז דער „בונד" כמעט תמיד אַרויסגעטראָטן זעלבסטשטענדיק. אויסנאַמען, במשך פון די 20 יאָר זיינען געווען: די וואַלן צום פּוילישן סיים אינם יאָר 1930, בעת וועלכע דער „בונד" האָט געשלאָסן אַ שותפותדיקן בלאָק מיט די רעכטע פּועלי-ציון און מיט די „אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן". און אין לאָקאַלן מאַסשטאַב זיינען אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אין דער פּראָווינץ געווען אַזעלכע שותפותדיקע בלאָק־ליסטעס צווישן „בונד", לינקע פּועלי־ציון און פּראָפ. פאַראיינען. אין אַ טייל שטעט, זיינען אויך צוגעצויגן געוואָרן די אומפּאַרטייאישע האַנטווערקער. אַזוי איז דאָס געווען, סיי ביי די קהילות־וואַלן אינם יאָר 1936, סיי בעת די לעצטע שטאָט־ראַט־וואַלן צום סוף פון יאָר 1938 און צום אָנהויב פון יאָר 1939.

אָבער ניט געקוקט דערויף וואָס בעת די דאָזיקעביידע וואַלקאַמפּאַ־ניעס איז דער „בונד" אין אַ סך שטעט געגאַנגען אין שותפותדיקע ליסטעס מיט אַנדערע גרופּירונגען (לינקע פּועלי־ציון, האַנטווערקער און קאָמוניסטן אלס לינקע „אָפּאָזיציע" אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען), האָט אָבער פונ־דעסטוועגן אין אונטערשטן סך־הכל דער „בונד" נעהאַט אַן עפעקטיוון גרויסן נצחון.

עס איז אָבער נישט ריכטיק צו מאַכן דערפון דעם אויספיר, אַז דער „בונד" האָט געהאַט דאָס רעכט צו ריידן אינם נאָמען פון דער מערהייט פון יידישן פאָלק אין פּוילן, ווייל אין אַ סך פון די דאָזיקע שטעט איז דאָס געווען אַ בשותפותדיקע ליסטע מיט דער „אָפּאָזיציע" פון די פּראָ־פעסיאָנעלע פאַריינען (קאָמוניסטן) און אין אַ טייל שטעט (לאָדזש, קאַליש, א. א. וו.) זיינען דאָס געווען בשותפותדיקע ליסטעס מיט די לינקע פּועלי־ציון און אַזעלכע (לינקע פּועלי־ציון, אָדער „אָפּאָזיציאָנערן"), זיינען אויך אויסגעוויילט געוואָרן אויף די בשותפותדיקע ליסטעס, וועלכע האָבן אין יענע שטעט אָפיציעל געטראָגן דעם נאָמען: „ליסטע פון בונד, לינקע פּועלי־ציון און פּראָפ. קלאַסן פאַריינען".

עס איז אָבער ריכטיק דער פאַקט, אַז אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס איז דער „בונד" געווען רעלאַטיוו די גרעסטע און שטאַרקסטע פּאַרטיי און אויפן קרעדיט פון „בונד" דאַרף אויך פאַרשריבן ווערן דער גרויסער דערפאָלג פון אַן אַלגעמיינעם יידישן סטרייק איבער דער גאַנצער פּוילישער רעפּובליק, וואָס איז, ווידער לויט דער איניציאַטיוו פון „בונד" און מיט

דער צושטימונג פון די איבעריקע 2 פראקציעס אינם לאנדראט (לינקע פועלי־ציון און קאמוניסטישע „אפאזיציע") דורכן לאנדראט פראקלאמירט געווארן אויפן 17טן מערץ, 1936, און איז אויפגענומען און אונטערגעהאלטן געווארן פון דער גאנצער יידישער געזעלשאפט.

דער דאזיקער אימפאזאנטער סטרייק איז געווען א ווירדיקער פראטעסט קעגן דער וואקסנדיקער אנטיסעמיטישער כוואליע, וואס האט געהאט איר אויסדרוק אין אזעלכע טרויעריקע געשעענישן ווי דער פאגראם אין פשיטיק און ענלעכע פאלן, אדער אין שחיטה־געזעץ־פראיעקט און אין פערמאנענטע פיקעטן פאר די יידישע געשעפטן און אין א גאנצער רייע אנדערע דיסקרימינאציעס.

די פוילישע רעגירונג האט דעם 17טן מערץ דערזעען פאר זיך א געשלאסענע און אנטשלאסענע יידישע געזעלשאפטלעכקייט און דאס האט געהאט א געוויסע ווירקונג. אחוץ דער ווירקונג כלפי־חוץ, האט דער אלגעמיינער יידישער סטרייק פון 17טן מערץ געגעבן דער בירגערלעכער יידישער וועלט א שטויס און א סטימולירונג צום ווייטערדיקן קאמף פאר די יידישע רעכט.

ווען די אנטי־יידישע ארויסטרעטונגען האבן זיך ניט אפגעשטעלט און זיי האבן אפילו אנגעהויבן אנצונעמען נאך שארפערע פארמען, האבן דאן די ציוניסטישע ארגאניזאציעס מיט 6 וואכן שפעטער, פראקלאמירט דעם 30טן יוני, 1936, א צווייטן אלגעמיינעם יידישן סטרייק, צו וועלכן עס האבן לכתחילה געגעבן זייער הסכמה אויך די איבעריקע יידיש־בירגערלעכע פארטייען און ווירטשאפטלעכע ארגאניזאציעס און דערנאך אויך אלע יידישע ארבעטער־פארטייען, אזוי אז אויך דער צווייטער סטרייק איז געווען אן אלגעמיינער און האט געהאט די געהעריקע ווירקונג.

## די לינקע פועלי־ציון

די צווייט־גרעסטע יידישע ארבעטער־פארטיי, סיי נומעריש, סיי לויט איר פאליטישער השפעה און וואג,, איז געווען אינם פאר־מלחמה'דיקן פוילן, די „יידישע ארבעטער־פארטיי פועלי־ציון", (לינקע).

די „לינקע פועלי־ציון אין פוילן" ציט איר יחוס־אפשטאם פון דער אמאליקער רוסלענדישער „יידישער סאציאל־דעמאקראטישער ארבעטער־פארטיי פועלי־ציון", וועלכע איז געגרינדעט געווארן אין די טעג פון אפריל און מערץ, 1906, אויפן ערשטן פועלי־ציון צוזאמענפאר אין פאלטאווע, אונטערן פארזיץ פון בער באראכאוו און ביי דער באטייליקונג פון זרבבלען, יצחק בן־צבי, אלעקסאנדער כאשין און פיל אנדערע וויכטיקע טוער פון דער דעמאלט נאך יונגער פועלי־ציון־באוועגונג.

אין פוילן — סיי אינם אזוי־גערופענעם קאָנגרעס־פּוילן, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער צאַרישער אָקופּאַציע, סיי אינם עסטרייכישן טייל פון פּוילן — אין גאַליציען — זיינען די ערשטע פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציעס אַנטשטאַנען אין די יאָרן 1903, 1904 און 1905. בעת די גאַליצישע פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציעס האָבן געפירט אַ לעגאַלע טעטיקייט און זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין דער עסטרייכישער פּועלי־ציון פּאַרטיי, זיינען די פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציעס אין קאָנגרעס פּוילן אין יענער צייט געווען געצוואונגען צו פירן אַן אונטערערדישן פּאָליטישן קאַמף, אַן אומלעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט און אַ געהיימע פּראָלעטאַריש־ציוניסטישע אויפקלערונגס־פּראָפּאַגאַנדע און זיי זיינען ווי אַ געשלאָסענער „פּוילישער פאַרבאַנד” געווען אָנגעשלאָסן אין דער אויבנדערמאָנטער רוסלענדישער „יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער פּאַרטיי פּועלי־ציון”.

אינם יאָר 1916, ווען פּוילן האָט זיך געפונען אונטער דער אָקופּאַציע פון קייזער ווילהעלמס אַרמיי און ס'האָט דאָרט געהערשט אַ מוראַדיקער הונגער, האָבן די דאָרטיקע פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציעס אָנגעהויבן צו גרינדן אַרבעטער־היימען פאַרבונדן מיט ביליקע, אָדער אומזיסטע קיכן און טיי־האַלן, וואו די פּויפּעריזירטע און הונגעריקע יידישע מאַסן זאָלן קענען באַקומען אַ לעפל וואַרעמס, אַ גלאָז טיי און זאָלן האָבן וואו צו פאַרברענגען די פרייע שעה'ן אין אַ וואַרעמער סביבה.

פּאַראַלעל מיט די קיכן, טיי־האַלן און אַרבעטער־היימען, האָבן זיי אויך געגרינדעט קינדער־היימען, וועלכע זיינען דערנאָך גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אָנפאַנגס־שולן פאַר די עלטערע קינדער. די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן האָבן זיך מאַסנווייז גרופּירט אַרום די דאָזיקע אינסטיטוציעס און די השפּעה פון פּועלי־ציון איז געוואַקסן.

אויף דעצעמבער 1918 האָט דער פריער דערמאָנטער פּוילישער „פאַרבאַנדס־קאָמיטעט” צונויפגערופן דעם ערשטן עפנטלעכן און קאָנסטיטוּאירנדיקן צוזאַמענפאָר פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין דער פּוילישער רעפּובליק. און במשך פון יאָר 1919 האָט די פּאַרטיי געגרינדעט איבערן גאַנצן לאַנד פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, פּראָדוציר־און קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון, ביבליאָטעקן, דראַמקרייזן, אָוונט־קורסן, קינדער־היימען, טאָג־שולן און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

דער טעאָרעטישער אני־מאמין פון דער פּוילישער פּועלי־ציון פּאַרטיי איז געווען אַ המשך פון דער פריערדיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער רוסלענדישער פּועלי־ציון פּאַרטיי, ד. ה. אַ מאַרקסיסטישע וועלט־אַנשויאונג, וואָס באַזירט אויף רעוואָלוציאָנערן קלאַסנקאַמף און אַ באָראָכאָוויסטישער צוגאַנג צו דער יידן־פראַגע, וואָס דאָס מיינט: פּאַראַלעל מיטן קלאַסנקאַמף

אויף די ערטער — גלייכצייטיק צו פירן דעם קאמף פאר דער פארווירק־לעכונג פונם ציוניזם, פאר דער שאפונג פון א טעריטאָריאַלן יידישן אר־בעטער־צענטער אין ארץ־ישראל.

פּאָליטיש האָט די פּוילישע פּועלי־ציון פּאַרטיי געשטיצט און אנטייל־גענומען אין די אַלגעמיינע אַרבעטער־ראַטן, שטרעבנדיק דערצו, אַז די אַר־בעטער און פּויערים־מאַסן פון פּוילן זאָלן קומען צו דער פּאָליטישער מאַכט.

אין אַ סך צענדליקער שטעט זיינען ביי די ערשטע שטאָטראַט־וואַלן אויסגעקליבן געוואָרן צו עטלעכע ראַטמענער פון די פּועלי־ציון ליסטעס. צוויי פון זיי — לייב האַלענדערסקי אין לאָדזש און יצחק לעוו אין וואַרשע — זיינען געווען שטאָטראַט־מיטגלידער, אָן אַ שום אונטערברעכונג, במשך פון דער גאַנצער אומאָפּהענגיקייטס־תקופה און צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע ראַטמענער האָבן זיי במשך פון אַלע יאָרן געפירט דעם קאַמף פאַר דער אָנערקענונג פון דער יידישער שפּראַך, פאַר סובסידיעס פאַר די יידישע דערציאונגס און קולטור־אַנשטאַלטן, פאַר רעכט אויף אַרבעט און פאַר פריינטלעכע באַציאונגען צווישן דער פּוילישער מלוכה מיטן ראַטנפאַרבאַנד.

אין די ערשטע סיים־וואַלן, אין פרילינג 1919, האָט די פּועלי־ציון פאַרטיי, אינם בעלמער־הרובישאָווער וואַלקרייז דורכגעפירט אַלס דעפּוטאַט צום פּוילישן סיים איר קאַנדידאַט דר. מאַקס ראָזענפעלד, וועלכער איז אָבער תיכף נאָך די וואַלן געשטאָרבן און זיין אָרט האָט דערנאָך פאַרנומען דער היסטאָריקער דר. יצחק שיפּער, וועלכער איז דעמאָלט געווען אַן אַקטיווער טוער אין דער פּועלי־ציון פאַרטיי.

די רעוואָלוציאָנערע פּאָליטישע איינשטעלונג פון דער פאַרטיי און איר פּראָפּאַגאַנדע, אַז פּוילן זאָל אָנקניפּן פריינטלעכע באַציאונגען מיטן ראַטנ־פאַרבאַנד, האָט גורם געווען, אַז ס'האָבן זיך גיך אָנגעהויבן צו שיטן אויף איר רדיפות, נגישות און רעפּרעסיעס מצד די מאַכט־אָרגאַנען. די רעאַק־ציאָנערע רעגירונגס אדמיניסטראַציע האָט זיך לחלוטין ניט גערעכנט מיטן פאַקט וואָס די פאַרטיי איז געשטאַנען אויפן באָדן פון אַן אומאָפּהענגיקער פּוילישער מלוכה, סיי נאָך אין די צייטן פון דער צאַרישער אָקופּאַציע, סיי נאָכן אַנטשטיין פון דער זעלבסטשטענדיקער פּוילישער רעפּובליק און האָט אָוועקגעשטעלט די פּועלי־ציון פאַרטיי שיעור ניט אויף איין פלאַך מיט די אירעדענטישע גרופּן פון די אוקראַינער און ווייס־רוסן. אַ סך פּועלי־ציון ראַטמענער, וועלכע זיינען אין די שטאָטראַטן אַרויסגעטראָטן מיט ראַדי־קאַלע רעדעס, אָדער מיט רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען, האָט מען אַרעסטירט און קעגן זיי פאַרפירט פּראָצעסן מיט האַרבע שטראָפן.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן צו שיטן אַ האָגל פון ארעסטן אויף אַר־טיקע און צענטראַלע טוער; ארבעטער־היימען זיינען פארחתמעט געוואָרן און די פּועלי־ציון פּרעסע איז כסדר קאָנפיסקירט געוואָרן.

פון יענער תקופה איז כדאי צו דערמאָנען, די ארעסטן און פּראָצעסן פון נ. בוקסבוים (אין לעמבערג), פון די ראַטמענער יוסף סלושני (שעדליץ) א. סאָלניק (קאַליש) און פון די פּאַרטיי־טוער מ. ציטרינאָווסקי (פּארשיקט אין דאָמביער לאַגער), י. סטאָלאַרסקי (אין גראָדנער תפיסה), י. גאָטליב (פון וואַרשע), יוסף זילבערבאַרד (ציעכאַנאָוו), (פּארמשפּט אויף 2 יאָר), מרדכי שוואַרצבאַרד פון לאָדזש (פּארמשפּט אויף 1 יאָר), מעכל וואַרשניטער (זאַראמב) און פיל־פיל אנדערע.

די דאָזיקע רדיפות, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן באַלד אין די יאָרן 1919־1920, זיינען אָבער מיט אַ באַזונדערער קראַפט און סיסטעמאַטישקייט פאָרטגעזעצט געוואָרן נאָכדעם ווי אין אויגוסט 1920 איז אויף דער 5טער וועלט־קאָנפערענץ פון די פּועלי־ציון פּאַרטייען אין ווין, פאָרגעקומען די שפּאַלטונג אויף רעכטס און לינקס און די פּוילישע פּאַרטיי איז געבליבן אינם לינקן וועלט־פאַרבאַנד. די רדיפות האָבן אויך ניט אויפגעהערט אפילו נאָכדעם ווי די לינקע פּועלי־ציון, סיי אינם וועלט־מאָסשטאַב, סיי אינם לאַנדעס־מאָסשטאַב אין פּוילן, האָבן אינם יאָר 1923 איבערגעריסן וועלכע ס׳איז פּרוואוון פון אָנשליסן זיך אינם 3טן אינטערנאַציאָנאַל, צוליב דעם, ווייל דער דאָזיקער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אנערקענען דעם לאָזונג פון אַ טעריטאָריאַלער קאָנצענטראַציע פון דער יידישער עמי־גראַציע אין ארץ ישראל, אלס לעזונג פון דער יידנפראַגע.

אין יענע יאָרן זיינען פאָרגעקומען מאַסן־ארעסטן פון וועלכע עס איז ווידער כדאי צו דערמאָנען דעם ארעסט פון אַ ראַיאָנעם יוגנט־צוזאַמענפאָר אין לאָדזש, פון דער גאַנצער וואָצלאַווקער „יוגנט״־אָרגאַניזאַציע מיט מאיר קוטשינסקי בראש, וועלכער איז דאַן פּארמשפּט געוואָרן אויף 2 יאָר תפיסה און דאַן דעם ארעסט פון קראַקעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט און יוגנט־קאָמיטעט, אין דער צאָל פון 10 מאַן, וועלכע זיינען פּארמשפּט גע־וואָרן, לויט די „ליבעראַלע״ עסטרייכישע געזעצן — בלויז אויף 1 חודש יעדערער . . . דאַן, די גרויסע ארעסטן אין ראַדאָם און אין לובלין.

אָבער ניט געקוקט אויף די כסדרדיקע רדיפות און ניט געקוקט דערויף וואָס גאַנצע צייט־אָפּשניטן איז דער פּאַרטיי אויסגעקומען צו ארבעטן אונטער די שווערסטע אומלעגאַלע באַדינגונגען און איזאָלירט פון אַלע אַנדערע פראַנטן האָט זי דאָך במשך פון די גאַנצע 20 יאָר פּערמאַנענט און מיט די אייגענע כוחות געפירט גרויסע פּאָליטישע וואַלקאַמפּאַניעס,

אָדער זיך אַקטיוו באַטייליקט אין גרויסע צווישן־פּאַרטייאישע פּאָליטישע אַקציעס.

אין די ערשטע נאָך־מלחמהדיקע יאָרן האָט די פּאַרטיי פאַרמאָגט אַ סך קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון מיט אַן אייגענער קרעדיט־צענטראַלע, וועלכע האָבן פאַרזאָרגט די יידישע אַרבעטער־מאַסן פון צענדליקער שטעט און שטעטלעך מיט די נויטיקסטע שפּייז־פּראָדוקטן צו נאָרמאַלע, פעסטגעשטעלטע פרייזן און זיי אָפּגעהיט פון פּריוואַטער ספּעקולאַציע.

צענדליקער פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון פון שניידער, היטלמאַכער, וועשנייטאָרינס, שוסטער, קאַמאַשן־שטעפּער, סטאָלעריי־ווערקשטאַטן און בעקערייען, האָבן במשך פון יאָרן, אין די סאַמע ערגסטע צייטן פון אַרבעטסלאָזיקייט באַשעפטיקט אַ סך הונדערטער אַרבעטסלאָזע.

ווען דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן אין פּוילן איז אַריין אין די מערוויינקער נאָרמאַלע רעלסן — זיינען די קאָאָפּעראַטיוון פאַרשוואונדן — אָבער פאַר דער צייט וואָס זיי האָבן עקזיסטירט, זיינען זיי געווען אַ נוצלעכער און נויטווענדיקער צווייג פון פּראָלעטאַרישער זעלבסט־הילף.

אין די צייטן פון וואוינונגס־נויט האָט די לאָדזשער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע אויסגעבויט עטלעכע פּראַכטפולע קאָאָפּעראַטיווע וואוינונגס־הייזער אין וועלכע הונדערטער אַרבעטער־פאַמיליעס האָבן דאָרטן באַקומען אייגענע און באַקוועמע היימען.

די לינקע פּועלי־ציון זיינען געווען די ערשטע צו וואַרפן דעם לאָזונג, אַז אַלע יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען מוזן זיך אָנשליסן אין לאַנדראַט, כדי דורך אים צו זיין פאַראייניקט מיט דער איבעריקער אַרבעטערשאַפט אין לאַנד און זי האָט די ערשטע דורכגעפירט דעם אָנשלוס אין לאַנדראַט פונם גרעסטן טייל פון אירע פאַריינען מיט אַן ערך פון 20 טויזנט מיטגלידער, באַקומענדיק דעמאָלט צוויי פאָרשטייער אינם לאַנדראַט און פאָרשטייער אין די צענטראַלעס פון די נאָדל־, דערנערונגס־ און האָלץ־אַרבעטער.

די לינקע פּועלי־ציון פּאַרטיי האָט פאַרמאָגט אַן אייגענע בילדונגס- און דערציאונגס־אָרגאַניזאַציע, דאָס איז געווען די זייער פּאָפּולערע „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער", וועלכע האָט געהאַט אירע אָפּטיילונגען אין איבער 200 שטעט און שטעטלעך.

כמעט יעדע אָפּטיילונג האָט אין איר שטאָט, אָדער שטעטל, אָנגעפירט מיט לעגאַליזירטע אָוונט־קורסן, אָדער מיט אַ נאָרמאַלער אָוונט־שול פאַר דערוואַקסענע און יוגנטלעכע. ביי די אָפּטיילונגען פון דער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן" האָבן אין דער מערהייט שטעט עקזיסטירט לייען־זאַלן, דראַמאַטישע קרייזן, ספּאָרט־קלובן און ביבליאָטעקן. אַ טייל פון די דאָזיקע ביבליאָטעקן, למשל, אין לאָדזש, וואַרשע, קראָקע, סאָסנאָוויץ, כעלם און

אַנדערע, זיינען געווען ביבליאָטעקן פון גאָר גרויסן פאַרנעם. זיי האָבן פאַרמאָגט צוזאַמען אין די צענדליקער טויזנטער בענדער אין יידיש, פּויליש און העברעאיש און האָבן באַדינט אַ סך טויזנטער לייענער.

די „געזעלשאַפט אַוונט־קורסן" האָט אינם יאָר 1926 אָפּגעהאַלטן איר ערשטן, גרויסן און עפנטלעכן קולטור־קאָנגרעס, וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הערלעכער מאַניפעסטאַציע פאַר דער יידישער קולטור. דער צווייטער קולטור־קאָנגרעס, אין וועלכן ס'האָבן זיך באַטייליקט קנאַפּע 300 דעלעגאַטן פון בערך 200 שטעט און שטעטלעך, האָט געדויערט 3 טעג און איז געווען פאַרבונדן מיט אַן עפנטלעכער אויסשטעלונג, אין וועלכער ס'זיינען געקומען צום אויסדרוק די קולטור־דערגרייכונגען פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן.

אינם יאָר 1934, איז די „געזעלשאַפט אַוונט קורסן פאַר אַרבעטער" געפאַלן אַ קרבן פון די רדיפות. זי איז דורך דער מאַכט ליקווידירט געוואָרן און אַ סך פון די ביבליאָטעקן זיינען פּשוט חרוב געוואָרן. ס'האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און די טעטיקייט איז ווייטער אָנגעגאַנגען.

די שטאַרקסטע פראָנט־אָרגאַניזאַציע פון די לינקע פּועלי־ציון איז געווען דער ספּאָרט־פאַרבאַנד „שטערן", וועלכער האָט געציילט 146 אָפּטיילונגען מיט איבער 16,000 אַקטיווע מיטגלידער און איז געווען דער איינציקער יידישער ספּאָרט־פאַרבאַנד, וואָס איז געווען אָנגעשלאָסן אין דעם אַלגעמיינעם פּוילישן אַרבעטער ספּאָרט־פאַרבאַנד אין דער פּוילישער רעפּובליק.

אינם יאָר 1932, האָט די „שטערן"־צענטראַלע צונויפגערופן קיין וואַרשע אַ לאַנדעס־צוזאַמענפאָר פון אירע מיטגלידער און סימפּאַטיקער. צו דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר זיינען פון די ווייטסטע געגנטן געקומען צופאָרן 20,000 עלטערע און יונגטלעכע יידישע אַרבעטער. דער צוזאַמענפאָר איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריזיקער דעמאָנסטראַציע פון יידישן אַרבעטער־כח.

די „שטערן"־ספּאָרטלער זיינען אויך אַרויסגעטרעטן אויף די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־אָלימפּיאַדעס אין ווין און אין אַנטווערפּן.

אינם יאָר 1926 האָט די לינקע פּועלי־ציון פּאַרטיי גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין אַ ברייט־פאַרצווייגטער קאַמפּאַניע פאַר דער באַפרייאונג פון די טויזנטער פּאָליטיש אַרעסטירטע, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין די פּוילישע תפיסות. די פּאַרטיי האָט געהאַט אירע פאָרשטייער אינם אַזוי גערופענעם „אַמנעסטיע־סעקרעטאַריאַט" צו וועלכן עס האָבן געהערט אַ ריי לינקע פּאַרטייען אין פּוילן.

די טעטיקייט פונם „אמנעסטיע־סעקרעטאריאט" האָט די דעמאָלטדיקע פוילישע רעגירונג באַטראַכט ווי אַן „אַנטי־מלוכהשע" און זי האָט דערפאַר די אַלע אָנגעשלאָסענע פאַרטייען ביטער פאַרפאָלגט. זייער פילבאַר האָט זיך דאָס אָפגערופן אויף די לעגאַלע אינסטיטוציעס פון דער לינקער פועלי־ציון פאַרטיי. די פרעסע פון דער פאַרטיי און פון איר „יוגנט"־פאַרבאַנד איז כסדר קאָנפיסקירט געוואָרן. אַ סך פאַרטיי־לאָקאַלן — און דערונטער אויך די פאַרטיי־דרוקעריי אין וואַרשע — זיינען פאַרחתמעט געוואָרן. היות איך בין דעמאָלט געווען פאַרוואַלטער פון דער דאָזיקער דרוקעריי בין איך אַרעסטירט געוואָרן און כבין זעקס חדשים אָפּגעזעסן אין אַן איינצל־קאַמער אינם באַרימטן וואַרשעווער „פּאַוויאַק".

אויך אין די וויטערדיקע יאָרן — אין 1934 און 1937־1938 — זיינען כסדר פאָרגעקומען גרעסערע און קלענערע אַרעסטן. אַזוי, למשל, איז אין 1934 פאָרגעקומען אין וואַרשע אַ גרויסער אַרעסט, בעת וועלכן ס'זיינען אַרעסטירט געוואָרן עטלעכע מיטגלידער פון צ. ק., דער וואַרשעווער שטאָט־טישער פאַרטיי־קאָמיטעט און כמעט אַלע סעקרעטאַרן פון די פעריפערישע אָרגאַניזאַציעס. די לאָקאַלן זיינען געוואָרן פאַרחתמעט און זיינען ערשט נאָך פיל־מאָליקע אינטערווענצן צוריק געעפנט געוואָרן. אין 1937 האָבן זיך די אַרעסטן ווידער איבערגעחזרט. אָבער בעת איך און אַנדערע אַרעסטירטע זיינען נאָך 10 טעג זיצן באַפרייט געוואָרן, איז דער סעקרעטאַר פון צ. ק. נתן בוקסבוים אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער פולטוסקער תפיסה אויף אַ לענגערער צייט. אינם יאָר 1938 איז ווידער דער סעקרעטאַר פון דער לאָדזשער פועלי־ציון אָרגאַניזאַציע — חיים בראַנד — פאַרשיקט געוואָרן אינם טרויעריק־באַרימטן שטראָף־לאַגער פון קאַרטוז־בערעזע און איז נאָכן אָפּזיצן דאָרט אַ צייט פון 30 טעג, ערשט נאָך די אינטערווענצן פון דער פּפּ"סישער צענט־ראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, באַפרייט געוואָרן.

בעת די שטאָטראַט־וואַלן אינם יאָר 1928 האָט די פאַרטיי געהאַט צו פאַרצייכענען אַ ריי באַדייטנדע נצחונות. בלויז אין וואַרשע האָט די זעלבסטשטענדיקע לינקע פועלי ציון ליסטע באַקומען 8000 שטימען און באַקומען דריי מאַנדאַטן, אין לאָדזש — איבער 7000 שטימען מיט דריי מאַנדאַטן און איבער 140 מאַנדאַטן אין צענדליקער אַנדערע שטעט. אין צוזאַמענהאַנג מיט די דאָזיקע וואַל־נצחונות, איז אין יאָר 1929 פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון אַלע לינקע פועלי־ציוניסטישע ראַטמענער אין די שטאָט־ראַטן, קהילות און קראַנקענקאַסעס. געקומען זיינען העכער 300 ראַטמענער פון דער גרויסער פוילישער פּראָווינץ און במשך פון 2 מעת־לעת זיינען זיי אינסטרואירט געוואָרן ווי אַזוי מיט דערפאָלג צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אינם יאָר 1930, בעת די וואַלן צום דריטן סיים, האָבן די לינקע פּועלי ציון געשלאָסן אַ בלאָק־ליסטע אין צוויי געמישטע אוקראַיניש־יידישע וואַל־קרייזן (כעלם־חרובישעוו און ביאַלאַ־טערעספּאָל) מיטן „סעלראַב" פּאַר־באַנד פון אוקראַינישע לינקע אַרבעטער און פּויערים. די ליסטעס זיינען געווען בשותפותדיקע.

אינם יאָר 1932 האָט די פּועלי־ציון פּאַרטיי געהאַט אַ בשותפותדיקע בלאָקליסטע מיט דער ראַדיקאַלער פּוילישער פּויערים־פּאַרטיי אין מערב־גאַליציע. דער דאָזיקער פּאַקט האָט שטאַרק אויפגעבראַכט די פּוילישע אַנטי־סעמיטן מכל־המינים.

אויפן געביט פון ארץ־ישראלדיקער טעטיקייט האָט די לינקע פּועלי־ציון פּאַרטיי פון 1921, נאָך דער ווינער שפּאַלטונג אין וועלט־מאַסשטאַב, ביז צו די סאַמע פּאַרלעצטע יאָרן, געפירט אַ זעלבסטשטענדיקע טעטיקייט. געזאַמלט געלט פאַרן פּאַלעסטינע אַרבעטער פאָנד, אָדער פאַר דער ארץ־ישראלדיקער פּועלי־ציון־פּאַרטיי.

אינם יאָר 1929 האָט די פּאַרטיי געגרינדעט אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „געזעלשאַפט פריינט פון אַרבעטנדן ארץ־ישראל", וועלכע האָט אַרויסגעגעבן „דאָס אַרבעטנדע פּאַלעסטינע" — אַ טעאָרעטיש־וויסנ־שאַפטלעכן חודש־זשורנאַל פאַר ארץ־ישראלדיקע פּראָבלעמען — אונטער דער רעדאַקציע פון יצחק לעוו.

אין האַרבסט פון יאָר 1929 האָט די פּאַרטיי, דורך דער דאָזיקער געזעלשאַפט גערופן קיין וואַרשע אַ ספּעציעלן פּראָ־פּאַלעסטינע קאָנגרעס, אין וועלכן ס'האָבן זיך באַטייליקט הונדערטער דעלעגאַטן, וואָס האָבן פאַר־טראָטן צענדליקער טויזנטער פּועלי־ציוניסטישע אַרבעטער, סימפּאַטיקער און אומפּאַרטייאישע.

אינם יאָר 1930 האָבן זיך די לינקע פּועלי־ציון אין פּוילן באַטייליקט אינם אַלוועלטלעכן פּראָ־פּאַלעסטינע אַרבעטער־קאָנגרעס, וואָס די ארץ־ישראלדיקע „הסתדרות" האָט גערופן קיין בערלין.

אין דער צייט פון שפּאַנישן בירגער־קריג, האָט די פּאַרטיי דורכגע־פירט אַ געלט־קאַמפּיין פאַר די שפּאַנישע קינדער און צענדליקער לינקע פּועלי־ציון־חברים פון פּוילן, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין מערב־אייראָפּע, האָבן וואָלונטירט אין די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס.

די פּאַרטיי האָט אויך אינם יאָר 1928 דורכגעפירט אַ פּראָטעסט־אַקציע קעגן דעם ליקווידירן מצד דער ראַטנמאַכט די לינקע פּועלי־ציון פּאַרטיי אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

אין די לעצטע אָנדערטהאַלבן יאָר פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה — 1939־1938 — האָבן זיך די פּוילישע לינקע פּועלי־ציון, אינם זין פון

די באַשלוסן פון דער צענטער וועלט־קאָנפערענץ אין תל־אביב, אָנגעהויבן צו באַטייליקן אין די זאַמלונגען פון קרן־קימת, קרן־היסוד און קרן כופר־העם. זיי האָבן זיך אויך באַטייליקט אין די וואַלן צום 21טן ציוניסטישן קאָנגרעס. זיי האָבן פאַרשפּרייט איבער 12,000 שקלים און האָבן צו די קאָנגרעס־וואַלן דורכגעפירט די פאָלגנדע זעקס דעלעגאַטן: נתן בוקסבוים, יעקב קענער, עמנואל רינגעלבלום, ישראל סטאָלארסקי, ליבעק שמערלער און שכנא זאַגאַן. געפאָרן צום קאָנגרעס זיינען בלויז די ערשטע 4, ווייל די לעצטע 2 האָבן נישט באַקומען קיין אַרויספאָר דערלויבענישן.

במשך פון די 20 יאָר פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט האָט די פּאַרטיי באַדינט איר מאַסע אין אירע פּעריפערישע אָרגאַניזאַציעס מיט רעגלמעסיקע און פּעריאָדישע צייטשריפטן אין יידיש און אין פויליש. דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער פּאַרטיי איז געווען די „אַרבעטער־צייטונג". זי איז אַרויס צוערשט אונטער דער רעדאַקציע פון י. זרבבל און שפּעטער אונטער דער רעדאַקציע פון שכנא זאַגאַן. צוויי מאָל, אין 1923 און אין 1938-9, איז מיר אויסגעקומען — אין פאַרטרעטונג פון די איינגענטלעכע רעדאַקטאָרן — צו פירן די רעדאַקציע פון דער „אַרבעטער צייטונג", יעדעס מאָל אויף א משך פון 2-3 חדשים.

דער „יוגנט"־פאַרבאַנד האָט אַרויסגעגעבן צוויי אילוסטרירטע זשור־נאַלן: „די פרייע יוגנט" (דערנאָך „דער יונגער דור") אין 10 ביז 12 טויזנט עקזעמפּלאַרן און די „קינדער־וועלט" אין 5 ביז 6 טויזנט עקזעמ־פּלאַרן — ביידע אונטער דער רעדאַקציע פונם שרייבער פון די דאָזיקע שורות.

די פּאַרטיי האָט אויך פאַרמאָגט אַן אייגענעם ביכער־פאַרלאַג „נייע קולטור", וועלכער איז געווען א המשך פון קאָאָפּעראַטיוון פאַרלאַג „אַר־בעטער־היים". דורך די דאָזיקע צוויי פאַרלאַגן זיינען אַרויס פון דרוק א גאַנצע ריי וויסנשאַפטלעכע און בעלעטריסטישע ווערק.

די פּאַרטיי האָט לויט דער אַנקעטע צום לעצטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אינם יאָר 1938, געציילט 9800 מיטגלידער — א חוץ די באָראָכאָוו־פראַק־ציעס אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און אין די „שטערן"־ספּאָרט־קלובן, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון גאַנצע סימפּאַטיקער. דער יוגנט־פאַרבאַנד „יוגנט" האָט געציילט איבער 8000 אַקטיווע מיטגלידער. ביים „יוגנט"־פאַרבאַנד האָט עקזיסטירט א צענטראַלער סעקרעטאַריאַט פאַר די קינדער־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן זיך גערופן „יונגבאַר" (א פאַרקירצונג פון: יונגע באָראָכאָוויסטן). אַזעלכע „יונגבאַר" אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען איבער 60 מיט א מיטגלידערשאַפט פון 7500 קינדער פון שולן, חדרים און וואַרשטאַטן אינם עלטער פון 10 ביז 14 יאָר.

ביי די לעצטע שטאָטראַט־וואַלן האָבן די לינקע פועלי־ציון געהאַט באַדייטנדע נצחונות אין אַ גאַנצער רײ גרעסערע פּראָווינץ־שטעט — דאָרונטער אין כעלם 7 מאַנדאַטן, אין וועגראָוו — 4 און אין אַנדערע שטעט צו צוויי און צו דריי מאַנדאַטן, אַזוי אַז צוזאַמען האָבן מיר פאַרן מלחמה־אויסברוך פאַרמאָגט איבער 100 ראַטמענער איבערן גאַנצן לאַנד.

די טעטיקייט פון לינקע פועלי־ציון אין פּוילן—אין די יאָרן 1917-1939—איז איינס פון די פאַרבנרייכסטע און שענסטע קאַפּיטלען אינם יידישן לעבן פונם פאַר־מלחמהדיקן פּוילן.

## די רעכטע פועלי ציון

צום סוף פון יאָר 1920, נאָך דער שפּאַלטונג אויף דער ווינער וועלט-קאָנפערענץ, בעת וועלכער די פּוילישע פועלי־ציון פּאַרטיי איז פאַרבליבן אינם לינקן וועלט־פאַרבאַנד, האָבן זיך אין אַ ריי שטעט — וואַרשע, לאָדזש, קראָקע, לובלין, וולאָצלאַוועק — געפונען קליינע גרופּן, וועלכע זיינען דערפון נישט געווען צופרידן און זיי זיינען געבליבן מחוץ דער פּאַרטיי. די דאָזיקע גרופּן מיט ל. שפּיזמאַן (וואַרשע), לייזער לעווין (לאָדזש) און ש. וועלנער (קראָקע) בראש, האָבן זיך אָרגאַניזאַציאָנעל פאַרבונדן צווישן זיך און זיך קאָנסטיטואירט אלס „אומאָפּהענגיקע פועלי־ציון פּאַרטיי". זיי האָבן אַרויסגעגעבן אין קראָקע אַ צוויי־וועכנטלעכע צייטונג „דאָס אַרבעטער־וואָרט", אין וועלכער זיי האָבן געפירט דעם קאַמף קעגן דער אַלטער פועלי־ציון פּאַרטיי, זעענדיק אין איר לינקער אָריענטאַציע ליקווידאַציע-טענדענצן בנוגע דעם פּאַלעסטיניזם.

זייערע פּרואוון אויפצובויען אַ נייע פּאַרטיי מיט דער הילף פון אָפּרייסן שטיקער פון דער לינקער פועלי־ציון־פּאַרטיי, זיינען אָבער, במשך פון עטלעכע יאָר געבליבן אָן דערפאָלג. זיי האָבן בלויז באַוויזן, מיט דער מיטהילף פון דר. י. שיפּער, אויפצושטעלן עטלעכע פּאַרטיי־גרופּן אין דער פּראָווינץ — בעת אין די גרעסערע שטעט זיינען זיי געבליבן אָן אַ השפּעה.

שפּעטער, ווען דאָס קראָקעווער „אַרבעטער-וואָרט" האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָבן זיי אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין וואַרשע אַ נישט־רעגלמעסיקע אויסגאַבע „די אַרבעטער־שטימע", וועלכע איז אַזוי דערשינען ביזן יאָר 1925, ווען זיי האָבן זיך פאַראייניקט מיט די „צעירי־ציון" און האָבן אָנגעהויבן מיט זיך פאָרצושטעלן אַ נייעם כוח אין דער יידישער אַרבעטער־גאַס.

די צעירי־ציון־פּאַרטיי אין פּוילן האָט פאַרמאָגט צענדליקער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס איבערן גאַנצן לאַנד, ובפרט אויף די מזרח-קרעסן. זיי האָבן פאַרמאָגט אַ גאַנצע ריי יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אונטערן נאָמען „דרור" און

ועל־כולם — זיי האָבן פאַרמאָגט א שטאָב פון אינטעליגענטע פירנדיקע כוחות.

דער פאַראייניקונגס־צוזאַמענפאַר זייערער, פון 1925, האָט אָנגענומען דעם נאָמען „יידישע סאָציאַליסטישע ארבעטער־פאַרטיי פועלי־ציון" — (פאַראייניקט מיט צ. ס.*). די יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט אָנגענומען דעם נאָמען „פרייהייט" און דער פאַראייניקטער פאַרטיי־אָרגאַן האָט געקראָגן דעם נאָמען „באַפרייאונג-ארבעטער־שטימע".

די פאַראייניקונג פון די שוואַכע פועלי־ציון־גרופּעס מיט די שטאַרקערע צעירי־ציון־אָרגאַניזאַציעס האָט אויף יאָרנלאַנג ארויסגעדרוקט דעם אידעאָלאָגישן שטעמפּל אויף דער נייער פאַרטיי און זי האָט צוליב דעם יאָרנלאַנג שווער געמוזט קעמפן פאַר איר בירגער-רעכט אויף דער יידישער ארבעטער־גאַס.

דערפאַר האָט אָבער די יידישע סאָציאַליסטישע ארבעטער־פאַרטיי פועלי־ציון (פאַראייניקט מיט צ. ס.) — וועלכע איז אין פוילן פון אַלעמען גערופן געוואָרן אין א פאַרקירצטער פאָרם „רעכטע פועלי־ציון" — באַוויזן זיך צו באַפעסטיקן אינם ציוניסטישן לאַגער און אויסצובויען אירע פּאָזיציעס אויפן פראָנט פון ארץ־ישראלדיקן אויפבוי־פּראָצעס.

קודם-כל האָט זיך די רעכטע פועלי־ציון־פאַרטיי פאַראינטערעסירט מיטן „החלוץ" און אים געהאָלפן זיך אויסשפּרייטן, פאַרפעסטיקן זיינע הכשרה־פּונקטן און אַלס רעקאָמפּענסאַציע דערפאַר אַליין געפונען א וויכטיקן שטיצפּונקט אינם „החלוץ" גופא.

באַטייליקנדיק זיך פון אָנהויב אָן אין אַלע זאַמלונגען פאַר די ארץ־ישראל־פאָנדן און אין די ציוניסטישע קאָנגרעסן, האָט די פאַרטיי אָנגעהויבן צו געווינען וואָס ווייטער אַלץ מער השפּעה אויף יענע טיילן פון דער יידישער מאַסע, וועלכע האָבן געהאַט א באַציאונג און א פאַרשטענדעניש צו די ארץ־ישראל־פּראָבלעמען, גאָר זיי האָבן זיך נישט געוואָלט פאַרבינדן מיט דער בירגערלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

שטיצנדיק זיך דער עיקר אויף די דאָזיקע מאַסן און קאָנצענטרירנדיק ארום אירע לאָזונגען די אַנדערע פּראָ־הסתדרות'ישע גרופּירונגען, ווי „השומר הצעיר", די ציוניסטישע ארבעטס־פאַרטיי „התאחדות" און דעם „החלוץ", אין דער „ליגע פונם ארבעטנדיקן ארץ־ישראל", וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אינם יאָר 1923, האָט די פאַרטיי, אינערהאַלב די ציוניסטישע צווישן־פּאַרטייאישע אינסטיטוציעס, ווי ארץ־ישראל־אַמטן, שקל־קאָמיטעטן, נאַ־

*צ. ס. זענען די ראשי־תיבות פון „צעירי־ציון" אין דער פּוילישער איבערזעצונג.

ציאָנאַל-פּאַנד־קאָמיסיעס א. אז. וו. געבילדעט אַן אָנגעזעענעם כוח און ביי יעדער געלעגנהייט צוזאַמענגעאַרבעט מיט די איבעריקע ציוניסטישע פּאַרטייען.

צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן פלעגט די „ליגע" באַקומען עטלעכע־און־פופציק פּראָצענט שטימען און מער ווי א העלפט מאַנדאַטן. אין דער „ליגע" גופא האָט די פּאַרטיי פון די רעכטע פּועלי־ציון געבילדעט דעם שטאַרק־סטען כוח.

די שול־אָרגאַניזאַציע „שול־קולט", וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אינם יאָר 1928, איז לעצטנס געשטאַנען אינגאַנצן אונטער דער השפעה פון די רעכטע פּועלי־ציון און זי האָט פאַרמאָגט איבערן גאַנצן לאַנד 14 שולן און 11 קינדער־היימען. אין די שולן האָבן זיך געלערנט 2320 תלמידים און אין די קינדער־היימען — 476 קינדער.

דער „שול־קולט" פאַרבאַנד האָט א חוץ דעם געהאַט א סך אָפּטיילונגען איבערן לאַנד, וועלכע האָבן אויף די ערטער געפירט א קולטור־טעטיקייט און האָבן אויסגעהאַלטן 82 ביבליאָטעקן.

די רעכטע פּועלי־ציון־פּאַרטיי האָט אויך פאַרמאָגט אַן אייגענעם ספּאָרט־פאַרבאַנד „הפועל" מיט העכער 4000 מיטגלידער.

אין די לעצטע יאָרן האָט די פּאַרטיי געהאַט א זעלבסטשטענדיקע פּראָ־פעסיאָנעלע באַוועגונג מיט א סך פאַריינען פון 11 פאַרשיידענע בראַנזשן, צו וועלכע עס האָבן געהערט צוזאַמען 16,830 מיטגלידער. אחוץ די דאָזיקע פאַריינען, האָט די פּאַרטיי געהאַט אונטער איר קאָנטראָל א גאַנצע ריי פּראָ־פעסיאָנעלע פאַריינען, פון אַזעלכע פאַכן, וואָס האָבן געהאַט פּוילישע צענט־ראַלעס. דאָס זיינען געווען יידישע פאַריינען פון ליטאָגראַפן, פון גומי־אויסאַרבעטונגען, טראַנספּאָרט־אַרבעטער (טרעגער) און פלייש־אַרבעטער, וועלכע זיינען דורך זייערע צענטראַלעס געווען אָנגעשלאָסן דירעקט צו דער „צענטראַלער קאָמיסיע" און זיי, די דאָזיקע פאַריינען, האָבן מיטן „לאַנד־ראַט" ניט געהאַט קיין שום שייכות.

בדרך־כלל איז די רעכטע פּועלי־ציון זעלטן ווען אויסגעקומען צו קאָ־אָפּערירן מיט די אַנדערע יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען, ובפרט מיטן „בונד", דער עיקר צוליב דעם, ווייל זיי זיינען ניט געווען פאַרטראָטן, ניט אין פּראָ־פעסיאָנעלן „לאַנדראַט" און ניט אין דער „צישא".

אינם אַלגעמיינעם יידישן סטרייק פון 30טן יוני, 1936, האָבן די רעכטע פּועלי־ציון געהאַט א חלק סיי אין דער איניציאַטיוו, סיי אינם געלונגענעם פאַרלויף פון סטרייק.

אין פאַרלויף פון די לעצטע עטלעכע יאָר איז באַדייטנד געשטיגן אויך די פּאָליטישע השפעה פון דער פּאַרטיי. נאָך די קהלות־וואַלן אינם יאָר

1936 האָבן זיך איבערן גאנצן לאנד געפונען אַן ערך פון 120 קהלה־ראַט־מענער וואָס האָבן געהערט צו די רעכטע.

ביי די לעצטע שטאָטראַט וואלן איז די פּאַרטיי געגאַנגען אין אַ טייל שטעט אין בשותּפותדיקע ליסטעס מיטן „נאַציאָנאַלן בלאָק" (ציוניסטישע גרופּירונגען), אין אַ טייל שטעט צוזאַמען מיט לינקע פּועלי־ציון און אין מאַנכע שטעטלעך צוזאַמען מיט לינקע פּועלי־ציון און „בונד". דער אונטערשטער סך־הכּל פון דעראָבערטע מאַנדאַטן איז געווען קנאַפּע 100 ראַט־מענער.

זינט יוני, 1933, האָט די פּאַרטיי צוזאַמען מיט דער ליגע פאַרן אַר־בעטנדן ארץ ישראל אַרויסגעגעבן אַ טעגלעכע צייטונג „דאָס וואָרט", וועלכע איז מיט קליינע איבעררייסן, דערשינען ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה.

די רעכטע פּועלי־ציון האָבן אָנגעהאַלטן גוטע באַציאונגען מיט דער פּ.פּ.ס., וועלכע האָט אָפטמאָל געשיקט אירע רעדנער באַגריסן די ארץ ישראל־דיקע מאַניפעסטאַציעס, בעת וועלכע די פּ.פּ.ס.שע רעדנער פלעגן אויסדריקן זייער סימפּאַטיע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ ישראל.

אַ חוץ די עלטערע פּאַרטיי־מיטגלידער, וועלכע די אָנפירנדיקע אינסטאַנץ זייערע האָט געשאַצט אויף אַן ערך פון 11 טויזנט, האָט די פּאַרטיי געהאַט די אויבנדערמאָנטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט פאַר דער פאַראייני־קונג מיטן „החלוץ־הצעיר" געציילט, לויט זייערע אָפּשאַצונגען, אַן ערך פון 7000 מיטגלידער. דער „פרייהייט"-פאַרבאַנד האָט אַרויסגעגעבן אַן איי־גענעם חודש־זשורנאַל, האָט געפירט אַ שיינע דערציאונגס־אַרבעט און לעצטנס זיך פאַראייניקט מיטן „החלוץ הצעיר."

## „התאחדות"

אין פּוילן איז אויך געווען טעטיק די ציוניסטישע אַרבעטס־פּאַרטיי „התאחדות", וועלכע האָט כּמעט אין אַלע פאַלן קאָאָפּערירט מיט די רעכטע פּועלי־ציון — הגם צווישן די דאָזיקע צוויי פּאַרטייען זיינען געווען היפּשע מיינונגס־פאַרשידנהייטן בנוגע אַ גאַנצע ריי פראַגן. די „התאחדות" איז אין דער שפּראַכנפראַגע תּמיד געווען שטאַרק העברעאיסטיש און זיי זיינען געווען אַ טייל פון דער העברעאיסטישער קולטור־און־שול־אָרגאַניזאַציע „תּרבות."

די „התאחדות" איז געווען אין אַלע אַלגעמיין־ציונסיטישע צווישן-פּאַרטייאישע קערפּערשאַפטן פאַרטראָטן דורך אירע אייגענע רעפּרעזענטאַנטן. זיי האָבן אין יאָר 1939 פאַרמאָגט דריי טויזנט פּאַרטיי־מיטגלידער און אַ היפּשע צאָל אָרטיקע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס „גאָרדאָניאַ", און סטודענטן־אָרגאַניזאַציעס אויפן נאָמען פונם פאַרשטאָרבענעם אַרלאָזאָראָוו.

די „גורדוניה-אָרגאַניזאַציעס האָבן געהאַט זייערע אייגענע הכשרה־קיבוצים און האָבן זיך באַטייליקט, סיי אין דער לעגאַלער, סיי אין דער אומלעגאַלער „עליה" קיין ארץ ישראל, לויט דעם אָנגענומענעם אָרגאַניזאַציע־שליסל.

די „התאחדות"־פּאַרטיי האָט געהאַט אַ ווירקונג דער עיקר צווישן דער יידישער אינטעליגענץ און צווישן די יידישע האַנדלס־און־ביורא אָנגעשטעלטע.

בעת די פאַרשידענע וואַל־קאַמפּאַניעס צום סיים, שטאָטראַטן און קהלות, פלעגט די „התאחדות" גיין מיטן נאַציאָנאַלן בלאָק אויף וועמענס ליסטעס עס פלעגן שטענדיק פיגורירן אויך די קאַנדידאַטן פון „התאחדות".

אין מזרח־גאַליציען האָט זיך די „התאחדות" אינם יאָר 1933 פאַראייניקט מיט די דאָרטיקע אָרגאַניזאַציעס פון די רעכטע פּועלי־ציון און זיי האָבן פון דעמאָלט אָן געבילדעט אַ באַזונדערע פּאַרטיי פאַר מזרח־גאַליציע, אונטערן נאָמען „פאַראייניקטע פּאַרטיי פון פּועלי-ציון און התאחדות". אין מזרח־גאַליציע גופא איז די דאָזיקע פּאַרטיי געווען כמעט די שטאַרקסטע.

אין מזרח־גאַליציע האָט די „פאַראייניקטע פּאַרטיי פון התאחדות און רעכטע פּועלי־ציון" געהאַט אַ שטאַרקע השפעה אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון די יידישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע. זי איז געווען טעטיק אין די אָרטיקע גמילת־חסדים קאַסעס, אין „האיאַס" און האָט לעצטנס פאַר דער מלחמה אָרגאַניזירט די מזרח־גאַליצישע דאָרפס־יידן, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט, אין אַ פאַרבאַנד „חקלאי".

## „השומר הצעיר"

דער „השומר הצעיר" אין פּוילן איז געווען, ווי מען האָט אין אַלגעמיין געהאַלטן, די גרעסטע יידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע. הגם זי איז באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פון יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געשטאַמט פון די בירגערלעכע שיכטן און הגם דער „השומר הצעיר" האָט ניט געפירט קיין פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט און אויך, אָפיציעל יעדנפאַלס, ניט געהאַט קיין פּאָליטישן כאַראַקטער — דאַרף מען אים אָבער, דעם פאַרבאַנד, פון „השומר הצעיר", צורעכענען צום אַרבעטער־לאַגער, סיי צוליב דעם וואָס זיין דערציאונגס־אַרבעט איז געווען אי אַ ציוניסטישע, אי אַ לינק־סאָציאַליסטישע, און סיי צוליב דעם וואָס ער איז געווען אַ באַשטאַנד־טייל פון דער „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ ישראל".

דעם „השומר־הצעיר" אין פּוילן האָט מען געשאַצט אויף 15 ביז 20 טויזנט מיטגלידער, בלויז פון עלטערן שיכט — אחוץ היפּשע עטלעכע

טויזנט קינדער אינם עלטער פון 10 ביז 14 יאָר. די קולטור־אַרבעט פון „השומר הצעיר" איז געפירט געוואָרן — פאַר די יינגערע שיכטן אין פויליש און פאַר די עלטערע שיכטן אין פויליש און העבּרעאיש.

דער „השומר הצעיר" האָט געהאַט אין פּוילן זיינע אייגענע לאַנד־ווירטשאַפטלעכע הכשרה־קיבוצים, וואו אַסך הונדערטער יוגנטלעכע האָבן באַקומען די נויטיקע גייסטיקע און פיזישע דערציאונג פאַר ארץ ישראל און אַ היפּשער טייל פון זיי האָבן טאַקע עולה־געווען.

אין קיין פּאָליטישע אַקציעס פלעגט זיך דער „השומר הצעיר" אָפיציעל נים באַטייליקן. אומאָפיציעל, למשל, בעת די ערשטע מאַי פייערונגען, אָדער אין ענלעכע פאַלן, פלעגן די דערוואַקסענע שיכטן שטיצן די אַקציעס לרוב פון די רעכטע פּועלי־ציון און אין געוויסע פאַלן, אין אַ טייל שטעט, די לינקע פּועלי-ציון.

### קאָמוניסטן

אין די ערשטע יאָרן פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט האָט אַ גע־וויסע צייט עקזיסטירט אַ באַזונדערע „יידישע סעקציע" ביי דער „קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן". קיין ערנסטע זעלבּסטשטענדיקייט, אָדער אויטאָנאָמיע, האָט די דאָזיקע סעקציע קיינמאָל נים געהאַט. דער „ווידזיאַל" (אויסשוס, אויספיר־קאָמיטעט) פון דער יידישער סעקציע איז נים געווען מער ווי אַן אַגיטאַציע אַפּאַראַט, וועלכער האָט נים געהאַט קיין שום ווירקונג אויף דער באַשטימונג פון דער קאָמוניסטישער פּאָליטיק, אָדער טאַקטיק. שפּעטער, איז אָבער, אַפילו די דאָזיקע מאָגערע פאָרם פון „זעלבּסטשטענ־דיקייט" אויך ליקווידירט געוואָרן. די „יידישע סעקציע" איז אָפיציעל פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן און אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז אַ צייטלאַנג געפירט געוואָרן אַן ענט־יידישונגס-אַקציע."

שפּעטער האָט דער קאָמינטערן בכלל פונאַנדערגעלאָזט די קאָמוניס־טישע פּאַרטיי אין פּוילן און די יידישע קאָמוניסטן — נים האָבנדיק קיין שום אַנדערע מעגלעכקייטן צו פירן אַ וועלכע ס'איז זעלבּסטשטענדיקע פּאָ־ליטישע טעטיקייט — האָבן זיך קאָנצענטרירט אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען, וואו זיי האָבן געבילדעט אַ באַדייטנדן כוח. ביי אַלע שפּעטערדיקע וואַלן — אינם יאָר 1936 ביי די קהלות־וואַלן און 9־1938 ביי די לעצטע שטאָטראַט וואַלן — האָבן זיי אין אַ סך שטעט געשלאָסן אָפּמאַכן מיטן „בונד" און גערופן זייערע אָנהענגער צו שטימען פאַר דער בשותפותדיקער בלאָק־ליסטע פון „בונד" און פּראָפ. פאַריינען.

אַט אַזוי האָט אויסגעזען דאָס אַלגעמיינע בילד פון דער יידישער אַר־בעטערשאַפט און אירע אָרגאַניזאַציעס אינם אומאָפּהענגיקן פּוילן.

# די חורב־געוואָרענע יידישע קולטור־פּאָזיציעס אין פּוילן

די יידישע קולטור־פּאָזיציעס אין פּוילן, דאַטירן זיך אייגנטלעך, זינט יידן האָבן זיך אָנגעהויבן דאָרט צו באַזעצן. אין פּוילן זענען פאַראַנען שטעט, אין וועלכע יידן האָבן געלעבט קאַרגע טויזנט יאָר. די יידישע קהלה אין פּלאָצק, למשל, האָט נאָך מיט עטלעכע יאָר פאַרן איצטיקן קריג געפייערט איר 700־יאָריקן יובל. אין פּויזנער געגנט זענען די יידישע קהלות נאָך עלטער, אזוי אַז מען קען זאָגן, אַז ווי אַלט עס איז די פּוילישע געשיכטע — אזוי־לאַנג זענען דאָרט אַלט די פּאָזיציעס פון דער יידישער קולטור, אויב מען נעמט נאָר אין אַכט, אַז אין די אַמאָליקע צייטן זענען קולטור־באַגריפן און קולטור־ווערטן געקומען צום אויסדרוק אין אַ רע־ליגיעזן לבוש.

ובפרט איז דאָס ריכטיק בנוגע דעם יידישן פאָלק — דעם „עם־הספר” וואָס האָט אין זיינע לאַנגע וואַנדערונגען אומעטום מיטגעבראַכט מיט־זיך דעם ספר־הספרים און זיך פון אייביק־אָן געפירט, אַז אפילו אינם פאַרוואָרפנסטן יידישן קיבוץ האָט זיך געמוזט געפונען אַ לערער פאַרן אונטערוואַקסנדיקן דור, אָדער אַ גייסטיקער פירער — אָן אַן אונטערשיד צי דאָס איז געווען מיט אַ סך דורות צוריק, ווען די יידישע קולטור האָט געטראָגן אַן אויסשליסלעך רעליגיעזן כאַראַקטער, אָדער אין דער איצטיקער תקופה, ווען דער בלינדער גלויבן אין דאָגמען איז באַדייטנד אָפּגעשוואַכט געוואָרן און ווען אינם יידישן לעבן דאָמינירן וועלטלעכע באַגריפן.

די פאַרוועלטלעכונג פונם יידישן לעבן אין פּוילן אין משך פון די לעצטע יאָרהונדערטער, האָט אָבער נאָך נישט אינגאַנצן אַרויסגעשטויסן און אוודאי נישט אָפּגעווישט יענע באַגריפן, אָדער קאָנקרעטע פּאָזיציעס, וואָס דרינגען אַרויס פונם יידישן רעליגיעז־עטישן וועלט־באַנעם. ווען מען וויל, בכן, געבן אַ בילד פונם פּויליש־יידישן קולטור פאַרמעגן אין דער לעצטער צייט, מוז מען זיך דערפאַר אָפּשטעלן אויף אַלע יידישע קולטורעלע דעראָבערונגען אויף די רעליגיעזע אזוי ווי אויף די ריין־וועלטלעכע.

ווי עדות פון דער טיפער פאַרוואָרצלטקייט פון דער אַלטער יידישער קולטור אין פּוילן, האָבן געקענט דינען די צענדליקער געמויערטע און הילצערנע אַלטע שוהל־געביידעס אין קראָקע, לעמבערג, ווילנע, לובלין, פּלאָצק און אין צענדליקער אַנדערע קליינע פּונקטן. אַ טייל פון זיי, למשל, די קראָקעווער אַלטע שוהל, איז נאָך אינם 14־טן יאָרהונדערט געבויט געוואָרן מיט דער הילף פון קעניג קאַזשימיערזש און זי האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ באַוואונדערונגס־ווערטן אָביעקט פאַר טוריסטן פון דער

גאַנצער וועלט. ביי כמעט אַלע שוהלען זענען געווען אָנגעזאַמלט רייכע תלמודישע ביבליאָטעקן און רעליגיעזע רעליקוויעס אין דער פאָרם פון באַפּוצונגען צו די ספרי־תורות, מיט זעלטענע שטיקערייען און גראַווירונגען, וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט זעלטענע עקזעמפּלען פון מיטלאַלטער־לעכער קונסט.

דאָס יידישע דרוק־וועזן אין פּוילן — און עס איז דאָך קלאָר, אַז דרוק־וועזן האָט אַ דירעקטע שייכות צו די קולטור־דערגרייכונגען — דאַטירט זיך נאָך פון 16־טן יאָהרהונדערט, ווען קראָקע האָט שוין פאַרמאָגט אַ גרויסע העברעאיש־יידישע דרוקעריי, וועלכע האָט באַזאָרגט די יידישע באַפעלקערונג פון פּוילן מיט רעליגיעזער און אונטערהאַלטונגס־ליטעראַטור אין די דאָזיקע 2 שפּראַכן. שטוואָס שפּעטער האָבן זיך שוין אַזעלכע דרוקערייען געפונען אויך אין לעמבערג און ווילנע. אין די שפּעטערדיקע יאָהרהונדערטער זענען — אַ חוץ אין די דאָזיקע שטעט — אויך געווען זייער באַרימט די יידישע דרוקערייען פון לובלין, פּשעמישל, פּיאָטרקאָוו און וואַרשע, וועלכע האָבן פּראָדוצירט נישט בלויז פאַרן היימישן געברויך אין פּוילן, נאָר האָבן אויך באַזאָרגט מיט רעליגיעזע און מיט וועלטלעכע ביכער די יידישע קיבוצים אין דער גאָרער וועלט.

ווען דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן אין פּוילן האָט אָנגעהויבן אַרויף־צו־גיין אויף די רעלסן פון קאַפּיטאַליזם און אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן די פּשוטע פאָלקסמאַסן, דעמאָלט האָבן אויך אָנגעהויבן צו שטייגן זייערע קולטור־ באַדערפענישן און אַלע נייערע קולטור־פאָרמען האָבן אין דער מיטן פונם 19־טן יאָהרהונדערט, אָנגעהויבן אָנצונעמען די קולטור־שאַפונגען פונם פּוילישן יידנטום.

עס באַווייזן זיך אין פּוילן אַ גאַנצע רייע פּיאָנערן־שריפטשטעלער — דר. יוסף פּערל (טאַרנאָפּאָל), דר. שלמה עטינגער (וואַרשע־זאַמאָשטש) בערל בראָדער מרגליות (1815־1880), וועלוול זבאַראַזשער־ערענקראַנץ און אַנ־דערע, וועלכע האָבן מיט זייערע שאַפונגען אין יידיש געוואַלדיק משפּיע־געווען דאָס גייסטיקע לעבן פון די יידישע פאָלקסמאַסן און האָבן געלייגט די יסודות פאַר אַלע ווייטערדיקע מאָדערנע קולטור־בנינים.

אין דער צווייטער העלפט פון דעמזעלבן י. ה. באַווייזט זיך י. ל. פּרץ, וועלכער איז מיט דער צייט געוואָרן דער וועגווייזער פאַר די קומענדיקע בויער פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער גאָרער וועלט און אונטער וועמענס דירעקטער השפּעה עס האָבן זיך דאָן אַנטוויקלט אַ גאַנצע רייע דיכטערישע און שריפטשטעלערישע גרויסע טאַלאַנטן.

הגם דאָס יידישע לעבן אין אַלגעמיין איז לעצטנס שוין געווען באַ־דייטנד סעקולאַריזירט — האָט אָבער די טראַדיציאָנעלע יידישקייט נאָך אַלץ געהאַט אירע וואָרצלען אינם לעבן פון אַלטן דור און די גייסטיקע

פירער פון אַט דעם דור האָבן אויפגעהאַלטן אַ גאַנצע רייע דערציִאונגס־אַנשטאַלטן, אין וועלכע זיי האָבן זיך באַמיט צו דערציִען געוויסע טײלן פון דער יוגנט אין זייער גייסט און זיי צו געבן אַ גרינטלעך תלמודיסטיש און תנכיש וויסן.

טויזנטער יוגנטלעכע האָבן געלערנט אין די צענדליגער ישיבות, וואָס זענען געווען טעטיק אין אַלע טײלן פון לאַנד.

די ייִדישע אָרטאָדאָקסיע אין פּוילן, האָט אַ חוץ־דעם פאַרמאָגט איבערן לאַנד אַן ערך פון 250 דערציִאונגס־אַנשטאַלטן — לרוב חדרים — פאַר ייִנגלעך און באַזונדערע צוגאָב־שולן פאַר מיידלעך.

דאָס זענען אָבער, פאַרשטייט־זיך נישט געווען די איינציקע ייִדישע דערציִאונגס־אַנשטאַלטן. אחוץ זיי האָבן עקזיסטירט עטלעכע ייִדישע שול־געזעלשאַפטן און יעדע פון זיי האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם און ברייט־פאַרצווייגטן שול־וועזן.

אין אַלע ייִדישע שולן צוזאַמען האָבן זיך געלערנט אַן ערך פון 340,000 ייִדישע קינדער אינם שול־עלטער — בעת אַן ערך פון 110,000 ייִדישע קינדער האָבן געקראָגן זייער עלעמענטאַרע דערציִאונג אין די באַזונדערע מלוכה'שע פאָלקסשולן פאַר ייִדישע קינדער.

אין וואַרשע האָט עקזיסטירט דער „יודאאיסטישער אינסטיטוט", וועלכער האָט פאַרמאָגט אַן אייגענע שיינע געביידע און האָט געהאַט דעם כאַראַקטער פון אַן אוניווערסיטעט. 150 ייִדישע אוניווערסיטעט־סטודענטן האָבן דאָרט פאַרפולקאָמט זייערע קענטענישן אויף די געביטן פון ייִדישער געשיכטע, העברעאישע ליטעראַטור, רעליגיאָנס־פילאָסאָפיע, העלעניסטיק, תלמוד, אַרכעאָלאָגיע, ייִד. סאָציאָלאָגיע, דעמאָגראַפיע און סטאַטיסטיק. די פיל־שפּראַכיקע ביבליאָטעק ביים „יודאאיסטישן אינסטיטוט" האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ רייכן אוצר אויף אַלע געביטן פון דער וויסנשאַפט. עס האָבן עקזיסטירט — און זענען געווען טעטיק — אַ סך הונדערטער אַנדערע ייִדישע ביבליאָטעקן און צענדליקער פון זיי זענען געווען פון אַ גאָר־גאָר גרויסן פאַרנעם. ס'איז כדאי דאָ צו דערמאָנען די אַלטע און די באמת רייכע ביבליאָטעקן ביי די ייִדישע קהלות אין לעמבערג און אין קראָקע, וואָס האָבן פאַרנומען ספּעציעלע (און אַגב אייגענע) געביידעס. אַ חוץ די דאָזיקע געמיינדע־ביבליאָטעקן זענען נאָך אין דיזעלבע שטעט געווען טעטיק „יונגערע" אָבער אויך רייכע און מאָדערנע ביבליאָטעקן: ביי דער קולטור־געזעלשאַפט ש. אַנ־סקי אין לעמבערג און די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק אין קראָקע. פון גרויסן פאַרנעם זענען אויך געווען די ב. גראָסער־ביבליאָטעק אין וואַרשע, די „באָראָכאָוו־ביבליאָטעק" אין לאָדזש און די ביבליאָטעקן ביי דער „געז. אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער" אין בעלם און אין בריסק.

באזונדערס רייך אין יידישע ביבליאָטעקן איז געווען די היסטאָרישע ווילנע. די סטראשון־ביבליאָטעק, די מפיצי־השכלה און די ביבליאָטעק ביי דער „ייווא" האָבן יעדע פון זיי באזונדער פאַרמאָגט אין די צענדליגער טויזנטער בענדער אין יידיש, העברעאיש, פויליש, רוסיש און אין אַנדערע שפּראַכן און האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט רייכע קולטור־אוצרות פון גאָר א גרויסן פאַרנעם.

עס איז נישט געווען קיין שטעטל אין פּוילן, אין וועלכן עס זאָל זיך נישט געווען געפונען לכל־הפּחות איין ביבליאָטעק, וועלכע האָט אַרום־זיך קאָנצענטרירט די יידישע יוגנט. קיין איינע פון די פילע הונדערטער ביבליאָטעקן האָט זיך נישט באַגנוגנט בלויז דערמיט וואָס זי האָט פאַר־מאָגט. אַלע האָבן זיך באַמיט כסדר צו באַרייכערן זייערע פאָליצעס מיט אַלע נייע אויסגאַבן. אין דער הינזיכט, האָבן זייער א סך אויפגעטאָן די פאַרשידענע יידישע ביכער־פאַרלאַגן, וועלכע האָבן יאָר־יערלעך פּראָדוצירט צענדליגער טויזנטער עקזעמפּלאַרן פון די בעסטע יידישע און אייראָפּע־אישע שריפטשטעלער.

27 טעגלעכע יידישע צייטונגען — דערפון 4 אין דער פוילישער שפּראַך און 23 אין דער יידישער — האָבן באַדינט די יידישע באַפעל־קערונג. דערפון זענען 9 דערשינען אין וואַרשע און 18 אין די גרעסערע פּראָווינץ־שטעט, ווי לעמבערג, קראָקע, לאָדזש, ווילנע, ביאַליסטאָק, לובלין און אַנדערע פּונקטן. די וואַרשעווער יידישע טאָג-צייטונגען האָבן פאַר־מאָגט אייגענע מאָדערנע דרוקערייען מיט ליינאָטיפּ און ראָטאַציע־מאַשינען. א חוץ דער טעגלעכער פּרעסע זענען אין פּוילן דערשינען קנאַפּע הונדערט וועכנטלעכע, 2־וועכנטלעכע און חודשדיקע זשורנאַלן געווידמעט געזעל־שאַפטלעכע, פּעדאַגאָגישע, ליטעראַריש־קינסטלערישע, מעדיצינישע, וויסנ־שאַפטלעכע און פּראָפעסיאָנעלע פּראָבלעמען.

פּאַראַלעל מיט דער פּרעסע האָט א גאָר וויכטיקע ראָל אינם קולטורעלן לעבן פון די יידישע מאַסן געשפּילט דאָס יידישע טעאַטער. 4 ביז 5 יידישע טעאַטערס פלעגן פּערמאַנענט שפּילן אין וואַרשע, צו 2 אין לאָדזש און אין לעמבערג און צו איינציקע שטענדיקע טעאַטערס האָבן אויך פאַר־מאָגט קראָקע (מיט אַן אייגענעם טעאַטער-בנין), סטאַניסלאַוו, ווילנע, לובלין און א סך וואַנדער־טרופּן האָבן באַדינט די פּראָווינץ. פּוילן האָט פאַרמאָגט א גאַנצע רייע ערשט־קלאַסיקע יידישע בינען־קינסטלער. צווישן זיי אַזעלכע גרויסע שוישפּילער ווי זיגמונט טורקאָוו, אידא קאַמינסקא, און אייזיק סאַמבערג.

אין ווילנע, האָט עקזיסטירט דער „ייווא", וועלכער האָט פאַרמאָגט אַן אייגענע פּרעכטיקע 3 שטאָקיגע געביידע, אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען

איר רייכע ביבליאָטעק מיט 50,000 בענד, איר טעאַטער־מוזעאום א. נ. פון דער וועלט־באַרימטער יידישער שוישפּילערין אסתר־רחל קאַמינסקאַ, די רייכע פּרעסע און דאָקומענטן־ארכיוון, און אירע אַלע אַנדערע פאַרשי־דענע שטודיר־סעקציעס און ארבעטס־צימערן. דער „ייוואָ" האָט אויך געפירט אַ ברייטע פּאַרלעגערישע טעטיקייט ארויסגעבנדיק פּעדאַגאָגישע, פֿאָלקלאָריסטישע, פילאָלאָגישע, עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע און היסטאָרישע שריפטן. אונטער דער דירעקטער איניציאַטיוו און השפּעה פונם ווילנער „ייוואָ" איז אין די לעצטע עטלעכע יאָר אַנשטאַנען אין וואַרשע אַ קרייז פון „יונגע היסטאָריקער", וועלכער האָט אין די פאַרשידנסטע מלוכהשע ארכיוון פלייסיק שטודירט די געשיכטע פון יידן אין פוילן און די רעזול־טאַטן פונם שטודיום רעגלמעסיק פאַרעפנטלעכט אין זיין זייער ערנסטער פעריאָדישער אויסגאַבע „דער יונגער היסטאָריקער".

אין וואַרשע, ווילנע, לעמבערג, קראָקע און אין לובלין, האָבן עקזיסטירט זעלטן רייכע יידישע מוזעאומס, וועלכע האָבן געהאַט אָנגעזאַמלט אוצרות מיט הפצים, וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט דאָס רעליגיעזע און גייסטיק־קולטורעלע לעבן פון צענדליגער דורות. דער רייכסטער מוזעאום איז געווען דער וואַרשעווער, וואָס די יידישע קהלה האָט זיינערצייט געשאַפן אויפן נאָמען פון איר אמאָליקן פּרעזידענט מ. בערסאָן. אחוץ די מוזעאומס ביי די אויבנאויסגערעכנטע קהלות האָבן אין א טייל גרעסערע שטעט, עקזיסטירט רייכע פּריוואַטע מוזעאומס און גרויסע אַנטיקן־זאַמלונגען ביי איינצלנע מעצענאַטן פון יידישער קונסט און אין צענדליגער שטעט האָבן די קהלות פאַרמאָגט אין זייער באַזיץ ווערטפולע אַלטע „פּנקסים" אין וועלכע עס זענען געווען פאַרנאָטירט אַלע וויכטיקע געשעענישן פונם יידישן לעבן אין די דאָזיקע שטעט.

ווען מען זאָל נאָך דערמאָנען: די „געזעלשאַפט אויף צו פאַרשפּרייטן קונסט צווישן יידן", וועלכע האָט א סך אויפגעטאָן פאַר די יונגע יידישע מאָלער, דערמיט וואָס זי האָט איינגעאָרדנט עפנטלעכע אויסשטעלונגען פון זייערע ארבעטן; די „געזעלשאַפט פאַר לאַנדקענטעניש", וואָס איז געווען זייער רירעוודיק אויפן געביט פון פּראַקטישן באַקענען די יידישע יוגנט מיט אַלע געביטן פון דער לאַנד־קענטעניש; דעם „אָרט" מיט זיינע צענד־ליגער האַנטווערקער־שולן, וועלכע זענען געווען א גרויסע קולטורעלע דער־גרייכונג; דעם „טאָז", וואָס האָט געהאַט קאָלאָסאַלע פאַרדינסטן ביים פאָפּולאַריזירן די קולטור פון היגיענע און ביים דערהויבן דעם סאַניטאַרן־מצב פון די מאַסן, די „געז. אָוונט־קורסן פאַר ארבעטער", מיט איר ברייט־פאַרצווייגטער טעטיקייט און ענדלעך דעם „יידישן ליטעראַטן און זשור־נאַליסטן־פאַריין", וואָס איז אין זיין טעטיקייט פאַקטיש געווען א קולטור-

צענטער אינם ברייטסטן זין פונם וואָרט, וואָלטן מיר נאָך אַלץ נישט אַרומ־געגומען אַלע קולטור־פּאָזיציעס פונם פּוילישן יידנטום, וועלכע זענען דורך די היטלער־באַנדעס אויף אַזאַ באַרבאַרישן אופן פאַרניכטעט געוואָרן.

די דאָ אויסגערעכנט און אויך די נישט־אויסגערעכנטע, יידישע קולטור־אינסטיטוציעס אין פּוילן, האָבן אַלע יאָרן געפירט אַ שווערן קאַמף פאַר זייער עקזיסטענץ. זיי האָבן אָבער עקזיסטירט און געפירט זייער געבענשטע טעטיקייט — נישט־געקוקט דערויף וואָס זיי האָבן אָפטמאָל געהאַט פאַר זיך קאָלאָסאַלע מכשולים מצד די רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע רע־גירונגס־פאַקטאָרן. די יידישע געזעלשאַפט האָט אָבער געפירט דעם עקשנות־דיקן קאַמף פאַר איר פולער נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג און אין מיטן פון דאָזיקן קאַמף איז געקומען דער מלחמה־שטורם און פון אַלץ אַ תל געמאַכט.

פון דעם ריזיקן קולטור־בנין, וואָס איז מיזאַם געבויט געוואָרן פון אַ סך דורות איז געבליבן בלויז אַ זכר. אפילו די „גוטע" דייטשן, די היינטיקע „דעמאָקראַטן" און „ליבעראַלן", זענען לחלוטין נישט אומשטאַנד גוט צו מאַכן די גרויסע הזיקות וואָס די יידישע קולטור אין פּוילן האָט געליטן מצד דער דייטשער אָקופּאַציע. — ביי יידן איז אָבער פאַראַנען אַ זייער טרעפלעכע סימבאָלישע לעגענדע, וואָס זאָגט, אַז בעת הייליקע ספרים ווערן פון רוצחישע לאַפּעס צעריסן, אָדער פאַרברענט, פליען־אַרויף די איינציקע אותיות אין הימל און דאָרטן פאַראייניקן זיי זיך צוריק און עס ווערן פון זיי געבוירן נייע קולטור־ווערטן . . .

די גרויסע ווערטן וואָס זענען פאַרקערפּערט אין דער אַלזייטיקער יידישער קולטור־שאַפונג, וועלן נאָך אויפשטיין זייער תחית־המתים. דאָס רעשטל פון די איבער־געבליבענע פּוילישן יידן, סיי אין פּוילן גופא, סיי אין זייער צעשפּרייטקייט איבער דער גאָרער וועלט, וועלן נאָך ממשיך־זיין זייערע אייגענע קולטור־שאַפונגען און וועלן דערמיט אַסך ביישטייערן צו דער אוניווערסאַלער און אַלמענטשלעכער קולטור.



# די צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע — ציש״אַ

דער געדאַנק און די באַוועגונג פון אַ וועלטלעכער יידישער שול מיט יידיש אַלס לערן־שפּראַך, איז ניט אין אַלע טיילן פון פוילן געבוירן געוואָרן גלייכצייטיק.

נאָך מיט קנאַפּע 50 יאָר צוריק — גענוי, אינם יאָר 1900 — האָט דער איצט אין אַמעריקע פּאָפּולערער קולטור־טוער, דער חבר נח מישקאָווסקי, דעמאָלט נאָך אַ יונגער לערער, געגרינדעט צוערשט אין מיר און דערנאָך אין ניעסוויזש, אָרטיקע יידישע שולן מיט אַ וועלטלעכן כאַראַקטער און מיט יידיש אַלס די לערנשפּראַך.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער — אין די יאָרן 1904 און 1905 — האָבן שוין אין אַלע גרעסערע און מיטעלע שטעט פון גאַליציע עקזיסטירט אָוונט־קורסן פאַר יידישע יוגנטלעכע אַרבעטער, וועלכע האָבן דאָסגלייכן געהאַט אַן אויסשליסלעך וועלטלעכן כאַראַקטער, און יידיש איז אויף יענע קורסן געווען די לערנשפּראַך.

אין יענער צייט — אין די יאָרן 1904־1905 — האָבן מיר אין גאַליציען געגרינדעט אַ נעץ פון „בילדונגס־פאַראיינען פאַר יידישע לערניינגלעך און האַנדלס־פּראַקטיקאַנטן״ און די דאָזיקע פאַריינען האָבן דערנאָך געשאַפן און אָנגעפירט מיט די אויבנדערמאָנטע קורסן.

אין ווילנער געגנט האָבן זיך אַזעלכע אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע באַוויזן אין די יאָרן 1905־1907.

אינם יאָר 1915, אינם 2טן יאָר פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פוילן איז געווען אָקופּירט דורך די דייטשע חיילות און דאָרט האָט געהערשט אַ גרויסער הונגער; ווען אין וואַרשע און לאָדזש און אין ווילנע האָבן זיך געוואַלגערט טויזנטער יידישע פאַמיליעס אַלס היימלאָזע פּליטים — איז אַנטשטאַנען די נויטווענדיקייט צו שאַפן קינדערהיימען, וואו די פאַר־וואָרלאָזטע און הונגעריקע קינדער זאָלן קענען באַקומען אַ גלאָז מילך און וואו מען זאָל זיי לערנען דעם אַלף־בית.

די ערשטע קינדערהיימען מיט יידיש אַלס דערציאונגס־שפּראַך זייגען געשאַפן געוואָרן: אין לאָדזש — דורך דעם אין 1940טן יאָר אינם אָראַניענ־בורגער קאָנצענטראַציע־לאַגער אומגעבראַכטן פּועלי־ציון פירער לייב האָ־לענדערסקי; אין וואַרשע — דורך דעם פאַרשטאָרבענעם יידישן שריפט־שטעלער יעקב דינעזאָן, מיט דער מיטהילף פון פּרצן; אין ווילנע דורך די

דאָרטיקע יידישע לערער מיט גרשון פּלודערמאַכער בראש און שפּעטער אין וואַרשע אַ צווייטע קינדערהיים אויפן נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם בונדישן פירער בראָניסלאַוו גראָסער.

פון די דאָזיקע קינדערהיימען, אין וועלכע די לערנשפּראַך איז געווען יידיש, איז זיך אין די ווייטערדיקע יאָרן, צעוואַקסן און אויסגעברייטערט געוואָרן איבערן גאַנצן שטח פון פּוילן אַ ברייט־פאַרצווייגטע נעץ פון קינדערהיימען און טאָג-שולן, וועלכע האָבן דערנאָך אָנגענומען דעם כאַראַקטער און די פאָרמען פון אַ יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן מיט יידיש אַלס די לערנשפּראַך.

אין אָקטאָבער, 1919, איז שוין פאָרגעקומען אין וואַרשע די ערשטע באַראַטונג פון די וועלטלעכע יידישע שול-טוער, לערער און פאָרשטייער פון פּועלי-ציון, פאַראייניקטע און פאָלקיסטן, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז עס דאַרפן פאַראייניקטע ווערן די אַרבעטס־מעטאָדן אין די דאָזיקע שולן.

אין וואַרשע האָבן שוין דעמאָלט עקזיסטירט 13 אַנשטאַלטן (פאָלקס־שולן און קינדערהיימען) מיט 2,500 קינדער, אין ווילנע האָבן זיך שוין געלערנט 3,500 קינדער אין די וועלטלעכע שול־אַנשטאַלטן; אין ביאַ־ליסטאָק און אומגעבונג האָבן זיך שוין דעמאָלט געפונען 15 שולן,3 קינדער-היימען און 3 אָוונט־קורסן; אין לאָדזש זיינען צוגעקומען, צום אויבנדער־מאָנטן קינדערהיים, נאָך 2 טאָגשולן און אינם יאָר 1921 זיינען שוין אין פּוילן געווען 56 שול־אַנשטאַלטן.

אין אַפּריל 1920 איז פאָרגעקומען די צווייטע שול־באַראַטונג, אין וועלכער עס האָבן זיך שוין באַטייליקט — אחוץ די פאָרשטייער פון די פריער-דערמאָנטע פּאַרטייען — אויך די פאָרשטייער פון „בונד". די דאָ־זיקע באַראַטונג האָט באַשלאָסן צו גרינדן אַ צענטראַלע פאַר דער איינהייט־לעכער יידישער וועלטלעכער שול־אָרגאַניזאַציע, און צונויף־צו־רופן אַ גרויסן שול-צוזאַמענפאָר.

צו דערזעלבער צייט האָט זיך אין וואַרשע קאָנסטיטואירט דער אַזוי־גערופענער „דינעזאָן־מעדעם־רייכמאַן־קאָמיטעט", וועלכער איז לכתחילה געשאַפן געוואָרן ווי אַ קאָאָרדינירן־קאָמיטעט צווישן פאָלקיסטן, בונדיסטן און לינקע פּועלי-ציון כדי צו פאַרטיילן די שול־סובסידיעס, וואָס זיינען אָנגע־קומען קיין פּוילן פונם אַמעריקאַנער „פּיפּלס-רעליף".

דער דאָזיקער קאָאָרדיניר־קאָמיטעט האָט עקזיסטירט ביז צום ערשטן שול־צוזאַמענפאָר, וועלכער איז פאָרגעקומען אין יוני, 1921, אין וואַרשע, צו וועלכן ס'זיינען געקומען אַרום 400 דעלעגאַטן פון טאָג־שולן, אָוונט־קורסן, קינדער-היימען, פּעדאַגאָגישע ראַטן, עלטערן־קאָמיטעטן און פון די

באזונדערע שול־קוראטאריומס פון די פאלקיסטן, בונדיסטן, לינקע פועלי־ציון, פאראייניקטע און אומפארטייאישע.

דער ערשטער צוזאמענפאר האט פראקלאמירט די גרינדונג פון דער „צישא" (צענטראלע יידישע שול־ארגאניזאציע), האט אויסגעקליבן א הויפט־פארוואלטונג מיט אן אויספיר־קאמיטעט און באשלאסן די פראגראמאטישע יסודות פון דעם נייעם, מאדערנעם און אלוועלטלעכן יידישן שולוועזן.

אינם יסוד פונם שול־פראגראם זיינען געלייגט געווארן די צוויי הויפט־פרינציפן:

1) די וועלטלעכע דערציאונג פון די קינדער.

2) יידיש — אלס די לערנשפראך.

דער ערשטער, ווי אויך שפעטער דער אין 1925 צווייטער שול־צו־זאמענפאר, האט אנגענומען א דעקלאראציע אין וועלכער עס איז פעסטגע־שטעלט געווארן, אז די יידישע וועלטלעכע שולן, שטיצן זיך דערהויפט אויף די כוחות פון יידישן פראלעטאריאט און ראדיקאלער אינטעליגענץ און אז זיי פירן דעם קאמף פאר א געזעצלעכער אנערקענונג מצד דער פוי־לישער רעגירונג, וואס זאל קומען צום אויסדרוק דורך אנערקענונג פון איר לערן פראגראם און דורך אויסהאלטן די יידיש־וועלטלעכע שולן אויפן חשבון פון מלוכה־בודזשעט.

אבער אנשטאט צו דערגרייכן די אנערקענונג מצד דער רעגירונג, האט די „צישא" געהאט אויסצושטיין בסדרדיקע פארפאלגונגען מצד דער אדמי־ניסטראציע. די רעאקציאנערע רעגירונג, וועלכע האט אין יעדן ראדיקאלן געדאנק געזען „באלשעוויזם" האט זיך ניט גערעכנט דערמיט, וואס זי אליין האט ניט געגעבן שולן פאר די יידישע קינדער, אפילו אזעלכע שולן, ווי זי האט געהאלטן פאר נויטיק, און כסדר פארשווערט די עקזיסטענץ פון די „צישא"-שולן, געהאנגלט אויף זיי מיט גזרות, ניט געגעבן זיי קיין פינאנציעלע מעגלעכקייטן צו עקזיסטירן, בודק־געווען די פאליטישע כשרות פון די לערער און יאר־יערלעך פארחתמעט שול־לאקאלן.

אבער, ניט געקוקט אויף דער לאנגער קייט פון רדיפות און שיקאנעס, זיינען די „צישא"-שולן כסדר געוואקסן אין זייער צאל און אין זייער פעדא־גאגישער באדייטונג.

אינם יאר 1925 האט די „צישא" פארמאגט 182 לערן־אנשטאלטן; 91 פאלקסשולן, 20 קינדערהיימען, 3 גימנאזיעס, 2 לערער סעמינארן און 66 אוונט־שולן.

די קינדער זיינען דערצויגן געווארן אינם גייסט פון זעלבסט־טעטיקייט און אין ליבע צו ארבעט. אין יעדער שולע האט עקזיסטירט א קינדער־גע־מיינדע מיט א זעלבסט־פארוואלטונג.

אין א טייל „ציש"א"־שולן האָבן עקזיסטירט אַרבעטס-וואַרשטאַטן, אין וועלכע די קינדער האָבן זיך געלערנט פאַרשידענע פאַכן, ווי סטאָלעריי, וועש-נייען, קאַרטאָנאַזש־מאַכעריי, איינבינדעריי און דאַמען־היטן־פוצעריי. באַזונדערס אויף א הויכן ניוואָ זיינען געשטאַנען די סטאָלעריי־וואַרשטאַטן ביי דער וואַרשעווער 7־קלאַסיקער באָראָכאָוו־שול — אויף נאַוואָליפּקי 68 — אונטער דער לייטונג פון ח' אהרן שעניצקי.

די שולן האָבן שטענדיק געהאַט גרויסע דעפיציטן, ווייל דער שכר־לימוד איז געווען א נידריקער, פון 1 זל. ביז מאַקסימום 5 זל. א חודש — בעת דאָס אויסהאַלטן די לאָקאַלן און די באַשפייזונג האָט געקאָסט גאָר גרויסע סומעס. אין די ערשטע יאָרן פלעגט די „ציש"א" דעם גרעסטן טייל פון אירע בודזשעטן דעקן פון די אַמעריקאַנער הילפס־געלטער, וואָס זי פלעגט באַקומען פונם „פיפּלס־רעליף". שפּעטער זיינען אָבער די דאָזיקע סובסידיעס דערגאַנגען צו א נישטיקן מינימום און די שולן האָבן געמוזט ביטער קעמפן פאַר זייער עקזיסטענץ. די יידישע אַרבעטערשאַפט און פאָלקסמאַסע אין פּוילן, איז צוליב דער כראָנישער אַרבעטסלאָזיקייט און שטענדיקער אָרעמקייט, ניט געווען בכוח אַליין אויסצוהאַלטן אירע שול־אַנשטאַלטן, האָט דערפאַר די „ציש"א" געמוזט פון צייט-צו-צייט שיקן אירע שליחים קיין אַמעריקע, קיין אַרגענטינע און קיין מערב־אייראָפּע וואו עס זיינען געזאַמלט געוואָרן גרעסערע סומעס אויף צו דעקן די כסדרדיקע דע־פיציטן.

עס איז דאָ כדאי צו פאַרצייכענען, אַז א חוץ 56 מאַגיסטראַטן (אויס־פיר־אָרגאַנען פון די שטאָט-ראַטן), וואָס האָבן א געוויסע צייט סובסידירט די „ציש"א"־שולן, האָט בלויז איינמאָל דאָס בילדונגס־מיניסטעריום, בעת עס האָט אַמטירט א ליבעראַלער בילדונגס־מיניסטער, באַשטימט פון זיין בודזשעט א יערלעכע סובסידיע פון 12,000 זל. אָבער די רעאַקציאָנערע עלעמענטן אין דער פּוילישער געזעלשאַפט, האָבן אויפגעהויבן קעגן דעם א שרעקלעכן טומל, אַזוי אַז דאָס אַנדערע יאָר, איז די דאָזיקע מאַגערע, פּאַק־טיש בלויז סימבאָלישע סובסידיע, שוין ניט אויסגעצאָלט געוואָרן.

אַנשטאָט סובסידיעס האָבן זיך פאַרשטאַרקט די רדיפות, און שולן (לרוב פון באָראָכאָוו־קוראַטאָריום) זיינען כסדר פאַרמאַכט געוואָרן, אַזוי, אַז אינם יאָר 1933 זיינען שוין ניט געווען מער ווי 68 פאָלקס־שולן (אַחוץ די קינדערהיימען און 2 גימנאַזיעס) — בעת ביידע לערער־סעמינאַרן און די אָוונט־שול האָבן שוין ניט עקזיסטירט. פון די 68 שולן האָבן 33 געהערט צו די „ווילנער דעמאָקראַטן" און „אומפּאַרטייאישע", 24 צום בונדישן קוראַטאָריום, 9 צו די לינקע פּועלי-ציון און צו איינע צו די רעכטע

פועלי־ציון און צו די „אומאפהענגיקע סאָציאַליסטן" (אַמאַליקע „פּאַר־איניקטע").

די „צישא" איז אָנגעפירט געוואָרן פון אַ הויפּט־פּאַרוואַלטונג, וועלכע איז באַשטאַנען פון 21 מאַן און וועלכע האָט זיך צענויפגעשטעלט פון 4 פראַקציעס: 9 בונדיסטן, 7 לינקע פועלי־ציון, 4 פאָלקיסטן און ווילנער דעמאָקראַטן און 1 פאָרשטייער פון די אומאפהענגיקע סאָציאַליסטן.

דער פאָרזיצער פון „צישא" איז שטענדיק געווען אַ פאָרשטייער פון דער בונדישער פראַקציע — דאַגעגן דער וויצע-פאָרזיצער איז שטענדיק געווען אַ פאָרשטייער פון דער לינקער פועלי־ציון פראַקציע. 2 סעקרעטאַרן 1 פון דער בונדישער און 1 פון דער לינקער פועל־ציון פראַקציע. דער ער־שטער פאָרזיצער פן דער „צישא" איז געווען דער פאַרשטאָרבענער בונ־דישער פירער ביינוש מיכאַלעוויטש. שפּעטער איז געוואָרן פאָרזיצער דער פאַרשטאָרבענער יוסף לעשטשינסקי, (כמורנער) און לעצטנס איז געווען דער פאָרזיצער פון „צישא" ח. ש. קאַזשדאַן. וויצע-פאָרזיצער איז געווען אַ לאַנגע צייט דער פירער פון די לינקע פועלי־ציון זרבבל און נאָך זיין אָפּפאָרן קיין ארץ ישראל — שכנא זאַגאַן. אַלס סעקרעטאַרן זיינען געווען טעטיק אַ צייט־לאַנג י. פּאַט און ביז לעצטנס ש. מענדעלסאָן און במשך פון די לעצטע 16 יאָר דער פאָרשטייער פון די לינקע פועלי־ציון — נתן בוקסבוים.

איינע פון די שענסטע אויפטוען פון דער „צישא" איז די וואונדער־באַרע „מעדעם-סאַנאַטאָריע", וועלכע האָט זיך געפונען אין אַ סאָסנאָווער טרוקענער געגנט אין מיעדזעשין, הינטער וואַרשע און איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אונטער דער פעדאַגאָגישער אָנפירונג פון ש. גילינסקי.

אָנגעהויבן איר טעטיקייט האָט די סאַנאַטאָריע אינם יאָר 1924, מיט 1 קליינער געביידע, אין וועלכער ס'האָבן זיך געפונען קוים 14 בעטלעך פאַר אָפּגעשוואַכטע קינדער פון די „צישא"־שולן און דערנאָך האָט די סאַ־נאַטאָריע פאַרמאָגט עטלעכע גרויסע און שיינע בנינים, אין וועלכע עס האָבן זיך דערצויגן דורך אַלע 12 חדשים אין יאָר 150 ביז 200 יידישע און פוילישע קינדער פון אַלע מינים שולן.

די „צישא"־שולן האָבן געשמט מיט זייער הויכן פעדאַגאָגישן ניוואָ. קינדער וועלכע האָבן געענדיקט די צישא־שולן און האָבן געהאַט די מעג־לעכקייטן צו באַזוכן אַ גימנאַזיע, זיינען געווען באַפרייט פון אַ וועלכן ס'איז עקזאַמען. דער הויכער פעדאַגאָגישער ניוואָ פון די „צישא"־שולן איז אויך געקומען צום אויסדרוק אויף די זייער אָפּט איינגעאָרדנטע גראַנדיעזע שול־

אויסשטעלונגען, סיי אין לאַנד גופא, סיי אין אויסלאַנד בעת די אינטער־נאַציאָנאַלע שול-אויסשטעלונגען.

באַזונדערס אויסגעצייכנט האָבן זיך די „צישא"־אויסשטעלונגען, וועל־כע זיינען געווען געווידמעט די שאַפונגען פון מענדעלע מוכר ספרים און שלום־עליכמן.

די „צישא" האָט במשך פון איר קנאַפע 20־יאָריקער עקזיסטענץ, געפירט אַ ברייטע פאַרלעגערישע טעטיקייט. צענדליקער לערנביכער, האַנט-ביכער פאַר דער לערערשאַפט, לייענביכער פאַר די שילער און ספּעציעלע פּעדאַגאָגישע זשורנאַלן זיינען דערשינען אין צענדליקער טויזנטער עק־זעמפּלאַרן.

די „צישא" האָט זיך אין איר אַרבעט געשטיצט אויף די געזעלשאַפט־לעכע כוחות פון די יידישע אַרבעטער-פּאַרטייען און פון דער דעמאָקראַ־טישער אינטעליגענץ פון איין זייט און פון דער אַנדערער זייט אויף דער אידעאַליסטישער לערערשאַפט, וועלכע האָט געאַרבעט אין די שולן מיט דער גרעסטער מסירת-נפש פאַר אַ ניט־רעגלמעסיקן הונגער־לוין.

ניט געקוקט אויף אַלע פינאַנציעלע און געזעצלעכע מכשולים, האָט דאָס יידיש־וועלטלעכע שול־וועזן, פונדעסטוועגן אין די לעצטע עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, דורכגעלעבט אַן אויפבוי־פּעריאָד. פאַר־מאַכטע שולן האָבן זיך צוריק געעפנט. אין אַ גאַנצער ריי שטעט זיינען אויפגעבויט געוואָרן אייגענע שול-געביידעס, אַזוי למשל האָט מען זיך אין לובלין, כעלם און וועגגראָוו, געגרייט צו די פייערלעכע חנוכת־הביתן פון אָרטיקע נייע בנינים פון לערן־אַנשטאַלטן, וואָס האָבן געהערט צום באַראַכאָוו-קוראַטאָריום. אָבער ס'איז געקומען די מלחמה און פון אַלעמען איז גע־וואָרן אַ תל — איין גרויסער חורבן.



# דער בלוטיקער ערשטער מאי פון 1929 אין ווארשע

די ערשטע מאי־פייערונגען אין ווארשע, אין די ערשטע פאר יאר פון פוילנס אומאפהענגיקייט אין דער תקופה צווישןביידע וועלט־מלחמות, זענען קיינמאל נישט פארלאפן רואיק. „עפעס" פלעגט אין יענע יארן שטענדיק פארקומען: אדער די ענדעקיש־אנטיסעמיטישע יוגנט פלעגט צו באפאלן די יידישע ארבעטער־גרופירונגען, וואס פלעגן אנטייל־צו־נעמען אינם אלגעמיינעם דעמאנסטראציע־צוג; אדער עס פלעגט קומען צו א בלוטיקער שיסעריי צווישן דער פ. פ. ס. און דעם קאמוניסטישן טייל פון צוג; אדער די פאליציי אליין פלעגט צוגרייטן עפעס א פראוואקאציע . . .

צוליב אזעלכע און ענלעכע געשעענישן האבן די יידישע ארבעטער־פארטייען אויפגעהערט צו קומען צו די אלגעמיינע פייערונגען אויפן טעאטער־פלאץ, נאר זיי פלעגן איינצוארדנען — יעדע פארטיי באזונדער — אן ערשטן־מאי פאראד איבער די יידישע גאסן און די דאזיקע פאראדן, מיט די אייגענע פאנען און מיט יידישע טראנספארענטן פלעגן זיך פאר־ענדיקן מער־ווייניקער אין ארדנונג, אן אינצידענטן, פאר די לאקאלן פון די פארטייען: אויף פשעיאזד 9, אויף קארמעליצע 23 און אויף גענשע 14.

אן אויסנאם איז אבער געווען דער 1טער מאי פון 1928.

די צוגרייטונגען צו די דעמאנסטראציע־צוגן זענען אין אלע יידישע ארבעטער־ארגאניזאציעס געמאכט געווארן מיט אלע פיטשעווקעס, אין א פייערלעכער שטימונג און אן דער מינדסטער אנונג, אז די דעמאנסטראציעס וועלן זיך פארענדיקן אזוי בלוטיק, ווי זיי האבן זיך אין יענעם יאר פארענדיקט.

9 אזייגער אינדערפרי איז דער גרויסער זאל פון אונזער „ארבעטער־היים" אויף קארמעליצקע 23, שוין געווען איבערגעפאקט פון יוגנטלעכע ארבעטער־מאסן און סהאט געהערשט א יום־טובדיקע שטימונג. אין דעמ־זעלבן הויז אויפן הויף, האבן זיך גרופירט די פארטיי־חברים מיט זייערע טראנספארענטן — בעת אויפן גאס האבן שוין געווארט אונזערע פרא־פעסיאנעלע פאריינען מיט זייערע פאנען. פונקט צו דער פארגעשריבענער צייט, 10 אזייגער, האט דער דעמאנסטראציע־צוג גערירט פונם ארט, לויט דער פון פריער באשטימטער מארשרוט — דורך נאוואליפקי, סמאטשע, גענשע, וואלינסקי און דזיקע.

מיר — דער צוג פון לינקע פועלי־ציון און אין „יוגנט" — האָבן ווי געוויינלעך, מאַרשירט אין דער ריכטונג צום מוראַנאָווער פּלאַץ, אויף וועלכן מיר האָבן שוין יאָר־יערלעך געהאַט אונזער „חזקה". בראש פונם צוג איז געגאַנגען דער דרייסטער און קרעפטיקער ח' הערשל לענט, דער פּאָפּולערער יידישער טראַמוויי־קאָנדוקטאָר, מיט דער גרויסער פלאַטערנדיקער רויטער פּאַרטיי־פאָן און אַרום אים 8 מאַן פון דער פּאַרטיי־מיליץ אַלס פאָנען־גוואַרדיע. תיכף נאָך זיי האָט מאַרשירט דער צענטראַל־קאָמיטעט מיט די ח"ח י. זרבבל, נ. בוקסבוים, ש. זאַגאַן און איך — אין דער ערשטער ריי. נאָך אונז האָבן מאַרשירט טויזנטער עלטערע און יונגטלעכע אַרבעטער מיט אַ מוטיקן געזאַנג פון אַרבעטער־לידער — בעת בראש פונם צוג האָט מאַרשירט דער ח' יצחק לעוו אַלס דער קאָמענדאַנט.

צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון אונזערע מאַי־פייערונגען האָט אין יענעם יאָר מאַרשירט אין אונזער צוג אַ גרופּע פון אַ 40-50 „יונגבאָריסטן" מיט אַן אייגענער פאָן. וועגן דעם, צי מען זאָל דער „יונגבאַר" גרופּע דערלויבן אָנטייל־צונעמען אין צוג, האָט זיך פאַרן ערשטן מאַי געפירט אַ ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיע, סיי אין דער אָנפירונג פונם „יונגבאַר" גופא, סיי אין די פּאַרטייאישע אינסטאַנצן. די לערער פון אונזערע באָראָכאָוו-שולן, פון וועלכע אַ טייל זענען גלייכצייטיק געווען אין דער אָנפירונג פונם „יונגבאַר", זענען לרוב געווען קעגן דעם. באַזונדערס זענען קעגן דעם אַרויסגעטרעטן די ח"ח אהרן שעניצקי און פּיגע הערצליך — דערגעגן מיר, די איבריקע פון דער „יונגבאַר" אָנפירונג, דער ח' פריינט, אויך אַ לערער, און איך, האָבן זיך שטאַרק איינגעשטעלט דערפאַר, אַז דער „יונגבאָר" זאָל זיך יאָ באַטייליקן אינם דעמאָנסטראַציע־צוג. דער וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט האָט אַנטשידן לטובת אונזער שטעלונג, אָבער מיט אַ קאָמפּראָמיס, אַז נישט דער גאַנצער „יונגבאָר" זאָל גיין, נאָר בלויז די עלטסטע 3 גרופּן: די קינדער וואָס אַרבעטן שוין אין וואַרשטאַטן און די שילער פון דער 7־טער אָפּטיילונג פון דער באָראָכאָוו־שול, דערגעגן פאַר אַלע אַנדערע יינגערע קינדער זאָל איינגעאָרדנט ווערן אַ פאַרווײַלונג אינם קלוב־לאָקאַל.

די עלטערע יונגבאָריסטן וואָס האָבן זוכה־געווען אָנטייל־צו-נעמען — אין גראַנאַטענע בלוזעס מיט רויטע קראַוואַטן — און גליקלעכע, מיט אינם צוג האָבן זיך אויסגעפּוצט אין זייערע ספּעציעלע יונגבאַר־אוניפאַרמען שטראַלנדיקע פּנימלעך, האָבן זיי מאַרשירט אַלס אַ געשלאָסענע גרופּע און איך בין געווען פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר, אַז ביי אַן עווענטועלן טומל, אָדער ביי אַ פּאַניק זאָל זיי חלילה גאָרנישט געשען.

דער וועג צום מוראנאווער פּלאַץ איז אַ דורך אין דער גרעסטער אָרדנונג. דער ריזן־מיטינג אונטערן פרייען הימל, אויפן מוראנאווער פּלאַץ גופא, האָט איבערגעלאָזט אַ געוואלדיקן רושם. ווען מיר האָבן געריכט פונם מוראנאווער פּלאַץ זענען אין די עקן פון פּלאַץ געשטאַנען די פאָרשטייער פון רעגירונגס־קאָמיסאריאט און האָבן מיט גרויסער זאָרגפעליקייט געציילט די זעקס־טויזנט־קעפּיקע מאַסע און פאַרצייכנט וויפל ארבעטער עס מאַרשירן אונטער דער פּאַרטיי־פאָן, וויפל אונטער דער „יוגנט", אָדער אונטער דער „יונגבאַר"־פאָן און וויפל עס מאַרשירן אונטער די פענער פון יעדן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין באַזונדער. מיר זענען געגאַנגען דורך די נאַ־לעווקעס צו דער טלאָמאַצקע און לעשנאָ און דעם גאַנצן וועג האָבן אונז גרויסע מאַסן פון ביידע זייטן טראָטואַרן זייער וואַרם באַגריסט. די סוחרים האָבן לרוב פאַרמאַכט זייערע געשעפטן. דאָס איז געווען די איניציאַטיוו פון אונזערם אַ אַלטן חבר העניך איש, אַמאָל אַ געוועזענער זשורנאַליסט און דעמאָלט אַ אָנגעזעענער סוחר. אויפן באַלקאָן פונם יידישן ליטעראַטן־פאַריין, אויף טלאָמאַצקע 13, האָבן זיך פאַרזאַמלט צענדליקער יידישע שרייבער, מיט ז. סעגעלאָוויטשן — דעם מחבר פון „טלאָמאַצקע 13" — בראש, וואָס האָבן זיך באַטראַכט פאַר „אומפּאַרטייאישע". אויך זיי האָבן אונזער צוג וואַרם אַפּלאָדירט און אַגב, אומבאַמערקט געציילט די רייען, כדי זיי זאָלן וויסן ווי גרויס אונזער צוג איז געווען.

פאַרביי־מאַרשירענדיק דעם ליטעראַטן־פאַריין און אריינמאַרשירנדיק אין דער לעשנאָ־גאַס, האָבן מיר אָבער פּלוצים באַמערקט, אַז ביים עק קאַרמעליצקע־לעשנאָ שטייט אין פולער באַוואָפענונג אַ גרויסע אָפּטיילונג פון רייטער־פּאָליציי און שליסט־אָפּ פאַר אונז דעם אריינגאַנג אין דער קאַרמעליצקע־גאַס. דאָס האָט געשאַפן אַ שטיקל נערוועזיטעט אין אונזערע רייען. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָ גרייט זיך אויף אונז, אָדער ס'קען זיין אַז עס גרייט זיך, עפּעס אַ פּראָוואָקאַציע מצד דער פּאָליציי. איך האָב איבערגעלאָזט די „יונגבאַר"־גרופּע אונטער דער אויפזיכט פון ח' אברהם פריינט און בין גיך געלאָפן צום שפּיץ פון צוג, כדי זיך צו באַראָטן מיט די ח"ח פון צ. ק. צי איך זאָל אפשר ארויספירן פון צוג די יונגבאַר־גרופּע. בינו־לבינו האָט זיך דער צוג דערנענטערט צום קאָרדאָן פון דער רייטער־פּאָליציי און די געשפּאַנטקייט איז געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז סאיז שוין נישט מעגלעך געווען מיט קיינעמען זיך שואל־עצה־צו־זיין. צו דער־זעלבער צייט איז העכער און דרייסטער געוואָרן דאָס געזאַנג פון די מאַסן. מיר, די ערשטע רייען, האָבן ארויפמאַרשירט דירעקט אויף דעם פּאָליציי־קאָרדאָן און אים — מיטן כח פון געזאַנג — פונאַנדערגעטיילט אויף צוויי חלקים, מאַכנדיק אַזוי־אַרום אַ פרייען וועג פאַר אונזער צוג.

זענדיק אונזער אנטשלאָסנקייט און דרייסטקייט האָט די פּאָליציי נישט געוואַגט אויף אונז אָנצופאַלן. עס ווייזט־אויס, אַז זי, די פּאָליציי, איז געווען זיכער, אַז מיר וועלן נישט וואַגן דורכצוברעכן זיך אַ וועג דורך זייער קאָרדאָן און זי האָט געהאָפט, אַז סוועט אַנטשטיין אַ פּאַניק, אַז די מאַסע וועט אַרום־געכאַפּט ווערן פון אַ בהלה־שטימונג און זי וועט פּרואוון אין שרעק זיך פונאַנדערלויפן, וועט זי, די פּאָליציי, ערשט דעמאָלט זיך לאָזן וואויל־גיין . . .

דער דאָזיקער פּלאַן איז איר אָבער נישט געלונגען און מיר זיינען מיט קלאַפּנדיקע הערצער, אָבער מיט דרייסטער עקשנות, אריין אין דער קאַרמעליצקע־גאַס. איך בין צוריק־געלאָפן צום „יונגבאר" און צוזאַמען מיט זיי שוין מאַרשירט ביז צום „ארבעטער־היים", וואו דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, ענג צונויפגעדריקט אויף דערזעלבער גאַס, פון עק דזיעלנע ביז איבער דער נאַוואַליפּקי. אויפן באַלקאָן האָט זיך באַוויזן די פּאַרטיי־פאָן און אונטער איר דער ח' זרובבל, וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין רעדע, כדי צו שליסן די אַזוי־איינגעגעבענע דעמאָנסטראַציע. פּלוצים איז אָנגעקומען פון דזיעלנע־גאַס אַן אָפּטיילונג פון רייטער־פּאָליציי און האָט אָפּגעשלאָסן דעם אַרויסגאַנג פון קאַרמעליצקע אויף דזיעלנע. איך האָב זיך תיכף אָריענטירט, אַז סקען ווערן אַ געפאַר און כהרף־עין האָב איך אין געשלאָסענע רייען אַרויסגעפירט פון דער ענגשאַפט די גאַנצע יונגבאָר־גרופּע. ביז היינט פאַרשטיי איך נישט ווי־אַזוי דאָס איז מיר דעמאָלט געלונגען אָפּצוראַטעווען אַלע יונגבאָריסטן — אָבער, עס איז מיר פאָרט געלונגען.

נישט איך האָב געבעטן ביים עלסטן פון פּאָליציי־קאָרדאָן, אַז ער זאָל זיי אַ דורכלאָזן, נאָר איך האָב צו אים געשריגן מיט אַ באַפעלערישן טאָן — אַזוי דענערווירט בין איך געווען — אַז ער מוז די קינדער תיכף אַדורכלאָזן און ער האָט גיך אויסגעפאָלגט מיין „באַפעל", בעת דערוואַקסענע מענטשן האָט דער פּאָליציי־קאָרדאָן באַין־אופן נישט געוואָלט אַדורכלאָזן . . .

נאכדעם ווי איך האָב אַרויסגעפירט פונם געפאַר די יונגבאָריסטן בין איך באַלד צוריקגעלאָפן אינם צענטר פון דער מענטשן־מאַסע און דעמאָלט זענען מיר שוין געווען פון דער אַנדערער זייט אָפּגעשלאָסן פון עטלעכע לאַסט־אויטאָס מיט אָנגעשיכורטע פּאָליציאַנטן. זיי זענען גלייך אריינגעפאָרן אין דער צוזאַמענגעדריקטער מענטשן־מאַסע און סאיז אַנטשטאַנען אַ גרויסע מהומה. זרובבל איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויפן באַלקאָן פון „ארבעטער־היים" און ממש געדונערט צום עולם: „שטייט! שרעקט זיך

נישט! צעלויפט זיך נישט! ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן, ווייל די שיכורע פּאָליציאַנטן זענען מיט ווילדן כעס אַראָפּגעשפּרונגען פון די אויטאָס און זיך געוואָרפן אויפן עולם, געשלאָגן יעדן איינעם, וועמען זיי האָבן נאָר אָנגעטראָפן, אָן אַ חילוק צו אַ מאַנספּערשוין, צי אַ פרויען־צימער, מיט די קאָלבעס פון זייערע ביקסן — בעת די רייטער־פּאָליציי פון דזיעלנע־גאַס האָט מיט אירע גומענע פּאַלקעס מערדערלעך געשלאָגן יעדן וואָס האָט זיך געפּרואווט דורכרייסן דעם קאָרדאָן.

ווי אויף אַ כישוף־ווינק זענען באַלד אַלע אַרומיקע טויערן אָפּגעשלאָסן געוואָרן און די מענטשן וואָס האָבן געוואָלט אַנטלויפן זענען הויפנווייז געפאַלן איינער אויפן אַנדערן. בלויז די עטלעכע הונדערט דעמאַנסטראַנטן, וועלכע האָבן זיך געפונען האַרט ביים טויער פון קאַרמעליצקע 23, איז געלונגען אַריינצולויפן אינם הויף פון דעמזעלבן הויז, אָדער אויף די טרעפּן, וואָס האָבן געפירט צום „אַרבעטער־היים”. עטלעכע פּאָליציאַנטן האָבן זיי אָבער נאָכגעיאָגט און זיי געשלאָגן, צעבלוטיקט אויף די טרעפּן און אויפן הויף. געראַטעוועט פון קלעפּ האָבן זיך בלויז עטלעכע צענדליגג, די וועלכע האָבן באַוויזן די ערשטע זיך אַריינצוכאַפּן אינם זאַל פון „אַרבעטער־היים”, ווייל אַהין אינעווייניק־אַריין, זענען די פּאָליציאַנטן נישט נאָכגעלאָפן. ווייזט־אויס, אַז זיי האָבן געהאַט אַזאַ באַפעל פון זייער העכערער מאַכט . . .

עס האָט קיין צוויי מינוט נישט געדויערט און די גאַנצע גאַס האָט אויסגעזען ווי אַ שלאַכטפעלד. אויף ביידע זייטן טראָטואַרן זענען געלעגן קופּעס מענטשן מיט צעקלאַפּטע קעפּ, מיט געשוואָלענע פּנימער, מיט צעבראָכענע פיס און די קרעכצן גייען עד־לב־השמים. סהאָט זיך געשאַפן אַ סיטואַציע, אַז כהאָב זיך פּלוצים דערזען איינעם אַליין צווישן אַ כאָפּטע שיכורע און צעיושעטע פּאָליציאַנטן. איך בויג זיך אָן, כדי אויפצוהויבן אַ פאַרבלוטיקטע רויטע פאָן, וואָס האָט זיך געוואַלגערט פאַר מיינע פיס. אין דעמזעלבן מאָמענט וואַרפט זיך אויף מיר אַ פּאָליציאַנט און וויל מיר דערלאַנגען מיט דער קאָלבע. איך כאַפּ־אָן די ביקס און שריי צו אים מיט כעס אויף פּויליש: „מענטש, באַזין זיך! וואָס ווילסטע טאָן? לאָז מיך בעסער אויפקלויבן צו פאָנען”! עס ווייזט אויס, אַז דער פּאָליציאַנט האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ פּאָליציי־קאָמיסאַר, אין ציווילן אָנגעטאָן, אָדער ער איז געווען אַזוי שיכור, אַז ער האָט שוין נישט געוואוסט וואָס ער טוט. ער האָט איבערגעלאָזט אין מיין האַנט די ביקס און איז ווייטער געלאָפן . . . כדי נישט צו האָבן אויף זיך אַ פּראָצעס פאַר אַנטוואָפענען אַ פּאָליציאַנט בין איך אים ממש נאָכגעלאָפן און אים צוריקגעגעבן זיין ביקס. בעת דער דאָזיקער סצענע האָבן דערווייל די

איבעריקע פּאָליציאַנטן און עטלעכע פּאָליצייאישע געהיים־אַגענטן אין ציוויל, צונויפגעקליבן די צעבראָכענע טראַנספּאַרענטן, די צעטראָטענע פאָנען און אַלץ ארויפגעפּאַקט אויף זייערע אויטאָס, אַזוי ווי ווויכטיקע מלחמה־טראָ־פייען . . .

ערשט נאָכדעם ווי זיי זענען אַוועק אין זייערע אויטאָס, האָט זיך אויך צוריקגעצויגן דער קאָדראָן פון דער רייטער־פּאָליציי און פונם „אר־בעטער־היים" זענען אַראָפּגעקומען אַ געוויסע צאָל חברים, כּדי צונויפצו־קלייבן די פאַרוואונדעטע, די צעשלאָגענע און צעבלוטיקטע.

דער לאָקאַל פונם „אַרבעטער־היים" איז גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פעלד־שפּיטאָל. עטלעכע חברים דאָקטוירים, וועלכע האָבן זיך באַ־טייליקט אין דער דעמאָנסטראַציע און זענען אַליין נישט פאַרוואונדעט געוואָרן, האָבן געמינטערט די פאַרחלשטע, באַנדאַזשירט די צעקלאַפּטע און אַוועקגעלייגט אויף די טישן די לייכט־פאַרוואונדעטע. באַלד איז אָנגע־קומען דער אין וואַרשע באַרימטער און פּאָפּולערער דר. יצחק לייפונער, וועל־כער האָט געוואוינט אויף נאַוואַליפּקי, נישט ווייט פון „אַרבעטער־היים" און ער האָט פון זיין באַלקאָן געהערט די קולות. ער האָט איבערגענומען די אָנפירונג מיט דער רעטונגס־אַרבעט און האָט תּיכף אָנגעקלונגען אין יידישן שפּיטאָל־אַריין, אַז זיי זאָלן אַרויסשיקן עטלעכע רעטונגס־קעטשלעך, כּדי אַוועקצונעמען די שווער־פאַרוואונדעטע.

דעם גאַנצן נאָכמיטאָג האָט די „אַרבעטער־היים" אויסגעזען ווי אַ שפּיטאָל. מאַמעס זענען געקומען אַהיימנעמען זייערע קינדער. די גאַס איז געווען באַלאַגערט פון נייגעריקע און זשורנאַליסטן זענען געקומען אָנקוקן מיט זייערע אויגן דעם חורבן און די שחיטה וואָס די פּאָליציי האָט געמאַכט איבער אונז אָן אַ שום גרונט דערצו.

פון די זשורנאַליסטן זענען מיר, אגב, געוואָר געוואָרן, אַז אַן ענלעכע שחיטה איז אויך געמאַכט געוואָרן אויפן בונדישן צוג, אויף פּשעיאַזד.

דר. לייפונער און די ח"ח דר. בער אָפּענהיים און ליובאַ קראַסוצקאַ, האָבן דעם גאַנצן נאָכמיטאָג געאַרבעט אַרום די פאַרוואונדעטע און דער פּערסאָנאַל פון דער אַרבעטער־היים האָט אויף גיך אָפּגעקאָכט אַ קעסל זופּ, כּדי די איבער 60 פאַרוואונדעטע „פּאַציענטן" זאָלן האָבן מיט וואָס זיך צו דערכאַפּן זייערע הערצער.

אויף צו־מאָרגנס איז די גאַנצע יידישע פּרעסע געווען פול מיט באַ־ריכטן און אַרטיקלען וועגן דעם וואָס עס איז געשען. אין אונזער פּאַרטיי־אָרגאַן — די „אַרבעטער־צייטונג" — האָבן זיך געפונען די פאָלגנדע שורות:

„אָן אַנפירנדיקער חבר בייגט זיך אויף דער ערד אויפצוהויבן אַ פאָן, וועלכע איז אַרויסגעריסן געוואָרן, אַ פּאָליציאַנט וואַרפט אין אים מיט אַ קאַראַבין, ער כאַפּט דעם קאַראַבין אין איין האַנט און לאָזט זיך נישט אַרויסרייסן די פאָן".

ווען איך דערמאָן זיך היינט דעם פאַרלויף פון דער דאָ געשילדערטער געשעעניש, ווייס איך באמת נישט, ווי־אַזוי איך בין דעמאָלט ניצול געוואָרן פון אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, אָדער לכל־הפּחות פון אונטערגעהאַקטע זייטן. עס איז, דאַכט־זיך מיר, געשען נאָר צוליב איינעם פון די פאָלגנדע 2 טעמים: אָדער סאיז הפּנים ריכטיק דוד המלכּם סענטענץ, אַז „ד' שומר פּתאים" . . . אָדער סאיז ריכטיק מיין פריער אַרויסגעזאָגטער השערה, אַז די פּאָליציאַנטן האָבן, אורטיילנדיק לויט מיין אויסערלעכן אויסזען, גע־מיינט, אַז איך בין אַ פּאָליציי־קאָמיסאַר אין ציווילער הלבשה . . .

דעם 4־טן מאַי איז ח' לעוו געגאַנגען צום וואַרשעווער רעגירונגס־קאָמיסאַר, קאַפּיטאַן רונגע, כּדי אים נאָמען פון צ. ק. צו באַקלאָגן זיך אויף דער וואַרשעווער פּאָליציי.

רונגע האָט אים אויסגעהערט מיט אַ געמאַכטער ערנסטקייט און דערנאָך האָט ער מיט אַ ביטערן קרעכץ אויסגעדריקט זיין באַדויערן צו־ליב די געשעענישן, צוגעבנדיק דערביי, אַז סאיז געשען אַ „מיספאַר־שטענדניש", ווייל דער פּאָליציי־קאָמיסאַר, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער „אַקציע" איז נישט געווען גענוג אינטעליגענט און ער האָט אונזער צוג פאַר־ביטן מיט די קאָמוניסטן . . .

אַז דער דאָזיקער ענטפער האָט אונז נישט באַפרידיקט און אַז מיר האָבן דערויף רעאַגירט אין אונזער פּרעסע איז זעלבסטפאַרשטענדלעך. פאַר אונז איז געווען קלאָר, וואָס עס איז אייגנטלעך געווען דער ציל פון פּאָלי־צייאישן אָנפאַל אויף אונזער מאַי־פּאַראַד. די פּאָליציי האָט געוואָלט דערמיט דערגרייכן, אַז מיר זאָלן דעם קומענדיקן 1־טן מאַי שוין מורא האָבן אַרויסצוגיין מיט אַ דעמאָנסטראַציע איבער די גאַסן, אָדער עס זאָלן צוליב־דעם, לכל־הפּחות, פאַרקלענערט ווערן אונזערע רייען.

רונגען איז דאָס אָבער נישט געלונגען, ווייל די חברים און סימפּאַ־טיקער זיינען דעם קומענדיקן ערשטן מאַי ווידער צאָלרייך געקומען און אונזער 1־טער מאַי דעמאָנסטראַציע פון 1929 איז געווען פּונקט אַזוי אימ־פּאָזאַנט ווי אין 1928 — נאָר שוין אָן אַ פּאָליצייאישן איבערפאַל און אָן בלוטיקע קרבנות.

* * *

---

* * *

# די פועלי־ציוניסטישע „יוגנט"־באוועגונג אין פוילן צווישןביידע וועלט־מלחמות

באַלד אין די ערשטע וואָכן פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט— אין חודש דעצעמבער פון יאָר 1918 — זענען גלייכצייטיק אין לאָדזש און אין וואַרשע, געגרינדעט געוואָרן די פּועלי־ציוניסטישע „יוגנט"־אָרגאַניזאַציעס. — אין לאָדזש איז די אָרגאַניזאַציע דעמאָלט אַנטשטאַנען אַלס אומפּאַרטייאישער יוגנט־פאַריין „קולטורא" און ערשט אין טראַנס פון איר אַנטוויקלונג האָט די אָרגאַניזאַציע אָנגענומען אַ בולטן פּועלי־ציוניסטישן כאַראַקטער, דאַקעגן אין וואַרשע און אין די שפּעטערדיקע חדשים אין אַ גאַנצע ריי אַנדערע שטעט — אין כעלם, שעדלעץ, ראַדאָם, וולאָצלאַוועק, זשיכלין, מלאַווע, קאַליש, קעלץ, לאָמזשע, ליפּנע, פּולטוסק, קאַלושין, טשענסטאָכאָוו, בענדין, סאָסנאָוויץ, קאָלאָ, אַלעקסאַנדער, אָזאָרקאָוו, פּלאָצק, לובלין, ראַדאָמסק, לענטשיץ און אַנדערע — זענען די אָרגאַניזאַציעס לכתחילה געגרינדעט געוואָרן מיט אַ פּועלי־ציוניסטישן פּרצוף.

עס האָט אָבער אַ בלאָז געטאָן מיט אַן „אומפּאַרטייאישן" ווינטל פון מערב־גאַליציען און די אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך פּונקט ווי זיינערצייט אין גאַליציען פאַרפּלאָנטערט אין דער נעץ פון מטושטשדיקע און פאַרטווישטע באַגריפן פון „אומפּאַרטייאישקייט" אָדער „צווישן־פּאַרטייאיש", בעת געשטרעבט האָט מען פאַקטיש בלויז צו דער אָרגאַניזאַציאָנעלער זעלבשטענדיקייט, ד. ה. צו אויטאָנאָמיע אין אַלע אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן.

סיי דער פאַקט, וואָס די „יוגנט"־באַוועגונג איז גיך געוואָרן אַ מאַסן־באַוועגונג אין פּוילן זין פון וואָרט, סיי דאָס, וואָס עס האָבן גלייכצייטיק אָנגעהויבן צו אַנטשטיין מאַסן־באַוועגונגען פון דער אַרבעטער־יוגנט מיט אַנדערע אידעאָלאָגיעס (בונדישע „צוקונפט", „שטראַלן" פון די פּאַראייניקטע; „דרור" — אַ יוגנט־באַוועגונג פון די צעירי־ציון). די דאָזיקע ביידע פאַקטן האָבן גיך אויסגעניכטערט די דעמאָלטיקע „יוגנט"-טוער, סיי פון דער אומפּאַרטייאישקייט, סיי פון דער צווישן־פּאַרטייאישקייט און די באַוועגונג האָט זיך גרינטליך אויסגעהיילט פון דער דאָזיקער קינדער־קראַנקהייט.

אין מערץ 1919, האָט דער צ. ק. פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי באַשטימט אַן אָרגאַניזיר־קאָמיסיע אונטער דער אָנפירונג פון א. פריינט, אויף אָנצופירן מיט די דעמאָלט שוין עקזיסטירנדע „יוגנט"־אָרגאַניזאַציעס, צו גרינדן נייע און צוצוגרייטן דעם ערשטן גרינדונגס-צוזאַמענפאָר. די דאָ־

זיקע אָרגאַניזיר־קאָמיסיע האָט אויך איבערגענומען דאָס ווייטערדיקע אַרויס־געבן דעם יוגנט־אָרגאַן „דער יונגער קעמפּער", פון וועלכן דער ערשטער נומער (אונטער דער רעדאַקציע פון ל. שפּיזמאַן), איז צוערשט דערשינען העקטאָגראַפירט אַלס אויסגאַבע פון דער פּראַגער „יוגנט" און דער 2־טער נר. (1א) איז שוין דערשינען געדרוקט אונטער דער רעדאַקציע פון דניאל לייבל.

די חדשים מערץ—אַפּריל—מאַי, זענען אַדורך מיט די צוגרייטונגען צום ערשטן צוזאַמענפאָר. במשך פון דער דאָזיקער צייט זענען אָבער גלייכצייטיק געשאַפן געוואָרן נייע צענדליקער אָרגאַניזאַציעס. אַ גאַנצער שטאַב מיט רעפערענטן, אינסטרוקטאָרן און אַגיטאַטאָרן האָבן זיך, אין שליחות פון דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע, — פונאַנדערגעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד. אומעטום זענען גערופן געוואָרן מאַסן־מיטינגען פון דער אַרבעטער־יוגנט און פאַרלעזונגען, צו וועלכע די יוגנט האָט מאַסנווייז גע-שטראָמט און טאָג־טעגלעך זענען אַנטשטאַנען נייע „יוגנט"־אָרגאַניזאַציעס.

דעם 4־טן און 5־טן יוני 1919, איז אין וואַרשע פאָרגעקומען דער ערשטער לאַנדעס־צוזאַמענפאָר פון אַלע פּועלי־ציוניסטישע יוגנט-אָרגאַני־זאַציעס אין פּוילן. דער צוזאַמענפאָר האָט געהאַט די פאָלגנדיקע טאָג־אָרדנונג: 1) דערעפענונג און קאָנסטיטואירונג; 2) באַריכט פון דער צענטראַלער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע; 3) די דערציערישע און קולטורעלע אויפ־גאַבן פון דער ייד. סאָצ. דעמ. אַרבעטער־יוגנט־אָרג. אין פּוילן; 4) אָרגאַ־ניזאַטאָרישער אויפבוי; 5) די אַרבעטער־יוגנט און די פּראָפ. באַוועגונג; 6) אונזערע באַציאונגען צו דער פּאַרטיי און צו אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַ־ציעס; 7) פּרעסע און פאַרלאַג; 8) פרייע פאָרשלאָגן; 9) וואַלן פונם צענט־ראַל־קאָמיטעט.

קורץ פאַרן צוזאַמענפאָר האָט די אָרגאַניזיר־קאָמיסיע אָנגעהויבן צו רופן די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: „ייד. סאָציאַל־דעמאָקראַטישע יוגנט־אָר־גאַניזאַציעס" און אויפן צוזאַמענפאָר גופא איז טאַקע געפירט געוואָרן אַ דיסקוסיע: צי זאָלן די אָרגאַניזאַציעס טאַקע זיך רופן סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישע, צי סאָציאַליסטישע. באַשלאָסן געוואָרן איז „סאָציאַל־דעמאָקראַ-טישע" — וואָס איז דעמאָלט געווען אידענטיש מיט „מאַרקסיסטיש", בעת „סאָציאַליסטיש" איז געווען אידענטיש מיט דער ליניע פון 2־טן אינטער־נאַציאָנאַל. — דער 6־טער פּונקט פון טאָג־אָרדנונג האָט באַדאַרפט קלאָר מאַכן די פראַגע וועגן פּאַרטייאישקייט, וואָס האָט פאַקטיש געמיינט די אָרגאַניזאַציאָנעלע זעלבשטענדיקייט.

אינם צוזאַמענפאָר האָבן זיך באַטייליקט מיט שטים־רעכט 52 דעלע־גאַטן פון 39 „יוגנט"-אָרגאַניזאַציעס, 8 מיטגלידער פון דער צענטראַלער

אָרג. קאָמיסיע, 2 פאָרשטייער פון צ. ק. פועלי־ציון און צו 1 פאָרשטייער פון דער „געז. אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער” און פון „צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפ. פאַך־פאַריינען” (די דעמאָלטדיקע פּראָפ. אינסטאַנץ פון פּועלי־ציון) — צוזאַמען אַלזאָ: 64 אַנטיילנעמער. — פון די דעלעגאַטן זענען געווען, לויט זייערע פאַכן, 28 יוגנטלעכע אַרבעטער, 11 שילער, 9 האַנדלס־אָנגעשטעלטע און 4 דעלעגאַטן האָבן נישט געהאַט קיין שום פאַך. דער עלטסטער פון צווישן די דעלעגאַטן איז אַלט געווען 28 יאָר — בעת דער יונגסטער איז אַלט געווען 15 יאָר. די גרויסע מערהייט (28 דעל.) זענען געווען אין עלטער פון 16 ביז 19 יאָר.

אויפן ערשטן צוזאַמענפאָר זענען געווען פאָרטרעטן די אָרג. פון די פאָלגנדיקע שטעט: בענדין, דאָבזשין, וועגגראָוו (2 דעל.), זלאָטשעוו ביי קאַליש, זשיכלין, טאַרנע (2 דעל.) טשעכאַנאָוו, טשענסטאָכאָוו, כעלם, לאָדזש (4 דעל.), ליוּוויטש, לעמבערג (האָט רעפּרעזענטירט דעם מזרח־גאַליצישן צ. ק.), לובלין, לענטשיץ, מינסקי־מאַזאָוויעצק, מלאַווע, נייסאַנץ, סאָסנאָוויץ, סעמיאַטיטש, פּולטוסק, פּלאָצק, פּראַגע (איצט אַ פאָרשטאָט פון וואַרשע), קאַלושין קאַליש, קאָסאָוו, קעלץ, קלאָדאָווע, קראָקע (2 דעל.), קשאַנאָוו, ראַדאָמסק, ראַדאָם, שידלאָוויץ, שעדלעץ (2 דעל.), שעראַדז און סאָקאָלאָוו. — 23 אָרג. האָבן, צוליב פינאַנציעלע שוועריקייטן, קיין דעלעגאַטן נישט צוגעשיקט, אַזוי, אַז צוזאַמען האָט די באַוועגונג דעמאָלט געציילט 62 אָרגאַניזאַציעס מיט 5492 מיטגלידער, דערפון: 3987 יינגלעך און 1505 מיידלעך. אין עלטער פון 12—14 יאָר זענען געווען 1289; פון 14—16 2037; פון 16—18 1341; פון 18—20 — 815. — לויט זייערע באַשעפטיקונגען האָבן זיך די 5492 יוגנטאָוועס פונאַנדערגעטיילט אויף: 3928 יוגנטלעכע אַרבעטער, 1630 האַנדלס־אָנגעשטעלטע, 325 שילער און 169 אָן וועלכער ס'איז באַשעפטיקונג. — 29 אָרגאַניזאַציעס האָבן דעמאָלט געהאַט אייגענע לאָקאַלן, 25 האָבן זיך געפונען אין די פּאַרטיי־לאָקאַלן און 8 האָבן געפירט זייער טעטיקייט אויף דער גאַס. — 18 אָרגאַניזאַציעס האָבן פאַרמאָגט אייגענע ביבליאָטעקן, 19 אָרגאַניזאַציעס האָבן אָנגעפירט און אויסגעהאַלטן אייגענע אָוונט־קורסן און 25 אָרגאַניזאַציעס האָבן פאַרמאָגט אויטאָנאָמע ספּאָרט, אָדער גימנאַסטיק־סעקציעס.

אין דער דיסקוסיע אַרום דעם 6טן פּונקט פון דער אויבנדערמאָנטער טאָג-אָרדנונג איז פון איין זייט (מערב־גאַליצישע שיטה) געקומען צום אויסדרוק די מטושטשדיקע שטרעבונג צו פולשטענדיקער זעלבסטשטענדיקייט, סיי אָרגאַניזאַציאָנעל, סיי אידעאָלאָגיש, פון וועלכער ס'איז אַרויסגעדרונגען די איינשטעלונג צו שטרעבן צו פאַראייניקונג פון אַלע סאָציאַליסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין איין פאַרבאַנד און פון דער אַנדערער זייט איז געקומען

צום אויסדרוק דער ווילן און די איינשטעלונג פון א הארמאָנישער צו־זאַמענאַרבעט מיט דער פועלי־ציון־פּאַרטיי אינם גייסט פון די פועלי־ציוניסטישע פּרינציפּן.

סוף־כל־סוף זענען אין רעזולטאט פון א לייזנשאַפטלעכער דיסקוסיע אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע באַשלוסן: 1) מיר שטרעבן צו פאַראייניקן אַלע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע יוגנטלעכע אַרבעטער ארום אונזערע אָרגאַניזאַציעס און האַפן דעם צוועק אמבעסטן צו דערגרייכן, ווען מיר וועלן באַרייכערן דעם אינהאַלט פון אונזערע אָר־גאַניזאַציעס און אַרומנעמען מיט אונזער דערציאונגס־קאַמף־פּראָגראַם דאָס גאַנצע לעבן פון יוגנטלעכן יידישן אַרבעטער. 2) כדי אויסצודריקן דעם אידעאָלאָגישן צוזאַמענהאַנג מיט דער י. ס. ד. א. פּ. פועלי־ציון, ווערט פאַרבעטן אין אונזער צ. ק. א צ. ק.־מיטגליד פון דער פועלי־ציון־פּאַרטיי אין פּוילן.

דער ערשטער צוזאַמענפאָר, וועלכער האָט אָפּגעשלאָסן די גרינדונגס־תקופה פונם יידישן סאָצ. דעמ. אַרבעטער־פאַרבאַנד אין פּוילן, האָט אויך באַשלאָסן, אַז דער נייער צ. ק. זאָל זיך באַמיען צו שאַפן אַן אַלוועלטלעכן פאַרבאַנד פון די פועלי־ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַנזאַציעס און זאָל מיטווירקן ביים שאַפן פון א נייעם יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל.

אין די ווייטערדיקע יאָרן — פון 1919 ביז 1939 — זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן נאָך אַנדערע 6 לאַנדעס־צוזאַמענפאָרן פונם „יוגנט"־פאַר־באַנד. א טייל פון זיי זענען פאָרגעקומען אין באַדינגונגען פון אומלעגאַלע טעטיקייט און האָבן אויך געהאַט א דראַמאַטישן פאַרלויף אין באַצוג צו די ערנסטע פּאָליטישע פּראָבלעמען, וואָס זענען דאָרט אויסגעקעמפט גע־וואָרן.

די 20־יאָריקע געשיכטע פונם פועלי־ציוניסטישן פאַרבאַנד „יוגנט" אין פּוילן איז רייך מיט שיינע און דראַמאַטישע מאָמענטן — אָבער שיל־דערן זיי וועל איך ערשט ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט. דאָ וויל איך בלויז דערמאָנען, אַז דאָס סאַמע העראָישסטע קאַפּיטל פון דער „יוגנט"־טעטיקייט איז געווען דאָס אַרויסגעבן די יוגנט־פּרעסע, וועלכע די אדמיניסטראַטיווע מאַכט פלעגט כסדר קאָנפיסקירן און אָפּשטעלן. דאָסגלייכן וויל איך בלויז דערמאָנען דעם זייער־געלונגענעם אינסטרוקטאָרן־קורס פון 1928, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט צענדלינגער קורסאַנטן פון די ווייטסטע שטעט און שטעטלעך. דער רוב פון די קורסאַנטן זענען דערנאָך געוואָרן די פאַראַנטוואָרטלעכע טוער אין די אָרטיקע „יוגנט"־אָרגאַניזאַציעס און אסך פון זיי — די וואָס זענען געבליבן לעבן — זענען נאָך עד־היום טעטיק אין ארץ־ישראל און אין אַנדערע לענדער.

דער לעצטער „יוגנט"־צוזאמנפאר, דער זיבעטער אין דער ריי, איז פארגעקומען אין די שבועות־טעג (יוני) פון 1939 און האט געטראגן דעם כאראקטער פון א יובל־צוזאמענפאר, צוליב־דעם וואס דעמאלט איז גראד געווארן 20 יאר מיט דער גרינדונג פונם פארבאנד אינם אומאפהענגיגן פוילן און 35 יאר זינט דער אנטשטייאונג פון דער פועלי־ציוניסטישער „יוגנט"־באוועגונג אין גאליציען.

די ווארשעווער „יוגנט"־ארגאניזאציע האט דעמאלט, אין שייכות מיט דעם דאזיקן יובל־צוזאמענפאר, איינגעארדנט אין גרויסן טעאטער־זאל „נאוואשצי", אן עפנטלעכע יובל־פייערונג מיט א דראמאטיזאציע פון דער 35-יאריקער געשיכטע פון דער באוועגונג.

דער נייער צ. ק. וואס דער יובל־צוזאמענפאר האט אויסגעקליבן האט נאך באוויזן ארויסצוגעבן א פארגרעסערטן נומער פונם יוגנט־ארגאן „דער יונגער דור„ — אבער די איבעריקע באשלוסן האט ער שוין נישט געקענט רעאליזירן, ווייל סהאבן זיך באלד אנגעהויבן די מלחמה־צוגרייטונגען און דערנאך די מלחמה גופא, בעת וועלכער דער רוב מנין בנין פון דער יוגנט איז ליידער אומגעקומען.

דער „יוגנט"־פארבאנד אלס אזעלכער איז אבער נישט אומגעקומען. תיכף נאך באפרייאונג פון פוילן האבן זיך די איינצלנע לעבן־געבליבענע „יוגנטאווצעס" געשטעלט צו דער ארבעט און ביים היינטיקן טאג עקזיסטירט אין פוילן ווייטער דער „יוגנט"־פארבאנד און פירט ווייטער אן מיט א ברייט־פארצווייגטער טעטיקייט אויף אלע געביטן פונם יוגנטלעכן ארבעטער־לעבן.





צוויי-וועכנטלעכער צענטראלער אינסטרוקטארן-קורס פונם
„יוגנט"-פארבאנד אין פוילן — אין 1928 אין ווארשע.



די קאלישער פועלי-ציון-אָרגאַניזאַציע אינם יאר 1928 —
בעת א באזוך פון ח׳ זרובבל



דעלעגאציע פון לינקע פועלי-ציון אויפן וועלט-קאנגרעס פון
דער ארץ-ישראלדיקער הסתדרות — איי בערליי 1930.



מײַן שוועסטער—אסתר װײַנרױב פֿון תּל־אָבֿיבֿ — מיט
אירע קינדער: עדינה (אַדעלאַ) און מענדעלע, װען זײ זענען פֿון די
מלחמה־פֿראָנטן אַהײמגעקומען אויף אורלויב.



דער ווארשעווער „יוגנט"־קאָמיטעט — אין 1934




לאָזער סטאליער — בעתן אנטלויפן פון ווארשע



פרעזידיום פונם (7טן) יובל־צוזאמענפאָר פונם „יוגנט"־פארבאנד אין פוילן.—רעכטס צו לינקס:

1) יוסף זילבערבאַרד (ציעכאנאווער); 2) יאמא פייט־לאוויטש; 3) יעקב קענער; 4) געניע בער; 5) חיים שפייזמאן.

אונטן: די דעלעגאטן צום צוזאמענפאָר





פראגמענט פונם לעצטן פועלי-ציון-צוזאמענפאָר אין פוילן
צום סוף פון 1938.
די דריטע אין דער ערשטער ריי — פון לינקס צו רעכטס — איז
די ח׳טע פאַליע עלסטער.

די פועלי-ציוניסטישע יוגנט-פרעסע אין גאליציען און אין פוילן:


די יוגנט-פאן

פרייע יוגנט

די יידישע
ארבייטער-יוגענד
(Die jüdische Arbeiter-Jugend)

די יוגנט

לאדזשער
פרייע-יוגנט

„די יידישע ארבעטער-יוגנט״ האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אין נאָ־וועמבער 1904 אין קראָקע.

„דער יונגער קעמפער״ — איז געווען דער ערשטער ארגאַן פון דער יוגנט אין פוילן און האָט דערנאָך, במשך פון די 20 יאָר, צוליב די רדיפות מצד דער רעאַקציאָנערער רעגירונג, כסדר געביטן זיינע נעמען. פאַר דער לעצטער וועלט-מלחמה איז דער זשורנאַל דערשינען אונטען נאָמען „דער יונגער דור״.

„דאָס פרייע קינד״ — איז געווען דער ערשטער זשורנאַל פונם „יונג־באָר״-פאַרבאַנד.

## דערקלערונגען צו די בילדער:

### דער „יוגנט"־צוזאַמענפלי פונם אזשאַראָווער ראַיאָן

יעדן זומער פלעגן אין פּוילן פּאַרקומען ראַיאָנע צוזאַמענפליען פון די פּועלי־ציוניסטישע „יוגנט"־אָרגאַניזאַציעס, בעת וועלכע עס פלעגן אויך פּאַרקומען קולטורעלע אונטערנעמונגען, אָדער ספּאָרט־פאַרמעסטונגען. דאָס בילד שטעלט מיט זיך פאָר דעם „יוגנט"־צוזאַמענפלי אין אזשאַראָוו אינם יאָר 1928. עס האָבן זיך אין אים באַטייליקט די „יוגנט"־חברים און זייערע פירער פון די אַרומיקע שטעטלעך. אין דער מיטן פונם בילד, באַצייכנט מיט אַ שטערנדל, געפינט זיך דער ח' ל. א. קליינמינץ, געוועזענער אנפירער פונם אזשאַראָווער ראַיאָן־קאָמיטעט, וועלכער געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק, וואו ער איז טעטיק, סיי אין דער ניו־יאָרקער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע, סיי אינם אזשאַראָווער פּאַריייניקטן רעליף־קאָמיטעט.

### דער וואַרשעווער „יוגנט"־קאָמיטעט — אין 1934

אין דער ערשטער ריי — פון רעכטס צו לינקס: יעקב ווייסבאָרד (געוועזענער מיטגליד פונם „יוגנט" צ. ק. — איצט אין ניו־יאָרק); אסתר פייגענבלאַט (איצט אין ארץ־ישראל); יקיר ניימאַרק (לעצטנס צוריק־געקומען פון ראַטנפאַרבאַנד).

אין דער אויבערשטער ריי — דאָסגלייכן פון רעכטס צו לינקס: 1) יאַנקעלע פּערלמאַן (קאָמענדאַנט פונם וואַרשעווער יונגבאָר — אומגעקומען אין סעפּטעמבער 1939 פון דער באָמבאַרדירונג, בעת ער האָט געוואָלט אויסלעשן אַ שריפה, וואָס איז אנטשטאַנען פון אַ צינד־באָמבע. — 2) שלום אזשעל (איז דערטרונקן געוואָרן אין בוג, בעת ער האָט זיך געוואָלט אריבערשמוגלען אויף דער סאָוויעטישער זייט. — 3 און 4) לייב און רעגינע מייזלער־ווייץ, וועלכע זענען לעצטנס צוריק־געקומען פון ראַטנ־פאַרבאַנד און געפונען זיך איצט אין ניו־יאָרק. — 5) משה'לע בוים (צוריק־געקומען פון ראַטנפאַרבאַנד און איז איצט דער סעקרעטאַר פון דער וואַר־שעווער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע).

### לאָזער סטאַליאַר מיט אַ גרופּע ח"ח

דער פּאָפּולער וואַרשעווער ארבעטער־פירער לאָזער סטאַליאַר, בעת ער האָט זיך, פאַרן אנטלויפן פון וואַרשע אויפגעהאַלטן אַ טאָג־צוויי אין מעזש־ריטש (פּוילן), אין קרייז פון זיינע יונגע חברים און פאַרערער.

לינקס פון ח' לאזער זיצט דער ח' משה פּאַנקעוויטש, אַ געוועזענער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פונם וואַרשעווער האָלץ־ארבעטער פאַריין. אונטער פּאַנקעוויטשן שטייט דער ח' עלעק ערליך (וואָס איז אומגעקומען אינם אלגעמיינעם וואַרשעווער אויפשטאַנד און דער ערשטער לינקס )אין דער שטייענדיקער שורה) איז דער אומגעקומענער ח' שלמה לאופער.

דריטע אָפּטיילונג

# יזכור

גערענק-ווערטער וועגן קדושים, מארטירער און קעמפער,
וואָס זענען בעת דער לעצטער מלחמה אומגעקומען, אָדער
אומגעבראכט געוואָרן פון די היטלעריסטישע האָרדעס.

די איבער זעקס מיליאָן פון אונזערע קדושים, וואָס די דייטשן האָבן אין דער לעצטער מלחמה אומגעבראַכט מיט די ברוטאַלסטע און צינישסטע מיתות־משנות, דאַרפן קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן — אָן אַ אונטערשיד צו זיי זענען אומגעקומען ווי שטילע מאַרטירער, צי ווי בונטאַרן אין די געטאָ־אויפשטאַנדן, צי אין די שקלאַפן־לאַגערן, אָדער ביי אינדיווידועלע ווידערשטאַנד־אַקטן.

נישט בלויז דער אָנדענקן פון די מיליאָנען ווי אַ קאָלעקטיוו דאַרף — און וועט — אויף אַזאַ, אָדער אויף אַן אַנדערן אופן, פאַראייביקט ווערן אין אונזער געשיכטע לדור־דורות, נאָר אויך די מיליאָנען יחידים אַלס אַזעלכע דאַרפן פאַראייביקט ווערן אין אַ נאַציאָנאַלער טרויער־רשימה, אַז זייערע נעמען — און אויך זייערע העלדנטאַטן — זאָלן לייכטן פאַר די קומענדיקע דורות ווי אַ נר־תמיד.

אָבער, כדי אַזאַ רשימה זאָל אַמאָל קענען צונויפגעשטעלט ווערן פון אַ דערצו באַרופענער אַלוועלטלעכער יידישער אָרגאַניזאַציע, וואָלטן שוין איצט באַדאַרפט צוגעגרייט ווערן באַזונדערע יזכור־ביכער, אָדער לכל־הפחות יזכור־רשימות פון די באַזונדערע סעקטאָרן: פון די פּאַרטייען, אָדער פון די צענטראַלע יידישע קערפּערשאַפטן אין די באַזונדערע לענדער, כדי אַזעלכע מאַטעריאַלן זאָלן דערנאָך קענען דינען ווי אַ יסוד פאַר אַן אַל־וועלטלעכן יזכור־בוך.

עס איז אַ גרויסער שאָד וואָס די דאָזיקע אַרבעט האָט זיך נאָכנישט אָנגעהויבן. עס גייט אַוועק אַ יאָר־נאָך־אַ־יאָר און נישט בלויז יחידים, נאָר גאַנצע משפּחות, וואָס זענען געוועזן פונאַנדערגעצווייגט און אַפילו גאַנצע קהילות, וואָס האָבן במשך פון דורות, יעדער אויף איר שטייגער, געשפּילט אַ ראָל אינם יידישן לעבן, ווערן פאַרגעסן און אויסגערונען פונם פאָלקס־זכרון.

מען דאַרף פונדעסטוועגן האָפן, אַז דאָס וועט פריער, אָדער אַביסל שפּעטער, יאָ געשען און אַז דאָס יידישע פאָלק וועט ממלא זיין דעם חוב וואָס עס ליגט אויף אים אין דער הינזיכט, כדי דער אָנדענקן פון די אומגעקומענע זאָל געפונען אַ געהעריקן תיקון און זייערע נעמען זאָלן אויף שטענדיק בלייבן אין זכרון פון די קומענדיקע דורות.

* * *

ביים אויסאַרבעטן דעם פּלאַן פון מיין איצטיקן בוך — פון „קוועדשניט" — האָב איך לכתחילה אין אַכט גענומען, אַז אין אים זאָל אַריין אַ באַ־זונדערע יזכור־אָפּטיילונג, אין וועלכער עס זאָלן אַריינגיין פּאָרטרעטן, אָדער

סילועטן, סיי פון פועלי־ציון־קעמפער, סיי פון אונזערע מארטירער און קדושים. פאר מיר איז אָבער, אין פארלויף פון דער דאָזיקער ארבעט, קלאָר געוואָרן, אַז דאָס קען נישט זיין די אויפגאבע פון א יחיד, ובפרט ווען דאָס איז בלויז א צוגאב צו א בוך אין וועלכן עס גייען אריין אויך אַנדערע ארבעטן.

די אביעקטיווע שוועריקייטן אויף וועלכע איך האָב זיך אָנגעטראָפן, האָבן מיך אָבער נישט אָפּגעהאלטן פון כאָטש טיילווייז צו רעאַליזירן דעם פּלאַן פון אַזאַ יזכור־אָפּטיילונג — הגם זי איז ווייט דערפון צו זיין א פולשטענדיקע.

איך גלויב, אַז די צענטראַל־קאָמיטעטן פון די פּועלי־ציון־פּארטייען אין די אייראָפּעאישע לענדער וועלן נישט פארגעסן אין זייער התחייבות לגבי אונזערע אויסגעקוילעטע, אויסגעשאָסענע, פארגאזטע, פארברענטע און פארהונגערטע חברים און חברטעס, נאָר זיי וועלן אַזעלכע ספּעציעלע יזכור־ביכער, אָדער לכל־הפחות, אַזעלכע אויספירלעכע יזכור־רשימות, אין דער נאָענטער צוקונפט צוגרייטן און דערמיט דערמעגלעכן, אַז די באַרופענע אָנפיר־אינסטאַנצן פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג זאָל קענען ארויסלאָזן אַן אויספירלעך און אויסשעפּנד יזכור־בוך.

און ביז דאָס וועט געשען, מאַך איך דעם באַשיידענעם פרואוו, דערווייל מספּיד־צו־זיין, אָדער לכל־הפחות צו דערמאָנען, א צאָל פון חברים און חברטעס, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען במשך פון יאָרן זיך צו טרעפן ביי דער טאָג־טעגלעכער געזעלשאַפטלעכער ארבעט אין די רייען פון דער פּועלי־ציון־פּארטיי אין פּוילן.

רעאַליזירנדיק דעם דאָזיקן פּרואוו, האָב איך זיך אָבער געמוזט לכתחילה באַשרענקן בלויז צו ח"ח וואָס איך האָב געקענט פערזענלעך און כהאָב זיך אויך געמוזט באַגרענעצן בלויז צו אַזעלכע ח"ח, וועגן וועמענס אום־קום עס זענען פאראַנען זיכערע ידיעות. אָבער, אפילו נישט וועגן אַלע האָב איך געהאַט די מעגלעכקייטן צו געבן כאָטש א שטיקל כאַראַקטערים־טיק, אָדער אפילו בלויז א קורצע סילועטקע. דאָס מיינט אָבער נישט, אַז איך האָב א טייל באַוואוסטזיניק פּריווילעגירט. אויב א טייל ארבעטן אין דער דאָזיקער יזכור־אָפּטיילונג זענען אויספירלעכע, אָדער גרעסערע, בעת אַנדערע זענען קירצערע, אָדער קאָנדענסירטע, צי דער גרעסטער טייל פון זיי ווערט בלויז דערמאָנט אין דער רשימה — איז דאָס א רעזולטאַט אויסשליסלעך פון אָביעקטיווע, אָדער פון טעכנישע באַדינגונגען.

אוודאי זענען פאראַנען אין דער ווייטערדיקער רשימה אסך ח"ח, וועגן וועלכע מען וואָלט אומבאַדינגט באַדאַרפט צו געבן א שטיקל כאַראַק־

טעריסטיק און איך האָב גראָד אָן אינערלעכע באַדערפעניש וועגן אַ טייל פון זיי צו שרייבן אויספירלעכע אָפּהאַנדלונגען. אָבער, דאַסמאָל האָט עס נישט געקענט געשען און איך וועל די דאָזיקע עוולה פאַריכטן ביי אַ נאָ־ענטסטער געלעגנהייט — פונקט ווי מען וועט אויך ביי אַ געהעריקער געלעגנהייט מוזן דערגאַנצן די רשימה, ווייל ביים היינטיקן טאָג פעלן אין איר אסך אומגעקומענע ח״ח, סיי פון דער פּראָווינץ אין פּוילן, סיי פון די מערב-אייראָפּעישע לענדער און סיי אַזעלכע וועגן וועלכע עס איז נאָך פאַראַנען אַ בלאַסער שיין פון האָפענונג, אַז אפשר־אפשר וועלן זיי זיך נאָך ערגעץ־וואו אָפּגעפונען צווישן די לעבעדיקע.

צו דער רשימה פון איבער 30 אַקטיווע פּאַרטיי־ח״ח, וועלכע איך האָב געווידמעט באַזונדערע געדענק־ווערטער, האָב איך צום סוף געמאַכט אַן אויסנאַם און געווידמעט קורצע געדענק־ווערטער צו 2 קדושים, וועלכע האָבן נישט געהערט צו פּועלי־ציון. דאָס זענען: דר. יצחק שיפּער — צוליב זיין פּראָמינענטער ראָל וואָס ער האָט געשפּילט אינם יידישן לעבן פון פּוילן, און אַדאַם טשערניאַקאָוו — דער לעצטער ראש־הקהל פון דער וואַרשעווער יידישער קהלה — צוליב זיין מוטיקער און דרייסטער קידוש־השם־טאַט, וואָס ער איז באַגאַנגען אַלס פּראָטעסט קעגן די דייטשן רציחות לגבי דער יידישער באַפעלקערונג.

ביידע — דר. יצחק שיפּער און אַדאַם טשערניאַקאָוו — האָבן בלי־שום־ספק פאַרדינט אויף דער דאָזיקער אויסנאַם, ווייל ביידע האָבן מיט זיך סימבאָליזירט די גרויסע גייסטיקע און עטישע ווערטן פונם פּוילישן יידנטום און דערפאַר דאַרפן זיי ביי יעדער געלעגנהייט דערמאָנט צו ווערן — אפילו אין אַ יזכור־אָפּטיילונג וואָס איז געווידמעט צו די קדושים און קעמפער פון דער לינקער פּועלי־ציון־מחנה.

# נתן בוקסבוים

נתן בוקסבוים — דער טריבון פון דער פועלי־ציון־באוועגונג און ליב־לינג פון די ברייטסטע יידישע פאלקס־מאסן אין פוילן — איז מער נישטא צווישן די לעבעדיקע. מיר האבן זיך א צייט לאנג עקשנותדיק געקלאמערט אין דער אויסזיכטסלאזער פערספעקטיוו, אז אט־אט וועט געשען א נס און פון ערגעצוואו וועט אין דעם אדער יענעם פארווארפענעם שקלאפן־לאגער זיך אפרופן דער ח' נתן בוקסבוים מיט זיין פרוי און קינד — די חברטע באשע און די יונגבאריסטקע מירקע.

אונזער וואונטש איז נישט מקוים געווארן. דער נס איז נישט געשען. די משפחה בוקסבוים האט נישט אויסגעמיטן דעם טראגישן גורל פון אנדערע טויזנטער פועלי־ציון־משפחות אין פוילן.

דעם חבר בוקסבוים — דעם פלאמיקן אנטי־פאשיסטישן קעמפער — איז נישט באשערט געווען צו דערלעבן און צו זען מיט זיינע אייגענע אויגן דעם חורבן פון דער דייטשער מיליטערישער מאשין און זיך צו פרייען מיט דער מפלה פון דייטשען פאשיזם, וועלכן ער האט געהאסט און יארן־לאנג באקעמפט מיטן גאנצן פייער פון זיין טעמפעראמענטפולער נשמה.

פולע 5 יאר — פון 1939 ביזן 20טן אקטאבער, 1944 — האט בוקסבוים געדולדיק איבערגעטראגן אלע מלחמה־פורעניותן: אונטערן האגל פון דייטשע באמבעס געלאפן צופוס פון ווארשע ביז קיין קאוועל; געלעבט ווי א פליט אין לעמבערג ביז די דייטשן זענען איבערגעפאלן דעם ראטנ־פארבאנד; שפעטער זיך דערשלאגן, מיט דער הילף פון די ווארשעווער חברים, אין א וועג פול מיט געפארן, ביז קיין ווארשע און דארט זיך באַ־טייליקט אין דער אונטערערדישער באוועגונג; זוכה־געווען דערנאך צו באקומען א זיד־אמעריקאנער פאס און צוזאמען מיט אנדערע הונדערטער אזעלכע „גליקלעכע" אינטערנירט געווארן פון די דייטשן, כדי אויף א דיפלאמאטישן וועג אויסגעטוישט צו ווערן — ביז די געשטאפא האט די דאזיקע פעסער דערקלערט פאר געפעלשטע און אלע אויסלענדישע אינטערנירטע אויסגעשאסן מיט זייערע משפחות.

מיט איין סאלווע פון א מאשין־געווער האבן די דייטשע מערדער גע־מאכט א סוף צום לעבן פון הונדערטער געזעלשאפטלעכע טוער — און צווישן זיי דעם מוטיקן און גייסטרייכן נתן בוקסבוים — מיט זייערע פרויען און קינדער. אזוי האט בוקסבוים פארענדיקט זיין 52־יאריק פארבנרייך לעבן,

פון וועלכן ער האָט 34 יאָר בלב-ונפש געדינט דעם יידישן באַפרייאונגס־קאַמף אין די רייען פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג.

פון זיינע יינגסטע יאָרן, אַלס שילער אין גימנאַזיע אין לעמבערג, ביז צום טאָג פון זיין הינריכטונג, איז ער געווען אַקטיוו פאַר דער רעאַליזירונג פון די פּועלי־ציוניסטישע לאָזונגען און במשך פון אַלע 34 יאָר הויך און שטאָלץ געטראָגן די פאָן פון פּועלי־ציון.

אָנגעהויבן אין יאָר 1912 אַלס קאָמיטעט-מיטגליד פון דער לעמבערגער פּועלי־ציוניסטישער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע, איז ער שוין אין יוני, 1914, אויפן 5־טן צוזאַמענפאָר פון „יוגנט"־פאַרבאַנד אין עסטרייך, אויסגעקליבן געוואָרן אַלס מיטגליד פונם צענטראַל-קאָמיטעט און אין 1919 איז ער שוין געווען דער אנערקענטער פירער פונם לינקן פליגל אין דער דעמאָלט נאָך זעלבסטשטענדיקער און איינהייטלעכער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין מזרח-גאַליציע.

נאָך דער שפּאַלטונג פון דער פּאַרטיי אין מזרח-גאַליציע ווערט ער אין לעמבערג דער רעדאַקטאָר פונם מזרח־גאַליצישן פּאַרטיי-אָרגאַן „פאָלקס־בלאַט" און אויך פון דעם חודש־זשורנאַל „קולטור", ביז ער ווערט, אין 1922 אַרעסטירט פון דער פּוילישער מאַכט און ווערט געהאַלטן היפּשע עטלעכע חדשים אין די לעמבערגער „בריגידקעס", אונטער דער באַשולדיקונג פון סאָוויעטישער אָריענטאַציע. נאָך דער באַפרייאונג פון תפיסה קומט ער קיין וואַרשע, וואו ער נעמט־איבער דעם אַמט פון סעקרעטאַר פון דער ציש"אָ, וועלכן ער האָט אָנגעהאַלטן פולע 16 יאָר — ביזן אויסברוך פון דער מלחמה.

די 16 יאָר פון זיין לעבן אין וואַרשע — דעם גרויסן צענטער פון יידישן מאַסן־לעבן — זענען פאַר אים געווען די שענסטע און די רייכסטע אין זין פון פּאָליטישער אַקטיוויטעט און פון געזעלשאַפטלעכן שטייגן אַלץ העכער און העכער.

בהדרגה ווערט ער דער אָנערקענטער פירער פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין פּוילן. יאָרן-לאַנג האָט ער געהאַלטן דעם אַמט פון גענעראַל־סעקרעטאַר און געהאַט דעם שטאַרקסטן איינפלוס אויף דער ליניע פון דער באַוועגונג. זיינע טעאָרעטישע רעפעראַטן אויף די געביטן פון מאַרקסיזם און געשיכטע פון סאָציאַליזם זענען געוואָרן אַ שם־דבר, און די פּראָווינצער אָרגאַניזאַציעס האָבן נישט געשפּאָרט קיין באַמיאונגען, אים צו באַקומען אַלס לעקטאָר. זיינע קלאָרע און שאַרפע פּאָליטישע אַרטיקלען אין דער „אַרבעטער-צייטונג" און אין אונזערע יוגנט־זשורנאַלן „די פרייע יוגנט" און „יונגער דור", האָבן שטאַרק געהויבן דעם פּרעסטיזש פון אונזער פּרעסע און דער ברייטער עולם האָט זיי באַטראַכט ווי דער פּאָליטישער שולחן־ערוך פון דער באַוועגונג.

ווען די רעאקציאָנערע פּוילישע רעגירונגען האָבן געוואָלט אונזער פּאַר־טיי דערלאַנגען אַ פּילבאַרן קלאַפּ, פּלעגן זיי אַרעסטירן דעם ח׳ בוקסבוים צוזאַמען מיט אַנדערע אָנפירנדיקע חברים פונם לינקן פליגל און פּרואוון זיי ברעכן מיט סטראַשונקעס, אַז מען וועט זיי פאַרשיקן אין דעם טרויעריק־באַרימטן שטראָף־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזאַ. אָבער בוקסבוים — פונקט ווי אַלע אַנדערע חברים — האָט זיך קיינמאָל נישט געלאָזט אָפּשרעקן. אדרבא, נאָך יעדן אַרעסט האָט ער, באַלד נאָך דער באַפרייאונג, פאַרשטאַרקט זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט און זיך נאָך מער פאַרבונדן מיטן קאַמף פון די פאָלקס־מאַסן פאַר אַן אמת דעמאָקראַטישן פּוילן.

דער פּאָליטישער קאַמף אויפן אָרט האָט אים אָבער קיינמאָל נישט פאַר־שטעלט די אויגן, נישט צו זען די נויטווענדיקייט פונם קאַמף פאַר דער רעאַליזירונג פונם ארץ־ישראלדיקן פּראָגראַם. סיי אינם לאַנדראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואו ער איז געווען דער פאָרשטייער פון לינקע פּועלי־ציון, סיי אויף אַלע אַנדערע פראָנטן און פּאָליטישע פאָרומס, האָט ער שטענדיק מיט זיין אייזערנער לאָגיק און מיט זיין נאַטירלעכן טעמפּעראַמענט, פאַרטיידיקט די אינטערעסן פונם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און דעם ציוניסטישן שטאַנדפּונקט אין ברייטערן זין פונם וואָרט.

אַלס פאָרזיצער פון דער וואַרשעווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האָט בוקס־בוים געהאַט פאַרשריבן אויף זיין קאָנטאָ גרויסע פאַרדינסטן, סיי אויפן געביט פון אינערלעכער קאָנסאָלידאַציע און אויפקלערונג, סיי אויפן געביט פון צווישן־פּאַרטייאישע באַציאונגען. אין משך פון 5 יאָר — פון 1929 ביז 1934 — איז ח׳ בוקסבוים געווען אינם וואַרשעווער שטאָט־ראַט דער שליח־ציבור און פאַרטיידיקער פון די יידישע פאָלקס־מאַסן און דער פאַר־טיידיקער פון די פּראָגרעסיווע פּוילישע קרייזן, וועלכע האָבן דעמאָלט נישט געהאַט דאָרטן קיין אייגענע פאָרשטייער. זיינע גלענצנדע אַרויסטרעטונגען אויפן פאָרום פון שטאָט־ראַט האָבן שטענדיק עושה־רושם געווען און זענען מיט ציין־קריצעניש, אָבער גלייכצייטיק מיט גרויס דרך־ארץ, אָפּגעשאַצט געוואָרן פון דער רעאַקציאָנערער פּוילישער פּרעסע.

בוקסבוים האָט געהאַט די גרויסע מעלה צו דערוועקן זיך די אָנערקע־נונג און אַרויסצורופן צו זיך די געהעריקע באַציאונג, נישט בלויז פון אייגענע חברים, נאָר פון אַלע קרייזן און פון אַלע שאַטירונגען. אַזוי איז דאָס געווען נישט בלויז אין די אַרבעטער־קרייזן פון וואַרשע, נאָר בכלל וואו ער האָט זיך נאָר באַוויזן אויף אַ געזעלשאַפטלעכער טריבונע.

אין 1939 — קורץ פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, — אויפן 21־טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין זשענעווע, וואו ער איז געווען פאַרטרעטער פון

א ביליקן אָפּצאָל און רינגעלבלום ווערט טעטיק ביי דער דאָזיקער וויכטיקער ארבעט אינם געזעלשאַפטלעכן בוי־קאָמיטעט אלס איינער פון די פאָרשטייער פון די יידישע אקאַדעמיקער.

אין יענע יאָרן — אין די יאָרן 1920-1927 — געהערט ער גלייכצייטיק צום צענטראַל־קאָמיטעט פונם פועלי־ציוניסטישן יוגנטלעכן ארבעטער-פאַר־באַנד „יוגנט" אין פוילן און ער ארבעט־מיט פּובליציסטיש אין די זשור־נאַלן פון דעם דאָזיקן פאַרבאַנד: „די פרייע יוגנט", „דער יונגער דור" און „נאַשע האסלאָ" („אונדזערע לאָזונגען").

דאָס זענען אָבער אַלץ בלויז וואָלונטאַרישע ארבעטן, פון וועלכע מען קען האָבן נאָר א מאָראַלישע באַפרידיקונג, אָבער נישט קיין פּרנסה און רינגעלבלום איז געצוואונגען איבערצונעמען, אלס „צוגאָב" צו זיינע באַשעפ־טיקונגען, עטלעכע לערער־שעה'ן אין די שולן פון דער „ציש"א", צוליב וואָס ער מוז אָפּט דורכלאָזן לעקציעס אויפן אוניווערסיטעט. פון איין זייט, פאַר־שלעפּט דאָס אביסל דאָס פאַרענדיקן פון זיינע שטודיומס און פון דער אַנ־דערער זייט באַוועגט דאָס אים צו קאָנצענטרירן זיין שטודיום אויף איין געביט — אויפן געביט פון געשיכטע.

די ערשטע 2-3 יאָר פון זיין באַזוכן דעם אוניווערסיטעט האָט זיך רינ־געלבלום געווידמעט, ווי מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, גלייכצייטיק עטלעכע געביטן: עקאָנאָמיע, סאָציאָלאָגיע און געשיכטע. לכתחילה האָבן אין אים געקעמפט צווישן זיך 2 באַגערן: צו ווערן אַ עקאָנאָמיסט, אָדער צו ווערן א היסטאָריקער. מיט דער צייט איז אים אָבער קלאָר געוואָרן, אַז די נטיה צו שטודירן געשיכטע איז ביי אים שטאַרקער ווי אַלע אַנ־דערע נטיות און האָבנדיק שוין א היפּשן סכום פון עקאָנאָמישן און סאָ־ציאָלאָגישן וויסן, וואָס א היסטאָריקער מוז האָבן, איז ער דאַן אינגאַנצן אריבער אויפן געביט פון געשיכטע. באַוואויגן דערצו האָט אים אין א גרויסער מאָס די דערקענטעניש, אַז די יידישע געשיכטס־פאָרשונג אין פוילן איז א שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט געביט. וואָס מער ער האָט זיך פאַרטראַכט וועגן דעם און וואָס מער ער האָט זיך אינם געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן קאַמף אָנגעשטויסן מיט אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען פון איין זייט און מיט גע־שיכטלעכער איגנאָראַנץ אינם יידיש־פּוילישן לעבן גופא — אַלץ מער איז ביי אים רייף געוואָרן דער דראַנג און דער קלאָרער ווילן, עפּעס מחדש-צו־זיין אויפן געביט פון גרינטלעך אויספאָרשן די קנאַפּע טויזנט־יאָריקע גע־שיכטע פונם 3 און א האַלב מיליאָניקן יידישן קיבוץ אין פוילן.

תיכף נאָך זיין פעסטן אַנטשלוס פון איצט־אָן זיך צו ווידמען דער יידיש־פּוילישער געשיכטספאָרשונג, האָט ער זיך אויף א משך פון עטלעכע יאָר מיט התמדה פאַרטיפט אין די פאַרשטויבטע אַקטן-פּעק פון די וואַרשע־

# שכנא זאגאן

פון זיין פריעסטער קינדהייט, פון זיין 14־טן לעבנסיאָר־אָן, איז שכנא זאגאן געשטאַנען אין די רייען פון דער פועלי־ציון־מחנה. פון אַ פשוטן יונגעטשקן סאָלדאַט, איז ער דורך זיין פלייס און אינטעליגענץ, מיט דער הילף פון זיין איבערגעבענקייט און אידעאַליסטישער עקשנות, דערגאַנגען ביז צו די העכסטע שטאַפּלען פון דער פּאַרטיי־היעראַרכיע און זיך דער־וואָרבן ליבע און צוטרוי פון אייגענע, פונקט ווי פון פּאָליטישע קעגנער.

* * *

ווי ס'וואָלט געווען ערשט נעכטן, דערשיינען פאַר מיר די שיינע יוני־טעג פון 1904, וועלכע זיינען געווען די פרילינג־טעג פון אונזער באַוועגונג, בעת וועלכע ס'איז אין קראָקע פאַרגעקומען דער 2־טער עסטרייכישער פּאַרטיי־טאָג און דער 14־יאָריקער זאגאן האָט זיך ווי אַ לעבעדיק שרע־טעלע געדרייט צווישן די דעלעגאַטן. ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ מאַרשירן פאַרביי אין מיין זכרון די 35 יאָר פון אונזער צוזאַמענאַרבעטן; פון פּאָלי־טישע קאַמפּן, מלחמה און רעוואָלוציע; פון צווישן־פּאַרטייאישע קאַמפּן און גרויסע קולטורעלע דערגרייכונגען, פון שפּאַלטונגען און אַרעסטן, פון גרויסע פּאָליטישע וואַל־קאַמפּאַניעס און צייטן פון געמיינזאַמע שווערע איבערלעבונגען — ביז ס'איז געקומען דער 4־טער נאָוועמבער פון 1939, ווען מיר האָבן זיך געזעגנט פאַר מיין אַנטלויפן צום צווייטן מאָל פון וואַרשע, גלויבנדיק און האָפנדיק, אַז נאָכן פאַרענדיקן פון דער מלחמה וועט יעדער פון אונזער ווידער פאַרנעמען זיין געזעלשאַפטלעכן פּאָסטן.

שכנא זאגאן איז געבוירן געוואָרן אין קראָקע, אַרום 1890־1, אַלס קינד פון אַ באַלעבאַטישער משפחה. זיין פאָטער, אַ טיפּישער משכיל פון אַלטן קראָקעווער שניט, האָט געוואָלט אַז שכנא זאָל שטודירן, פונקט ווי זיין עלטערער ברודער, אָבער דעם 13־יאָריקן שכנא האָט עס מער געצויגן צום שפּיל־פּלאַץ ווי אין שולע־אַריין, מער צו דער וויסל, צו פאַר־ברענגען מיט חברה אויף די באַרימטע קראָקעווער פּלאַנטן און זיינע עלטערן לאָזן אים לערנען דאָס קירזשנער־פאַך. אַלס יונגטלעכער אַר־בעטער איז ער באַלד אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער פּועלי־ציוניסטישער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז דעמאָלט אַנשטאַנען און דער דאָזיקער פאַקט האָט דערנאָך געשפּילט אַ דעצידירנדיקע ראָל אין זיין וויטער־דיקן לעבנסוועג.

אַלס גייסטיק־באַגאַבטער יונגטלעכער ציט ער אויף זיך די אויפ־מערקזאַמקייט פון דער „יוגנט"־אָנפירונג און ער ווערט צוגעצויגן צוערשט

צו דער אָרגאַניזאַציאָנעלער זעלבסטפאַרוואַלטונגס־טעטיגקייט און מיט 2־3 יאָר שפּעטער פאַרנעמט ער שוין אַ פּלאַץ אין דער יוגנט־אָנפירונג.

אין די יאָרן 1909-1908 דערוועקט זיך ביי אים דער דראַנג צו העכערער בילדונג, דער דורשט צו טיפערן וויסן און ער פאַרלאָזט דעם וואַרשטאַט, כדי זיך צוצוגרייטן צו אַ הויך־שול עקזאַמען. עס קומט אָבער די עסטרייכישע פאָלקס־ציילונג פון יאָר 1910, ווען די פּועלי־ציון פּאַר־טיי האָט אַנטוויקלט איבערן גאַנצן לאַנד אַ ריזיקע פּראָפּאַגאַנדע־קאַמ־פּאַניע, אַז יידן זאָלן אָנגעבן יידיש אַלס זייער מוטערשפּראַך, כדי אויף דעם וועג צו דערגרייכן מצד דער מלוכה די אָנערקענונג ווי אַ 9־טע נאַציע אין דעם עסטרייכישן מלוכה־לעבן. זאַגאַן רייסט ווידער איבער זיין שטו־דירן און צוזאַמען מיט אַנדערע וואַרפט ער זיך אַריין מיט ברען און התלהבות אין דער פּראָפּאַגאַנדע־אַקציע פאַר יידיש, אַרומפאָרנדיק אין דער מערב־גאַליצישער פּראָווינץ, אַגיטירנדיק, אַז יידן זאָלן אין די קאָנ־סקריפּציע־בויגנס אָנגעבן יידיש אַלס מאַמע־לשון.

אין די ווייטערדיקע יאָרן באַזוכט ער דעם קראָקעווער „פאָלקס־אוני־ווערזיטעט" אויפן נאָמען פון אדאם מיצקעוויטש, ווי אַ פרייער צוהערער, און די איבריקע צייט ווידמעט ער שוין דער פּאַרטייאישער אַרבעט. אין 1911 ווערט ער אויסגעקליבן אינם צענטראַל קאָמיטעט פונם פּועלי־ציו־ניסטישן פאַרבאַנד „יוגנט", הויבט אָן מיטצואַרבעטן אינם יוגנט־זשור־נאַל „די יידישע אַרבעטער־יוגנט" און אין 1913 קלייבט אים אויס די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער קראָקעווער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע אַלס פאָרזיצענדער פונם אָרטיקן פּאַרטיי־קאָמיטעט.

די ערשטע וועלט־מלחמה פון 1918־1914 פאַרוואַרפט אים אויפן עסטרייכישן־רוסישן פראָנט און ער פאַלט אַריין אין דער רוסישער קריגס־געפאַנגשאַפט. די רעוואָלוציע באַפרייט אים פון דער געפאַנגשאַפט און ער ווערט דערנאָך אויף אַ לענגערער צייט טעטיק אין דער אָדעסער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע, וואו ער אַרבעט מיט אין דער טעגלעכער ציימונג „אונזער לעבן", וואָס די אוקראַינישע פּועלי־ציון־פּאַרטיי האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן.

צוליב דעם דאָרטיקן כסדרדיקן בייטן־זיך פון די רעגירונגס־רעזשימען, פאַרלאָזט ער די אוקראַינע, און נאָך לאַנגע געפערלעכע נסיעות איבער אוקראַינע, מזרח־גאַליציע, אונגאַרן און סלאָוואַקיי, קומט ער אין אויגוסט 1919 קיין ווין און פון דאָרט קיין פּוילן, וואו ער ווערט באַלד דער סעקרעטאַר פונם פּועלי־ציוניסטישן ראַיאָן־קאָמיטעט פאַר מערב־גאַליציען.

אין אָקטאָבער 1920, ווערט ער אויפן 2־טן לאַנדעס־צוזאַמענפאָר פון דער פּוילישער פּועלי־ציון פּאַרטיי אויסגעקליבן אינם צענטראַל קאָמיטעט

און פּאַרט צוזאַמען מיט דער גאַנצער פּוילישער דעלעגאַציע צו דער 5־טער וועלט־קאָנפערענץ אין ווין. דאָרט בלייבט ער שוין ביז סוף 1921 און אַרבעט דערנאָך אינם פאַרבאַנדס־ביוראָ, צוזאַמען מיט די ח"ח ניר, סערפּאָוו און כאַשין, אַלס געהילף־סעקרעטאַר פון פאַרבאַנדס־ביוראָ. סוף 1921 קומט ער צוריק קיין פּוילן און נעמט איבער די פאַרוואַלטונג פונם פּאַר־לאַג „אַרבעטער־היים" און ווערט גלייכצייטיק דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פּועלי־ציוניסטישער האַנדלס־אָנגעשטעלטן צענטראַלע.

במשך פון די קנאַפּע 18 יאָר, וואָס זאַגאַן איז געווען טעטיק אין דער פּוילישער פּאַרטיי, איז נישט געווען קיין איין געביט פון געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט, וואו ער זאָל נישט פאַרנעמען די פאַראַנטוואָרטלעכסטע שטעלע. במשך פון יאָרן — סעקרעטאַר פון דער אָרטיקער ציישא־אָפּ־טיילונג, מיטגליד פון דער ציישא־עקזעקוטיווע און זינט 1935 וויצע־פּאָר־זיצער פון דער דאָזיקער צווישן־פּאַרטייאישער אָרגאַניזאַציע; אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, אין דער צענטראַלע פון דער ספּאָרט־געזעל־שאַפט „שטערן", אינם פּאַרטיי־סעקרעטאַריאַט — אַלס פּאָליטישע אינ־סטאַנץ — אין דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פון דער „אַרבעטער צייטונג", אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער געז. „פריינט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ ישראל" — אומעטום האָט ער געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל און אַרויס־געוויזן אַ סך איניציאַטיוו, אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלאַנט און אַ פלינקע פּאָ־ליטישע אָריענטאַציע.

זינט 1920 האָט זיך שכנא זאַגאַן באַטייליקט אין אַלע שפּעטערדיקע וועלט־קאָנפערענצן פון דער באַוועגונג, אויפן ערשטן פּראָ־פּאַלעסטינע קאָנגרעס אין בערלין אין 1930, און אויף דער לעצטער וועלט־קאָנפערענץ פון 1937־8 איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אינם פאַרבאַנדס־ביוראָ.

אין 1935 נעמט ער איבער די אָנפירונג פון דער רעדאַקציע „אַרבע־טער־צייטונג" און — מיט 2 קורצע אונטערברעכונגען — פירט ער אויס דעם דאָזיקן אמט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה.

אין די יאָרן 1938־1939 איז ער דער פּאַרטרעטער פון לינקע פּועלי־ציון אינם צענטראַלן שקל־קאָמיטעט פאַר פּוילן. ער ווערט דערנאָך אויס־געקליבן אין דער פּועלי־ציוניסטישער דעלעגאַציע צום 21־טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין גענף — אָבער צוליב פּאַס־שוועריקייטן קען ער ניט אַרויס־פאָרן פון פּוילן און בלייבט כמעט איינער אַליין ביי דער אָנפירנדיקער אַרבעט ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה. אויפן קאָנגרעס גופא, איז ער אויסגעקליבן געוואָרן פון דער לינקער פּועלי־ציון־ליסטע אַלס שטעל־פאַרטרעטער אינם צוזאַמענשטעל פונם גרויסן ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָ־מיטעט.

מיטוואָך, דעם 6־טן סעפּטעמבער 1939, אויף דער לעצטער זיצונג פון צענטראַל קאָמיטעט פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין פּוילן, ווען ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז צוליב דער דראָענדער היטלער־סכנה זאָלן אַלע אָנפירנדיקע חברים פאַרלאָזן וואַרשע, איז ארויסגעשוואומען די פראַגע, אַז עמיצער מוז פונדעסטוועגן בלייבן אויפן אָרט, כדי דערנאָך אויפצו־נעמען דעם קאָנטאַקט מיט די חברים פון די אקופּירטע שטעט, און כדי צו באַטייליקן זיך אינם נאָמען פון דער פּאַרטיי אין די עווענטועלע הילפס־אינסטיטוציעס, וואָס וועלן מוזן געשאַפן ווערן און זאַגאַן האָט זיך פרייוויליק געמאָלדן צו דער דאָזיקער געפאַרפולער און העכסט־פאַר־אַנטוואָרטלעכער פּאָזיציע.

ווען איך האָב זיך, נאָך מיין ערשטן אַנטלויפן, שפּעטער אומגעקערט קיין וואַרשע, האָב איך שוין געטראָפן זאַגאַנען פאַרטאָן מיט אַלע חושים אין דער רעטונגס־אַרבעט. אויף זיין איניציאַטיוו האָט דער „דזשאָינט" געעפנט קיכן נאָך בעת דער מורא'דיקער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע. אַליין מיט זיין משפחה געבליבן אָן אַ דאַך איבער קאָפּ, האָט ער פונ-דעסטוועגן קיין איין מינוט דורך לאַנגע מעת־לעת'ן נישט גערוט און געעפנט 6 קיכן אין די לאָקאַלן פון אונזערע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. דעם לאָקאַל פון דער באַראַכאָוו־שול האָט ער פאַרוואַנדלט אין אַן אכסניה פאַר די היימלאָזע חברים פון דער פּראָווינץ, וואָס האָבן זיך אַלס פּליטים קוים געראַטעוועט דאָס לעבן און אָנגעקומען קיין וואַרשע הונגעריקע, אָפּגעריסענע און נישט געהאַט וואו אַ נאַכט איבערצונעכטיקן.

פּאַראַלעל מיט דער ברייטער הילפס־אַרבעט, וואָס ער האָט אָנגעפירט אַלס דער פּועלי־ציון־פּאַרטרעטער אינם אַלגעמיינעם יידישן הילפס־קאָמי־טעט, האָט ער זיך באַלד געשטעלט אין אַן ענגער פאַרבינדונג מיט דער גע-היימער אָנפירונג פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.) און צוזאַמען מיט זיי געמאַכט די צוגרייטונגען פאַר דער אונטערערדישער רעוואָלוציאָנערע אַנטי־היטלעריסטישער טעטיקייט.

דעם 4־טן נאָוועמבער 1939, ווען איך האָב זיך מיט אים געזעגנט פאַרן 2־טן מאָל פאַרלאָזן וואַרשע, איז ער געווען פול מיט אָפּטימיזם ווי אין זיין גאַנצן לעבן און פאַראַכטנדיק די טויט־געפאַר וואָס האָט שוין דעמאָלט אַרויסגעקוקט פון אַלע ווינקעלעך, האָט ער אויסגעהאַלטן אויף זיין פּאָסטן ביז ער איז צוזאַמען מיט זיין פרוי ח'טע גוסטע — און זייערע 2 קינדער, דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע, וואו זיי זיינען פון שונא אומגעבראַכט געוואָרן.

# דר. עמנואל רינגעלבלום

## 1. עמנואל רינגעלבלומס קינדער- און יוגנט-יאָרן

דר. עמנואל רינגעלבלום, וואָס איז דעם 7טן מערץ, 1944, דורך די דייטשן דערשאָסן געוואָרן אויף די חורבות פון דער וואַרשעווער געטאָ, איז אינם יאָר 1900 געבוירן געוואָרן אין בוטשאַטש (יידיש: בימשוטש), מזרח־גאַליציען — אַ שטאָט מיט אַ געדיכטער יידישער באַפעלקערונג.

אויב די סביבה אין וועלכער מענטשן ווערן געבוירן און דערצויגן, האָבן אַמאָל אַ קענטיקע השפעה אויף דער גייסטיקער אַנטוויקלונג און אויף דער מענטאַליטעט פון פּערזענלעכקייטן, איז עס אויך בלי־ספק חל אויף דעם יונגן עמנואל רינגעלבלום, וואָס איז שפּעטער אויסגעוואַקסן אַלס אַן ענטוזיאַסטישער קולטור־טוער, אַלס אַ פּלאַמיקער געזעלשאַפטלעכער עסקן און אַלס אַ באַרימטער היסטאָריקער פונם פּוילישן יידנטום.

דאָס יידישע לעבן אינם מזרחדיקן טייל פון גאַליציען (קליין־פּוילן), האָט זיך אָפּט, אין אַ טייל הינזיכטן מיט „עפּעס" אונטערשיידעט פונם לעבן אינם מערב׳דיקן טייל. פון די 800,000 יידן וואָס האָבן צום אָנהויב פונם 20־טן יאָרהונדערט געלעבט אין גאַנץ גאַליציען, וואָס האָט זיך זינט דער צעטיילונג פון פּוילן אינם יאָר 1772, געפונען אונטער דער עסטרייכישער הערשאַפט, האָבן 600,000 געלעבט אינם מזרחדיקן טייל. די צענדליקער גרעסערע שטעט און די הונדערטער קליינע שטעטלעך האָבן דאָרט פאַרמאָגט אַ געדיכטע יידישע באַפעלקערונג. עס האָט דאָרט, אין אַלע צייטן, גע־ברויזט מיט אַ קאָכעדיקן און אייגנאַרטיקן יידישן לעבן. מזרח-גאַליציע איז געווען דאָס וויגעלע פון דער מעכטיקער פאָלקס־באַוועגונג אינם יידישן לעבן, וואָס איז באַקאַנט אַלס דער חסידיזם. דער פּאַראַלעלער ווינקל פון מזרח־גאַליציע, וואו עס געפינט זיך בוטשאַטש, האָט אינם 19־טן יאָרהונ־דערט געשמט מיט דער באַרימטער השכלה־באַוועגונג. צוזאַמען מיט טאַר־נאָפּאָל און בראָדי, איז בוטשאַטש געווען איינע פון די באַדייטנדסטע השכלה־פעסטונגען. בוטשאַטש האָט שוין אין דער צווייטער העלפט פונם 19-טן יאָרהונדערט אַרויסגעגעבן העברעאישע שריפטשטעלער, סאָציאַליס־טישע קעמפער און אפילו אַנאַרכיסטישע טעאָרעטיקער. אין בוטשאַטש האָבן שוין אין יענע יאָרן עקזיסטירט האַלב־מאָדערנע חדרים, וואו מ׳האָט מיט די קינדער געלערנט אויסשליסלעך תנ"ך — אין קעגנזאַץ צו די חסידישע חדרים, וואו תנ"ך איז שיעור־נישט באַטראַכט געוואָרן ווי טריף־פּסול און מען האָט די קינדער געלערנט בלויז גמרא. אין בוטשאַטש האָבן שוין אין

דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט עקזיסטירט מלוכה'שע גימ־נאַזיעס, אין וועלכע אַסך יידישע עלטערן האָבן געשיקט זייערע קינדער לערנען לימודי־חול און אין די נאָכמיטאָג־שעה'ן האָבן דיזעלבע קינדער געלערנט אין די חדרים אַ קאַפּיטל ישעיהו, אָדער משלי.

בוטשאַטש איז געווען איינע פון די ווינציקע שטעט אין מזרח-גאַלי־ציען, וואָס האָט נישט געהאַט קיין אייגענעם „רבי'שן הויף". דערפאַר האָט אָבער דאָרט עקזיסטירט אַ יידישע באַראָן־הירש־שולע, וועלכע פלעגט אירע געענדיקטע שילער שיקן אויף איר חשבון קיין ווין לערנען אַ מלאכה. אַסך פון זיי פלעגן דערנאָך צוריקקומען אהיים און זיך עפענען וואַרשטאַטן. איז טאַקע בוטשאַטש געווען איינע פון די ערשטע שטעט אין מזרח־גאַליציען, וואָס האָט צוזאַמען מיט קאָלאָמיי און לעמבערג, נאָך אין די 90־ער יאָרן פונם 19־טן יאָרהונדערט, שוין, געהאַט אַן אָרטיקע אַרבעטער־באַוועגונג.

דער גאַליציש־פּאָדאָליער ווינקל איז געווען דער תבואה־שפּייכלער פונם אַמאָליקן עסטרייך. יעדע שטאָט אין מזרח־גאַליציע האָט געהאַט צענד־ליגער תבואה־שפּייכלערס, וואָס האָבן געהערט צו יידן. די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער פלעגן טאָג־טעגלעך ברענגען אויף זייערע פורלעך דעם קאָרן און ווייץ, די הירזש און די קוקורודזע, דעם פלאַקס און די פּראָסע, צו די יידישע סוחרים, וועלכע פלעגן דערנאָך די סחורות וואַגאָנען־ווייז עקספּאָרטירן קיין מערב־עסטרייך און קיין דייטשלאַנד. אַזאַ תבואה־סוחר איז אויך געווען עמנואל רינגעלבלומס פאָטער, וועלכער איז אָבער געווען נישט בלויז אַ סוחר, נאָר אויך אַ ייד, אַ יודע־ספר, אַ משכיל, און ער האָט אַלע זיינע יאָרן געשטרעבט דערצו, אַז זיינע קינדער זאָלן זיין „געבילדעטע יידן". כדי דעם דאָזיקן ציל צו דערגרייכן האָט ער אַלע זיינע קינדער — ובתוכם אויך עמנואלן — געשיקט סיי אין גימנאַזיע, סיי אין חדר, וואו ער האָט פאַרמיטאָג געלערנט לאַטיין און גריכיש — אויף פּויליש, און נאָכ־מיטאָג — תנ"ך אויף יידיש.

אַזוי איז זיך דאָס לעבן געלאָפן מיט דער שטעטלדיקער רואיקייט און מיט דער עסטרייכישער געמיטלעכקייט ביזן יאָר 1914, ווען עס איז אויסגע־בראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, וואָס האָט דאָס אַלטע איינגעפונדעוועטע יידישע לעבן שטאַרק אויפגעטרייסלט. רינגעלבלומס עלטערן האָבן געמוזט איבערלאָזן זייער ביסל האָב־און-גוטס אויף הפקר און זיי האָבן צוזאַמען מיט די קינדער „געפליכטעט" קיין נייסאַנדז (נאָווי־סאָנטש), וואָס ליגט צופוסנס פון די מערב־גאַליצישע בעסקידן־בערג.

אין נייסאַנדז, וואָס איז זינט יאָרן געווען אַ חסידישער צענטער, האָט דער 14־יאָריקער עמנואל רינגעלבלום, אָנגעטראָפן אויף אַ גאָר־נייער אַט־מאָספערע. די גרויסע מערהייט פון דער יידישער יוגנט — אַ חסידישע;

קלויז-בחורים, מיט אַן אייגענער חסידישער הלבשה, מיט אַן אייגנאַרטיקער מענטאַליטעט אינם לעבן, וואָס ער האָט אין בוטשאַטש גאַרנישט געזען און אַ קליינע צאָל פון דער יוגנט, — די גימנאַזיסטן — שוין אַ שפּראַכלעך אַסימילירטע, וואָס רעדט שוין צווישן זיך, ובפרט אין גאַס, בלויז פּויליש. רינגעלבלום האָט אָבער מיטגעבראַכט מיט זיך פון בוטשאַטש די געוואוינ־הייט און די ליבע צו רעדן אומעטום יידיש און צו חברן זיך נישט מיט די גבירישע קינדער, נאָר מיט דער פּאָלקס-יוגנט און נישט־אָפּגעבנדיק־זיך אפילו קיין דין־וחשבון, אַז ער דערפילט דערמיט אַ געוויסע שליחות בנוגע דער יידישער שפּראַך און קולטור, ווערט ער אַלס 16-17 יאָריקער יינגל דער קעמפער פאַר יידיש אין די רייען פון דער גימנאַזיסטישער יוגנט אין נייסאַנדז.

אינם יאָר 1918, ווען אין נייסאַנדז, וואָס איז שוין געוואָרן דער שטענדיקער וואוינאָרט פון דער משפּחה רינגעלבלום, גרינדעט-זיך אַ זעלבסט-בילדונגס־קרייז פון גימנאַזיע־שילער אויפן נאָמען פונם אין 1917 אין קיעוו פאַרשטאָרבענעם פּועלי־ציון פירער בער באָראָכאָוו, ווערט דער יונגער רינגעלבלום איינער פון די טעטיקסטע מיטגלידער אין דעם דאָזיקן קרייז. אים האָט אָבער נישט באַפרידיקט דער לכתחילה׳דיי־קער כאַראַקטער פונם קרייז, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן בלויז מיט דער ווייטערדיקער בילדונג פון זיינע מיטגלידער, אויף די געביטן פון יידישער געשיכטע און יידישער עקאָנאָמיק. ער האַלט, אַז ס׳איז דער חוב פון דער „אויסדערוויילטער” שטודירנדער יוגנט צו אָרגאַניזירן בילדונגס־קורסן פאַר דער אַרבעטנדער און פאַר דער חסידישער יוגנט און אויף זיין איניציאַטיוו אַנטוויקלט דער באָראָכאָוו־שילער־קרייז אין נייסאַנדז, אַ ברייט־פאַרצווייג־טע בילדונגס־און דערציאונגס־טעטיקייט צווישן דער שטעטלדיקער יוגנט.

אין דער דאָזיקער אַרבעט נעמט ער גאָר אַן אַקטיוון אַנטייל. ער גיט אָפּ פאַר איר אַלע אָוונטן פון דער וואָך, כאָטש ער איז פאַרמאַטערט פון אַ גאַנצן אַרבעטסטאָג: ביז 2 אַזייגער אַלס שילער אין דער מלוכה׳שער גימ־נאַזיע און נאָכמיטאָג מוז ער אַרומלויפן מיט לעקציעס אַלס קאָ־רעפּעטי־טאָר, כדי צו פאַרדינען אויף שול־ביכער, אָדער אויף אַ מלבוש, ווייל די „שטוב” איז פאַראָרעמט פון דער מלחמה און דער טאַטע קען אים מער נישט אויסהאַלטן . . . זיינע אייגענע שול-אויפגאַבן פלעגט ער מאַכן אין די שפּעטע נאַכט־שעה׳ן, אויפן חשבון פון זיין שלאָף — אָבער זיינע געזעלשאַפטלעכע פליכטן פלעגט ער קיינמאָל נישט פאַרנאַכלעסיקן.

זיין גלייכצייטיקע ראָל אַלס שילער און לערער אין נייסאַנדדז האָט אַזוי געדויערט ביזן זומער פון 1919, ווען ער האָט גראַדואירט פון דער גימנאַזיע און — אַן וועלכער ס׳איז אויסזיכט אויף שטיצע מצד זיינע עלטערן —

זיך גענומען גרייטן אַנצוקומען אויפֿן װאַרשעװער אוניװערסיטעט, כדי דאָרט צו געניסן העכערע בילדונג און כדי זיך נוצלעך צו מאַכן אינם דינסט פון זיין פאָלק אלס קולטור־טוער.

## 2. רינגעלבלומס סטודענטישע יאָרן און זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט

אין האַרבסט 1919, ווערט עמנואל רינגעלבלום אַ סטודענט פונם וואַרשעווער אוניווערסיטעט. דאָס פאַרזעצן זיין שטודיום קומט אים אָן זייער שווער, ווייל דער סטודענטן־אָפּצאָל אויפֿן אוניווערסיטעט איז אַ הויכער; אַ צימער צו קריגן אין וואַרשע — איז דעמאָלט געווען שווערער ווי קריעת־ים־סוף און קיין יידישע אַקאַדעמישע היים איז נאָך דעמאָלט אויך נישט געווען; עפּעס עסן, כאָטש 2 מאָל אין טאָג אין דער ביליקער קיך פאַר יידישע סטודענטן, אין דער אַזוי־גערופענער „מענזא אַקאַדעמיצקאַ", פאָדערט אויך אַ סומע, וואָס איז פאַר אַ צוגעפאַרענעם אָרעמען סטודענט אַ גרויס פאַרמעגן, ובפרט, ווען ער קען פון זיינע שוואַר־האַרעווענדיקע עלטערן גאָר נישט פאַרלאַנגען. אָבער, ביי רינגעלבלומען איז דער דראַנג צו העכערער בילדונג געוואַלדיק שטאַרק. זיין הונגער צו דער וויסנשאַפט איז ביי אים שטאַרקער ווי דער פיזישער הונגער. מיט גרויס עקשנות איז ער, אין משך פון יאָרן, גובר אַלע שוועריקייטן און שלאָגט־זיך דורך אַ וועג ביז ער דערגרייכט דעם ציל. בשעת די פאַרמיטאָגס באַזוכט ער דעם אוניווערסיטעט, וואו ער שטודירט עקאָנאָמיע, סאָציאָלאָגיע און געשיכטע. אין די אָוונט־שעה'ן איז ער אַ לערער אין די אָוונט־שולן פון דער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער", וואו די פאַרדינסטן זיינען זייער קליינע, דאָס איז דאָך נישט קיין פּריוואַטע אונטערנעמונג, נאָר אַ געזעלשאַפטלעכע בילדונגס־אינסטיטוציע. די רעגירונג גיט נישט קיין סובסידיעס און די אָוונט־שולן עקזיסטירן נאָר אַ דאַנק דעם וואָס די „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן", אָדער די „צישאַ" (צענטראַלע יידישע שול אָרגאַניזאַציע), צאָלט דאָס דירה־געלט, אַזוי אַז די לערער אַרבעטן דאָרט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, טיילן זיך בלויז דערמיט וואָס עס בלייבט פונם מאָגערן שכר־לימוד, נאָכדעם ווי זיי באַצאָלן פריער פאַר דער עלעקטריע און פאַרן ריין־האַלטן די שולן און דערמיט וואָס זיי באַקומען פון צייט־צו־צייט, אַ סובסידיע פון דער „צישאַ" פון די געלטער וואָס זי באַקומט פון אַמעריקע.

אָבער נישט־געקוקט אויף די דאָזיקע הונגער־באַדינגונגען שטייט עמנואל רינגעלבלום ביי אָט דער אַרבעט מיט אויסדויער און מיט ליבע, מיט איבערגעבענקייט און אויסערגעוויינלעכער אחריות. ער איז נישט בלויז אַ לערער, וואָס קומט אין אָוונט אָפּגעבן זיינע 2־3 לעקציעס, נאָר די אָוונט־

שולן ווערן זיין אידעאַל. ער ווערט גיך דער פּרינציפּאַל פון אַ גרויסער אָוונט-שול אין וואַרשע; דער פּאָרזיצנדער פונם פּעדאַגאָגישן ראַט פון אַלע 5 אָוונט־שולן, וואָס די אויבנדערמאָנטע געזעלשאַפט האַלט אויס אין וואַרשע און ער ווערט דער ליבלינג פון די פילע הונדערטער יוגנטלעכע אַרבעטער וואָס באַזוכן די דאָזיקע שולן. ער אָרגאַניזירט אַ „צענטראַלן קלוב" פאַר אַלע אָוונט־שילער, וועלכער איז טעטיק אין די שבת'דיקע נאָכ-מיטאָגן און אין די אָוונטן, ווען עס קומען נישט פאָר קיין לימודים. רינ־געלבלום איז ממש די נשמה פון דעם דאָזיקן קלוב, וועלכער דערציט די יוגנט, וואָס איז במשך פון די מלחמה־יאָרן געוואַקסן הפקרדיק און אָן עלע־מענטאַרער בילדונג, מיט דער הילף פון פאַרווייל־ונגען, פּאָפּולערע וויסנ-שאַפטלעכע שמועסן און זעלבסט־בילדונגס-קרייזלעך.

רינגעלבלום, וואָס איז לויט זיין נאַטור געווען אַן „אומפאַרבעסערלע־כער" ענטוזיאַסט, ווירקט אויף די איבעריקע לערער, אַז זיי זאָלן זיין מער ווי פאָרמעלע לערער, אַז זיי זאָלן זיך מיט ליבשאַפט אָפּגעבן צו דער דער-ציאונגס־אַרבעט אַלס אַ געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, און אים געלינגט טאַקע איינצושטעלן אַ האַרמאָנישע אַטמאָספער צווישן די סטודענטן־לערער און צווישן די האַלב־אַנאַלפאַבעטישע יוגנטלעכע. דאָס סטימולירט די יוגנט־לעכע פלייסיק צו לערנען. די אָוונט-שולן געווינען אַ סך פּאָפּולאַריטעט און זיינע באַמיאונגען ווערן געקרוינט מיט אַ סך דערפאָלג.

צו דערזעלבער צייט איז רינגעלבלום געזעלשאַפטלעך אַקטיוו אין די אַקאַדעמישע (סטודענטישע) קרייזן. ער איז טעטיק, סיי אינם פּועלי־ציו־ניסטישן אַקאַדעמישן קרייז „יוגנט", סיי אינם אַלגעמיינעם „אַקאַדעמישן פאַרבאַנד" פון דער יידישער שטודירנדיקער יוגנט, וואו אַלע סאָציאַליס־טישע עלעמענטן קומט־אויס צו פירן אַ געמיינזאַמען פאַרשאַרפטן קאַמף קעגן דער איינשטעלונג פון די גבירישע זונדעלעך און קעגן דעם בורזשואַזן שול־סיסטעם. די סאָציאַליסטישע אַקאַדעמיקער פאַרלאַנגען פון דער רע־גירונג, אַז די הויכע אָפּצאָלן אויף די אוניווערסיטעטן זאָלן באַדייטנד פאַר־קלענערט ווערן, כדי די בילדונג זאָל ווערן גלייך צוגענגלעך פאַר אַלע סטו־דענטן און רינגעלבלום איז במשך פון יאָרן געשטאַנען בראש פון דעם דאָ-זיקן געזעלשאַפטלעכן קאַמף. ער איז טעטיק אין דער בשותפותדיקער „זעלבסטהילף אָרגאַניזאַציע" פון די יידישע אַקאַדעמישע פאַריינען, וועלכע האַלט־אויס אַן אייגענע קאָאָפּעראַטיווע ביליקע קיך, באַזאָרגט די יידישע סטודענטן מיט געלט-הלוואות, וועלכע זיי וועלן דאַרפן אָפּצאָלן ערשט נאָכ־דעם ווי זיי וועלן ענדיקן זייער שטודיום און זיך איינאָרדנען אַלס אַ פּראָפע־סיאָנאַלן. די יידישע אַקאַדעמישע פאַריינען טרעטן־צו צו בויען אַן אַקאַ־דעמיש הויז, וואו די נישט־פאַרמעגלעכע סטודענטן זאָלן קענען וואוינען פאַר

לינקע פועלי־ציון אין דער פערמאנענץ-קאמיסיע, האט ער באלד געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאמקייט מצד די אנגעזעענסטע ציוניסטישע פירער, וועלכע האבן זיך מיט גרוים אינטערעס צוגעהערט צו זיינע לאגישע אויספירונגען.

און אין אונזערע אייגענע רייען — אויף די בעראטונגען פון דער לינקער פועלי־ציון־פראקציע — איז דאס געווען א זעלבסטפארשטענדלעכקייט, אז מען זאל זיך שטארק רעכענען מיט זיינע מיינונגען און ס'איז אויך געווען א זעלבסטפארשטענדלעכקייט, ער זאל איינשטימיק באשטימט ווערן אלס מיטגליד אין ציוניסטישן אקציאנס-קאמיטעט.

ווען ס'איז אין זשענעווע באקאנט געווארן, אז די מלחמה ברעכט-אויס און מאנכע קאנגרעס־דעלעגאטן האבן ביי זיך באשלאסן נישט צוריקצופארן קיין פוילן, וואו די געפאר איז געווען אן אפענע, האט בוקסבוים געהערט צו די ערשטע, וואס זענען שארף ארויסגעטראטן קעגן אנטלויפן פונם קאמפּ־פלאץ. מיר, די פועלי־ציוניסטישע קאנגרעס־דעלעגאטן, האבן זיך טאקע מיט אומווענן, איבער פרעמדע לענדער און אין געשלאסענע וואגאנען אומגעקערט קיין פוילן.

ווער האט זיך אבער געקענט ריכטן דערויף, אז דאס איז בוקסבוימס לעצטע נסיעה ווי א פרייער מענטש?

פול מיט האס און צארן קעגן דייטשן מיליטאריזם און קעגן פאשיזם בכלל, האט ער זיך געאיילט קיין פוילן צו רופן די מאסן צום קאמף קעגן שונא; אבער קומענדיק קיין ווארשע האט ער — צוליב דער אלגעמיינער עוואקואציע פון פוילנס הויפטשטאט — באלד געמוזט פון דארט אנטלויפן און פון דעמאלט־אן האבן זיך אנגעהויבן זיינע לעצטע 5 קאשמארנע יארן פון פיין און ליידן, פון געצוואונגענער שטומקייט און אונטערערדישע באהעלטענישן, פון היימלאזיקייט און היטלעריסטישער „אינטערנירונג", בעת וועלכער עס האט אויפגעבליצט א פונק פון האפענונג נאך צו דערלעבן אמאל א בעסערע און א שענערע וועלט. דער דאזיקער פונק איז אבער גיך אויסגעלאשן געווארן און געענדיקט האבן זיך זיינע קאשמאר־יארן דערמיט, וואס ער איז — צוזאמען מיט דער חברטע באשע און צוזאמען מיט זיין געליבטן טעכטערל מירקע — סוף אקטאבער 1944, אויף א ברוטאלן אופן אומגערבכאכט געווארן פון די דייטשע בעסטיעס.

---

ווער געריכטס־ארכיוון און גנעישטערט אין די צימערן פון די מלוכה'שע ביבליאָטעקן, ביז ער האָט אין 1927 צוגעשטעלט צום פּראָפעסאָרן־קאָלעגיום פון אוניווערסיטעט זיין דיסערטאַציע: „די געשיכטע פון די יידן אין ווארשע ביז צום גירוש פון יאָר 1527". פאר אָט דער ארבעט האָט רינגעלבלום באַקומען דעם דאָקטאָר טיטל.

## 3. רינגעלבלום ווערט אַן אנערקענטער פאָרשער פון דער יידישער פארגאנגנהייט אין פוילן

פון יענעם מאָמענט־אָן, ווען זיין ערשט געשיכטלעך בוך איז אָנער־קענט געוואָרן, ווי א וויכטיקער צושטייער צו דער יידישער געשיכטס־פאָר־שונג, האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן א ניי קאַפּיטל אין זיין לעבן.

פון ארויסגעבן זיין בוך אין דרוק, האָט ער נאָך דעמאָלט נישט געקענט טראַכטן אין רעאַלע טערמינען. קיין געלט דערצו האָט ער דאָך נישט גע־האַט. אז א פּריוואַטער בוך־פארלעגער זאָל דאָס טאָן, האָט אויך נישט גע־קענט זיין קיין רייד, ווייל פּריוואַטע פארלעגער זוכן דאָך זיכערן פּראָפיט — בעת פאר געזעלשאַפטלעכע פארלאַגן איז רינגעלבלום געווען נאָך א צו־יונגער מחבר, אז זיי זאָלן ריזיקירן מיט זייער גוטער רענאָמע. רינגעלבלום האָט זיך דערפאר געמוזט באַגנוגענען מיט אָפּקלאַפּן אויף דער שרייב־מאַ־שין עטלעכע קאָפּיעס פון זיין ערשטלינג־ווערק — אין דער פּוילישער שפּראַך, פאַרשטייט זיך — און אונטערגעטראָגן צו אייניציקע עקזעמפּלאָרן צו זיינע נאָענטסטע פריינט און צו די אָנערקענטע אויטאָריטעטן אינם קרייז פון יידישע געלערנטע, למשל, צו פּראָפעסאָר מאיר באַלאַבאַן, צו דר. יצחק שי־פּער און אַנדערע.

ווער עס האָט זיך נאָר נעענטער באַקענט מיט רינגעלבלומס געשרי־בענעם ווערק, האָט באַלד געמוזט דערקענען, אז אינם יונגען מחבר פאַר־מאָגט די יידישע געזעלשאַפט אַן ערנסטן פאָרשער און אז אין דער נאָענטער צוקונפט וועט ער אויסוואַקסן ווי א פּראָמינענטער יידישער היסטאָריקער.

די וואַרעמע אָנערקענונג און די דערמוטיקנדע ווערטער וואָס דר. עמנואל רינגעלבלום האָט באַקומען פון זיינע עלטערע קאָלעגן — פון איין זייט, און זיין איינגעבוירענע ארבעטסזאַמקייט, צוזאַמען מיט זיין אידעאָלאָגישער איינשטעלונג בנוגע דער סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכער ראָל פונם יידישן פאָלק אין פּוילן — פון דער אַנדערער זייט, האָבן אים סטימולירט צו ווייטערדיקע פאָרשונגען אויפן געביט פון דער יידישער פארגאַנגענהייט אין פּוילן און האָבן אים, בהדרגה פאַרשטייט זיך, פון יאָר־צו־יאָר געבראַכט אויף א העכערן שטאַפּל פון דער וויסנשאַפטלעכער ליטער, ביז ער איז דערגאַנגען צו

דער מדרגה פון אן אלגעמיין־אנערקענטן געלערנטן, היסטאריקער און אוי־טאריטעט אויפן געביט פון יידישער געשיכטספארשונג אין פוילן.

אין משך פון די וייטערדיקע עטלעכע יאר האט ער צוגעגרייט 2 נייע ביכער מיט א געשיכטלעכן אינהאלט און מיט אן אייגנארטיקן פארשונגס־מעטאד. גלייכצייטיק האט ער אין די פארשידנסטע ויסנשאפטלעכע אויס־גאבן פארעפנטלעכט אין יידיש און אין פויליש צענדליקער קלענערע, אדער גרעסערע געשיכטלעכע אפהאנדלונגען, אזוי אז דערמיט איז ער געווארן פא־פולער אויך צווישן די ברייטע קרייזן פון ערנסטע לייענער און פארלאגן האבן שוין מער נישט מורא געהאט צו ריזיקירן מיטן ארויסגעבן פון זיינע ווערק.

אינם יאר 1932, האט די „ווארשעווער אפטיילונג פון דער פוילישער היסטארישער געזעלשאפט" — א געזעלשאפט וואס פלעגט ארויסלאזן אין דרוק נאר ערשט־קלאסיקע ווערק — ארויסגעגעבן רינגעלבלומס אויבנ־דערמאנטע ערשטלינג־ווערק „די געשיכטע פון יידן אין ווארשע, ביזן גירוש פונם יאר 1527".

מיט א יאר שפעטער, אין 1933, האט דער „יידישער ויסנשאפטלעכער אינסטיטוט" אין ווילנער („ייווא"), ארויסגעגעבן אין יידיש זיינם א צווייטע וויכטיקע ארבעט: „צו דער געשיכטע פונם יידישן דרוק אין בוך־וועזן אין פוילן, אינם 18-טן יארהונדערט".

אין 1934, ווידער, האט דער „אינסטיטוט פאר די נאציאנאליטעטן־פראגן" ארויסגעלאזט פון דרוק זיינם א ניי בוך אין פויליש, אין וועלכן רינ־געלבלום האט זיך פארמאסטן אויסצופארשן „די פראיעקטן און פרואוון אומצושיכטן די יידן אין פוילן אין דער עפאכע פון קעניג סטאניסלאוו".

דאס פערטע ווערק זיינס פון גרויסער באדייטונג, איז דערשינען אין פארלאג פון „ייווא", אינם יאר 1937. דאס איז א גרינטלעכע אויס־פארשונג וועגן די „יידן אין פוילן אינם קאשציושקא־אויפשטאנד פון יאר 1794".

די דאזיקע 4 ווערק זענען נאך נישט אלץ וואס עס איז דערשינען פון רינגעלבלומס פעדער אין רעזולטאט פון זיין גייסטיקער פראדוקטיוויטעט.

אין די יארן 1932-1933, האט ער, אין א לאדזשער יידיש־פוילישן מאַ־גאזין, וואס איז דערשינען אין דער פוילישער שפראך און האט געטראגן דעם טיטל „יידישע חודש־שריפט", אפגעדרוקט א סעריע פון צענדלינגער ארטיקלען אונטערן קעפל: „די יידן אינם ליכט פון דער ווארשעווער פרעסע אינם 18-טן יארהונדערט".

אינם ווארשעווער חודש־זשורנאל „סאציאלע מעדיצין", וואס די צענט־ראלע פון „טאז" (געזעלשאפט צו שיצן דאס געזונט ביי יידן) האט ארויס־

געגעבן, אונטער דער רעדאַקציע פון דר. ליב וואולמאַן, האָט רינגעלבלום דאָסגלייכן פאַרעפנטלעכט צענדליגער אַרטיקלען וועגן „היגיענע ביי יידן אינם אַמאָליקן פוילן", וועגן „יידישע דאָקטוירים אין פוילן" און אויף ענלעכע סאָציאַל־מעדיצינישע טעמעס.

צו דערזעלבער צייט איז ער געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון אַלע „ייוואָ"־אויסגאַבן, ווי למשל פון די „עקאָנאָמישע שריפטן", „היסטאָרישע שריפטן", „פון נאָענטן עבר", א. ד. גל. פון די אַלע אַרבעטן וואָס ער האָט דאָרט אָפּגעדרוקט, איז באַזונדערס כדאי צו דערמאָנען, זיינע אָריגינעלע אַרבעטן וועגן דעם „פּלאָצקער פנקס חיוטים", אין דעם צווייטן באַנד פון די „עקאָנאָמישן שריפטן" און וועגן דער „יידישער קהלה אין וואַרשע אינם 18־טן יאָרהונדערט" — אינם צווייטן באַנד פון די „היסטאָרישע שריפטן" (1937). רינגעלבלום האָט דאָסגלייכן רעגלמעסיק פאַרעפנטלעכט אינם זשורנאַל פונם פּועלי־ציוניסטישן יוגנטלעכן אַרבעטער־פאַרבאַנד „יוגנט", צענדליגער אַרטיקלען אויף אַזעלכע אינטערעסאַנטע געשיכטלעכע טעמעס, ווי: שטרייקן פון יידישע געזעלן אינם מיטלאַלטער; סאָציאַלע קאַמפן מיט 400 יאָר צוריק; וועגן סאָקראַטעס־פּראָצעס מיט 2300 יאָר צוריק; אַ בלעטל געשיכטע פון די וואַרשעווער יידן אין מיטלאַלטער; זשאַן זשאַק רוססאָ (צו זיין 150־טן יאָרצייט) און אחוץ־דעם אַ ריי פּובליציסטישע אַר־טיקלען אונטערן פּסיידאָנים מוניע העלער.

צום סוף דאַרף אויך דערמאָנט ווערן די ביז־גאָר אינטערעסאַנטע היס־טאָרישע אַרבעט „מקורים צו דער געשיכטע פון די יידן אין פוילן און אין מזרח־אייראָפּע", וואָס ער האָט געשריבן בשותפות מיט זיין פריינט און פען־קאָלעגע — מיטן היסטאָריקער דר. רפאל מאַהלער. פון די דאָזיקע מקורים זענען דערשינען 2 העפטן (וועגן מיטלאַלטער): אין יידיש — אַרויסגעגעבן פון דער „קולטור־ליגע" אין 1930 און אין פּויליש — אַרויסגעגעבן אינם פאַרלאַג פון י. מ. פריד, וואַרשע.

דר. רינגעלבלום, איז אין זיינע היסטאָרישע אַרבעטן נישט געגאַנגען אין קיין שום פון די פריער־אויסגעטראָטענע וועגן. אַלס מאַרקסיסט, אַלס יידישער סאָציאַליסט האָט ער געהאַט אַן אייגנאַרטיקן פאָרשונגס־מעטאָד, אַן אייגענעם צוגאַנג צו געשיכטע און אַ זעלבסטשטענדיקן בליק אויפן לעבן. ער האָט זיינע פאָרשונגען נישט געבויעט אויפן לעבן פון פּראָמי־נענטע פּערזענלעכקייטן — נאָר זיך געגריבלט אין די סאָציאַל־ווירטשאַפט־לעכע פאַרהעלטנישן פון דער געגעבענער עפּאָכע, וועלכע ער האָט אויסגע־פאָרשט; זיך פאַרטיפט אין די עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון דער מאַסע און פון דאָרט געשעפּט די מאַטעריאַלן פאַר זיין געשיכטלעכער קאָנצעפּציע.

להיפוך צו אנדערע פאָרשערס, האָט ער זיך אין זיין פאָרשונגס-אַרבעט נישט געשטיצט אויף די אויפטועז פון די יידישע שתדלנים, נישט אויף די „מעשים־טובים" פון די קהלה־תקיפים — נאָר געזוכט צו דערגרונטעווען מיט וואָסערע פרנסות האָבן זיך יידן דעמאָלט־און־דעמאָלט באשעפטיקט, ווי־אזוי איז געווען זייער עקאָנאָמישער מצב און וואָסערע איז געווען צו זיי די באַציאונג פון די קריסטלעכע שכנים, מצד די מלוכה־אָרגאַנען און מצד די באַזונדערע קלאַסן פון דער הרויסנדיקער וועלט.

דאָס אויסצופאָרשן, איז נישט געווען אזוי לייכט, ווייל וועגן די דאָזיקע פראַגן זענען כמעט נישט געווען קיין פאַרטיקע מאַטעריאַלן. איז טאַקע רינ־געלבלום יאָרן־גאַנצע אָפּגעזעסן מיט גרויס התמדה אין די אַרכיוון פון די וואַרשעווער געריכטן, אין די קעלערס פון די מלוכהשע ביבליאָטעקן, וואו עס זענען געלעגן די פאַרשטויבטע פעק מיט פאַרגעסענע אַלטע מאַטעריאַלן, אין וועלכע קיינער האָט זיך נישט געוואָלט גריבלען. ער האָט דאָרט אזוי־לאַנג געגישטערט אין די שוין אָפּגעבליאַקעוועטע געריכטס־אורטיילן, אָדער קעניגלעכע דעקרעטן, ביז ער האָט זיך דאָ־און־דאָרט אָנגעשטויסן אויף איינצעלנע אָפּגעריסענע ידיעות, אויף מלחמה־כראָניקעס, אויף פאַקטן, אָדער אויף שילדערונגען פון פּראָצעסן צווישן יידישע און קריסטלעכע ביר־גער, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום אַמאָליקן יידישן לעבן און אונטער זיין פעדער זענען דערפון אַרויסגעקומען קלאָרע בילדער, אָדער געשיכטלעכע גרינטלעכע אָפּהאַנדלונגען וועגן דעם אַמאָליקן יידישן לעבן אין פוילן.

## 4. רינגעלבלומס געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן

דר. עמנואל רינגעלבלום האָט געהערט צו דעם טיפּ פון געלערנטע, וואָס זיינען באין־אופן נישט אומשטאַנד אָפּצושליסן־זיך אין די ד' אמות פון זייער אַרבעטס־קאַבינעט, אָדער צו איזאָלירן־זיך אין די אַרכיוון. ער האָט ליב געהאַט די דאָזיקע אַרבעט און איר האָט ער פריייוויליק אָוועקגעגעבן די שענסטע יאָרן פון זיין לעבן. אָבער, ער האָט תמיד פאַרמאָגט אַ שטאַרקן חוש פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט בכלל און באַזונדערס פאַר קולטורע־לער טעטיקייט צווישן די ברייטסטע פאָלקסמאַסן. אין אַלע צייטן פון זיין לעבן, אפילו ווען ער איז ביז איבערן קאָפּ געווען פאַרזונקען אין זיינע גע־שיכטלעכע פאָרשונגס־אַרבעטן, פלעגט ער שטענדיק מוזן אָפּרייסן אביסל צייט פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

אין די ערשטע יאָרן פון זיין לעבן אין וואַרשע, האָט ער, ווי מיר האָבן עס אויבן געזען, זייער אַסך צייט, ענערגיע און איניציאַטיוו, אָפּגעגעבן פאַר די אָוונט־שולן, פאַר די אַקאַדעמישע אָרגאַניזאַציעס און פאַרן צענטראַל־קאָמיטעט פונם פועלי־ציוניסטישן פאַרבאַנד „יוגנט", וואו ער פלעגט מיט־

העלפן אויסאַרבעטן די פּראָגראַמען פאַר די קולטור־טעטיקייטן און פלעגט אָפט אַרויספאָרן אין די שבתים מיט פאַרלעזונגען אין די פּראָווינץ-שטעט.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז זיין באַליבטעסטער אַרבעטס־פּלאַץ געווען אינם פּרעזידיום פון דער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער". יעדן נאָכמיטאָג, נאָכדעם ווי ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיינע לעקציעס אין די יידיש-פּוילישע גימנאַזיעס, וואו ער איז געווען לערער פון געשיכטע־לימוד, פלעגט ער קומען אין צענטראַלן אָפיס פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט. אונטער זיין דירעקטער אָנפירונג האָט די „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן" אויסגעברייטערט איר טעטיקייט און אויסגעבויעט אירע אינסטיטוציעס. אַ דאַנק זיין סיסטעמאַטישער און טאָג-טעגלעכער אַרבעט האָט די דאָזיקע געזעלשאַפט, אין יענע יאָרן, פאַרמאָגט 165 אָפּטיילונגען איבער די פאַרוואָרפנסטע שטעט און שטעטלעך פון דער פּוילישער רעפּובליק. לויט זיין איניציאַטיוו האָבן די מערהייט פון די אָרטיקע אָפּטיילונגען אָרגאַניזירט ביי זיך אַרבעטער ספּאָרט־קלובן, וועלכע האָבן זיך דערנאָך צונויפגעשלאָסן אין אַ זעלבסטשטענדיקן ספּאָרט־פאַרבאַנד „שטערן" מיט אַן אייגענער צענטראַלער אָנפירונג; כאָרן, דראַמאַטישע קרייזן, מוזיקאַלישע סעקציעס, ביבליאָטעקן און זומער-קעמפּס. אומעטום האָט געשטעקט זיין האַנט און איבעראַל האָט דערגרייכט זיין קאָנטראָלירנדיק אויג. צוויי גרויסע קולטור־קאָנגרעסן האָט די דאָזיקע געזעלשאַפט אָפּגעהאַלטן אין די יאָרן 1926 און 1931, צו וועלכע עס זיינען געקומען קיין וואַרשע הונדערטער דעלעגאַטן און געסט פון איבערן גאַנצן לאַנד און וועלכע זיינען — אחוץ זייערע פּראַקטישע רעזולטאַטן — פאַרוואַנדלט געוואָרן אין הערלעכע דעמאָנסטראַציעס פאַר דער מאָדערנער יידישער קולטור.

דר. רינגעלבלום איז אין דער דאָזיקער קולטור־טעטיקייט נישט געווען קיין „אומפּאַרטייאישער אינטעליגענט", וואָס טוט קולטור-אַרבעט לשם קולטור. ביי אים איז די דאָזיקע טעטיקייט געווען בלויז אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם קאַמף וואָס די אַרבעטערשאַפט דאַרף פירן פאַר איר באַפרייאונג. ער האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ טוער פון זיין פּאַרטיי — פון דער לינקער פּועלי־ציון־פּאַרטיי, צו וועלכער ער האָט אַלע זיינע יאָרן געהערט — אויפן קולטור-פראָנט פונם יידישן אַרבעטער־קאַמף און ער האָט זיין שליחות דערפילט מיט גרענעצלאָזער ליבע און מיט גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

אויך צו זיין לערערישער פּראָפעסיע האָט ער זיך באַצויגן אידעאַליסטיש. ווען ער איז שוין געווען מער־ווייניקער עקאָנאָמיש איינגעאָרדנט אַלס לערער פון די יידיש-פּוילישע מיטל־שולן, האָט ער אָבער נישט געקענט שלום מאַכן מיטן פאַקט, וואָס די דאָזיקע שולן לערנען נישט קיין יידיש אַלס שפּראַך און אַפילו נישט קיין יידישע ליטעראַטור — זאָל זיין כאָטשבי אויף

פוילישׁ. ער פּרוּאווט זיינע תּלמידים און תּלמידות, בעת זייערע געשׁיכטע לעקציעס, צו פאַראינטערעסירן מיט די יידישׁע קולטור־פּראָבלעמען און ער עצה׳ט זיי צו גרינדן אויסערהאַלב דער שולע זעלבסטבילדונגס־קרייזן פאַר דער יידישׁער שפּראַך און יידישׁער ליטעראַטור, צוזאָגנדיק זיי דערצו זיין קאָנקרעטע מיטהילף.

די מאָגערע רעזולטאַטן פון די דאָזיקע פּרוּוון, האָבן אים אָבער לחלוטין נישט צופרידנגעשטעלט און — נאָכדעם ווי ער באַקומט דערצו דעם הסכם פון צ. ק. פונם „יוגנט״־פאַרבאַנד — באַשליסט ער צו ווערן כאָטש אויף איין יאָר צייט אַ לערער אין דער יידיש־וועלטלעכער גימנאַזיע פון דער „צישאַ״ אין ווילנע — אויף גאַנץ מאָגערע מאַטעריעלע באַדינגונגען.

אים האָט געצויגן קיין ווילנע — צו דער „ירושלים דליטע״ — וואו עס האָט געבראַוזט און געקאָכט מיט אַ פולן און פילפאַרביקן יידישן קולטור־לעבן. אים האָט געצויגן קיין ווילנע, וואו עס איז געווען דער זיץ־אָרט פונם „יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט״ מיט פאַרשידענע וויסנשאַפט־לעכע סעקציעס.

אינם ווילנער פּעריאָד באַקענט ער זיך נעענטער מיט דער אַרבעט פון דער „ייוואָ״, און ווען ער קומט שפּעטער צוריק קיין וואַרשע, ווערט ער דער ענטוזיאַסטישער בויער פון דער וואַרשעווער ייוואָ־אָפּטיילונג און דער אַק־טיווסטער מיטאַרבעטער פון דער היסטאָרישער סעקציע ביי דער „ייוואָ״־צענטראַלע.

צוזאַמען מיט דר. ר. מאַהלער גרינדעט ער דאָן דעם „קרייז פון יונגע יידישע היסטאָריקער״, צו וועלכן עס געהערן אַ גאַנצע ריי פון יונגע גע־לערנטע: מאַגיסטער י. טרונק, דר. ל. צאָמבער, מגר. מנחם לינדער, דר. פ. פרידמאַן פון לאָדזש און אַנדערע. דער קרייז גיט אַרויס זיינע אייגענע „שריפטן״ אין וועלכע רינגעלבלום פאַרעפנטלעכט פון צייט־צו־צייט זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן און סיי אין די קרייזן פון די „אַלטע״ יידישע היסטאָריקער, סיי אין די קרייזן פון די פוילישע היסטאָריקער, לייגט מען אַ סך האָפענונגען אויף די רעזולטאַטן פונם דאָזיקן קרייז בכלל און באַ־זונדערס אויף דער צוקונפט פון רינגעלבלומען גופא אַלס יידישער היס־טאָריקער.

אין די לעצטע עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, ווען רינגעלבלום איז שוין באַקאַנט אין פוילן אַלס היסטאָריקער, ווערט ער איינ־געלאַדן פונם דאָרטיקן „דזשאָינט״ אַלס שטענדיקער מיטאַרבעטער אויף אַ פאַראַנטוואָרטלעכן אַמט און אַלס רעדאַקטאָר פונם חודש־זשורנאַל „פאָלקס־הילף״, וואָס די „צענטראַלע פון גמילת־חסדים קאַסעס״ ביים „דזשאָינט״ האָט אַרויסגעגעבן פאַר די קליינע יידישע בעלי־מלאכות און פאַרמער.

אויך אויף דעם דאָזיקן אמט האָט רינגעלבלום אַרויסגעוויזן אַסך איניציאַטיוו און געזעלשאַפטלעכע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט. אין אַן אַרבעטסגעביט וואָס האָט פֿריער געשמעקט מיט פֿילאַנטראָפּיע, האָט ער אַסך מיטגעווירקט דערצו, אַז דער דאָזיקער געביט זאָל פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אינסטיטוציע פֿון זעלבסטהילף און ער איז דערפֿאַר גיך געוואָרן דער ליבלינג פֿון די אָרעמע פּראָווינצער קליינע האַנטווערקער און פֿון די דאָרפֿישע ייִדן, וועלכע ער האָט אָרגאַניזירט אין קאָאָפּעראַטיוון און מיט דער הילף פֿון „פֿאָלקס-הילף"-זשורנאַל, זיי דערצויגן צו פּראָדוצירן און אָפּזעצן זייערע פּראָדוקטן אויף קאָלעקטיווע יסודות.

פֿאַרשטייט זיך, אַז זייענדיק איבערגעלאָדן מיט צענדליקער געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן אַלס „דזשאָינט"-טוער, אַלס רעדאַקטאָר פֿון „פֿאָלקס-הילף", אַלס פֿאָרזיצנדער פֿון דער וואַרשעווער ייִוואָ-אָפּטיילונג און מיט אַ גאַנצער רייע וויסנשאַפֿטלעכע טעטיקייטן, סיי אינעם „קרייז פֿון יונגע היסטאָריקער", סיי מיט נייע פֿאָרשונגען וועגן דער געשיכטע פֿון ייִדן אין פּוילן, האָט ער זיך אין די לעצטע יאָרן געמוזט טיילווייז באַפֿרייען פֿון אַזעלכע טאָג-טעגלעכע אַרבעטן וואָס זײַנען געווען דירעקט פֿאַרבונדען מיט דער פּאַרטיי צו וועלכער ער האָט געהערט. ער האָט אָבער שטאַרק אָפּגעהיט די וויכטיקסטע פֿליכטן זײַנע לגבי דער באַוועגונג. ער האָט קיינמאָל נישט פֿאַרפֿעלט צו קומען צו די פֿאַרשידנסטע פּאַרטייאישע, אָדער אַלגעמיין-פּראָלעטאַרישע פֿייערונגען. אָט אַ קליינער טשיקאַווער עפּיזאָד: איינמאָל האָט ער אַביסל פֿאַרשפּעטיקט צו אַ באָראָכאָוו-אַקאַדעמיע. צוליב דעם ווייל דער זאַל איז באַצייטנס געוואָרן איבערגעפֿולט, האָט די פּאָליציי-וואַך אין דרויסן אָפּגעשלאָסן די טירן און מער קיינעם נישט אַרײַנגעלאָזט. רינגעלבלום האָט געהאַט דערפֿון גרויס עגמת-נפֿש און ער האָט זיך פֿאַר זײַן פֿאַרשפּעטיקן אַליין באַשטראָפֿט. אין אַ פּראָסטיקער דרעצעמבער-נאַכט האָט ער אויף דער גאַס אַרומשפּאַצירט פֿאַר דער טעאַטער-געביידע ביזן סוף פֿון דער יאָרצייט-פֿייערונג. „אויב איך האָב פֿאַרשפּעטיקט" — האָט ער דערקלערט מיט פֿאַרדרוס — „וויל איך כאָטש אויף דעם אופֿן באַערן באָראָכאָווס אָנדענקען, אפֿילו ווען איך זאָל זיך דערבײַ פֿאַרקילן" . . .

לויט זײַן גאַנצען מהות איז רינגעלבלום געווען מער אַסקעט ווי בשר-ודם, מער אַ יושב-אוהל ווי אַ קהל'שער מענטש. ס'פֿלעגט זיך אים פֿונדעסטוועגן אַמאָל פֿאַרבענקען נאָך אַביסל עולם-הזה, נאָך אַביסל געזאַנג און פֿריילעכקייט. פֿלעגט ער אין אַזעלכע מאָמענטן קומען אין די קלוב-לאָקאַלן פֿון דער פּועלי-ציוניסטישער „יוגנט", כדי צוזאַמען מיט דער פֿריילעכער יוגנט-חברה אויסצוזינגען דעם גאַנצן רעפּערטואַר פֿון רעוואָלוציאָנערע לידער און פֿאָלקס-ניגונים. אָבער אויך אין אַזעלכע אָוונטן האָט ער נישט

געקענט איינגאַנצן זיך אָפּגעבן דעם געגוס פון „עולם־הזה" און נאָך אַלע געזאַנגען פלעגט ער בעטן די יונגטלעכע, אַז זיי זאָלן דערציילן פאָלקס־טימלעכע אַנעקדאָטן, אינטערעסאַנטע מעשה'לעך פון זייערע שטעטלעך, וואָס זיי געדענקען נאָך פון די חדר־יאָרן. דערביי פלעגט ער אַרויסציען זיין נאָטיץ־ביכל מיט אַ בלייפעדער און מיט גרויסער פייערלעכקייט פאַר־שרייבן אַלץ וואָס עס איז פאַר אים געווען ניי. „דאָס וועט צונוץ־קומען" — פלעגט ער זאָגן — „פאַר דער פאָלקלאָריסטישער סעקציע פון דער ייוואָ". מיט באַזונדערער התמדה פלעגט ער דאָס טאָן, ווען ער האָט דערהערט עפּעס אַן אַלטמאָדישן יידישן אויסדרוק, אָדער אַ שיין מעשה'לע מיט אַ מוסר־השכל.

## 5. רינגעלבלומס טעטיקייטן בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע און אין דער אונטערערדישער באַוועגונג

אַזוי איז זיך געגאַנגען רינגעלבלומס פאַרבנרייך לעבן מיט זיין אַלזייטיקער טעטיקייט און מיט שיינע חלומות וועגן דער צוקונפט, ביזן יאָר 1939, ווען די היטלער־באַנדעס זיינען אָנגעפאַלן אויף פּוילן און האָבן אונטערגעצונדן די וועלט מיט דער מלחמה־שרפה.

אין דער לעצטער וואָך פון חודש אויגוסט, ווען אייראָפּע האָט שוין געפיבערט מיט דייטשלאַנדס לעצטע מלחמה־צוגרייטונגען און פאַר דער וועלט איז שוין געווען קלאָר, אַז היינט־מאָרגן וועט זיך די היטלער־מאַשין פאַרמעסטן חרוב־צו־מאַכן פּוילן אַלס איר ערשטן קרבן — אין יענע טעג האָט זיך רינגעלבלום געפונען אין זשענעוו, שווייץ, אַלס איינער פון די דעלעגאַטן פון דער לינקער פּועלי־ציון־פראַקציע צום 21טן ציוניסטישן קאָנגרעס. צווישן די פּוילישע דעלעגאַטן איז געוואָרן אַ שטיקל פּאַניק. אַ טייל פון זיי האָבן דעמאָלט באַשלאָסן אַריבערצופאָרן קיין ארץ־ישראל און אַ טייל זיינען אַוועק קיין פּאַריז, אָדער קיין לאָנדאָן, כדי פון דאָרט צו דערגרייכן די פּאַראַיייניקטע שטאַטן. עמנואל רינגעלבלום האָט אויך געקענט טאָן דאָסזעלבע. ער האָט אָבער, גלייך ווי די איבעריקע דעלעגאַטן פון זיין פּאַרטיי־פראַקציע, געהאַלטן, אַז זיין פליכט איז דורך אומוועגן זיך אומצוקערן קיין פּוילן, כדי צו זיין, אין דער שעה פון גרויסן אומגליק, צוזאַמען מיט דער גאַנצער יידישער פאָלקסמאַסע.

די צוריק־רייזע קיין פּוילן איז געווען אַ לאַנגע און אַ שווערע. איבער איטאַליען אין פאַרשלאָסענע וואַגאָנען און דערנאָך שוין אַביסל פרייער איבער יוגאָסלאַוויען און ווידער אונטער פּאָליציייִשן קאָנטראָל דורך אונגאַרן, ביז ער איז צוזאַמען מיט אַסך אַנדערע דעלעגאַטן, אָנגעקומען

צו דער פוילישער גרענעץ שוין אין דער מלחמה. אויף דער פוילישער טעריטאָריע זענען מיר שוין געפאָרן אין א פינסטערן צוג, וועלכער איז פון צייט־צו־צייט באַמבאַרדירט געוואָרן פון דייטשע עראָפּלאַנען. אָבער, אויף צו־מאָרגנס נאָכן אָנקומען קיין וואַרשע, איז רינגעלבלום שוין געשטאַנען ביי זיין אַרבעט אין „דזשאָינט" און ער האָט שוין געפּלאַנט ווי אַזוי איבער־צושטעלן די דזשאָינט־טעטיקייטן אויף הילפס־רעלסן פאַר די מלחמה־געליטענע.

ס'האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן באַראַטונגען מיט געזעלשאַפטלעכע אָרגאַ־ניזאַציעס, ביי וועלכע רינגעלבלום האָט אַלס פאָרשטייער פונם „דזשאָינט" געשפּילט א זייער אָנגעזעענע ראָל. אויפן 6טן טאָג פון דער מלחמה, ווען וואַרשע איז שוין געווען ערנסט באַדראָט און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מאַסנהאַפטע עוואַקואַציע, האָט רינגעלבלום באַשלאָסן צו בלייבן אויף זיין פּאָסטן, סיי צוליב זיין אַרבעט אין דזשאָינט, סיי צוליב דעם וואָס ער איז צוזאַמען מיט נאָך צוויי חברים — מיט שכנא זאַגאַן, וועלכער איז אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע און מיט אַדאָלף בערמאַן, וועלכער האָט אונטער דער נאַצי־אָקופּאַציע אָנגעפירט מיט דער אונטערערדישער באַוועגונג — באַשטימט געוואָרן דורכן צ. ק. אַלס דער דריטער אינם טריומוויראַט וואָס דאַרף אין אַלע ענינים פאַרטרעטן דעם צ. ק. פאַר דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה.

ס'האָט זיך באַלד אָנגעהויבן די באַלאַגערונג פון וואַרשע און די דייטשע באַמבאַרדירונגען האָבן געהאָגלט מיט חורבן און טויט. א טייל דזשאָינט־טוער זיינען געוואָרן שווער פאַרוואונדעט. דאָס הויז אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען די דזשאָינט־אָפּיסעס איז חרוב געוואָרן און אויף רינגענבלומס גורל איז אויסגעפאַלן, ביים שיין פון די פייער־פלאַמען, איינשטעלנדיק זיין לעבן, צו ראַטעווען די וויכטיקסטע דאָקומענטן און מאַטעריאַלן פונם דזשאָינט. די באַלאַגערונג פון וואַרשע האָט זיך פאַר־צויגן לענגער ווי מען האָט לכתחילה גערעכנט און צענדליגער טויזנטער יידישע הארעפּשניקעס, וואָס האָבן געלעבט פון האַנט־אין־מויל־אַריין און האָבן נישט געהאַט קיין שום שפּייז־רעזערוון, האָבן אָנגעהויבן צו הונגערן. אין וואַרשע זיינען געבליבן שטעקן צענדליגער טויזנטער פּליטים, וואָס זיינען זיך צונויפגעלאָפן פון דער פּראָווינץ און זיי האָבן זיך געפונען אין א הילפלאָזער לאַגע. ס'איז פאַר רינגעלבלומען געוואָרן קלאָר, אַז מען קען נישט וואַרטן מיט דער הילפס־טעטיקייט פון דזשאָינט ביז נאָך דער באַמבאַרדירונג און בהסכם מיט די איבעריקע דזשאָינט־טוער רופט ער תיכף א הריננגדע באַראַטונג פון געזעלשאַפטלעכע טוער, אויף וועלכע עס ווערט באַשלאָסן שוין צוטרעטן צו גרינדן אין אַלע געגנטן פון וואַרשע אומ־

זיסטע פאָלקס-קיכן. די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס — די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, די האַנטווערקער פאַרבאַנדן און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס — גיבן־אָפּ זייערע דערווייל נאָך־גאַנץ־געבליבענע לאָקאַלן פאַר דער גרינדונג פון די קיכן און רינגעלבלום — צוזאַמען מיט די אַנדערע 2 איבערגעבליבענע דזשאָינט־טוער — דער אומגעבראַכטער ניישטאַט און ד. גוזיק, וואָס איז שוין נאָך דער באַפרייאונג פון פּוילן, אומגעקומען אין אַן עראָפּלאַן־קאַטאַסטראָפע, בעת ער איז גע־פלויגן אין אַ שליחות פונם „דזשאָינט" — שטעלן אַוועק אַ ברייטערן הילפס־קאָמיטעט- וועלכער קאָאָרדינירט אין זיינע ראַמען אַלע הילפס־צווייגן. די אָנגעלאָפענע פּליטים און די אָרטיקע נשרפים ווערן באַזאָרגט מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ, מיט מלבושים און מיט אַ טעלער זופּ. רינגעלבלום ווערט די נשמה פון דער גאַנצער הילפס־אַרבעט, ביי וועלכער ער ווייזט־אַרויס אַסך האַרציקייט, אַסך איניציאַטיוו און גלייכצייטיק אַסך ענערגיע. ער אַרבעט קנאַפּע 20 שעה אין מעת־לעת און פאַלט ממש פון די פיס — אָבער ער שטייט נישט אָפּ און דערמוטיקט נאָך אַנדערע מיט זיין אינטערעסנלאָזער איבערגעבענקייט.

וואַרשע איז געפאַלן. די דייטשן זיינען אַריין אין שטאָט און די נוים צווישן דער יידישער באַפעלקערונג ווערט ממש אין לשער. די הילפס־טעטיקייט, וועלכע האָט געמוזט אויסגעברייטערט ווערן, הויבט־אָן צו ליידן פון שטערונגען מצד די דייטשן און רינגעלבלום, וואָס האָט געקענט ריידן אַ גוטן דייטש, הויבט־אָן אינם נאָמען פון דזשאָינט אַרומצולויפן אין די דייטשע אמטן מיט אינטערווענציעס, אַז די הילפס־אַרבעט זאָל נישט געשטערט ווערן, ביז ער ווערט איינמאָל — בעת אַזאַ אינטערווענץ — ביז בלוט צעשלאָגן פון אַ ברוטאַלן דייטשן אָפיציר. אַ צעבלוטיקטער קומט ער דאַן צוריק אינם לאָקאַל פונם „צענטראַלן הילפס-קאָמיטעט" און שטעלט זיך גלייך צוריק צו דער אַרבעט. אים האָט לחלוטין נישט געאַרט זיין פאַרבלוטיקטער צושטאַנד — דאַגעגן האָט אים שטאַרק וויי־געטאָן די באַציאונג מצד דער דייטשער מאַכט צו די יידישע פאָלקס־קיכן און די טרויעריקע פערספּעקטיוו פונם פּוילישן יידנטום.

שפּעטער, ווען די דייטשן האָבן רעאַליזירט זייער טייוולאָנישן פּלאַן און האָבן אָפּגעשלאָסן 600,000 יידישע נפשות אין דער וואַרשעווער געטאָ, וואו עס האָט באַלד אָנגעהויבן צו בושעווען דער הונגער און דער טיפוס, אין יענער צייט האָט רינגעלבלום, דורך די אינסטאַנצן פון „צענטראַלן הילפס־קאָמיטעט", אָרגאַניזירט אין דער געטאָ די „הויז־קאָמיטעטן", וועלכע האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער זעלבסטהילף־טעטיקייט פון דער געפייניקטער יידישער באַפעלקערונג. און נאָך שפּעטער, ווען עס האָבן

זיך אָנגעהויבן צו מערן דעפּאָרטאַציעס, האָט ער זיך באַטייליקט אין די געהיימע באַראַטונגען פון אַלע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, אויף וועלכע עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו־צוגרייטן דעם באַוואָפנטן ווידערשטאַנד און פון דאַן־אָן און ווייטער גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער אונטער־ערדישער באַוועגונג.

אין מאַי־חודש 1943, ווען דער העראָישער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד איז שוין געווען אין פולן גאַנג, איז קיין לאָנדאָן אָנגעקומען אַן אונטער־ערדישע ראַדיאָ־טעלעגראַמע, אין וועלכער די יידישע קעמפער האָבן געבעטן הילף, און איינער פון די 3 אונטערגעשריבענע אונטער דער דראַמאַטישער טעלעגראַמע, איז געווען דר. עמנואל רינגעלבלום, וועלכער האָט גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער אָרגאַניזירונג פון געטאָ־אויפשטאַנד.

נאָך דער בלוטיקער ליקווידאַציע פונם אויפשטאַנד איז רינגעלבלום, נאָך צוזאַמען מיט צענדליגער אַנדערע פון זיינע חברים, פאַרשיקט געוואָרן אינם שקלאַפן־לאַגער פון פּאָניאַטאָוו, וואו עס איז שפּעטער אויך פאָר־געקומען אַ באַוואָפנטער אויפשטאַנד קעגן די דייטשע מערדער און צענדליקער קעמפער זענען צוזאַמען מיטן קאָמענדאַנט פונם פּאָניאַטאָווער אויפשטאַנד דעם פּועלי־ציון־טוער מלך פיינקינד — העלדיש אומגעקומען מיט געווער אין דער האַנט. רינגעלבלום איז אָבער, מיט 2 טעג פאַרן אויסברוך פונם אויפשטאַנד אין פּאָניאַטאָוו, דורך דער יידישער אונטער-ערדישער באַוועגונג פון דאָרט אַרויסגע'גנב'עט געוואָרן און איז איינגע־אָרדענט געוואָרן אינם אַרישן טייל פון וואַרשע אויף געפעלשטע דאָקו־מענטן אַלס געבוירענער „אַריער.״

אין זיין אונטערערדישער דירה אינם אַרישן טייל פון וואַרשע, האָט רינגעלבלום ווייטער פאָרטגעזעצט זיין אַרבעט — וואָס ער האָט נאָך געהאַט אָנגעהויבן אין געטאָ — פאַר דער שאַפונג פון אַ רייכן אַרכיוו. ער האָט געזאַמלט אַלערליי מאַטעריאַלן, דאָקומענטן און פאַקטן, וואָס האָבן אַ שייכות צום יידישן לעבן אין די געטאָס און צו דער היטלעריסטישער טאָטאַלער פאַרניכטונג פונם פוילישן יידנטום.

אונטער זיין דירעקטער אָנפירונג האָט די אונטערערדישע אַרכיוו-קאָמיסיע צונויפגעזאַמלט בערך הונדערט בענדער זכרונות, אין וועלכע יידן פון די פאַרשידנסטע שיכטן, שילדערן זייערע פיינפולע איבערלעבונגען אונטער דער בייטש פון דער דייטשער אָקופּאַציע. אחוץ־דעם האָט דער דראַמאַטיקער צענטראַלער אַרכיוו אָנגעזאַמלט פולע קאַסטנס מיט פאַרשידענע אָפיציעלע דייטשע דאָקומענטן בנוגע דער אויסראָטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג; הונדערטער ראַפּאָרטן, רעפּאָרטאַזשן און בעלעטריסטישע

שאפונגען, וואס טאלאנטפולע יונגע שפראצונגען, האבן געשאפן אין מאמענטן צווישן לעבן און טויט.

דר. רינגעלבלום האט אויך, לויט א באשלוס פונם „קאארדיניר־קאמיטעט" (א פארשטענדיקונגס־קאמיסיע צווישן דעם אונטערערדישן „יידישן נאציאנאלן קאמיטעט" און דעם אונטערערדישן קאמיטעט פון „בונד"), געשריבן „די געשיכטע פון דער יידישער קאמף-ארגאניזאציע אין פוילן".

צו די דאזיקע ארבעטן האט ער זיך באצויגן מיט דער העכסטער מאס פון פאראנטווארטלעכקייט. ער האט זיי באטראכט ממש פאר זיין לעבנס־ציל און זיך באין־אופן נישט געוואלט אפרייסן פון זיי. אזוי, למשל, האט די דעלעגאטור פון דער פוילישער גלות-רעגירונג אין לאנדאן, אין יאנואר 1944, דערהאלטן אין ווארשע א רשימה פון 19 יידישע אונטערערדישע טוער, וועלכע די פוילישע רעגירונג האט באשלאסן, מיט דער הילף פון דער פוילישער אונטערערדישער באוועגונג, ארויסצוראטעווען פון פוילן און צו ברענגען אויף א זיכערן ארט אין אויסלאנד. פון די 19 קאנדידאטן אויף געראטעוועט צו ווערן, האבן דעמאלט בלויז 3 נאך געלעבט און איינער פון זיי איז געווען דר. עמנואל רינגעלבלום. די פוילישע אונטערערדישע באוועגונג איז געווען גרייט די דאזיקע 3 אונטערערדישע פירער אריבערצופירן קיין אונגארן און פון דארט זיי צו טראנספארטירן ווייטער. אבער, אלע 3, ובתוכם רינגעלבלום, האבן זיך קאטעגאריש אפגעזאגט פון דער דאזיקער פריווילעגיע. רינגענבלום צוזאמען מיט דר. א. בערמאן און לייזער לעווין (דעמאלט א פירנדיקער חבר פון די רעכטע פועלי־ציון און היינט אין ארץ-ישראל א חבר פון דער פאראייניקטער פארטיי אחדות־העבורה־פועלי־ציון) — האבן געהייסן „דאנקען זייערע ארגאניזאציעס פארן געדענקען זיי", אבער, „דעם פארשלאג קענען זיי נישט אננעמען, ווייל זיי מוזן דערפולן זייער געזעלשאפטלעכן דינסט ביזן סוף."

רינגעלבלום האט פשוט מפקיר־געווען זיין לעבן, כדי צו דערפירן זיין ארבעט ביזן סוף. עס איז אים אבער נישט געווען באשערט פולשטענדיק צו פארענדיקן זיין הייליקע ארבעט.

דעם 1טן מערץ 1944 האט ער נאך אנגעשריבן דעם בארימטן ראפארט וועגן דער רייכער קולטור־טעטיקייט, וואס די געהיימע „יידישע קולטור־ארגאניזאציע" אין דער ווארשעווער געטא האט געפירט פאר דער גאנצער צייט פון איר הערואישער עקזיסטענץ. ער האט דעם דאזיקן היסטארישן דאקומענט, וועלכער האט זיינערצייט שטארק עושה־רושם־געווען, אונטערגעשריבן צוזאמען מיט חבר דר. אדאלף בערמאן — אדרעסירנדיק דעם דאזיקן ראפארט קיין ניו־יארק, צום „ייווא", צום פען־קלוב און צו שלום אש, י. יאפאטאשו, ה. לייוויק און דר. רפאל מאהלער.

אָבער, נאָך איידער די אונטערערדישע באַוועגונג האָט באַוויזן דעם בריוו אַרויסצופירן פון פּוילן — האָט די בלוטיקע „געשטאַפּאָ" — דעם 6טן מערץ 1944 אַנטדעקט דעם אונטערערדישן קעלער, אין וועלכן רינגעל־בלום האָט געלעבט צוזאַמען מיט זיין פרוי און זייער 12־יאָריקן זון, און מיט נאָך אַנדערע 35 „אַריער", לרוב פון דער יידישער אינטעליגענץ.

די „געשטאַפּאָ", לויט ווי עס האָט געמעלדעט דער אונטערערדישער ראַ־פּאָרט, האָט געוואוסט ווער און וואָס עס איז רינגעלבלום—הגם ער מיט זיין משפחה האָבן געהאַט אַרישע דאָקומענטן. מען האָט זיי דערפאַר שווידערלעך געמאַטערט און געפּייניקט מיט אַלע סאַדיסטישע געשטאַפּאָ־מעטאָדן, אַז זיי זאָלן אַרויסגעבן דעם אַרכיוו, אָדער לכל־הפחות אויסזאָגן וואו ער גע־פינט זיך.

קיינער פון זיי האָט זיך אָבער נישט איינגעבראָכן. ווי אמת'ע קדושים האָבן זיי אַריבערגעטראָגן אַלע אוממענטשלעכע פּייניקונגען מצד די דייטשע סאַדיסטן. זיי האָבן עקשנותדיק געשוויגן און מיט גרויסער העלדישקייט געוואַרט אויף זייער מאַרטירער-טויט.

די „געשטאַפּאָ" האָט צו־מאָרגנס, דעם 7טן מערץ 1944, אַרויס־געפירט אירע 38 קרבנות אויף די חורבות פון דער וואַרשעווער געטאָ און דאָרט זיי אַלעמען דערשאָסן.

אויף די חורבות פון געטאָ, וואו רינגעלבלום האָט במשך פון 3 און אַ האַלבע מלחמה־יאָרן, געפירט אַן אינטענסיווע קולטור-טעטיקייט און אַ ברייט־פאַרצווייגטע הילפס־אַרבעט; וואו ער האָט, אין די 20 יאָר פון פּוילנס אומאָפּהענגיקער מלוכה'שער עקזיסטענץ, געשטרעבט צו אַ שענערן און בעסערן מאָרגן; וואו ער האָט געשאַפן קולטור-ווערטן און זיין שפרודלדיקע ענערגיע פאַרווענדעט אינם קאַמף פאַר דער קולטורעלער דערהויבונג פון די יידישע פאָלקס-מאַסן; אויף די חורבות פון די נאַלעווקיס גענשע און סמאָטשע, וואו עס האָט געברויזט מיט אַן אייגנאַרטיקן יידישן פאָלקס־לעבן — דאָרט האָט ער אויסגעהויכט זיין שיינע און איידעלע נשמה.

עמנואל רינגעלבלום, וואָס האָט שיין און ערלעך געלעבט, איז טראַגיש און ביי דראַמאַטישע אומשטענדן געפירט געוואָרן צו זיין הינריכטונג. ער איז געפאַלן מיט אַ העראָאישן טויט — מיט אַ טויט פון אַ קדוש, מיט אַ מאַרטירער־קראַנץ אויף זיין שיינעם בלאָנדן קאָפּ און מיט אַ פאַרגליווערטן טראַגישן שמייכל אויף זיין ליכטיקן פּנים.



# אריה־לייב האַלענדערסקי

לייב האַלענדערסקי — אָדער אריה, ווי מען האָט אים גערופן לויט איינעם פון זיינע פּאַרטייאישע פּסיידאָנימען — איז פון אַלע שטאַנדפּונקטן געווען איינער פון די אינטערעסאַנטסטע פיגורן אין דער כמעט־40־יאָריקער געשיכטע פון דער פּועלי־ציון באַוועגונג און איינער פון די פּאַרבנרייכסטע פּערזענלעכקייטן אויפן באָדן פון דעם יידישן־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּוילן.

איינער פון דער אַלטער גוואַרדיע, קאָן מען אויף אים זאָגן מיט רעכט — הגם יונג אין גייסט און פול מיט טעמפּעראַמענט ביז אין די סאַמע לעצטע שעה׳ן פון זיין באמת קעמפערישן לעבן.

צו דער אַלטער גוואַרדיע פון פּועלי-ציון־קעמפער, האָט ער געהערט ניט בלויז דערפאַר, וואָס ער איז נאָך מיט 40 יאָר צוריק געשטאַנען ביים וויגעלע פון דער פּוילישער פּועלי ציון פּאַרטיי; ניט בלויז דערפאַר ווייל ער האָט געהערט צו די אַלטע פּועלי ציון פּיאָנערן נאָך פון דער וויגעלע־עפּאָכע, נאָר דערפאַר — און טאַקע דער עיקר דערפאַר — ווייל ער האָט פּאַרמאָגט די אַלע כאַראַקטער־שטריכן און אַטריבוטן, מיט וועלכע עס האָבן זיך אויסגעצייכנט אַלע אידעאַליסטישע קעמפער, פון יענער ראָמאַנטישער עפּאָכע אינם אָנהויב פון היינטיקן יאָרהונדערט, וועלכע געהערן שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט.

די אידייע, וואָס האָט אים אינספּירירט, איז ביי אים געווען דער דאָמינירנדיקער פאַקטאָר ביים באַשטימען זיין באַציאונג צו דער באַוועגונג, מיט וועלכער ער האָט זיך פאַרבונדן אויף זיין גאַנץ לעבן-לאַנג, בעת אַלע אַנדערע, וואָס דרינגט אַרויס דערפון, סיי די ליכטיקע, סיי די שאָטנדיקע זייטן אינם געזעלשאַפטלעכן לעבן, זיינען פאַר אים שטענדיק, אונטער אַלע אומשטענדן, געווען בלויז נעבנזאַכן, אָפטמאָל אומפאַרמיידלעכע באַלאַסט-דערשיינונגען, מיט וועלכע דער אמת׳ער קעמפער, דער גלויביקער אידעאַליסט, רעכנט זיך קיינמאָל ניט.

געקומען צו דער באַוועגונג איז ער פון דער בירגערלעכער וועלט, פון אַ האַלב־אַסימילירטער סביבה. ער האָט אָבער די אַרבעט געמאַכט פאַר זיין לעבנס־פּרינציפּ און דאָס אויסלעבן זיך אין דער נאַציאָנאַלער קולטור פון די ברייטע פאָלקס־שיכטן איז גיך געוואָרן זיין נאַטירלעך באַדערפעניש.

שטענדיק אַלע זיינע פעאיקייטן, זיין וויסן, זיין ענערגיע און זיין אינטעלעקט אינם דינסט פון יידישן אַרבעטער־קלאַס, אינם רשות פון דער באַוועגונג, האָט ער פונדעסטוועגן קיינמאָל ניט געזוכט קיין באַלוינונג דער־

פאַר, ניט אין דער פאָרם פון עפנטלעכער אָנערקענונג אָדער דאַנקבאַרקייט און ניט אין דער פאָרם פון באַקומען אַ וועלכע עס איז מאַטעריעלע באַ־פרידיקונג. די באַוועגונג איז ניט געווען פאַר אים, נאָר ער איז געווען פאַר דער באַוועגונג.

קנאַפּע 40 יאָר האָט ער באַקליידעט אַלע מעגלעכע אמטן, וואָס אַ יידישע אַרבעטער־באַוועגונג איז אומשטאַנד צו געבן אירע טוער, אָבער קיינמאָל אין דער גאַנצער געשיכטע פון זיין טעטיקייט איז ניט געווען דער פאַל, אַז ער זאָל זיך, ווי עס איז ליידער אָפט דער פאַל ביי אַ סך אַנדערע, רייסן צו אַן אמט, צו אַ טיטל, אָדער ער זאָל זיך אַליין פאָרליגן . . .

ער איז געווען אַ מיטגליד אינם ערשטן אומלעגלאַן „פאַרבאַנדס־קאָמי־טעט" פון דער פּועלי ציון פּאַרטיי אין פּוילן, בעת פּוילן האָט זיך נאָך גע־פונען אונטער דער צאַרישער אָקופּאַציע. ביז צום אויסברוך פון דער לעצטער מלחמה, איז ער אַן איבערררייס געווען דער שליח־ציבור פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אינם לאָדזשער שטאָטראַט: ער איז אַלע יאָרן פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט געווען אַ מיטגליד אין דעם הויפּט־ראַט פון דער פּועלי ציון פּאַרטיי: געווען אַ שטענדיקער מיטגליד פונם לאָדזשער שטאָ־טישן און ראַיאָנעם פּועלי ציון קאָמיטעט; פאָרזיצער פון באָראָכאָוו־שול־קוראַטאָריום; פאָרוואַלטונגס־מיטגליד אינם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע און געהאַט צענדליקער אַנדערע אמטן, אָבער אומע־טום איז ער אויסגעקליבן געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פון אַנדערע, לויט דעם ווילן פון דער מאַסע און אָפּטמאָל קעגן זיין אייגענעם ווילן.

ער איז ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער רעדנער. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געריסן צום עמוד, ער האָט שטענדיק גענומען אַ וואָרט, נאָר ווען עס איז געווען נויטיק, ווען עס איז קיין אַנדערער ניט געווען אנשטאָט אים, ווען ער האָט זיך ניט געטאָרט אָפּזאָגן דערפון. אינם ריידן האָט ער פיינט געהאַט — בפירוש פיינט געהאַט — זיך צו באַנוצן מיט רעדנערישן פייער־ווערק . . . יעדע פּוסטע פראַזע איז אים געווען דערווידער און מיט קיין רעטאָרישע קונצן האָט ער זיך ניט באַנוצט. זיינע רעדנערישע מיטל — סיי אינם שטאָט־ראַט, סיי אויף פּאַרטיי פאַרזאַמלונגען און סיי ביי אַנדערע עפנטלעכע ארויסטריטן — זיינען געווען פאַקטן, ציפערן, ערנסטע טענות און לאָגישע אויספירן, מיט וועלכע ער האָט געזוכט צו איבערצייגן זיינע צוהערער.

ניט ווירקן האָט ער געפּרוואווט — נאָר איבערצייגן, ניט אַפּלאָדיסמענטן האָט ער געזוכט, נאָר אַרויסזאָגן דעם אמת.

און ווען אַנדערע האָבן, למשל, אויף פּאַרטיי צוזאַמענפאָרן, אויף הויפּט־ראַט־זיצונגען, אויף שטאָטישע קאָמיטעט־זיצונגען — פריער, פאַר אים,

באקומען דאס ווארט און ארויסגעזאגט דאס וואס ער האט בדעה געהאט צו זאגן, האט ער זיך פון „ווארט" צוריקגעצויגן, ניט געוואלט איבעריקע צייט צונעמען ביים עולם, זיך געהיט פון איבערחזרן, איבערקייען וואס אנדערע האבן שוין געזאגט און אויך קיינמאל ניט געפרואווט, מיט וואס מען באגעגנט זיך אזוי אפט אינם געזעלשאפטלעכן-פאליטישן לעבן, דווקא אויפצוסטריגעווען אן „אייגענע מיינונג", כדי צו ציען אויף זיך די אויפ־מערקזאמקייט . . .

---

ער איז אפטמאל אפגעזעסן שעה'ן־וויז, זיך אויפמערקזאם צוגעהערט צו אלעמען, וואס אנדערע האבן געזאגט און אליין געשוויגן ווי א געשוואוי־רענער שותק — צו דערזעלבער צייט ווען אנדערע רעדנער האבן אפטמאל ליב זיך אליין און זייערע פארערדנער איבערצוחזרן ביז חלשות . . .

ער איז פון אלעמען רעספעקטירט געווארן, אפילו ווען מען האט מיט אים ניט מסכים געווען, און ער האט תמיד אלעמען אפגעצאלט מיט דער־זעלבער מטבע: ער האט, אן שום אנשטעל, נאר ווי אן אינערלעכער קול־טור־געבאט, רעספעקטירט זיינע מיטמענטשן, זיינע מיט־ארבעטער, אפילו ווען זיי זיינען געווען פון א שוואכערן קאליבער און ער האט קיינמאל ניט מבטל געמאכט יענעמס מיינונג.

אים איז געווען פולשטענדיק פרעמד דער ברוטאלער מעטאד פון גע־וויסע טיפן, וועלכע פרואוון אין פארטייאישן קאמף, אדער אפילו אין דער איי־גענער סביבה, מיט ביליקע מיטלען ארונטערצורייסן זייערע קעגנער, אדער לעבערלעך צו מאכן זייערע נאענטע, כדי זיי אליין זאלן אויף דעם אופן ארויסקומען כלומרשט העכער, שענער, קלוגער, צי גאר באגאבטער . . .

ער איז געווען קארעקט אין זיין באציאונג צו אנדערע. אויפריכטיקייט געפארט מיט טאקט — דאס איז געווען זיין כאראקטער־שטריך. ערלעכקייט לגבי אנדערע און לגבי זיך אליין געפארט מיט קריטישן באנעמען — איז געווען זיין ליניע און גראדליניקייט ביז צום גראד פון תמימות איז געווען זיין געדאנקען־גאנג.

אט די אלע אויסגערעכנטע נאטירלעכע אייגנשאפטן זיינע, האבן אים אבער לחלוטין ניט געשטערט אינם פערמאנענטן קאמף, וואס ער האט הע־כער צוויי צענדליק יאר געפירט קעגן דער רעאקציע, קעגן די פוילישע אנטי־סעמיטן און קעגן די דייטשע פאשיסטן, אויף דער טריבונע פונם לאדזשער שטאטראט.

ענדעקישע פויסטן האבן זיך געבייליט, די דייטשע נאציסטן האבן זיך קעגן אים מיט בענקלעך געווארפן, בעת ער האט שארף אטאקירט די רעאק־ציאנערע שטאטראטמערהייט און ער איז זיך רואיק געשטאנען אויף דער

טריבונע און פאַרטגעזעצט זיין אַבסטרוקציע, אָדער זאַכלעך געמאָנט די רעכט פון די יידישע פאָלקסמאַסן. און אפילו, ווען צווישן דער פויליש-דייטשער אַנטיסעמיטישער מערהייט און דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־פליגל אויפן פאַרום פונם לאָדזשער שטאָט־ראָט איז אויסגעבראָכן אַ בלוטיק געשלעג, איז ער אַ פאַרוואונדעטער, אַ פאַרבלוטיקטער, אָבער אַ רואיקער, וויטער געשטאַנען אויף זיין קאַמפּס־פּלאַץ, מיט די הענט זיך פאַרטיידיקט און מיט טעמפּעראַמענט פאַרטגעזעצט זיין באַשולדיקונגס־רעדע קעגן די שונאים פון די פאָלקס-מאַסן.

זיין יידישער נאָמען לייב איז אין דער מעטריקע געווען איבערגעזעצט אויף פּויליש „לעוו", און זיינע פּאָליטישע קעגנער פון בירגערלעך־אַנטי־סעמיטישן לאַגער האָבן געמיינט, אַז זיי באַליידיקן אים ווען זיי האָבן אים, אין אַזאַ מאָמענט, צוגערופן, אַז ער איז אַ ווילדער לייב („דזשיקי לעוו"). דערויף האָבן זיינע אָנהענגער געענטפערט, אַז ניט קיין ווילדער לייב איז ער, נאָר אַ קעמפּפענדיקער לייב, וואָס פאַרטיידיקט זיך קעגן די ווילדע אָנפאַלער.

דערזעלבער קעמפּפענדיקער לייב איז אָבער זייער אָפט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מילד, גוטמוטיק שעפעלע, ווען ער איז אַרויפגעקומען אין דער באַראַכאָוו־שול, אָדער אין קינדער־היים, צי גאָר אויף אַ פאַרווייַלונג פון דער קינדער-אָרגאַניזאַציע — אין „יונגבאָר".

מיט טיפער מענטשלעכער גוטסקייט האָט זיין בליק, זיין גאַנצער וועזן, געשטראַלט, ווען דאָס קליינוואַרג האָט אים אַרומגערינגלט און אַרויפגע־קוקט צו אים ווי צו אַ נאָענטן, ווי צו אַן אייגענעם . . .

זיין באַציאונג צו קינדער, פּונקט ווי צו מענטשן בכלל, איז ניט געווען קיין אויסגערעכנטע, ניט צוליב „טאַקטישע מאָטיוון", נאָר זי איז געווען אַ נאַטירלעכער פּועל־יוצא פון זיין מענטשן-ליבע, פון זיין טיפן גלויבן אינם מענטשלעכן מין, פון זיין ממש־קינדערישער תמימות און גרענצלאָזער גראָד־ליניקייט.

די דאָזיקע גראַדליניקייט, וואָס איז ביי אים געווען אַן אינערלעכער געבאָט פון זיין נשמה, אַ לעבנס־געזעץ, האָט אים שטענדיק געדרינגט ווי אַ קאָמפּאַס אינם שווערן לעבנס־וועג, אָבער, סוף-כל־סוף, אינם יאָר 1939, האָט זי, די גראַדליניקייט, אים פאַרפירט אונטער די קראַטעס פון דער בלוט־טיקער „געשטאַפּאָ" און ער האָט צוליב דעם באַצאָלט מיט זיין לעבן.

ער איז לכתחילה אַנטלאָפן פון לאָדזש, אָבער ווען די דייטשע האָרדעס האָבן אים דעריאָגט אין וואַרשע, האָט ער זיך אומגעקערט אַהיים, כדי צו

טיילן דעם גורל פון דער לאָדזשער יידישער פאָלקס־מאַסע. ווען ער איז אין לאָדזש אַרעסטירט געוואָרן פון דער „געשטאַפּאָ", האָט ער נאָך אַלץ געהאַט די מעגלעכקייט זיך אַרויסצורייסן פון אירע נעגל. די בלוט־הינט האָבן אים באַפרייט אויף עטלעכע שעה, כדי ער זאָל ברענגען אין אָרדנונג זיינע פּרי־וואַטע ענינים. אָבער, ער האָט געמוזט געבן דאָס „ערנוואָרט", אַז ער וועט צו דער באַשטימטער צייט צוריקקומען.

גראָדליניק, ערלעך בית תמימות'דיקייט, האָט זיך אים גאָרניט געלייגט אויפן שכל, אַז לגבי דייטשע תליונים מוז מען ניט האַלטן קיין ערנוואָרט און ער איז צוריקגעקומען צו זיי, כדי שוין מער קיינמאָל ניט צו זען די פרייהייט.

זיי, די ציניקער, האָבן אים דערנאָך, אַלס באַלוינונג פאַרן האַלטן דאָס ערנוואָרט, פאַרשיקט קיין דאַכאַו און פון דאָרטן קיין אָראַניענבורג, פון וואַנען קיינער פלעגט שוין מער ניט צוריק־קומען קיין לעבעדיקער.

זיי, די געשטאַפּאָ־מערדער, האָבן אים געמוטשעט, געמאַטערט, גע־פּאַלטערט, ביז זיי האָבן אים פאַרמוטשעט צום טויט, ביז ער האָט דעם 7־טן אַפּריל, 1940, אויסגעהויכט זיין ריינע, ערלעכע, מענטשנליבנדיקע און קעמפערישע נשמה.

# אברהם פריינט

אברהם (אדאָלף) פריינט האָט געהערט צו דער פּועלי־ציון־באַוועגונג זינט דעם יאָר 1909, ווען ער איז אין לעמבערג אַריינגעטרעטן אין אונ־זער „יוגנט"־באַוועגונג, נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט דעם לערער־סעמינאַר. ביז 1919 איז ער געווען טעטיק אין אונזער גאַליצישער „יוגנט"־באַוועגונג, אַלס פאָרזיצער פון דער לעמבערגער אָרגאַניזאַציע און אַלס מיטגליד פונם צ. ק. „יוגנט". — אין 1919 האָט אים דער צ. ק. פון דער פּוילישער פּאַרטיי אַרויסגערופן קיין וואַרשע, וואו ער איז יאָרן־לאַנג געווען טעטיק אין דער יוגנט, אין דער קינדער־אָרגאַניזאַציע „יונגבאָר", אין דער קאָ־אָפּעראַטיווער באַוועגונג און אין דער שול־אָרגאַניזאַציע. אויף אַלע געביטן — און באַזונדערס אינם „יונגבאר" — האָט ער געהאַט גרויסע פאַרדינסטן און האָט אַ סך געלייסטעט פאַר דער דערציאונג פון די קינדער און יוגנטלעכע אינם גייסט פון פּועלי־ציוניזם.

# לאזער סטאליאר

לאָזער סטאָליאַר, דער 60־יאָריקער סטאָליאַר־אַרבעטער לאָזער ריכטער, וועלכער איז נאָך ביים לעבן געווען אַ לעגענדאַרע פּערזענלעכקייט, צוליב־דעם וואָס ער איז איבער 40 יאָר געשטאַנען אין די פֿאָדערשטע רייען פֿונם יידישן אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן, איז באמת געווען איינער פֿון די שענסטע טיפּן און אינטערעסאַנטסטע געשטאַלטן אין דער פּילפאַרביקער יידישער אַרבעטער באַוועגונג.

נאָך אין די סאַמע ערשטע יאָרן פֿונם איצטיקן יאָרהונדערט האָט ח׳ לאָזער סטאָליאַר שוין געהערט אין ווארשע צום פּראָגרעסיוו־דעמאָקראַ־טישן ציוניסטישן קרייז „התחיה", פֿון וועלכן עס האָט זיך שפּעטער אויס־געטיילט אַ גרופּע פֿון 70 מאַן מיט אַ באַזונדערן פּועלי־ציוניסטישן פּראָ־גראַם. אין 1905 האָט זיך די דאָזיקע גרופּע, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון יצחק טאַבענקין, בן־ציון ראַסקין און לאָזער סטאָליאַר, קאָנסטיטואירט אַלס זעלבסשטענדיקער פּועלי־ציון־קרייז מיט אַן אייגענעם סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישן פּראָגראַם. פֿון דעמאָלט־אָן, ביזן לעצטן מאָמענט, האָט זיך פֿאַר לאָזערן אָנגעהויבן דער פּעריאָד פֿון אַקטיווער און אַלזייטיקער טעטיקייט פֿאַר דער פּועלי־ציון באַוועגונג. מיט אַ באַזונדערן אינטערעס האָט זיך לאָזער סטאָליאַר געווידמעט דער פּראָפֿעסיאָנעלער טעטיקייט, אָרגאַניזירנ־דיק — אין די באַדינגונגען פֿון צאַריסטישן רוסלאַנד — אומלעגאַלע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען אונטער דער קאָנטראָל פֿון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי. ח׳ לאָזער איז דורך די צאַרישע זשאַנדאַרמען עטלעכע מאָל אַרעסטירט געוואָרן פֿאַר זיין פּאָליטישער און פּראָפֿעסיאָנעלער טעטיקייט — אָבער יעדעס מאָל, נאָכן אַרויסקומען פֿון תפיסה, פֿלעגט ער זיך אויפֿסניי נעמען צו זיין באַליבטער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט. במשך פֿון זיין גאַנצן לעבן האָט ער עס געהאַלטן פֿאַר זיין מיסיע צו אַגיטירן יעדן איינעם און צו פּראָפּאַגאַנדירן פֿאַרן פּועלי־ציוניזם. דאָס האָט ער געטאָן, סיי ווען ער איז געווען אויף דער פֿריי, סיי ווען ער איז געזעסן אין תפיסה. אפילו מערדמן — דעם פֿאַרשטאָרבענעם טעאָרעטיקער פֿון „בונד" — האָט ער, זיצנדיק אַמאָל צוזאַמען מיט אים אין אַ צאַרישער תפיסה, גע־פּרוּווט אַריבערצוציען אויף דער זייט פֿונם פּועלי־ציוניזם.

לאָזער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אייזערנער לאָגיק פֿון אַ פּשוטן אַרבעטסמענטש, מיט אַ געוואַלדיקער איבערגעבנקייט צום ארץ־ישראל־אידעאַל און מיט אַ שטאַרקער עקשנות אין דער טאָג־טעגלעכער אָרגאַני־זאַציאָנעלער אַרבעט. אַ דאַנק זיין אומדערמידלעכער אַרבעט האָבן די

יידישע האָלץ-ארבעטער אין ווארשע, זייט לאַנגע יאָרן געהאַט אַ שטאַרקן פּראָפעסיאָנעלן פאריין, פון וועלכן ער, לאָזער, איז כמעט זיין גאַנצן באוואוסטזייניקן לעבן, געווען דער פירער. ער האָט שטענדיק ממש געַ־אָטעמט מיט די אינטערעסן פון די יידישע האָלץ־און־בוי ארבעטער, זיי אָרגאַניזירט און געפירט צום קאַמף אונטער די שווערסטע באַדינגונגען.

לאָזער סטאָליאר האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעשטעלט פאר קיין שום פערזענלעכע געפאַרן, אַזוי אַז אפילו ווען ער האָט אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געדינט אלס סאָלדאַט אין דער צארישער ארמיי, האָט ער נישט גערוט קיין מינוט, נאָר די יידישע סאָלדאַטן אגיטירט פארן פועלי־ציוניזם און די נישט־יידישע פאר דער סאָציאלער רעוואָלוציע און ווי אַ מאָראַלישע באַלוינונג פאר דער דאָזיקער ארבעט, איז ער טאַקע אין 1917 אויסגעקליבן געוואָרן פון דער מיליטערישער אָפּטיילונג אין וועלכער ער האָט געדינט, אלס דעלעגאַט צום ערשטן מאָסקווער סאָוויעט פון אר-בעטער, סאָלדאַטן און פויערים.

נאָכדעם ווי ער איז דעמאָביליזירט געוואָרן פון דער צארישער אר־מיי, לאָזט ער זיך צוריק קיין פוילן און אויפן וועג באַטייליקט ער זיך אקטיוו אין דער פועלי־ציון־ארבעט פון די אָרגאַניזאַציעס אין באָרקאָוו, וויטעבסק און אין מאָהילעוו אויפן דניעפּר.

באַזונדערס פרוכטבאר איז געווען זיין טעטיקייט אין ווארשע, אין דער תקופה פונם אומאָפּהענגיקן פוילן ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אחוץ זיין פירערשאַפט אינם האָלץ־פאריין, איז ער אַלע יאָרן געווען אַ מיטגליד פונם ווארשעווער פועלי-ציון־קאָמיטעט און פונם הויפּטראַט פון דער פּארטיי. ער האָט געארבעט פאר די באָראָכאָוו־שולן און איז געווען אקטיוו אין דער הויפּטפארוואַלטונג פון דער „געזעלשאַפט פריינט פונם ארבעטנדן ארץ־ישראל.” אומעטום איז ער געווען פון די ערשטע און פון די אַקטיווסטע און דערמיט זיך דערוואָרבן פריינט און אָנהענגער.

דעם 7־טן סעפּטעמבער 1939, ווען די היטלעריסטישע חיילות האָבן זיך דערנענטערט צו ווארשע, האָט ח' לאָזער צוזאַמען מיט אַנדערע אָנפירנדיקע חברים פארלאָזט די שטאָט. ער איז דערגאַנגען ביז קיין בריסק — אָבער ער האָט זיך באַלד אומגעקערט קיין ווארשע, כדי צו זיין צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער און כדי זיך צו באַטייליקן אין דער געזעלשאַפטלעכער ארבעט אונטער די נייע שווערע באַדינגונגען. איבער 2 יאָר האָט זיך לאָזער סטאָליאר געפונען אין ווארשע אונטער די שווערסטע באַדינגונגען פון נאַצישער אָקופּאַציע, ביז ער איז פון דאָרט, צוזאַמען מיט אַנדערע חברים, דעפּאָרטירט געוואָרן, און וואו ער איז אומ־געקומען מיט אַ מאַרטירער טויט.

# פּאָליע עלסטער

פּאָליע עלסטער איז נישט קיין אומבאַקאַנטער נאָמען. סיי אין די פאַרשידענע ראַפּאָרטן פון דער אונטערערדישער יידישער באַוועגונג, סיי אין דער פּרעסע פונם באַפרייטן פּוילן, איז איר נאָמען שוין אַסך מאָל דער־מאָנט געוואָרן אַלס קעמפערין און העלדין פונם אַלגעמיינעם וואַרשעווער אויפשטאַנד אינם 1944-טן יאָר.

פּאָליע עלסטער איז צום סוף פון 1926, צוזאַמען מיט אַ גרעסערער גרופּע גימנאַזיסטן, געקומען צו אונז פון „השומר־הצעיר" און זי איז באַלד דערפאַר „באַלוינט" געוואָרן פון רעאַקציאָנערן רעזשים מיט 2 חדשים זיצן אין דער „פּאַוויאַק"־תפיסה, דערפאַר, ווייל זי האָט פאַרן אַרויס־גאַנג פון אַ מיטל־שול פונאַנדערגעטיילט אַן אומלעגאַלן אויפרוף פון דער פּועלי־ציון־יוגנט, אין וועלכן די שול־יוגנט איז גערופן געוואָרן צו פייערן דעם אינטערנאַציאָנאַלן יוגנט-טאָג.

אַרויסקומנדיק פון תפיסה האָט זיך פּאָליע עלסטער מער נישט אומ־געקערט אין שולע אַריין, נאָר זי איז געוואָרן אַן אַרבעטערין און אָנגע־הויבן איר דערציערישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט אין די ראַמען פונם מיטלשילער־פאַרבאַנד „דער פרייער השומר". פון יענער צייט אָן האָט מען זי טאָג־איין טאָג־אויס, יאָר־איין יאָר־אויס, באַגעגנט אין אַלע פּאַרטייאישע טעטיקייטן. ווי אַ באַוועגלעכע סטאַטוע פון אַ גריכישער געטין, האָט זי געשוועבט אין די פרייע אָוונט-שעהן — אַמאָל אין „פרייען השומר" און אַמאָל אין די קלוב־צימערן פונם „יונגבאַר" — געבנדיק אינסטרוקציעס, פירנדיק שמועסן פאַר באַזונדערע קרייזן און נאָך אַלעמען געלאָפן אין פּאַרטיי־לאָקאַל צו אַ פאַרזאַמלונג פון „אַקטיוו", אָדער סתם זיך צו אינפאָרמירן וועגן די געשעענישן אינם לעבן פון דער פּועלי־ציון־משפחה.

אַזוי איז, כמעט אומבאַמערקט, פון דער יונגער גימנאַזיסטקע אויס־געוואַקסן אַן ערנסטע און רייפע אַרבעטער־טוערין, מיט גרויסע פּעדאַ־גאָגישע פעאיקייטן, מיט פּאָליטישן שוואונג און מיט נאָך גרעסערע באַגערן פאַר געזעלשאַפטלעכער עקספּאַנסיע. פּאָליע איז אין דער אַרבעט גייסטיק געוואַקסן און זי פאַרנעמט פון יאָר-צו־יאָר אַלץ העכערע פּאָזיציעס. זי ווערט אַ מיטגליד פונם וואַרשעווער פּועלי־ציון-קאָמיטעט, גייט־אַריין אינם צענטראַלן יונגבאַר־סעקרעטאַריאַט, ווערט אויסגעקליבן אַלס דעלעגאַטקע

צו די פּאַרטיי־צוזאַמענפאָרן און ווערט די אָנערקענטע פירערין פון דער „פרייער השומר״ באַוועגונג.

אזוי איז דאָס געווען ביז סעפּטעמבער 1939. שפּעטער, אונטער דער בלוטיקער נאַצישער אָקופּאַציע, ווערט זי פונם אונטערערדישן צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי באַשטימט אַלס אָנפירערין פון איינער פון די 5 קיכן וואָס פּועלי־ציון האָבן אין יענע יאָרן פאַרמאָגט און וועלכע האָבן גלייכצייטיק געדינט ווי צענטערן פאַר דער אונטערערדישער פּאָליטישער טעטיקייט. נאָך שפּעטער, ווען די דייטשע מערדער האָבן אָנגעהויבן דורכצופירן זייערע ליקווידיר־אַקציעס און עס זענען כסדר שיטערער געוואָרן די רייען פון אונזערע חברים, איז פאַליע עלסטער געוואָרן, צוזאַמען מיט הערש בערלינסקין, די נשמה פונם וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט. פון דעמאָלט־אָן באַגעגענען מיר אָפט איר נאָמען אין די געהיימע באַריכטן וואָס די וואַרשעווער חברים פלעגן אַרויסשיקן פון פּוילן. זי רעפּרעזענטירט די לינקע פּועלי־ציון-פּאַרטיי אין די פאַרשידנסטע בשותפותדיקע קאָמיסיעס פונם אונטערערדישן „יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט״, נעמט נאָר אַן אַקטיוון אָנטייל אין די צוגרייטונגען צום וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד און ווערט אויך די פאַרשטייערין פון לינקע פּועלי־ציון אינם געהיימען וואַרשעווער שטאַטראַט.

נאָך דער בלוטיקער ליקווידאַציע פונם אויפשטאַנד ווערט זי דעפּאָרטירט קיין פּאָניאַטאָוו, פון וואַנען די אונטערערדישע באַוועגונג ראַטעוועט זי אַרויס און אָרדנט זי איין אינם אַרישן קוואַרטאַל פון וואַרשע, וואו זי לעבט אַלס „אַריערין״ און פירט־אויס די פונקציע פון אַ „קוריער״, אַ פאַרמיטלערין, צווישן דעם צענטראַלן קאָמיטעט און די אַרבעטס־לאַגערן אויף דער פּראָווינץ. אַלס פאַרשטעלטע קריסטין פירט זי פונאַנדער די אונטערערדישע ליטעראַטור, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין וואַרשע און טיילט פונאַנדער צווישן די געהיימע אָנפיר־קאָמיטעטן אין די פּראָווינצער געטאָס און שקלאַפן־לאַגערן, די פינאַנציעלע הילף און ברענגט פון דאָרט צוריק די ידיעות וועגן דער צער־און־פּיינפולער וועגעטאַציע פון די יידישע אַרבעטס-שקלאַפן.

אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט זי כסדר מצליח־געווען. איר אויסערלעך גריכיש אויסזעען, איר האַלטונג, איר פּערפעקט באַהערשן די פּוילישע שפּראַך און אירע אַרישע דאָקומענטן, האָבן זי געשיצט און זי געזיכערט פון אַ דורכפאַל. איר איז אָבער נישט באַשערט געווען צו דערלעבן די באַפרייאונג פון נאַציזישן יאָך. און אפשר האָט זי שוין מער נישט געשטרעבט צו פערזענלעכער באַפרייאונג? האָט זי דאָך מיט אייגענע אויגן צוגעזען דעם גרויסן חורבן פון פּוילישן יידנטום און איינגעזאַפּט אין

איר טעמפעראמענטפולן וועזן די העכסטע באגערן פון בלוטיקער נקמה — טאַ ווי האָט זי געקענט שטיין מן־הצד ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער וואַרשעווער אויגוסט-אויפשטאַנד, בעת די רויטע אַרמיי איז שוין געשטאַנען אויף דער שוועל פון שוועד־געפּראוועטן וואַרשע? האָט זי טאַקע, צוזאַמען מיט אירע נאָענטסטע קאַמפס־חברים פון די לעצטע עטלעכע יאָרן, גענומען דאָס געווער אין אירע הענט, כדי כאָטש אינם לעצטן מאָמענט, צו קילן איר נאַציאָנאַלן שמערץ אינם חיהשן בלוט פון די פארשאָלטענע דייטשן, און דערביי אליין געפאַלן ווי א מוטיקע העלדין, ווי א פארוואונ־דעטע לייבעבע, וואָס האָט זיך נוקם־געווען פאַר אירע אומשולדיק אומ־געבראכטע קינדער.

# הערש בערלינסקי

אויך הערש בערלינסקיס העלדישער נאָמען האָט אָפט פיגורירט אין די העראָאישע באַריכטן פונם אונטערערדישן יידישן נאציאָנאַלן קאָמי־טעט. צוזאַמען מיטן שפּעטער העלדיש־געפאַלענעם קאָמענדאַנט פונם אויפ־שטאַנד אינם שקלאַפן־לאַגער פון פּאָניאַטאָוו מלך פיינקינד, האָט זיך הערש בערלינסקי — דער יאָרנלאַנגער פירער פון אונזער לאָדזשער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע — באַטייליקט אַלס פאַרשטייער פון לינקע פּועלי־ציון, אין דער ערשטער געהיימער באַראַטונג וואָס דער „החלוץ" האָט אין מערץ 1942 גערופן אין וואַרשע מיטן ציל צו שאַפן די „יידישע קאַמפּס־אָרגאַ־ניזאַציע" און פאַרנעמט דאָרט דעם אַמט פון א מיליטערישן אינסטרוקטאָר. שפּעטער, בעתן העראָאישן געטאָ־אויפשטאַנד אין וואַרשע, איז הערש בערלינסקי דער קאָמענדאַנט פונם קאַמפּס־באַטאַליאָן פון לינקע פּועלי־ציון און ער צייכנט זיך אויס מיט מוט און מיט העלדישקייט, מיט בראַוואור און מיט גרענעצלאָזער מסירת־נפש. אים געלינגט, נאָך דער בלוטיקער ליקווידאַציע פונם אויפשטאַנד, זיך דורכצוררייסן מיט א קליינע גרופּע פון זיין באַוואָפנטער אָפּטיילונג, דורך די קאַנאַליזאַציע־רערן אויף דער אַרישער זייט. און די אונטערערדישע באַוועגונג פאַרשאַפט אים שפּעטער אַרישע דאָקומענטן.

ווער איז דאָס געווען דער אומדערשראָקענער און העלדישער הערש בערלינסקי? פון וואַנען שטאַמט ער? און וואו האָט ער גענאָסן זיין דער־ציאונג?

הערש בערלינסקי — א קינד פונם לאָדזשער באַלוט — שטאַמט פון א וועבער־משפּחה. זיין פאָטער, אַלע זיינע ברידער און אויך ער אַליין זענען געווען וועבער־אַרבעטער. הערש האָט געענדיקט די לאָדזשער באַראָ־

כאָוו־שול און דאָרט איז ער אריינגעצויגן געוואָרן אין דער פּועלי־ציוניס־טישער קינדער־אָרגאַניזאַציע „יונגבאר״, וואו ער איז דערצויגן געוואָרן אינם גייסט פון קאמף פאר נאַציאָנאַלער פרייהייט און פאר דער פאַרווירק־לעכונג פון סאָציאַליזם.

ווען ער האָט געענדיקט די פאָלקסשול, איז ער שוין אלס 13־יאָריק יינגל געוואָרן א וועבער. נאָך געהערנדיק צום „יונגבאר״ האָט ער שוין געהערט צום פּראָפעסיאָנעלן פאריין און זיך באַטייליקט אין די פּראָפע־סיאָנעלע קאמפן פון זיין פאריין. פון „יונגבאר״ איז ער אריבער אין דער „יוגנט״־אָרגאַניזאַציע, וואו ער האָט מיט דער צייט פאַרנומען די פאַרשידנסטע אמטן אלס מיטגליד פונם לאָדזשער „יוגנט״־קאָמיטעט. במשך די קנאַפּע 15 יאָר וואָס ער האָט געהערט און איז געווען טעטיק אין דער „יוגנט״ און אין ״יונגבאר״, איז ער קיינמאָל נישט געווען אָן אן אָנ־פירנדיקן אמט—אחוץ דער צייט ווען ער האָט געדינט אין דער פּוילישער ארמיי. ער איז געווען פרעסע־קאָמיסאַר, האָט אָנגעפירט מיט דער יוגנט־מיליץ, יונגבאר־קאמענדאנט, רעפערענט פאר די פּראָפעסיאָנעלע יוגנט־סעקציעס, לעקטאָר אויף יוגנט־קרייזן, דעלעגאט צו די „יוגנט״ צוזאמענ־פאָרן און אזוי ווייטער.

ביים אויסברוך פון דער מלחמה, האָט ער ווי צענדליקער טויזנטער אַנדערע יונגע ארבעטער, איבערגעלאָזט אין לאָדזש זיין פרוי און קינד, גלויבנדיק, אז פרויען און קינדער וועלן די דייטשע בארבארן פונדעסטוועגן שוינען. פארן פארלאָזן לאָדזש, האָט ער נאָך אין דער לעצטער נאַכט, געהאָלפן פאַרגראָבן אונטער דער ערד די גרויסע „באָראָכאָוו״־ביבליאָטעק צוזאמען מיט אַלע רויטע פענער פון דער פּאַרטיי, „יוגנט״, „יונגבאר״ און פון די פּראָפ. פאריינען, כדי זיי זאָלן נישט אריינפאַלן צו די דייטשן און נאָך לאַנגע-לאַנגע וואַגלענישן האָט אים דער גורל געבראַכט אינם וואַר־שעווער געטאָ, וואו אים איז באַשערט געווען צו שפּילן, אזא העלדישע ראָל.

הערש בערלינסקי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט א רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט און צו דערזעלבער צייט מיט א זעלטענער זעלבסט־דיס־ציפּלין. מוט, גלויבן, כאַראַקטער־פעסטקייט און געטריישאַפט צו זיינע אידעאַלן — דאָס זענען געווען די בולטע שטריכען פון זיין גייסטיקן פאַר־מעגן. ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט איינגיין אויף וועלכע עס איז פשרות, ווען עס האָט זיך געהאנדלט וועגן פּרינציפּן — אָבער ער איז שטענדיק געווען גרייט זיך אונטערצוואַרפן די באַשלוסן פון דער מער־הייט און דיסציפּלינירט אויסצופירן די אינסטרוקציעס פון אָנפירנדיקע אינסטאַנצן. אָט אזוי איז ער געווען טריי צו זיך, צו זיינע כאַראַקטער־איינגנשאַפטן, סיי אין די נאָרמאַלע צייטן, סיי אין די געטאָ־באַדינגונגען און

סיי ווען עס האָט — בעת דעם אַלגעמיינעם וואַרשעווער אויפשטאַנד — געשאַלט דער רוף צום לעצטן קאַמף, און וועלכן ער איז געפאַלן ווי אַ העלדישער קעמפער פון דער אומשטערבלעכער פועלי-ציון־מחנה אין פוילן.

# אליהו ערליך

דער יוגנטלעכער עלעק ערליך — איז געווען אַ קינד פון דער וואָ־לינסקע־גאַס אין וואַרשע, וואָס דאָס מיינט: אַ קינד פון דער אָרעמקייט. ער האָט געענדיקט די 7־קלאַסיקע באָראָכאָוו־שול אויף זאַמענהאָף 6. נאָך אַלס שילער האָט ער שוין געהערט צום „יונגבאַר" און אין 1934, אַלס 15־16 יאָריק ייִנגל איז ער שוין געווען אַן אינסטרוקטאָר פון דערזעלבער אָרגאַניזאַציע וואָס האָט אים דערצויגן. ער איז פרי געוואָרן אַן אַרבעטער ביי דאַמען־האַנט־טאַשן, כּדי מיט זיינע פאַרדינסטן צוצוהעלפן צו דער פּרנסה פון זיין פאָטער. שפּעטער איז ער פון דער יונגבאַר-אַרבעט איבערגעגאַנגען צו די אַקטיוויטעטן אין דער וואַרשעווער „יוגנט", צו־ערשט אין דער יוגנט־סעקציע פון פּראָפ. פאַריין פאַר לעדער־אַרבעטער, וואָס איז געשטאַנען אונ־טער דער השפּעה פון די קאָמוניסטן און אים איז דאָרט אויסגעקומען אויס־צושטיין אַ סך שיקאַנעס מצד די רויטע פאַר זיין פאַרשפּרייטן דאָרט דעם פועלי־ציוניסטישן יוגנט־אָרגאַן „די פרייע יוגנט". דערנאָך האָט ער זיך געווידמעט דער דירעקטער אינערלעכער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט אין דער „יוגנט" גופא און האָט אין משך פון אַ קורצער צייט זיך אַרויפגעאַרבעט ביז צום אַמט פון אַ קאָמיטעט-מיטגליד אין דער וואַרשעווער „יוגנט". מיט אַ באַזונדערן אינטערעס און איבערגעגעבנהייט פלעגט ער זיך פאַרנעמען, אין דער צייט ווען אונזער באַוועגונג אין וואַרשע האָט פאַרלוירן איר לעגאַליטעט, מיט יענע געביטן פון אַרבעט, וועלכע זענען געווען פאַרבונדן מיט דער געפאַר פון פאַרלירן די פּערזענלעכע פרייהייטן. ער פלעגט אָרגאַ־ניזירן די פלי־דעמאָנסטראַציעס בעת די אינטערנאַציאָנאַלע יוגנט־טאָג־פייערונגען און אָנפירן מיט די קלעב־בריגאַדעס, וואָס פלעגן פונאַנדער־קלעבן אויף די וואַרשעווער מויערן די אומלעגאַלע אויפרופן און לאָזונגען פון דער פועלי־ציוניסטישער „יוגנט".

אליהו — אָדער עלעק — ערליך האָט זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט אומדערשראָקנקייט און מיט דרייסטקייט. קיין איין פרייע שעה, נאָך דער אַרבעט אין וואַרשטאַט, האָט ער קיינמאָל נישט אויסגענוצט פאַר זיך, נאָר די גאַנצע צייט אָוועקגעגעבן פאַר דער „יוגנט". ער האָט זיך אויסגע־צייכנט מיט אַן אייביקן אָפּטימיזם און אויף אַלעמען רעאַגירט מיט אַ גוטמוטיקן, אָבער עטוואָס סאַרקאַסטישן שמייכל. נישט די אָרעמקייט אין

שטוב, נישט קיין ציטווויליקער קריזיס אין דער אָרגאַניזאַציע און אַפילו נישט דער אויסברוך פון דער מלחמה, האָבן אים נישט געקענט אַרויס־ברענגען פון די כלים . . . ער האָט שטענדיק אָנגעהאַלטן זיין פיל־זאָגנדיקן שמייכל און אַנדערע אָנגעשטעקט מיט זיין אָפּטימיסטישן בליק.

דעם היסטאָרישן 7טן סעפּטעמבער 1939, ווען גאַנץ וואַרשע איז אַרומ־געכאַפּט געוואָרן פון איין גרויסער פּאַניק און אַלץ איז „געלאָפן", זענען מיר זאַלבעדריט — ער, יעקב ווייסבאָרד און איך — צוזאַמען אַרויס פון וואַרשע און צוזאַמען געגאַנגען אַן ערך פון 140 קילאָמעטער — ביז לוקאָוו — וואו מיר האָבן זיך, בעת אַ דייטשער לופט־באָמבאַרדע פאַר־לוירן, כדי אין נאָוועמבער־חודש פון דעמזעלבן יאָר, זיך ווידער צו טרעפן אַלס מלחמה־פּליטים אין בריסק. די נייע באַדינגונגען האָבן אים אָבער ווייניק־וואָס געענדערט. ער איז געבליבן דערזעלבער אָפּטימיסט, דערזעל־בער אייביקער וויצלער, מיט דעמזעלבן שטענדיקן שמייכל אויפן פּנים, נאָר מיט נייע אויספירן וועגן די אויפגאַבן פון אונזער באַוועגונג, אויפן סמך פון די נייע באַדינגונגען.

מיר האָבן אַ סך גערעדט וועגן „גיין" קיין ווילנע, כדי פון דאָרט צו זוכן ווייטערדיקע עמיגראַציע־מעגלעכקייטן — אָבער ביי אים האָט גובר־געווען די פליכט צו זיין משפּחה און ער איז שפּעטער, נאָך אונזער „אַוועק־גיין" קיין ווילנע, צוריקגעגאַנגען קיין וואַרשע. אין איינעם פון די געטאָ־באַריכטן, וואָס ה' בערמאַן האָט זיינערצייט אַרויסגעשיקט פון פּוילן, איז דאָרט דערמאָנט, אַז עלעק ערליך איז צווישן די לעבעדיקע און אַז ער איז טעטיק אַרום די אונטערערדישע אַקטיוויטעטן פונם יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט.

קענענדיק זיין מענטאַליטעט, זיין דרייסטקייט און זיין קעמפערישער נאַטור, איז קלאָר און זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ער איז געווען פון דער העלדישער גרופּע געטאָ־קעמפער, וואָס האָט זיך אונטער בערלינסקיס אָנפירונג דורך די קאַנאַליזאַציע־רערן אַרויסגעריסן פון געטאָ. און דער־נאָך געווען טעטיק אויף דער אַרישער זייט אַלס אונטערערדישער קעמפער — ביז ער איז צוזאַמען מיט פאַליע עלסטערן און מיט הערש בערלינסקין געפאַלן ווי אַ העלד אויפן שלאַכטפעלד אינם קאַמף קעגן פאַשיזם, און פאַרן כבוד פונם יידישן פאָלק.

* * *

פאַר זיין העלדישקייט האָט אים—צוזאַמען מיט פאַליע עלסטערן און מיט הערש בערלינסקין — די רעגירונג פונם באַפרייטן פּוילן איינגעאָרדנט אַ פּאַראַדנע ערן־לויה און אַלע 3 האָבן באַקומען אַן ערן־קבר אין שכנות פון י. ל. פּרץ און אסתר־רחל קאַמינסקי.

# מרדכי שוואַרצבאַרד

מרדכי שוואַרצבאַרד איז שוין אין 1917 געווען דער גרינדער פון דער פועלי־ציוניסטישער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש, וועלכע איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן, אונטער זיין אָנפירונג, אויסגעוואַקסן צו אַ מעכטיקער מאַסן־אָרגאַניזאַציע פון 600 ביז 800 יוגנטלעכע אַרבעטער און שילער, מיט אַ שטאַרקער השפעה אין די דאָרטיקע פּראָפעסיאָנעלע יוגנט־סעקציעס.

מרדכי שוואַרצבאַרד איז יאָרנלאַנג געווען אַ מיטגליד אינם צ. ק. פונם פאַרבאַנד „יוגנט", פירער פון דער לאָדזשער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע, מיטגליד פונם שטאָטישן פועלי־ציון־קאָמיטעט אין לאָדזש און פּראָוואָל־טונגס־מיטגליד פונם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די יידישע האַנדלס־אָנגע־שטעלטע אין לאָדזש. ער איז געווען אַ פּלאַמיקער רעדנער און גלייכ־צייטיק אַ טיף-ערנסטער לעקטאָר. ער האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די אינטעליגענטסטע אַרבעטער־טוער אין דער יידישער אַרבעטער־וועלט פון פּוילן. אין די צייטן פון דער ענדעקישער הערשאַפט אין פּוילן איז ער געווען עטלעכע מאָל אַרעסטירט און חדשים־לאַנג פאַרבראַכט אין די לאָדזשער תפיסות. ער האָט אָבער פאַרמאָגט אַ שטאַרקן כאַראַקטער און האָט זיך קיינמאָל נישט געלאָזט אָפּשרעקן. אַזוי ווי ער איז נאָר אַרויס פון תפיסה — איז ער שוין אויף צומאָרגנס ווידער געווען אַקטיוו. — זיין ברייט־פאַרצווייגטע אַקטיוויטעט האָט ער תמיד געפירט אין זיינע פרייע שעהן, נאָך אַ שווערן און לאַנגן אַרבעטס־טאָג אַלס בוכהאַלטער אין די גרויסע לאָדזשער טעקסטיל־פירמעס. ער איז געווען פאַרהייראַט מיט דער חברטע מרים גערטנער — אַן אַקטיווע טוערין אין אונזערע לאָדזשער שילער־קרייזן — און זיי האָבן געהאַט אַ זייער פעאיק און באַגאַבט ייִנגעלע דאַנעק (דן), וועלכער האָט שוין ביי 5 יאָר אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע מוזיקאַלישע פעאיקייטן. — אין נאָוועמבער 1939 זענען זיי אַנטלאָפן פון לאָדזש, פון וואַנען מען האָט שוין אויף אַ „לעגאַלן" אופן נישט גע־קענט אַרויספאָרן און זיי האָבן געלעבט אין וואַרשע אַלס פּליטים.

אין דער וואַרשעווער געטאָ איז מרדכי שוואַרצבאַרד גיך געוואָרן די נשמה פון דער וואַרשעווער פועלי־ציון-אָרגאַניזאַציע. צוזאַמען מיט פּאַליע עלסטערן האָט ער רעפּרעזענטירט דעם וואַרשעווער פועלי־ציון־קאָמיטעט אין די צווישן־פּאַרטייאישע אונטערערדישע קאָמיטעטן און האָט ביז אין דער לעצטער שעה פון זיין אומקום, אַרויסגעוויזן די העכסטע מאָס פון איבערגעגעבנקייט און מסירת־נפש פאַר די אידעאַלן פונם פועלי־ציוניזם.

# הערשל לענט

הערש לענט איז די לעצטע 20 יאָר פון זיין לעבן געווען פון די אקטיווסטע פּאַרטיי־טוער. ח' הערשל, ווי מ'האָט אים גערופן אינטים אין אַלע אַרבעטער־קרייזן, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מוסטער־טיפּ פון אַן אידעאַליסטישן, רעוואָלוציאָנערן קעמפער.

אויב די פאַרווירקלעכונג פון אַ טעריטאָריעלן יידישן אַרבעטער־צענטער אין ארץ־ישראל איז אַ טייל פונם פּועלי־ציון־פּראָגראַם — פאַרשטייט ער, אַז מען דאַרף טאַקע אַליין פאָרן אַהין און צוטראָגן ציגל צום אויפבוי פון יידישן היימלאַנד בפּועל־ממש. און אויב דער געזונט־צושטאַנד פון זיין פרוי צווינגט אים זיך אומצוקערן מיט זיין משפּחה קיין פּוילן, הערט ער נישט אויף צו בענקען און צו חלומען פון דער צייט, ווען ער וועט ווידער קענען, צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע, בויען דאָס יידישע היימלאַנד.

אָבער ביז ווען־וואָס מוז מען זיך דערווייל דאָ פּראָדוקטיוויזירן, מוז מען דאָ פירן דעם קאַמף אויפן אָרט און זיין טעטיק, אַקטיוו, אויף אַלע געביטן פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן: אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג — אינם פאַריין פון די טראַמוויי־אַרבעטער; אויפן שול־געביט — אינם עלטערן־קאָמיטעט פון דער באָראָכאָוו־שול; אויפן ווירטשאַפטלעכן סעקטאָר — אַלס קאַסירער פון דער אַרבעטער־היים־קיך; אויף די פאַרשידנסטע אַנדערע געביטן — אַלס מיטגליד פונם וואַרשעווער פּועלי־ציון־קאָמיטעט און אַלס פאָנען־טרעגער אין די 1־טע מאַי דעמאָנסטראַציעס.

פּשרות אינם לעבן זענען אים געווען פרעמד און פּחדנות איז אים געווען דערווידער. ער איז דערפאַר געווען דער ליבלינג פון דער גאַנצער וואַרשעווער אַרבעטערשאַפט און דער שטאָלץ פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג.

ווען ער פלעגט אין די 1־טע מאַי־דעמאָנסטראַציעס שטאָלץ טראָגן די פלאַטערנדע רויטע פאָן פון פּועלי־ציון און ווען ער פלעגט אין די איבריקע 364 טעג פון יאָר דרייסט פירן איבער די וואַרשעווער־גאַסן דעם טראַמוויי — האָט ער מיט זיין העלדישער האַלטונג און מיט זיין הערקולעס־פיגור, געצויגן אויף זיך די אַלגעמיינע באַוואונדערונג פון גאַנצן אָרום.

און ווען די אונטערערדישע „יידישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציע" האָט אָנגעהויבן מיליטעריש אויסצובילדן און צוצוגרייטן צום קאַמף אירע אָפּטיילונגען, איז ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, דער ח' הערשל לענט, באַשטימט געוואָרן פון דער אָנפירונג אַלס אינסטרוקטאָר, וועלכער האָט די יידישע קעמפער געלערנט אי די טעכניק פונם קאַמף, אי זיי באַזעלט מיט קאַמפס־גרייטקייט ביזן לעצטן אָטעם־צוג און פּונקט ווי זיין 16־יאָריקער בן־יחיד שאַנאַן, איז אויך ער געפאַלן מיט אַ העלדן־טויט.

# מלך פיינקינד

מלך פיינקינד, וואָס איז אין וואַרשע און אין ארץ־ישראל געווען באַקאַנט מיטן נאָמען מלך עסדעק, איז געווען אַ מוסטער פון אַ הויך־אינטעליגענטן ארבעטער און האָט גע׳שמט מיט זיין טיפן וויסן און גרינטלעכער באַהאַוונטקייט אין אַלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער לערע פונם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם.

נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ח׳ מלך פיינקינד שוין געהערט צו דער דעמאָלטדיקער ס. ד. ק. פּ. ל. (סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון קעניגרייך פּוילן און ליטע) פון וועלכער עס איז שפּעטער אַנט־שטאַנען די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן. היות, אָבער, די דאָזיקע פּאַרטיי האָט נישט געהאַט אין איר פּראָגראַם קיין אַנטשפּרעכנדיקע לעזונג פאַר דער נאַציאָנאַלער פראַגע, האָט ער זי פאַרלאָזט און זיך אָנגעשלאָסן אין די רייען פון פּועלי־ציון, וואו ער איז געווען טעטיק אַלס לעקטאָר פון געשיכטע, מאַרקסיזם און פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

אין 1925 פאַרלאָזט ער פּוילן און פאָרט אָפּ קיין ארץ־ישראל, כדי צו פאַרבונדן זיין פערזענלעך לעבן מיטן אויפבוי פונם לאַנד. נישט גע־קוקט דערויף וואָס ער איז געווען אַ גוט־קוואַליפיצירטער טעקסטיל־אַרבעטער, ווערט ער אָבער אין ארץ־ישראל אַ שוואַרצער לוין־אַרבעטער ביי בנין, אָדער אין פּרדסים, פרייענדיק זיך דערמיט וואָס ער העלפט בויען דאָס לאַנד בפועל ממש.

אין 1931 איז ער אָבער, צוליב פאַמיליען־ענינים, צוריקגעפאָרן קיין פּוילן און פון דעמאָלט־אָן זעצט ער פאָר זיין פּאַרטייאישע טעטיקייט אין דער פּועלי־ציון פּאַרטיי פון פּוילן. ער ווערט גיך אויסגעקליבן אַלס מיטגליד פונם וואַרשעווער שטאָטישן פּועלי־ציון־קאָמיטעט און דערנאָך אויך אַלס מיטגליד פונם הויפּט־ראַט.

אין דער צייט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, איז ער געוואָרן אַן אָנגעשטעלטער פונם צענטראַלן יידישן הילפסקאָמיטעט, וואו ער האָט באַטייליקט אין דער הילפס־אַרבעט לטובת די פּראָווינצער חברים, וואָס האָבן זיך געפונען אַלס פּליכטלינגען אין וואַרשע.

נאָכן ליקווידירן דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, איז ער צוזאַמען מיט אַנדערע דעפּאָרטירט געוואָרן אינם שקלאַפן־לאַגער פּאָניאַטאָוו וואו ער איז געווען דער אָרטיקער קאָמענדאַנט פון דער דאָרטיקער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע און איז טאַקע אומגעקומען אינם באַוואָפנטן אויפ־שטאַנד קעגן די נאַצי־מערדער.

# אהרן שעניצקי

אהרן שעניצקי איז געבוירן געוואָרן אין סאָסנאָוויץ אַרום 1900. זיין פאָטער איז געווען אַ מאָדערנער העברעאישער לערער און פון אים האָט דער ח׳ שעניצקי געירשנט די גרויסע ליבע צו קינדער און אַ טיפע איבערלעבטע נייגונג צו דערציערישער ארבעט. שפּעטער האָט ער די דאָזיקע גאטירלעכע נטיה דערגאנצט מיט פּעדאגאָגישע שטודיומס, מיט אלגעמיי־נעם וויסן און מיט דערפאָלג זיי אָנגעווענדעט אויפן פּראַנט פון יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן.

נאָכן פאַרענדיקן די העכערע פּעדאגאָגישע קורסן אויפן ווארשעווער אוניווערזיטעט, ווידמעט ער זיך בלב־ונפש דער לערערישער פּראָפעסיע, ביי וועלכער ער איז שוין געבליבן אַלע זיינע יאָרן. ביי אים אין די יידישע לערער־פּראָפעסיע באַוואוסטזיניק געווען פאַרבונדן מיטן אידעאל פון דערציען אַ נייעם דור אויף די יסודות פון וועלטלעכקייט און יידישע שפּראַך. ער האָט זיך צוליב דעם אויף זיין גאַנצן לעבן פאַרבונדן מיט די באָראָכאָוו־שולן און מיט דער „ציש״א״.

אונטער זיין אָנפירערשאַפט האָבן די ווארשעווער באָראָכאָוו־שולן דער־גרייכט די העכסטע מדרגה פון פּעדאגאָגישער שלימות און די פולסטע אָנערקענונג, סיי מצד דער „ציש״א״־אָנפירונג, סיי מצד דער מלוכה׳־שער שול־מאַכט. אין דעם גרויסן דערפאָלג וואָס די „ציש״א״ האָט געהאַט מיט אירע מענדעלע און שלום־עליכם־אויסשטעלונגען אין פּוילן, האָט שעניצקי געהאַט אַן אָנגעזעענעם חלק. די וואונדערבאַרע לייסטונגען פון די קינדער פון דער ווארשעווער באָראָכאָוו־שול (נאַוואַליפּקי 68), וועלכע צענדליקער טויזנטער באַזוכער האָבן ממש באַוואונדערט, זיינען געווען אין אַ גרויסער מאָס דער רעזולטאַט פון שעניצקיס חדשים־לאַנגער מיפּו־לער אָנשטרענגונג.

ער איז געווען טעטיק אויך אויף אַנדערע געביטן. אונטער זיין דירעקטער אָנפירונג האָט זיך די „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער״ אַנטוויקלט צו אַ צענטראַלער קולטור־אינסטיטוציע אינם יידישן לעבן פון פּוילן. ער האָט מיטגעאַרבעט אינם „יונגבאַר״; איז געווען אַ מיטגליד אין דער פּועלי־ציון־פראַקציע פון דער ציש״אָ; פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פונם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די יידישע לערער, און מיטגליד פונם הויפּט־ראַט פון דער פּאַרטיי.

דעם 7־טן סעפּטעמבער 1939 האָט ער צוזאַמען מיט אַנדערע אָנפירנ־דיקע חברים, פאַרלאָזט דאָס באַדראָטע ווארשע און דערנאָך אַ היפּשע

צייט פארנומען אין ראָוונע, אונטער דער סאָוויעטישער הערשאַפט, דעם אַמט פון אַ שול־פּרינציפּאַל.

אין 1941, ווען די לאַגע אין דער ווילנער געגנט איז געוואָרן באַ־דראָט, צוליב דעם נאַציסטישן אָנפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד, האָט ער זיך צוזאַמען מיט אַ גרופּע חברים דערשלאָגן קיין טאַשקענט, מיטן ציל פון דאָרט זיך צו לאָזן קיין פּערסיען, כדי דערנאָך צו דערגרייכן צו די גרענעצן פון ארץ ישראל.

זיין ציל האָט ער אָבער נישט דערגרייכט. ער איז געבליבן אין טאַשקענט, אָן אויסגעמאַטערטער פון לאַנגע חדשים וואַנדערן און דאָרטן איז ער דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן ליידנסוועג פון אַ יידיש־פּוילישן פּליט מיט אַלע זיינע באַגלייט־דערשיינונגען, פון אַרבעטלאָזיקייט און הונגער, פון צערונענע האָפענונגען און עפּידעמישע קראַנקהייטן, ביז אַ טיפוס־קראַנקהייט האָט אים צום צווייטן מאָל אוועקגעלייגט און ער איז פון דער דאָזיקער קראַנקהייט שוין מער נישט אויפגעשטאַנען.

# פייגע הערצליך־בליט

פייגע הערצליך איז געווען די פרוי פונם בונדישן פירער לוציאַן בליט, און די מוטער פון זייערע 2 קינדער, ביידע מיידעלעך, וועלכע זענען אויס־באַהאַלטן געוואָרן אין פּוילן. אינם סימבאָלישן זין איז איז אָבער די חברטע פייגע הערצליך געווען די „מאַמע" פון טויזנטער יידישע פאָלקס־קינדער. — זינט זי האָט געענדיקט דעם פּעדאַגאָגישן פאַקולטעט אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט, איז זי געווען פאַרבונדן מיט די ציש״א־שולן פונם באַראַ־באַוו־קוראַטאָריום. די לעצטע עטלעכע יאָר איז זי געווען די פּרינציפּאַלין פון דער גרויסער באָראָכאָוו־שול אויף נאַוואַליפּקי 68.

חברטע הערצליך איז געווען טעטיק, צוערשט אינם אַקאַדעמישן קרייז „יוגנט", דערנאָך אין דער פּועלי־ציוניסטישער לערער־גרופּע, אין דער ציש״א — אַלס מיטגליד פון דער הויפּט פאַרוואַלטונג אינם נאָמען פון דער לינקער פּועלי־ציון־פראַקציע — און אין „יונגבאָר", סיי אין דער אָרטיקער אָרגאַ־ניזאַציע, סיי אינם צענטראַלן סעקרעטאַריאַט. — זי איז געווען שטאַרק באַליבט ביי די עלטערן פון די שול־קינדער און נאָך מער ביי די קינדער גופא, פאַר וועלכע זי האָט געזאָרגט מער ווי אַן אייגענע מאַמע. — די חברטע הערצליך פלעגט אַרויסטרעטן אויף עפנטלעכע אונטערנעמונגען פון דער פּאַרטיי, בעת די פאַרשידענע פּאָליטישע קאַמפּאַניעס און איז בכלל געווען איינע פון די געטרייעסטע און איבערגעגעבנסטע פּאַרטיי־חברטעס.

# יחיאל טענצער

יחיאל טענצער, א זון פון א נישט-פארמעגלעכער פרומער משפחה אין קאליש, איז די לעצטע 20 יאר פון פוילנס אומאפהענגיגקייט אויסגעוואקסן צו איינער פון די אקטיווסטע און ערלעכסטע פועלי־ציון־טוער. אינם יאר 1917, בעת דער דייטשער אקופאציע פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די פועלי ציון באוועגונג איז ארויסגעקראכן פון איר אונטערערדישן באַ־העלטעניש און וועלכן זי האט זיך געפונען אונטערן צאריסטישן רעזשים, האט יחיאל טענצער זיך גלייך אנגעשלאסן אין דער פועלי־ציון באוועגונג.

נאך דער מלחמה, ביים גרינדן די קאלישער „ארבעטער־היים", די שפייז־קאאפעראטיוו, די פאלקס-קיך, די יידישע שול און דעם קינדער־גארטן אויפן נאמען פון ישראל שורעק, איז יחיאל טענצער אומעטום געווען איינער פון די אקטיווסטע און אנגעזעענסטע טוער.

ביים ארגאניזירן דעם פראפעסיאנעלן פאריין (יוניאן) פון די קא-לישער יידישע און פוילישע טעקסטיל־ארבעטער, איז טענצער געווען פון די ערשטע און איז דערנאך יארן־לאנג געווען דער פארזיצער פון פאריין און דער פארטרעטער פון דעם דאזיקן פאריין אין דעם אלגעמיינעם ראט פון די פראפעסיאנעלע פאריינען.

מען האט געדארפט זען טענצערן ביי דער געזעלשאפטלעכער ארבעט און מען האט זיך לייכט געקענט איבערצייגן, אז אין זיין ברוסט האט גע־פלאקערט א טיפע מענטשלעכע ליבע צו אלע אונטערדריקטע און אז אין זיין נשמה האט געלויכטן א נר תמיד, דאס קלארע געפיל פאר אבסאלוטן יושר און גערעכטיקייט און אז איבער אלץ האט ביי אים דאמינירט דער גלויבן אינם פועלי־ציוניזם.

יחיאל טענצער איז בטבע געווען זייער א באשיידענער מענטש. ער האט נישט געזוכט קיין כבוד פאר זיין פערזאן. ער האט זיך אבער אויך קיינמאל נישט געבויגן און נישט געבוקט פארן „קנעפל" און נישט פארן עגל-הזהב, נישט פאר די פריצים פון סטאראסטווע און נישט פאר די יידישע כלי קודש. אינם קאמף קעגן די שונאים פון דער יידישער ארעמקייט, איז טענצערס פאפולאריטעט כסדר געשטיגן צווישן דער ארעמער און הארע־פאשנער באפעלקערונג, און אלס קאנדידאט פון לינקע פועלי-ציון איז ער אויסגעקליבן געווארן אין דער קאלישער קהלה אלס פרנס און אלס ראט־מאן אינם קאלישער שטאט־ראט. אומעטום האט ער אויסגעפירט זיין שליחות בשלימות. ווען די ארעמע יידישע באפעלקערונג האט נישט גע-

האט מיט וואָס צו באַהייצן זייערע דירות און זיי האָבן זייערע קינדער נישט געקאָנט שיקן אין די שולן, ווייל זיי זיינען געווען הונגעריק און נישט געהאט וואָס אָנצוטאָן, האָט יחיאל טענצער ענערגיש געפאָדערט פון דער קהלה, אַז דער ראט זאָל דערויף באַשטימען אַ געהעריקן בודזשעט.

אין קאַלישער שטאָט-ראט, ווען די רעאַקציאָנערע אַנטיסעמיטישע ענדעקעס האָבן זיך נאָר געפּרואווט פּאַנאַנדערצופירן זייערע מיילער מיט גיפטיקע רייד קעגן יידן און סאָציאַליסטן, איז טענצער שטענדיק געווען דער ערשטער צו דעמאַסקירן זייערע אמתע כוונות, און הויך צו מאָנען די רעכטן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. כדי צו דעמאָנסטרירן די רעכט פון די יידישע מאַסן אין זייער שפּראַך, האָט ער אַלס ראַטמאַן פון די לינקע פּועלי־ציון אויף דער טריבונע פון קאַלישער שטאָט־ראַט געלייענט אַ דעקלאַראַציע אין דער יידישער שפּראַך. די אַנטיסעמיטן האָבן געקריצט מיט די ציין, זיך געוואָרפן צו אים מיט די פויסטן. די יידישע אַרבעטער און האָרעפּאַשנע מאַסן האָבן אים דערפאַר אויסגעדריקט זייער אָנערקענונג און זייער באַוואונדערונג פאַר זיין מוטיקייט און דרייסטקייט.

נישט־געקוקט דערויף וואָס ער האָט זיין גאַנץ לעבן געאַרבעט אין פאַבריק, איז ער שטענדיק געווען אַקטיוו אין אַ גאַנצער ריי פון די יידישע אַרבעטער אינסטיטוציעס ווי: אין „געזעלשאַפט אָוונט קורסן פאַר אַרבעטער", אין דער פאָלקס־שול אויפן נאָמען פון בער באָראָכאָוו, אין ספּאָרט־פאַריין „שטערן", אַזוי אַז די גאַנצע קאַלישער באַפעלקערונג האָט אים גערופן „דער טאַטע פון די לינקע פּועלי ציון."

ביי אים אין הויז זיינען פאָרגעקומען זיצונגען, באַראַטונגען, און ווען קיין קאַליש זיינען געקומען רעדנער אָדער שליחים פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי, זיינען זיי געווען די געסט פון יחיאל טענצער, און זיין פרוי, די חברטע ביילע, האָט זיך באַמיט אויף דעם פריינטלעכסטן אופן אויפצונעמען די געסט מיטן בעסטן וואָס די שטוב האָט נאָר פאַרמאָגט. יחיאל טענצער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין צייט צו שפּילן זיך אַמאָל מיט זיינע געראָטענע 2 טעכטערלעך, ווייל די גאַנצע צייט האָט ער אָוועקגעגעבן דער געזעלשאַפט און דער פּועלי־ציון פּאַרטיי.

בעת דער מלחמה איז טענצער פאַרוואָרפן געוואָרן אין דער וואַרשעווער געטאָ. פון דאָרט איז ער דעפּאָרטירט געוואָרן אינם שקלאַפן-לאַגער פּאָניאַטאָוו, נעבן לובלין און דאָרט האָט ער צוזאַמען מיטן ח' מלך פיינקינד, אָרגאַניזירט דעם פּאָניאַטאָוווער אויפשטאַנד קעגן דער נאַציסטיש־היטלעריסטישער לאַגער־מאַכט און בעת דעם דאָזיקן אויפשטאַנד איז ער געפאַלן מיט אַ העלדן־טויט פון אַ מוטיקן פּועלי-ציון־קעמפער.

# שלמה לאופער

שלמה לאופער איז געפאלן אינם קאמף קעגן די נאַצים, אין בליענ־דיקן עלטער פון איבער 30 יאָר. מער ווי אַ העלפט פון זיין לעבן איז ער געשטאַנען אין די פֿאָדערשטע רייען פון דער פּועלי־ציון-מחנה און איז געווען אַקטיוו אויפן יוגנט־פראָנט פון אונזער באַוועגונג.

געבוירן געוואָרן אין דעם אינדוסטריעלן דאָרף באַצק־לאַפּיאַנקי, 2 שעה באַן-רייזע פון וואַרשע, נישט ווייט פון ווענגראָוו — אַ שטאָטישער ישוב מיט אַ שטאַרקער פּועלי־ציון באַוועגונג — האָט שלמה לאופער, פון קינדוויַיז־אָן איינגעזאַפּט אין זיין יונגער נשמה די אידעאַלן פון אַר־בעטער-קאַמף און דעם דראַנג צו וויסן — צום גרינטלעכן באַנעמען פון די יידישע אַרבעטער־פּראָבלעמען.

די ערשטע יוגנט־יאָרן האָט ער — צוזאַמען מיט אַנדערע צענד־ליקער יידישע אַרבעטער — געאַרבעט אַלס מאַשינען־שלאָסער אין דער גרוי־סער באַצקער מאַשינען־פאַבריק — אָבער, צוליב אַ פאַבריקס-שטרייק וואָס האָט אויסגעבראָכן און האָט זיך דערנאָך פאַרצויגן אויף לאַנגע וואָכן, האָט דער יונגער לאופער פאַרלוירן זיין אַרבעטס־פּלאַץ און פון דעמאָלט אָן זיך פּלייסיק פאַרנומען מיט זעלבסטבילדונג. אין דער דאָזיקער תקופה פון זיין אַרבעטסלאָזיקייט, ווען ער האָט געהאַט גענוג פרייע צייט, איז ער אַרויסגעפאָרן אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך פון זיין ראַיאָן און אָרגאַניזירט דאָרט די יידישע יוגנטלעכע אַרבעטערשאַפט אין די פּועלי־ציוניסטישע „יוגנט"־פאַריינען. ער האָט געהאַלטן לעקציעס אויף פּאָליטישע, ליטעראַרישע און אַלגעמיין־סאָציאַליסטישע טעמעס. ער ווערט דער ליבלינג פון דער גאַנצער פּאָדלאַשער געגנט און דער צ. ק. פונ'ם „יוגנט"־פאַרבאַנד באַקומט כסדר פאָדערונגען פון ווענגראָוו, סאָקאָלאָוו, סטאָטשעק, יאַדאָוו, ווישקאָוו, שעדלעץ, אָסטראָוו און אפילו פון ווייטערע פונקטן, אַז מען זאָל צו זיי שיקן אויף אַ רעפעראַט דעם ח' לאופער, וועלכער הויבט־אָן צו שמ'ן אין דער גרויסער פּוילישער פּראָווינץ ווי אַ וואונדער־קינד — ווי אַ גלענצענדער אָראַטאָר מיט טעאָרעטישע בקיאות.

ער קומט שפּעטער קיין וואַרשע, וואו ער לערנט זיך דאָס שטריקער־פאַך און פון דעמאָלט אָן בלייבט ער שוין אַ וואַרשעווער ביז צו זיין טראַגישן טויט.

ער ווערט אַ מיטגליד אינם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די יידישע טעקסטיל־אַרבעטער, וואָס איז געווען באַהערשט פון די „רויטע" און

אונטער די שווערסטע באַדינגונגען אָרגאַניזירט ער דאָרט אַ יוגנט־סעקציע מיט אַ שטאַרקער פּועלי-ציוניסטישער „יוגנט"־פראַקציע. אין דער וואַר־שעווער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע איז ער טעטיק אויפן קולטורעל דערציערישן געביט: פירט־אָן מיט בילדונגס־קרייזן, האַלט לעקציעס און פּאָליטישע שמועסן און איז באַטייליקט מיט אַרטיקלען אין די אָפּטע וואַנט־צייטונגען וואָס די „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע פלעגט אַרויסגעבן. אין וואַרשע טוט ער דאָס אַלץ אין די וואָכן־טעג, אין די פרייע שעה'ן נאָך דער אַרבעט, ווייל די שבתים גיט ער אָפּ פאַר דער פּראָווינץ — אַרומפאָרנדיק מיט פּאַרטראַגן, אָדער אין אָרגאַניזאַציאָנעלע שליחותן פונם פאַרבאַנד „יוגנט".

אין 1935 ווערט ער אויסגעקליבן אינם צענטראַל־קאָמיטעט פונם „יוגנט"-פאַרבאַנד און ווערט אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אינם יוגנט־זשורנאַל „דער נייער דור". אויף אַלע עפנטלעכע אונטערנעמונגען פון דער פּאַרטיי, טרעט ער אַרויס אַלס רעדנער פון דער „יוגנט" און נעמט שטאַרק־אויס, סיי מיט זיין אָראַטאָרישן טאַלאַנט, סיי מיט זיין רעוואָלו־ציאָנערן פּאַטאָס.

אין דער וואַרשעווער געטאָ רעדאַגירט ער דעם אומלעגאַלן זשורנאַל פון דער פּועלי־ציון „יוגנט" און ער באַטייליקט זיך אַקטיוו אין אַלע אונטער־ערדישע טעטיקייטן — ביז ער פאַלט אַריין אין די לאַפּעס פון די דייטשע מערדער און קומט־אום מיט אַ מאַרטירער טויט ווי אַ קרבן פונם קאַמף קעגן היטלעריזם.

## געניע בער

געניע בער, איינע פון די אַקטיווסטע און אינטעליגענטסטע חבר'טעס אין דער פּוילישער פּועלי-ציון באַוועגונג — האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ סך מעלות־טובות און האָט שטענדיק געשפרודלט מיט רעוואָלוציאָ־נערער ענערגיע.

נאָך שטייענדיק אויף דער שוועל פון דער פּועלי־ציון באַוועגונג האָט זי שוין פאַרזוכט דעם טעם פון געהערן צו אַ רעוואָלוציאָנערער אָרגאַני־זאַציע. פּאַרטיילנדיק אין גאַס אַ מימאָגראַפירטן אויפרוף פון דער פּועלי־ציון־יוגנט, איז זי אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעזעסן דערפאַר 2 חדשים אין דער פּאַוויאַק־תפיסה.

אין איר באַלעבאַטישער היים האָט דאָס אַרויסגערופן אַ שטאַרקע רעאַקציע, אַזוי אַז ווען זי איז באַפרייט געוואָרן האָבן איר די עלטערן שטאַרק געשטערט אין אירע נייע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַקטיוויטעטן. געניע איז אָבער

נישט געווען קיין קינד וואָס איז גרייט זיך אונטערצואוואַרפֿן דעם דיקטאַט פֿון בייזן פֿאָטער, דעמאָלט ווען עס האַנדלט זיך אין אידעאישע ענינים און זי האָט איבערגעריסן מיט דער היים. זי רייסט אויך איבער מיט דער שולע און זי גייט אַרבעטן אין אַ טעקסטיל-פֿאַבריק, כּדי צו ווערן עקאָנאָמיש אומאָפּהענגיק און צו קענען אַרבעטן אין דער באַוועגונג. איר דרייסטע האַנדלונג האָט געפֿירט דערצו, אַז איר מוטער קומט דערנאָך אין דער אָר־גאַניזאַציע און בעט־זי אַהיימצוקומען, צוזאָגנדיק איר אַלע פֿרייהייטן.

פֿון דעמאָלט־אָן האָט די חברטע געניע בער נאָך מער פֿאַרשטאַרקט אירע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַקטיוויטעטן, אַרבעטנדיק אַלס אינסטרוקטאָרקע אינם „פֿרייען השומר" און אין דער קולטור קאָמיסיע פֿון דער וואַרשעווער „יוגנט". מיט דער צייט פֿאַרלאָזט זי דעם „פֿרייען־השומר" אוןווידמעט זיך אינגאַנצן דער אַרבעט ביי דער „יוגנט", וואו זי געפֿינט אַ ברייט פֿעלד פֿאַר איר אומאויסשעפּלעכער ענערגיע און פֿאַר איר רעוואָלוציאָנערן דראַנג.

אין דער „יוגנט"־אַרבעט וואַקסט זי אויס ביז צו אַ פֿירנדער פּערזאָן. איר גייסטיקער האָריזאָנט אַנטוויקלט זיך פֿון יאָר־צו־יאָר און זי ווערט וואָס אַמאָל אַלץ מער צוזאַמענגעבונדן מיט דער האָרעפּאַשנער יוגנט-מאַסע. זי ווערט אויסגעקליבן צוערשט אינם וואַרשעווער „יוגנט"־קאָמיטעט, דער־נאָך אינם פּרעזידיום, וואו זי ווייזט־אַרויס אַ סך אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלאַנט, צוזאַמען מיט דערפֿאַרונג און איבערגעגעבנקייט.

אינם יוני-חודש פֿון 1939, אויפֿן 7־טן לאַנד־צוזאַמענפֿאָר פֿון פּועלי־ציוניסטישן „יוגנט"-פֿאַרבאַנד אין פּוילן, וואָס איז גלייכצייטיק געווען דער 20־יאָריקער יובל פֿונם „יוגנט"־פֿאַרבאַנד, ווערט זי אויסגעקליבן אינם פּרעזידיום פֿון צוזאַמענפֿאָר און בעת די וואַלן צו די אָנפֿיר־אינסטאַנצן ווערט זי אויך צום ערשטן מאָל אויסגעוויילט אינם נייעם צענטראַל־קאָ־מיטעט פֿונם „יוגנט"־פֿאַרבאַנד.

דעם דאָזיקן נייעם הויכן אַמט האָט די חברטע געניע בער דערגרייכט אויסשליסלעך אַ דאַנק אירע אייגנשאַפֿטן און פֿעאיקייטן; אַ דאַנק איר אינ־טעליגענץ און אירע כאַראַקטער-שטריכן, וועלכע זענען אויפֿן באַשיידנסטן אויפֿן געקומען צום אויסדרוק אין איר היפּשער דאָזע פֿון סאָציאַלן וויסן און שטאַרק־אַנטוויקלטן גערעכטיקייטס־געפֿיל; אין איר ליבע צום יידישן פֿאָלק און יידישן לאַנד; אין איר הויכן פֿאַראַנטוואָרטלעכקייטס־באַוואוסט־זיין און קרבנות־גרייטקייט ביז צו מסירת־נפש; אין איר נאַטירלעכער פּשטות און אין איר התלהבותדיקער צוגעבונדנקייט צו די אידעאַלן פֿונם פּועלי־ציוניזם.

# אברהם וואלקאוויטש

דער 60 יאָריקער סעניאָר פון דער פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע אין קאַליש, איז נישט געווען בלויז דער גזעלשאַפטלעכער דערציער פון זיינע נאָכקומענדיקע 2 דורות — פון זיינע קינדער און אייניקלעך — נאָר אויך דער פּאַקטישער צוויי־דורותדיקער דערציער פון כמעט דער גאַנצער קאַלישער יידישער אַרבעטערשאַפט. נאָך אין די צאַרישע צייטן, אָרגאַניזירט דעם אומלעגאַלן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די קאַלישער טעקסטיל־אַרבעטער. אין דער תקופה פונם אומאָפּהענגיקן פוילן, איז ער אַ סך יאָרן געווען דער פאָרשטייער פון פּועלי־ציון אין שטאַטראַט און אין דער קהלה. ער איז יאָרלאַנג געווען דער פאָרזיצער פון דער אָרטיקער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע און איז ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה פאַרבליבן דער אַקטיווער „זיידע" פון אַלע פּועלי־ציוניסטישע אינסטיטוציעס.

# דר. הערש ליבערמאַן

דר. הערש ליבערמאַן, דער פירער פון דער פּועלי־ציון-אָרגאַניזאַציע אין סאָסנאָוויץ — איז געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע און באַליבטסטע פּערזענלעכקייטן אין גאַנצן קוילן־ראַיאָן פונם אַזוי־גערופענעם זאַגלעמביע. צו אונזער באַוועגונג האָט ער געהערט זינט די יאָרן 1918־1919 און אַוועקגעגעבן איר אַ סך צייט און ענערגיע. ער האָט פאַרטראָטן די פּאַרטיי אינם סאָסנאָוויצער שטאָטראָט און אין דער קהלה. ער איז געווען דער וויצע־פאָרזיצער פונם „יידישן דאָקטוירים־פאַרבאַנד אין דער פּוילישער רע־פּובליק"; דער פאָרשטייער פון אונזער ספּאָרט-באַוועגונג אינם אַלגעמיינעם פּוילישן ספּאָרט־פאַרבאַנד פון זאַגלעמביע און אויבערשלעזיען; מיטגליד פונם פּאַרטיי־ראַט און אַקטיווער טוער אין אַ סך אָרטיקע און צענטראַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

דר. הערש ליבערמאַן איז געווען אַ מוסטער פון אַן אידעאַלן מענטש. די איידעלע שטריכן פון זיין כאַראַקטער און זיין אינטערעסן־לאָזע איבער־געגעבענקייט צו געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, זענען אָפטמאָל געווען אַ ביישפּיל פאַר זיינע מיטמענטשן און ער איז טאַקע אַ סך מאָל, צוליב זיין אַנטקעגן־שטעלן זיך דער נאַצי־מאַכט, געווען אַרעסטירט אַלס „לעבעדיקער משכון", ביז ער איז סוף־כל־סוף דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אַשוויענטשים און פון דאָרט קיין בערגען־בעלזען, וואו ער איז אַן אויסגע־שעפּטער פון הונגער געפאַלן אַלס קרבן פון נאַציזם.

# שיע שטענגעל

שיע שטענגעל, א מוליער־ארבעטער פונם שטעטעלע טישעוויץ, צווישן בעלם און הרוביעשאָוו — איז געקומען קיין ווארשע, כדי צו געניסן פון קולטור און כדי צו אָטעמען מיטן לעבן פון א גרויסער מאסן־אָרגאַניזאַציע.

אלס מוליער־ארבעטער האָט ער אויך אין טישעוויץ געהאַט פרנסה. טישעוויץ האָט פאַרמאָגט א שטאַרקע פועלי־ציוניסטישע „יוגנט" — אָבער קיין פאַרטיי־גרופּע האָט זיך דאָרט נישט געקענט אַנטוויקלען, ווייל ווען א יוגנטלעכער איז אונטערגעוואַקסן, האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין אויסלאַנד אָדער לכל־הפחות קיין ווארשע, ווייל אינדערהיים האָט א דערוואַקסענער ארבעטער נישט געהאַט פאַר זיך קיין עקזיסטענץ. אַן אויסנאַם, אין דער הינזיכט, איז אין טישעוויץ געווען נאָר שיע שטענגעל, צוליב דעם מוליער־פאַך, וואָס ער האָט געירשנט פון זיין פאָטער און ברודער. אים איז אָבער געווען ענג אין קליינעם שטעטל. ער האָט געוואָלט הערן יעדן שבת א נייעם לעקטאָר, האָט געוואָלט זען שפּילן יידיש טעאַטער און האָט זיך געריסן צו ברייטער פּאָליטישער טעטיקייט אין די ראַמען פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, וואָס ער האָט אין טישעוויץ נישט געהאַט.

איז ער געקומען קיין ווארשע פול מיט תמימותדיקע פאָרשטעלונגען און מיט ערלעכע שטרעבונגען. ער האָט זיך גיך ביי זיין פאַך גוט איינגע־אָרדנט עקאָנאָמיש און איז באַלד געוואָרן אַקטיוו אין דער יוגנט־סעקציע פונם יידישן בוי־ארבעטער־פאַריין, אונטער דער אָנפירונג פונם אומגעקו־מענעם ח׳ לאָזער סטאָליער. ער פאַרבינדט־זיך תיכף מיט דער „יוגנט" אלס פּאָליטיש־קולטורעלע אָרגאַניזאַציע און ער שטילט דאָרט זיין קולטור־דורשט מיט פולע הויפנס פון דער ברייט־פאַרצווייגטער קולטור־טעטיקייט.

אין די לעצטע עטלעכע יאָר האָט ער שוין געהערט צו דער פּאַרטיי — אָבער ער האָט קיינמאָל נישט איבערגעריסן מיט דער „יוגנט", אין וועלכער ער איז פּאָליטיש און גייסטיק דערצויגן געוואָרן. ער האָט לעצטנס שטאַרק געשטרעבט צו עמיגרירן קיין ארץ־ישראל, וואו ער זאָל קענען שטעלן אינם דינסט פון לאַנד זיינע פאַך־קענטענישן אלס קוואַליפיצירטער מוליער — ער האָט נאָר געוואַרט ביז זיין נייגעבוירן קינד וועט אביסעלע אונטערוואַקסן. דערווייל איז אויסגעבראָכן די מלחמה, וואָס האָט א תל־געמאַכט צו זיינע האָפנונגען און דערנאָך איז געקומען די אונטערערדישע טעטיקייט פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און ער איז געוואָרן איר „טעכניקער"; ער האָט געבויט די צענטראַלע בונקערס, האָט אינסטאַלירט די געהיימע אונטער־ערדישע ראַדיאָ־סטאַנציע פון דער קאָמענדאַטור און ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער געטאָ־אויפשטאַנד, איז ער געפאַלן מיט א העלדישן טויט.

# אייזיק סאמבערג

אייזיק סאמבערג איז געווען א בארימטער דראמאטישער שוישפילער. ער איז געווען אן אלטער חבר פון פועלי־ציון, נאך פון יאר 1905, און ער האט שטענדיק שטאלצירט מיט זיין צוגעהעריקייט צו פועלי־ציון. מיט באזונדערער פיעטעט פלעגט ער שטענדיק ארויסטרעטן אויף די בארא־כאוו־פייערונגען, רעציטירנדיק דערביי מיט גרויסן קינסטלערישן פאטאס, ל. מלאכס באקאנטע פאעמע „באראכאווצעס". געענדיקט זיין ערלעך און ארבעטסזאם לעבן האט ח' סאמבערג, פונקט ווי אין א טראגעדיע אויף דער בינע, מיט שטאלץ און מיט ווירדע, אזוי ווי עס פאסט פאר אן אמתן קינסטלער.

# ישראל ליכטענשטיין

ישראל ליכטענשטיין, איז פאר זיין ארייננטרעטן אין דער פועלי־ציון־באוועגונג געווען אויף דער פראווינץ א לערער פון די תרבות־שולן. נאך זיין קומען קיין ווארשע, האט ער זיך פארבונדן מיטן וועלטלעכן יידישן שול־וועזן און איז געווען טעטיק אין אונזער „יוגנט"-באוועגונג און אינם „יונגבאר".

אין ווארשעווער געטא איז ער געווען איינער פון די נאענטסטע מיט־ארבעטער אינם אונטערערדישן רינגעלבלום־ארכיוו, וועלכן ער האט גע־האלפן זאמלען און אים דערנאך באגראבן אין די קעלערן פון נאוואליפקי 68, וואו מען האט אים לעצטנס געפונען צוזאמען מיט זיינער א רירנדער צוואה.

# משה ווײַדע

משה ווײַדע, אן אלטער פארטיי־חבר א באגאבטער רעזשיסאר פון דראמאטיש קרייזן. אין דער הויפט־פארוואלטונג פון דער „געזעלש. אוונט־קורסן פאר ארבעטער", האט ער אנגעפירט מיטן רעסארט פון דראמאטישע קרייזן און גערינגט מיט זיין פאכמענישער דערפארונג די הונדערטער דרא־מאטישע קרייזן איבערן לאנד.

אינם ערשטן מלחמה־יאר איז ער געווען א פארוואלטער פון אן אומ־זיסטער פועלי־ציון־קיך, וועלכע ער האט אנגעפירט מיט גרויסער איבער־געגעבנקייט — ביז צו מסירת־נפש.

# יוסף זילבערבארד

יוסף זילבערבארד, אדער ווי מען האט אים גערופן יוסף ציעכאנאווער, אויפן נאמען פון זיין געבורטס־שטעטל, איז 20 יאר געווען טעטיק אין דער „יוגנט" און אין דער פארטיי. אסך יארן איז ער געווען דער פארזיצער פון דער לאדזשער „יוגנט", מיטגליד פונם „יוגנט"־צענטראל־קאמיטעט און מיטגליד פונם לאדזשער פארטיי־קאמיטעט. ער האט זיך אלע יארן אויס־געצייכנט מיט זיין איבערגעגעבנקייט, ערנסט און געטריישאפט צו די אידעאלן פון פועלי־ציוניזם. אין די יארן 1925-1923 איז ער 2 יאר אפגעזעסן אין דער פולטוסקער תפיסה, צוליב א פראוואקאציע פון א פאליציי־שפיצל. הגם ער איז פון דער תפיסה ארויס א קראנקער, האט ער פונדעסטוועגן ווייטער פארטגעזעצט זיין ארגאניזאטארישע און דער־ציערישע טעטיקייטן. אויף עטלעכע יוגנט־צוזאמענפארן איז ער געווען אין פרעזידיום און במשך פון עטלעכע יאר האט ער אויך אנגעפירט מיטן לאדזשער ראיאן־קאמיטעט פונם פועלי־ציוניסטישן „יוגנט"־פארבאנד.

די מלחמה־קאטאסטראפע האט אים פארטראגן קיין קאלאמיי, וואו די ח"ח האבן פאר אים געזארגט מיט דערזעלבער הארציקייט מיט וועלכער ער פלעגט זיך זיין גאנץ לעבן באציען צו אנדערע. ווען די דייטשע הארדעס האבן זיך אינם יאר 1941 דערנענטערט צו קאלאמיי, האט ער נישט גע־קענט אנטלויפן, ווייל ער האט נישט געהאט די דערצו נויטיקע דאקו־מענטן און לויפן צופוס האט ער פשוט נישט געהאט קיין כח. ער איז געבליבן אין קאלאמייער געטא און שטיל איבערגעטראגן אלע פיינען פון הונגער און מאראלישע דערנידריקונגען, ביז ער איז פון די דייטשן ליק־ווידירט געווארן צוזאמען מיט די אייביקע קאלאמייער חברים — בעת זיין פרוי מיט זייערע 2 קינדער זענען אומגעקומען אין לאדזשער געטא.

# לייבעק שמערלער־ראזענבערג

לייבעק שמערלער־ראזענבערג איז געווען איינער פון די אינטעלי־גענטסטע און פעאיקסטע חברים אין דער קראקעווער פועלי־ציון־ארגאני־זאציע. אלס יונג קינד איז ער אין 1918 אריינגעטרעטן אין דער באנייטער נאכמלחמה'דיקער „יוגנט" און ער איז גיך געווארן איינער פון אירע זיילן, ביז ער איז אין 1923 — אויפן 3־טן לאנדעס־צוזאמענפאר פונם „יוגנט"־פארבאנד—אויסגעקליבן געווארן אינם צענטראל־קאמיטעט. לייבעק האט זיך אויסגעצייכנט מיט גרויסע ארטארישע, און פובליציסטישע פעאיקייטן, און מיט אויסערגעוויינלעכער פאראנטווארטלעכקייט. אין די לעצטע עט־

לעבע יאָר, ווען צו דער „יוגנט" אַרבעט אין קראָקע זענען אונטערגעוואַקסן אַנדערע כוחות, האָט ער זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן מיט דער פּאַרטיי־אַרבעט, ביז ער איז אויסגעוואַקסן ווי דער אָנערקענטער פירער פון דער קראָקעווער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע און אויפן לעצטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס מיטגליד פונם הויפּטראַט.

לייבעק איז געווען שטאַרק באַליבט און אָנגעזעען נישט בלויז אין די קראָקעווער אַרבעטער־קרייזן, נאָר אין דער גאַנצער פּועלי־ציון־באַוועגונג, אַזוי אַז ער איז אַפילו אין 1939 אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַט צום 21־טן ציוניסטישן קאָנגרעס. ער האָט אָבער נישט געקענט אַרויספאָרן פון קראָקע צוליב פּאַס־שוועריקייטן. ביים אויסברוך פון דער מלחמה איז ער אַנטלאָפן קיין לעמבערג, פון דאָרט קיין סאַרני (וואָלין) וואו ער איז אומגעקומען מיט אַ מאַרטירער־טויט — בעת זיין פרוי די חברטע רחל'ע העפטער מיט זייערע 2 קינדער זענען פון קראָקעווער געטאָ דעפּאָרטירט געוואָרן אין די גאַזקאַמערן פון אַשוויענטשום.

## איטשע בערגבוים, זרילעק ראָזענגאַרטן, מאַקס ראָזענבערג און שלאָמקע שפּאַגאַטנער

יעדער איינער פון די אויבענדערמאָנטע 4 קראָקעווער חברים, האָט פאַרנומען זיין פּאָזיציע, סיי אין דער „יוגנט", סיי אין דער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע, סיי אין די פּעריפערישע אינסטיטוציעס פון אונזער קראָקעווער באַוועגונג. — אַלע 4 זענען במשך פון 20 יאָר געשטאַנען אין די פּועלי־ציון־רייען און זענען געווען טעטיק, ווער אַלס לעקטאָר, ווער אַלס טוער אויפן ספּאָרט־געביט און ווער אַלס פירער פון דער „יוגנט".

יעדער איינער פון זיי באַזונדער האָט געהאַט זיינע אייגנשאַפטן און זיין פאָרליבע צו אַ געווויסן געביט פון די פּאַרטיי־טעטיקייטן — אָבער אַלע זענען זיי געווען גלייך אין זייער איבערגעגעבנקייט צו דער אָרגאַניזאַציע און אַלע זענען זיי געווען צוזאַמען אַקטיוו אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, צוערשט אין דער קראָקעווער געטאָ און דערנאָך אינם שקלאַפן־לאַגער פון פּלאַשאָוו.

אין די שווערסטע מאָמענטן האָבן זיי נישט פאַרלוירן דעם גלויבן אין דער מפּלה פונם היטלעריזם און האָבן נאָך אַנדערע געטרייסט און געמוטיקט. זיי איז אָבער נישט באַשערט געווען צו דערלעבן און מיט די אייגענע אויגן צו זעען דעם ענטגילטיקן פונאַנדערפאַל פון דער היטלעריסטישער מאַשין. זיי האָבן זיך אַסך אָנגעליטן און לסוף זענען זיי,

אין די לעצטע שעה׳ן פונם היטלעריזם, אומגעקומען. זריעלעק ראָזענגאַרטן און מאַקס ראָזענבערג — אין מאַוטהאַוזען; שלאָמקע שפּאַגאַטנער — אין לינץ און איטשע בערגבוים — בעת דער שקלאַפן־צוג, אין וועלכן מהאָט אים אַרויסגעפירט פון גראַסראָזען, איז באַמבאַרדירט געוואָרן מצד די עלאים . . .

מיט זייער אומקומען האָט די קראָקעווער אָרגאַניזאַציע פאַרלוירן אַקטיווע טוער, איבערגעגעבענע ח״ח און טייערע, ווערטפולע מענטשן.

## מאַליע קאָרנבלום, כייקל מאַנדעלבוים און מאַניע אַלטערמאַן

מאַליע, כייקל און מאַניע — זענען געווען פון די אַקטיווסטע חברטעס אין דער ווארשעווער אָרגאַניזאַציע. יעדער פון זיי האָט פאַרנומען אַן אַנדערע פּאָזיציע אינם אָרגאַניזאַציאָנעלן בנין פון דער פועלי־ציון־באַוועגונג און יעדע פון זיי האָט זיך אויף איר אייגנאַרטיקן שטייגער אויסגעצייכנט ביי דער אַרבעט.

מאַליע קאָרנבלום איז געווען אַ צייטלאַנג די קאָמענדאַנטקע פונם ווארשעווער „יונגבאָר״ און זי איז אויפן לעצטן „יוגנט״-צוזאַמענפאָר אפילו אויסגעקליבן געוואָרן אינם צענטראַלן יונגבאָר־סעקרעטאַריאַט.

כייקל מאַנדעלבוים איז נאָך מיט 2 יאָר פאַר דער מלחמה פון דער יונגבאָר־טעטיקייט איבערגעגאַנגען צו דער „יוגנט״־אַרבעט און האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס פרעסע־קאָמיסאַרין.

מאַניע אַלטערמאַן האָט אַלע יאָרן פון איר צוגעהעריקייט צו דער באַוועגונג זיך געווידמעט דער טעטיקייט אינם „פרייען השומר״. אונטער פּאַליע עלסטערס אָנפירונג איז זי אויסגעוואַקסן צו איינער פון די אַקטיווסטע און פעיקסטע אינסטרוקטאָרן.

אַלע 3 — הגם יונגע חברטעס — האָבן זיך כמעט אָפּגעזאָגט פון פערזענלעכע פאַרגעניגנס און זייער גאַנצע פרייע צייט, נאָך דער אַרבעט, אינגאַנצן בלב-ונפש אוועקגעגעבן דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, כדי צו דערציען דעם אונטערוואַקסנדיקן דור, די קינדער פון שולן און פאַבריקן, אינם גייסט פונם פועלי־ציוניזם.

זייערע טעטיקייטן האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט אפילו אונטער די שווערסטע באַדינגונגען אין דער ווארשעווער געטאָ, פון וואַנען זיי זענען אין סוף 1942 און אין אָנהויב 1943 דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע און מאַידאַנעק, וואו זיי זענען צוזאַמען מיט אַנדערע הונדערטער־טויזנטער אומגעקומען מיט אַ טויט פון מאַרטירער און קדושים.

אין די טויזנטער זענען אומגעקומען די אקטיווע ח"ח פון לינקע פועלי־ציון און פונם „יוגנט"־פארבאנד; פון דער קינדער־ארגאניזאציע „יונג־באר" און פונם שילער־פארבאנד „פרייער השומר". נישט אלע איז מעגלעך צו געדענקען און נישט וועגן אלע קרבנות זענען פאראנען ידיעות. אבער א קליינעם טייל פון די סאמע אקטיווסטע, וועלכע האבן זיך מיט זייערע אקטיוויטעטן, אדער מיט זייערע באזונדערע כאראקטער־איינשאפטן, איינגעקריצט אין מיין זכרון, האלט איך פאר מיין פליכט מיט צער און מיט וויטיק, צו דערמאנען דא זייערע ליכטיקע נעמען:

עמוס פריינט, נאטעק ווייסבארד, נחומקע גזשיוואטש, אברהם ראבאק, אנקע פאט-לעווין, שרה׳לע גרינבערג, שעי הארוויץ, שרה בריקהאלץ, שיע קרישטאל, חיה׳לע גרינבערג, הערשעלע ווראנסקי, נאטעק אפפאל, חנה׳לע אדלער, לאליע ציטרינאווסקי, בראנקע מאנעליאק, נוניע דוד׳ל לינדוואסער, זאגאן, ליליע פריינט, אברהם שטיינבערג און שאגאן לענט — ווארשעווער יונגבאריסטן, פון וועלכער דער גרעסטער טייל האט זיך אויסגעצייכנט בעת דעם הערואישן געטא־אויפשטאנד.

יאנקעלע פערלמאן, (קאמענדאנט פונם ווארשעווער יונגבאר), מאשע צוקער, פעסעלע קאץ, לייב האלצקענער, שלום אזשעל, לייבעלע יודט, שמשון קאנסטאנטינער, משה אשלאק, גדליה אשלאק, אווראמל סעגאל, שמואליק סעגאל, לענא קרישטאל, אבא פישמאן, יידל שווייג, אסתרל גליקלעך, חיימל גאלדבערג, זעלדע גאלדבערג, שרה׳לע וויינגארטן, שרה׳ציע ריבאק, ווארשעווער געטא־קעמפער.

משה שפיגעל, יחיאל יוכטמאן, נחימה טיטעלמאן, אהרן און דארקע פערלמאן, בינום און רוזשע לעווין, בנימין און פראניע קופערהאנט, הערש במיעלניצקי, בענעק קופערמאן, אסתר מערמעלשטיין, בעלא גינזבורג, לאניע ציטרינאווסקא, העלענא ווײַדע־ווראנסקא, יהודית רינגעלבלום, לענא פיינשטיין, שמשול מאנדעלבוים, אברהם אייערוויים, דוד שערמאן, חיים בארנשטיין, צאלעל אדלער־זילבערבערג, הערש שימאנסקי, שניאור פרידמאן, דר. בער אפענהיים, דר. אברהם ראזענבוים, משה צוקער, יצחק קראמארזש, אסתר לינדענהיים, פיניע און בעלע לינדוואסער, יחזקאל גאלדסאבעל, שבתי ליפמאן, יצחק, יוסף און שבתי גאנצשטאק, גוסטא טרויבמאן־זאגאן, גרשון ערדעפל, שאיע זאוואזשניאק, בערל מיטלבערג, מינע אבעלמאן־ליבענשטיין, לייזער רינגעלבלום, יעקב בארנשטיין, פייגע פריימאן, עלקע רובינשטיין, מרדכי שטראספאגעל, לייזער און לוניע גליקליך, מאטל קרייקעמאן, באשע ביאלאגורא, פישעלע האניקסהענדלער, ראטענבערג־שניידערמאן, הענעך איש, לייבל קאראל, דוד מילנער, שמחה מאטש, משה גרוב, משה פאנקעוויטש,

מאיר פשעדעטש, נתן סמאָליאר, און מלך (כיל) שטיינבערג — מיטגלידער פונם ווארשעווער פּאַרטיי־אַקטיוו. —

יאַניע שולמאן, גוסטאוו גארפינקעל, מרדכי פעדער, עזריאל מאַניעלאַק, עמנואל וואָלינסקי, משה גאָלדבערג, מירא גרינבלאַט, דר. אוריסאָן, אברהם בלומשטיין, וויינבלום, ליטוואַק, ברוינער, געלקאָפ און שלמה לאַוועגדאַ, אָנפירנדיקע ח״ח פון דער פּאַרטיי און פון דער „יוגנט" אין לאָדזש.

דר. יוסף מרגליות, רחלע העפטער־ראָזענבערג, אביגדור בורשטין, העלא בראנד־ראָזענבערג, מרדכי בעץ, סטעפע שענקער, אבעק בראנדטשטעטער, מאניע־ראָטבערג־בראַנדשטעטער, רומעק פעלדמאַן, ציליע גרינבלאַט־פעלדמאַן, פּיוּוּל הירש, אברהם פרידמאַן, יוסף מייער, מאַליע בערקאָף־ראָזענגארטן און פּאַליע טאַרנאַווניק־בערגמאַן — אָנפירנדיקע און אַקטיווע ח״ח פון קראָקע.

שלאָמעק וואָלהענדלער, יחיאל קאַרנפעלד, י. ל. פיינער, משה קורצ־פעלד, מנחם ראָטענבערג און אנשל וויצהענדלער — אָנפירנדיקע ח״ח פון בענדין.

בנימין (יומעק) בוכנער, ליאָווע כענקין, יונה שפיגעל, מנשה האַמ־בורגער, גוציע גאָלדפלוס־וואַידיסלאַוו — אַקטיווע פּאַרטיי־טוער פון סאָס־נאַוויץ.

ראַצקע גאָלדבערג־שפּירא (העלדיש אומגעקומען בעת די ס. ס. מערדער האָבן אויסגעפירט אַן עקזעקוציע אויף 400 יידן), סימע ראָזנער־שפּירא, דר. שכנא האַלצער, דר. בעריש לאַנדאַו (פּועלי־ציון־ראַטמאַן), אהרן שטערן, זישע קלינגער, משה לינקער, שימעלע שטערן, משה ענגעלהאַרד, אברהם לוסטבאַדער, אברהם מאַנדעל און איידל באָכנער־ראַנד — אַקטיווע פּאַרטיי און „יוגנט"־טוער אין נייסאַנדז.

העניך טיש, פיניע גליק, מאַניע קאָרן, יאָסעק פּערלבערג, דוד אייכענ־האָליץ־לענקאָוויטש, שמעון שילער, יוחנן וואָזשניצער, רעגינא לייכטער, הע־שיע גליק און נחום איינשפּרוך — אַקטיווע ח״ח פון טאָרנע.

אברהם דיאַמאַנט (ווארשעווער געטאָ־העלד), ברוך פּראַשקער, יחיאל גורני, יוסף פערקאַל און אברהם שורעק (ביאַליסטאָקער געטאָ־העלד) — אַקטיווע ח״ח פון קאַליש. —

שלמה שמוים, בערל קראַוטהאַמער, חיים באַל, שרה׳צע ציינגער, רחל לאַנדמאַן, מעכל ליכטן, לייב עלענבערג, דוציע און לאָטי רייכענבאַך, אייזיק דאַלפן, מאַקס ראַט און רחמיאל קאָמעט — אָנפירנדיקע ח״ח פון פּאַרטיי און „יוגנט" אין קאַלאָמיי. —

דר. יעקב רוויכבפלייש, משה לוסטיג, משה שטערן און שלמה גערטנער — פון לעמבערג.

סעם וואלקאוויטש — פון קאליש, דוד נעמיינער, און טאליע קליינבערג פון קראקע. גאלדע פרידמאן פון טארנע. אברהם סטאלאס און ליבעלע ציטרינאוווסקי — פון ווארשע.

מישקע (מעכל) אפער — פון סטרי. — משה בעקער — פון כעלם. דוד קופער (אינסטרוקטאר פונם „יוגנט"־פארבאנד), פון וואיסלאוויץ. — יידל גאלדפארב — פון טערעספאל. — רחמיאל נאווענשטערן — פון סטאַשעק. — שלום בלענקיטנע — פון פולטוסק. — נתן זשעפקא און יעקב נעלטשינסקי — פון רוזשאן. — שלמה ווערבער (מיטגליד פון „יוגנט" צ. ק.) — פון ראדאם (געכאפט געווארן אויף דער ארישער זייט ביי אונטערערדישער טעטיקייט און אויפן ארט דערשאסן געווארן פון דער געשטאפא). — שאיע גראדזיצקי, אהרן קאצקי און שמואל לים — פון קאלושין. — משה מאנדעלבוים און מעכל ווארשניטער—פון ווענגראוו.—שמואל טשערניקער—פון פלאנסק.—יוחנן פינקעלמאן—פון יאדאוו.—אברהם שערמאן—פון אזשאראוו.—שמשול בראטמאכער — פון ביאליסטאק. — דודל פשעדעצקי — פון וולאצלאוועק.—אהרן פרענטקי, מרדכי קאניעצפאלסקי און ישראל שימאנאוויטש — פון טשענסטאכאוו. — שלמה מיטעלמאן, משה גרינבערג און בעלא מאנדעלסבערג־שילדקרויט פון לובלין. מאיר זאלצמאן, משה קאמינסקי און זיינוול ראזענזומען—פון שעדלעץ.—דוד גיטעלמאן, סימע טשערניאוו־סקא־גיטעלמאן, צאלקע מינאוויצקי, האדעס מענאכאוסקי־מינאוויצקי, ראובן פרעגלער און שלום שאפירא — פון בריסק. — יחיאל ברום — פון וויעלון. חיים פאיאוויטש און יעקב סטאל — פון אטוואצק. — מ. אראנאוויטש, קאפל בוסעל און מאטל קנובאוויץ —- פון פינסק. שיע טארטשיץ — פון פולאוו און זיין זון דער יונגבאריסט יחיאל (דערטרונקען געווארן אין בוג, בעתן שמוגלען זיך אויף דער סאוויעטישער זייט). יאנקל פרידמאן, ביירעך גארליצקי, נחמיה סאמבורסקי און שמחה יעדוואב — פון כמיעלניק. — דאדע טראצקי, פרידע טיבערג, מאיר טאבאקמאן, און מוניע ווייסעלפיש — פון בריסל (בעלגיען). — יצחק פרידמאן (דוד גאסטאן), יהודית טאפטשע, אוורעמל עדעלשטיין, אייזיק שווארץ, יידל שווארץ, דוד אקס, משה ליפמאן, משה סעקולא און ש. וויינטרויב — פון פאריז (פראנקרייך). העניעק בלומענבערג—פון אנטווערפן (בעלגיען).

שאול שטיינאוויטש — פון תל־אביב (געפאלן בעת די דייטשן האבן באמבארדירט תל־אביב).

כבוד זייער אלעמענס אנדענקן! און געהייליקט וועלן אויך אויף אייביק בלייבן די טויזנטער קעמפער און מארטירער, וועלכע זענען נישט דערמאנט אין דער דאזיקער רשימה — צוזאמען מיט די מיליאנען קדושים, וואס זייערע לעבנס זענען אזוי גרויזאם פארשניטן געווארן.

# דר. יצחק שיפער

דר. יצחק שיפער איז בלי־ספק געווען איינער פון די שענסטע און אינטערעסאנטסטע געשטאלטן אינם פוילישן יידנטום. א היסטאריקער פון ערשט־ראנגיקער באדייטונג, א פארשער פון דער ידישער שפראך און יידישן טעאטער, א גלענצענדער עסייאיסט און א פאליטיש־געזעלשאפטלעכער עסקן פון גרויסן פארנעם.

שיפער האט אין זיינע יונגע יארן געהערט צו דער פועלי־ציון פארטיי אינם אמאליקן עסטרייך. געקומען איז ער צו פועלי־ציון גראד אין א תקופה, ווען די צאלרייכע אינטעליגענטן וואס האבן צו איר געהערט, האבן זי פארלאזט, נאכדעם ווען די פארטיי האט אויף איר 3־טן צוזא־מענפאר זיך געשטעלט אויף א קלארער סאציאליסטישער פלאטפארם. שפעטער — אין די יארן 1920־1921 — האט אויך שיפער פארלאזט די פועלי־ציון־רייען, צוערשט די לינקע און איז א געוויסע צייט געווען, אפילו אנגאזשירט אינם שפאלטונגס־קאמף פונם ווינטער 1920 — 1921 און דערנאך איז ער אויך פון די רעכטע אוועק. שיפער איז, נאך 10־11 יאר געהערן און טעטיק־זיין ביי פועלי־ציון אין די פאדערשטע רייען און אויף פאראנטווארטלעכע פאזיציעס, צוריק־געגאנגען צו דער אלגעמיינער, צו דער בירגערלעכער ציוניסטישער באוועגונג, פון וואנען ער איז גע־קומען און וואו ער איז שוין דערנאך געבליבן ביזן לעצטן אטעם־צוג פון זיין לעבן אלס פירנדע פערזענלעכקייט.

דאס כאראקטעריסטישע אין דר. שיפערס מענטאליטעט איז געווען דער דואליזם פון וועלכן ער האט זיך קיינמאל נישט געקענט באפרייען. זייענדיק א פועלי־ציון דעפוטאט אינם פוילישן סיים, האט ער זיך אפט־מאל געפונען אונטער דער השפעה פון דער לאנדעס־פאליטיק, וואס עס האבן געפירט די ראדיקאלע ציוניסטן אונטער דער אנפירונג פון יצחק גרינבוים. צוליב דעם איז ער אפטמאל געקומען אין שארפע קאנפליקטן מיט דער אייגענער פארטיי. דערקעגן, שפעטער, ווען ער איז געווען טעטיק אין דער אלגעמיין־ציוניסטישער באוועגונג, האט ער ווידער אין א סך פאלן זיך דערקלערט אלס אנהענגער פון סאציאליזם.

דער דאזיקער דואליזם איז נישט בלויז אין דער פאליטיק געקומען ביי אים צום אויסדרוק, נאר אויך אין אנדערע געביטן פונם יידיש־געזעלשאפטלעכן לעבן. נישט איינמאל אין זיין פאליטישן לעבן איז אים אויסגעקומען אויסערהאלב דעם יידישן סעקטאר, ממש זיך מוסר־נפש־זיין פארן כבוד און פאר די רעכט פון יידיש און אז אנדערש מאל האט ער זיך

געשטעלט אויף דער זייט פון מיליטאַנטישן העברעאיזם, וואָס האָט גע־קענט אויסגעטייטשט ווערן ווי אַן אומדירעקטע אַטאַקע אויף יידיש . . .

געקומען איז עס ביי אים דערפון וואָס ער האָט ביידע, אי יידיש, אי העברעאיש, ליב געהאַט מיט דער גאַנצער ליידנשאַפט פון זיין טעמפּעראַ־מענטפולער נשמה.

ער איז געווען אַ שיין־גייסט, אַן עסטעט פּער־עקסעלאַנס און זיך נישט געקענט באַפרייען פון דער וואָכעדיקער שוואַרץ־אַרבעט אינם טאָג־טעגלעכן פּאָליטישן קאַמף. ער איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכער טוער מיט אַ ברויזנדן טעמפּעראַמענט און כסדר געבענקט צום פאָרשער־קאַבינעט, צו די ביבליאָטעקן און היסטאָרישע אַרכיוון.

ער איז געווען אַ קינד פון פאָלק און פון אים האָט אַרויסגעשטראַלט אַ גייסטיקער אַריסטאָקראַטיזם. ער איז געווען אַ הויך־געבילדעטער וויסנ־שאַפטלער, אַ היסטאָריקער און געלערנטער און ס'האָט אים שטענדיק גע־צויגן צו די טיפענישן פון פשוטן פאָלקס־לעבן, צום המונישן לעבנס־שטייגער.

ער איז געווען גלייכצייטיק טיף־ערנסט און באָהעמיש־זאָרגלאָז. הומאָר האָט פון אים געשפּרודלט ווי פון אַ לעבעדיקן קוואַל און ער האָט זיך אָפטמאָל דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה פון געוויסן און יושר.

פילפאַרביק, אָפּטימיסטיש, גייסטיק־רייך און שעפעריש איז געווען זיין לעבן — אָבער מאַנאָטאָן און גייסטיק־געפּענטעט זיינען געווען זיינע לעצטע יאָרען אין דער וואַרשעווער געטאָ און טראַגיש איז געווען זיין אומקומען צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע.

אַ גאַנצע רייע פון ערנסטע געשיכטלעכע ווערק אין יידיש און אין פּויליש — באַזונדערס „דער אָנהויב פון קאַפּיטאַליזם ביי יידן", וואָס איז דערשינען אין יידיש אינם פאַרלאַג „אַרבעטער־היים" — זיינען לעבעדיקע עדות דערפון וואָס שיפּער וואָלט נאָך געווען געקענט לייסטן, ווען זיין לעבן זאָל נישט געווען איבערגעריסן ווערן פון די היטלעריסטישע תליונים. און ווער ווייסט וויפל גייסטיקן ווערטן, וואָס זיינען ביי אים געלעגן אין מאַנוסקריפּט, די וואַנדאַלן האָבן פאַרניכטעט צוזאַמען מיט זיין לעבן?

יצחק שיפּערס פּריצייטיקער מאַרטירער טויט איז אַ גרויסע אבידה נישט בלויז פאַר דער בירגערלעכער ציוניסטישער באַוועגונג און נישט בלויז פאַרן פּוילישן יידנטום — נאָר פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק, ווייל מיט זיין טויט איז אַראָפּ פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע אַ גייסט־רייכע פּערזענלעכקייט, אַ שעפערישער גייסט און אַ זעלטענער מענטש, וועמען די קומענדיקע דורות וועלן אייביק דערמאָנען מיט פּיעטעט און מיט טיפער אָנערקענונג.

# אדאם טשערניאקאוו

אדאם טשערניאקאָוו — דער פּרעזידענט פון דער יידישער קהלה אין דער וואַרשעווער געטאָ — איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. זיין טויט האָט דעמאָלט אויפגעשוידערט די גאַנצע יידישע וועלט.

דעם זעלבסטמאָרד איז טשערניאַקאָוו באַגאַנגען נישט צוליב וועלכע עס איז פּריוואַטע סיבות און אויך נישט צוליב פאַרצווייפלונג, אָדער צוליב מורא פאַר די נאַציס, מיט וועלכע ער האָט זיך געמוזט אַזוי אָפט באַגעגענען אַלס עלטסטער פונם וואַרשעווער יידן־ראַט — נאָר אַלס פּראָ־טעסט קעגן דער אַלץ־שטייגנדער כוואַליע פון נאַצישער בעסטיאַליטעט לגבי דער הילפלאָזער און פאַרפּייניקטער יידישער מאַסע.

אינם יאָר 1940 האָבן אים די נאַציס „באַשטימט" אַלס דעם פירער פון דער וואַרשעווער יידישער קהלה און במשך פון 3 יאָר איז אים, טשערניאַקאָוון, נישט איינמאָל אויסגעקומען צו פילן דעם ביטערן, גאַליקן טעם פון צו זיין אַ שפּיל־באַל אין די הענט פון ברוטאַלן אָקופּאַנט. אָבער דאָס הויכע מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייטס־געפיל וואָס טשערניאַקאָוו, דער באַשיידענער האַנט־ווערקער־פירער האָט פאַרמאָגט, די פאַרשטאַרקטע נאַציאָנאַלע אחריות, וואָס האָט אין אנגעזיכט פון דעם פאָלקס־קאַטאַסטראָפע דערוואַכט ביים פריער האַלב־אַסימילירטן אינטעליגענט און דער אַרומיקער טויט־געשפּענסט, וואָס האָט געלויערט אויף די הונדערטער טויזנטער יידן פון דער געטאָ — האָבן ביי אים איבערגעוואויגן די כסדרדיקע פּערזענלעכע מאָראַלישע דערנידריקונגען, האָבן געשטעלט אין שאָטן די אייגענע פּער־זענלעכע לעבנס־געפאַר און ער האָט קנאַפּע 3 יאָר געדולדיק געטראָגן דעם יאָך פון אַ קהלה־פּרעזידענט אין אַזאַ שווערער צייט פון נאַצישער רשעות, אונטערן שטיוול פון היטלעריזם, בוויגנדיק זיך אָפט קעגן זיין ווילן און קריצנדיק מיט די ציין פאַר ווייטיק און צאָרן.

ס'איז אָבער געקומען אַ מאָמענט — ווען די היטלער־מאַכט האָט פון אים געפאָדערט אַ רשימה פון 100 טויזנט יידן, וועלכע האָבן באַ־דאַרפט פאַרשיקט צו ווערן אין דער שאול־תחתיה פון טרעבלינקע און ער האָט באַשלאָסן אַ סוף צו מאַכן צו זיין לעבן, כדי מיט דער דאָזיקער טאַט אויסצודריקן דעם פּראָטעסט פונם פאַרצווייפלטן און פאַרפּייניקטן יידנטום און כדי מיט זיין היינט־צייטיקן קידוש־השם אויפצורודערן די יידישע און די נישט־יידישע וועלט.

די יידישע געשיכטע — די אלטע ווי די נייע — איז רייך מיט קדושים, מיט מארטירער און מיט העלדן, וועלכע זיינען פרייוויליק גע־שפרונגען דעם טויט אין די ארעמס, ווייל אזוי האט זיי דיקטירט זייער גלויבן, זייער געפיל און זייער לאגיק. קיינער פון די דאזיקע קדושים און העלדן — און טשערניאקאוו צווישן זיי — האט זיך נישט איינגע־רעדט, אז מיטן אוועקגעבן פון זיין לעבן, וועלן זיך ענדיקן די צרות פונם פאלק צוליב וועלכן זיי שטארבן, אדער ס'וועלן זיך תיכף נאך זייער טויט ענדערן די באדינגונגען, וואס טרייבן זיי צו זעלבסטמארד און פונדעסט־וועגן זיינען זיי דערצו תמיד געגאנגען מוטיק און שטאלץ, מיט קאלטער לאגישער אויסרעכנונג, אזוי ווי דאס האט געטאן דער ראמאנטיקער און לעבנס־לוסטיקער אדאם טשערניאקאוו.

זיי — אלע אונזערע קדושים און העלדן פון אלע צייטן — און אויך ער, האבן דאס געטאן, ווייל אזוי דיקטירט זיי דאס געפיל פון קידוש־השם, וואס איז במשך פון אונזער דורות־לאנגער מארטיראלאגיע געווארן דער כאראקטעריסטישער גייסטיק־גבורה'דיקער שטריך פון אונזער נאציא־נאלן באוואוסטזיין און פון אונזער גורל־געמיינשאפט, וואס לעבט אינם אונטערבאוואוסטזיין פון יעדן יידישן יחיד.

עס קלינגט ממש ווי א פאראדאקס — עס איז אבער אן אומבאשטרייט־בארער אמת: טשערניאקאוו איז באגאנגען זעלבסטמארד, כדי אייביק צו בלייבן לעבן!

זיין העלדן־טאט און זיין אנדענקן איז אויף אייביק אריין אין די טראגישע בלעטער פון דער יידישער געשיכטע!

נישט בלויז די פוילישע יידן און נישט בלויז דער היינטיקער דור, נאר אומעטום און אין אלע וויטערדיקע דורות, וועט זיין אנדענקען ווערן געערט און דער פאקט פון זיין קידוש־השם־טויט וועט איבערגיין פון דור־צו־דור ווי א שיינע לעגענדע — ווי א לעגענדע פון א מענטש וואס איז אומגעקומען מיט א העלדן־טויט, אלס קרבן פון היטלעריזם, אויפן מזבח פון געטריישאפט צו זיין געפייניקטן פאלק.



# שלום־עליכם אין קראקע אין 1905

דאָס איז געווען אין שפּעטן הארבסט פון יאָר 1905, ווען ער, שלום־עליכם, איז דורך גאַליציען געפאָרן פון קיעוו קיין שווייץ, וואו ער האָט זיך דעמאָלט, פאַר זיין קומען קיין אַמעריקע, באַזעצט אויף עטלעכע יאָר.

אין גאַליציען איז ער אָפּגעשטעלט בלויז אין געציילטע 2-3 שטעט, וואו עס זענען פאַר אים איינגעאָרדענט געוואָרן גרויסאַרטיקע קבלת־פּנימס, פון וועלכע עס האָט, אגב, באַדאַרפט צו בלייבן אַ היפּשער צושטייער אויף זיינע וויטערדיקע „רייזע־הוצאות"... ווייל, כפי, אָדער ווי שלום־עליכם אַליין פלעגט זיך אויסדריקן, וועדליק, ס'האָט זיך דעמאָלט אַרויסגעוויזן, איז ער, לא-עלינו, געווען אַ קבצן אין זיבען פּאָלעס. פון קיעוו איז ער מיט זיין גאַנצן בני־בית, אַנטלאָפן אַזוי ווי נאָך אַ שריפה, צוליב די פּאָגראָמען וואָס האָבן זיך דעמאָלט, נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע, געשיט אויף יידישע שטעט, אַזוי ווי אַ האָגל בעת אַ שטורם און כדי מיטן בני-בית אָנצוקומען ביז אין דער פרייער שווייצאַריע, האָט מען באַדאַרפט צו האָבן אַ קיימאַ־לן פון עטלעכע הונדערט עסטרייכישע קראָנען...

אין לעמבערג איז דער קבלת־פּנים פאַר שלום־עליכמן איינגעאָרדענט געוואָרן פון אַ גרופּע אָנהענגער זיינע, פון וועלכע שלום־עליכם האָט געהאַט דערנאָך „צו זינגען און צו זאָגן"... זיי זענען, יאַקבי, נישט געווען זייער אָפּגעהיטן מיטן חשבון לגבי אים און דערפאַר האָט ער אין קראָקע שוין נישט געוואָלט זיך פאַרבינדן מיט יחידים, נאָר דווקא מיט אַ געזעלשאַפט־לעכער אינסטיטוציע, צו וועלכער ער זאָל קענען האָבן צוטרוי. האָט ער זיך פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער סטודענטן־אָרגאַניזאַציע „פשעדשוויט־השחר", וועגן וועלכער שלום־עליכם האָט זיך, שוין זייענדיק אין קראָקע, געוויצלט: „מילא, דאָס וואָס זיי קענען נישט קיין יידיש בין איך זיי שוין מוחל, אָבער ציוניסטן זענען אָרנטלעכע מענטשן און זיי וועלן מיך נישט באַגנב'ענען אַזוי ווי די לעמבערגער „פּיפּקעס"...

דער פאַריין „פשעדשוויט־השחר" האָט אויסגעבילדעט אַ ברייטערן קבלת־פּנים־קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען אַריין פאָרשטייער פון אַלע ציוניסטישע אָרטיקע פאַריינען, אַזוי אַז עס זענען אין אים געווען פאָר־טרעטער פון אַלע סאָציאַלע שיכטן און מען האָט אויף גיך אָרגאַניזירט אַ גראַנדיעזן קבלת-פּנים אין גרויסן זאַל פונם אַלטן קראָקעווער שטאָט־טעאַטער, אין וועלכן ס'האָבן געקענט אַריין, ווי מען האָט דעמאָלט גע־שמועסט, צען טויזנט מענטשן.

דער דאָזיקער קבלת־פּנים איז געווען צוגעגרייט מיט גרויס פּאראַד און מיט אַ נאָך גרעסערער פייערלעכקייט, אויף אַ זונטיק אין אָוונט. מיט צוויי נעכט פריער, אין אַ פּריוואַט־צו־נאַכטס, איז פאָרגעקומען אַ באַגע־געניש מיט שלום־עליכמן אויף אַ באַנקעט, אָדער „קאָמערס", ווי מען האָט עס דעמאָלט גערופן אין גאַליציען, צו וועלכן מען האָט איינגעלאַדן בלויז פאָרשטייער פון אָרגאַניזאַציעס און יחידי־סגולה.

פאָרשטייט זיך, אַז אַזוי ווי אויף יעדן באַנקעט, זענען אויך דאַסמאָל געווען, אַ היפּש ביסל סקאָרבאָווע רעדעס, תהילות־ותשבחות, לויב־געזאַנגען, ווינשונגען און אפילו פּאַטעטישע דרשות אין פּויליש וועגן דער ראָל פון יידישן שרייבער . . .

אויף יענעם באַנקעט האָב איך געהאַט די זכיה מיט אים פּערזענלעך זיך צו באַקענען און אים צו באַגריסן אינם נאָמען פון דער פּועלי־ציוניס־טישער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע, וועלכע איך האָב דעמאָלט רעפּרעזענטירט.

אין מיין באַגריסונגס־רעדע, האָב איך, לויט מיין דעמאָלטדיקער נאַ־איוועטער „יוגנטלעכער" אויפפאַסונג, אַרויסגערוקט מיינע טענות צו שלום־עליכמן, הלמאי זיינע קינדער־טיפּן זענען נישט קיין קינדער פון הונדערט־פּראָצענטיקע פּראָלעטאַריער, נאָר קליינבירגערלעכע, אָדער קינדער פון כלי־קודש, און פאַרענדיקט האָב איך מיין באַגריסונגס־וואָרט מיט דעם פּאַ־טעטישן פּזמון, אַז ווען ער, שלום־עליכם, וועט בשלום קומען קיין אַמעריקע, וואו עס איז אינם יידישן לעבן שוין דאָמינירנד דער יידישער פּראָלע־טאַריאַט, זאָל ער זיך נעענטער באַקענען מיט אָט דעם פּראָלעטאַריאַט און זאָל אונז שילדערן קינדער און דערוואַקסענע טיפּן פון שאַפּ און פאַבריק . . .

פאַרן שליסן פון באַנקעט, האָט באַקומען אַ וואָרט שלום־עליכם אַליין, וועלכער האָט גערעדט אי האַרציק, אי וויציק, און זיך בפרטיות אָפּגעשטעלט אויף יעדער באַגריסונגס־רעדע באַזונדער, כדי אַלעמען צו ענטפערן. אויף מיינע טענות האָט שלום־עליכם געענטפערט אויף אַן עכט שלום־עליכמדיקן אופן: גוטמוטיק, לייכט, הומאָריסטיש, דורכגעפלאָכטן מיט ערנסטע אָנ־צוהערענישן, און ביי דער געלעגנהייט מיר געגעבן אַ לעקציע וועגן . . . דער סאָציאַלער ראָל פון יידישן פּראָלעטאַריאַט . . .

„ווי קענט איר גאָר האָבן צו מיר טענות" — האָט ער זיך מיט אַ קלוגן שמייכל און מיט אַ פריינטלעכן טאָן געווענדעט אויף מיין אַדרעס, — „אַז איך בין נישט קיין פּראָלעטאַרישער שרייבער? אדרבה, איך האַלט זיך פאַרן אמת'ן פּראָלעטאַרישן שרייבער. וואָרום אַלע מיינע טיפּן, סיי די דערוואַקסענע העלדן מיינע, סיי די קינדער, וועלכע איך שילדער, זענען דאָך אַלע, אָדער לרוב, אָרימע לייט, מענטשן וואָס זוכן פּרנסה און האָבן זי נישט, עלנדע יתומים, וועלכע מוזן שוין פון די פריסטע יאָרן־אָן אַליין

זאָרגן פאַר זיך. אַז זיי זענען נישט קיין אַרבעטער פון די גרויסע פאַב־ריקן? למאי זיי זענען קינדער פון מלמדים, חזנים, קרעמער, שטעקעלע־דרייער, מעקלער און סתם־אָרעמע לייט? טאַ, וואָס בין איך שולדיק, אַז אַזוי זעט אויס דאָס יידישע פאָלק? אדרבה, ווייזט מיר אָן די יידישע פּראָלעטאַריער, וועלכע אַרבעטן אין דער גרויסער אינדוסטריע? נאָך מער: פאַרוואָס זענט איר אַ פּועלי־ציוניסט? צי אפשר נישט דערפאַר, כדי דאָס יידישע פאָלק זאָל זאָל באַקומען ארץ־ישראל און זאָל זיך ווי געהעריק קענען פּראָלעטאַריזירן? ביים היינטיקן טאָג זענען אָט די דאָזיקע מענטשן, די העלדן מיינע, דער יידישער „פּראָלעטאַריאַט" און זיי שילדער איך אַזוי ווי איך זע זיי, מיט אַלע זייערע פריידן און ליידן, מיט אַלע זייערע יאָגע־נישן און איילענישן, מיט אַלע זייערע שטרעבונגען און האָפענונגען" . . .

דער פאַקט וואָס שלום־עליכם האָט זיך אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט אָפּגעשטעלט אויף מיינע פאַר באַגריסונגס־ווערטער, האָט מיר, דעם אמת־געזאָגט, שטאַרק אימפּאָנירט, כאָטש ער האָט מיר אַביסל, אמת אויף אַן איידעלן אופן, „אַריינגעזאָגט". דאָס האָט מיך פונדעסטוועגן שטאַרק געהויבן אין די אויגן פון אַלע אַנוועזנדע אַלס פאָרשטייער פון דער אַר־בעטער־יוגנט און איך האָב ביי אים, תיכף נאָך זיין רעדע, געבעטן די דער־לויבעניש צו מאַכן אים, צו־מאָרגנס אינדערפרי אַ באַזוך אין האָטעל, וואו ער האָט געוואוינט.

שלום־עליכם האָט זיך נישט געלאָזט זאָגן קיין 2 מאָל. ער האָט אַריינ־געקוקט אין זיין נאָטיץ־ביכל, וועלכע שעה עס איז ביי אים אַ פרייע, און מיר דערקלערט, אַז בלויז 9 אַ זייגער אינדערפרי קען ער מיך אויפנעמען, ווייל אַלע שפּעטערדיקע פאַרמיטאָג שעה'ן זענען ביי אים שוין באַזעצט. פאַר מיר איז דאָס געווען זייער געוואונטשן, ווייל איך האָב געהאַט אין פּלאַן אים איינצולאַדן אויף נאָכמיטאָג צו דער „יוגנט" און איך האָב געוואָלט געווינען וואָס מער שעה'ן כדי צו קענען באַזאָרגן, אַז אַלע יוגנט־לעכע זאָלן זיין ביי דער באַגעגעניש מיט שלום־עליכמן.

כך־הוה: 9 אַ זייגער אינדערפרי בין איך שוין געווען ביי שלום־עליכמן אין האָטעל־צימער און אויף 10 אַ זייגער האָב איך שוין באַשטעלט די עקזעקוטיווע (דעם „אויסשוס" האָט מען עס דעמאָלט גערופן) פונם „יוגנט"־פאַריין, כדי איך זאָל באַריכטן, צי איך האָב בכלל עפּעס געפּועלט ביי שלום־עליכמן און וואָס איך האָב געפּועלט.

מיט שלום־עליכמן האָב איך פאַרבראַכט מער ווי אַ שעה־צייט. איך האָב אים געשילדערט דעם כאַראַקטער און דעם ציל פון אונזער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע און ער האָט זיך מיט אַלעמען זייער פאַראינטערעסירט. כ'האָב אים דערציילט וועגן די קאַמפן, וואָס די יוגנטלעכע, אייגנטלעך נאָך קינדער,

מוזן פירן מיט זייערע פרומע עלטערן פאַרן רעכט צו געהערן צו אַן אָרגאַ־ניזאַציע. כ׳האָב אים געשילדערט דעם טרויעריקן און נידריקן לעבנס־מצב זייערן, אים דערציילט, אַז יעדן שבת־צו־נאַכטס לייען איך פאַרן יוגנט־עולם, זיינע, שלום־עליכמס, מעשיות און ווי אַזוי די חברה קליינוואַרג רעאַגירט אויף יעדן זאַץ מיט אַ הילכיקן געלעכטער און צום סוף ערשט, האָב איך אַרויסגעפּלאַצט מיט מיין בקשה, אַז ער זאָל זיך נאָכמיטאָג צו־זאַמענטרעפן מיט דער „יוגנט", אַז ער אַליין זאָל עפּעס לייענען פאַר זיי און זאָל די חברה הנאה האָבן . . .

שלום-עליכם האָט באַלד מסכים געווען, נאָר געבעטן, אַז ער זאָל נישט דאַרפן קיין סך לייענען, ווייל זונטיק קומט דאָך פאַר דער גרויסער קבלת-פּנים, טאָר ער זיך נישט פריער צופיל אָנשטרענגען. איך האָב אים פאַר־זיכערט, אַז נישט מער ווי איין זאַך וועט ער דאַרפן לייענען, דאָס איבריקע וועלן מיר שוין אַליין באַזאָרגן, ווייל דער עיקר איז ביי מיר, אַז ער זאָל זיך טרעפן מיט דער יוגנט פּנים־אל־פּנים, אַז זיי זאָלן אים זען און ער אַליין זאָל קומען אין אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט דער יוגנטלעכער אַרבע־טערשאַפט.

עס איז געבליבן, אַז 3 אַ זייגער נאָכמיטאָג, וואַרט ער אויף מיר אין האָטעל־צימער. איך וועל שוין קומען אים אָפּנעמען און אים פירן צום לאָקאַל וואו סוועט פאָרקומען די באַגעגעניש מיט דער יוגנט.

איך בין אויף גיך געלאָפן אין „יוגנט"־לאָקאַל, וואו ס׳האָבן אויף מיר געוואַרט די 15-16 יאָריקע מיטגלידער פון דער „עקזעקוטיווע" און מיר האָבן אויף גיך באַשלאָסן, אַז איך לויף צום פאַרוואַלטער פון דער קהלה־ביבליאָטעק און לייען־זאַל „עזרא", כדי צו באַקומען די דערלויבעניש אויפן זאַל, וועלכער איז געווײנטלעך שבת געשלאָסן — בעת די יוגנטלעכע „אויסשום־לייט", צעלאָזן זיך גלייך איבער אַלע שולן און בתי־מדרשים אויפן קוזמאַרק, וואו דער גרויסער רוב פון די יוגנטלעכע געפינען זיך איצט ביים דאַווענען מיט זייערע פאָטערס, כדי אַלעמען צו מעלדן, אַז זיי זאָלן, תיכף נאָכן עסן, אַנשטאָט אין אייגענעם יוגנט־לאָקאַל־אַריין, קומען דירעקט אין דער „עזרא".

דעם שליסל פון דעם „עזרא"־זאַל האָב איך נישט אַזוי לייכט באַקומען. דער פאַרוואַלטער האָט פאַרלאַנגט דעם הסכם פונם ביבליאָטעק־פּאָרזיצער. דער ביבליאָטעק־פּאָרזיצער, הגם אַליין אַ פרייער מענטש, אַ ציוניסט, האָט געוואָלט פון מיר אַ פאַרזיכערונג, אַז מ׳וועט נישט רויכערן קיין פּאַפּיראָסן, ווייל 3 אַ זייגער איז נאָך טאָג, און די ביבליאָטעק געהער צו קהל, און אַז ס׳וועט זיין שטיל און רואיק; אַז מ׳וועט נישט צוברעכן קיין שטולן, א. א. וו., א. א. וו.

בקיצור, כ׳האָב געמוזט אַלעס אי צוזאָגן, אי באַזאָרגן דערויף די געהעריקע גאַראַנטיעס פון אויטאָריטעטע פּערזאָנען. ביז כ׳האָב צו־מזל באַקומען דעם שליסל אין מיין האַנט־אַריין, איז שוין געווען באַלד 3 אַ זייגער, אַזוי אַז כ׳האָב שוין נישט קיין צייט געהאַט אפילו צו גיין עפּעס עסן. אויפן וועג האָב איך געטראָפן אַ יונגטלעכן, וועלכן כ׳האָב איבער־געגעבן דעם שליסל, אַז ער זאָל גיין עפענען דעם זאַל און אַליין בין איך אַוועק צו שלום־עליכמן, כדי אים אָפּצונעמען פון האָטעל און מיט אים קומען אין זאַל־אַריין פון דער „עזרא״.

ביי שלום־עליכמן אין צימער האָב איך געטראָפן דעם מיט עטלעכע יאָר צוריק אין פּאַריז פאַרשטאָרבענעם, דר. דניאל פּאַססמאַניק, וועלכער איז דעמאָלט אַרומגעפאָרן מיט אַ לעקציע־טור איבער גאַליציען וועגן „סאָציאַליזם און ציוניזם״. דאָרט, ביי שלום־עליכמן אין צימער, בין איך צו מיין גרויסער איבעראַשונג, געוואָר געוואָרן, אַז פּאַססמאַניק קען און רעדט טאַקע אַ געשמאַקן יידיש, וואָרום, פריער, די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין קראָקע, האָט ער מיט אַלעמען גערעדט נאָר דייטש, באַהויפּטנדיק, אַז ער קען גאָרנישט קיין יידיש . . . דאָס האָט דעמאָלט געהערט אין גאַליציען צום „באָן־טאָן״. נישט קענען יידיש איז געווען אַ בעוויז פון העכערער קולטור, און הגם פּאַססמאַניק איז נישט געווען קיין גאַליציאַנער, נאָר דווקא אַ רוסישער, האָט ער אָבער גיך זיך אָריענטירט מיט וואָס ער קען אין גאַליציען אויסנעמען און . . . ער האָט טאַקע דע־מאָלט דערמיט אויסגענומען . . .

אויפן וועג האָבן מיר, אין דרייען, אָפּגעשמועסט, אַז איך וועל עפענען דעם צוזאַמענטרעף, וועל שלום־עליכמן פאָרשטעלן אין עטלעכע מינוט, און איבערגעבן ווייטער צו פירן דעם דר. פּאַססמאַניק.

אונזער פּלאַן איז אָבער פון די ווייטערדיקע געשעענישן „גרויזאַם״ צעשטערט געוואָרן און שלום־עליכם האָט דערויף רעאַגירט מיט זיין באַליבט פאָלקס־ווערטל: „נו יאָ, דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט״ . . .

צוקומענדיק נאָענט צום „עזרא״־זאַל, וואָס האָט זיך דעמאָלט גע־פונען אויף דער דיטעלס־גאַס, איבער ליבעסקינדס קאַוויאַרניע, איז די גאַס געווען שוואַרץ פון מענטשן . . . מיר האָבן געמיינט, אַז ס׳האָט עפּעס פּאַסירט אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס עס האָט צו אונזער אויף גיך און כמעט בסוד אָרגאַניזירטער „אונטערנעמונג״ קיין שייכות נישט — אָבער אַרויס־געוויזן האָט זיך גאָר עפּעס אַנדערש.

די ידיעה, אַז שלום־עליכם וועט לייענען פאַר דער „יוגנט״ עפּעס פון זיינע זאַכן אין זאַל פון דער „עזרא״, האָט זיך מיט אַ בליציקער שנעלקייט געטראָגן פון מויל צו מויל. אַזוי ווי צום זונטיקדיקן גרויסן קבלת־פּנים

זענען אַלע ביליקע בילעטן שוין געווען אויספאַרקויפט און דאָ האָט מען בכלל קיין בילעטן נישט באַדאַרפט, האָט דער עולם גיך זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער שבת׳דיקער סעודה, אָדער מען האָט נאָר בכלל געלאָזט שטיין דעם טשאָלנט — און טויזנטער, טויזענטער יידן פון אַלע שיכטן, פון אַלע קרייזן, פון פאַרשידענעם עלטער, זיינען געקומען צו לויפן. מען האָט אויפגעריסן די טירן נאָך איידער דער יוגנטלעכער איז געקומען מיטן שליסל. דער גרויסער זאַל מיט אַלע נעבן־צימערן, די טרעפּ מיט אַלע דורכ־גענג, די גאַס אַרום און אַפילו די שכנותדיקע באַרימטע קראָקעווער פּלאַנטן, זענען געווען איבערפולט, אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן, אַזוי אַז מיר האָבן באין-אופן נישט געקענט דערשלאָגן זיך אין זאַל־אריין.

דאָ איז אונזער אָבער צונויף־געקומען פאַסמאַניקס דייטש און זיין דונער־דיקע שטימע. ס׳האָט טאַקע לאַנג געדויערט, מיר האָבן טאַקע באַקומען ממש אָפּגעהאַקטע זייטן און עס זענען טאַקע צוליב דער ענגשאַפט אויס־געהאַקט געוואָרן אַלע שויבן פון די קאָרידאָרן און אין זאַל, בעת דער עולם האָט זיך צונויפגעדריקט און געמאַכט אַ שפּאַליער, אַ דורכגאַנג, אַז מיר זאָלן קענען זיך אַריינבאַקומען אין זאַל־אריין און זיך צושלאָגן צום פּרעזידיום־טיש — אָבער נאָך אַ האַלבער שעה מאַטערניש און העלדישן קאַמף פון אונזערע עלענבויגנס, האָבן מיר סוף־כל־סוף דערגרייכט אונזער ציל און מיר זענען געווען ביים פּרעזידיום-טיש . . .

ביים פּרעזידיום־טיש, ריכטיקער אויפן פּרעזידיום־טיש, זענען מיר טאַקע געווען — אָבער רעדן, אָדער עפּעס פּאַרלייענען האָט מען באין־אופן נישט געקענט. מענטשן זענען געהאָנגען ממש אין דער לופטן; ס׳איז נישט געווען מיט וואָס צו אָטעמען, באַטש אַלע שויבן זענען שוין געווען אויסגעבראָכן; די קולות זענען געגאַנגען עד־לב־השמים; די עלטערע מענטשן האָבן מיט כח געוואָלט אַרויסשטופּן פון זאַל די עטלעכע צענדליק יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך על־פּי־נס אַריינבאַקומען אין זאַל אַריין, שרייענדיק צו זיי: „אַ יינגל מאַכט קידוש איבער אַ גרויפּ״! „סקליינוואַרג מעג שטיין אין דרויסן״. דאַגעגן די יוגנטלעכע האָבן דערויף געענטפערט מיט אויפרעגונג: „מען האָט נישט געשיקט נאָך אייך! די פאָרלעזונג איז באַשטימט פאַר אונז! איר גייט בעסער אין בית-המדרש־אריין, ס׳איז שוין באַלד צייט צו דאַווענען מנחה״ ! . . .

אַז איך זאָל פאַרשטעלן פאַרן עולם שלום־עליכמן, איז שוין געווען אוממעגלעך און — אגב — אומנויטיק . . . אַלע מיינע פּרוואוון צו באַ־רואיקן דעם עולם זענען געווען אַרויסגעוואָרפענע מי און אַפילו דער פּרואוו, אַז שלום עליכם אַליין זאָל אָנהויבן לייענען, האָט זיך אויך נישט איינ־געגעבן. ערשט, ווען דר. פאַסמאַניק האָט זיך צעשריגן אויף דער העכסטער

אָקטאַווע, אויף דייטש פאַרשטייט זיך, אַז אויב ס'וועט נישט אין ז'עם אויגנבליק ווערן שטיל אַזוי ווי ביי שמונה־עשׂרה, וועט דער גאַסט אונזערער, דער ליבער שלום עליכם, באַלד אַהיימגיין — ערשט דעמאָלט האָט זיך דער עולם „אָנגעהויבן" צו בארואיקן. די דאָזיקע פאַרהעלטנישמעסיקע רואיקייט האָט פּאַסמאַניק געשיקט אויסגענוצט און ווייטער געדונערט מיט זיין ליבען־שטימע, שרייענדיק צום עולם, אַז זיין האַלטונג איז אַ סקאַנדאַל, אַז אַזוי ליאַרמען פּאַסט נישט, אַז דאָס וואָלט מען נאָך געקענט פאַרשטיין אויף אַ פּאָליטישער פאַרזאַמלונג, אָבער איצט מוז יעדער פאַר־ציכטן פון וועלכער ס'איז באַקוועמלעכקייט און דאַרף זיך באַציען מיט דרך־ארץ (מיט „רעספּעקט" האָט פּאַסמאַניק געזאָגט . . .) פאַר אונזער גרויסן גאַסט.

בקיצור, ס'איז געוואָרן שטיל און שלום עליכם האָט געלייענט דעם הינער־שטרייק („כּפּרות"), וואָס איז דווקא נישט קיין קורצע זאַך — אָבער געלייענט האָט ער אַזוי מייסטערהאַפט, אַזוי קינסטלעריש, אַז דער עולם האָט ממש געשלונגען יעדעס וואָרט. שטיל איז געווען טאַקע אַזוי ווי בעת אַ פרומע עדה יידן זאָגן בלחש די שמונה־עשׂרה. נאָר, ניט־מער, פון צייט־צו־צייט, האָט דער גאַנצער עולם אנטציקט פון סיפּור־המעשׂה, אָדער פון די טרעפלעכע ווערטלעך, אויסגעשאָסן מיט אַ הילכיק געלעכטער און שלום עליכם האָט שוין געוואוסט ווען צו מאַכן אַן אָטעם־פּויזע, כּדי דער עולם זאָל־זיך קענען אויסלאַכן. ער האָט, בעת אַזאַ עקספּלאָזיע פון געלעכטער איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, געווישט פון זיין פּנים דעם שוייס, און באַלד ווייטער געלייענט.

פאַרענדיקט דאָס ליינען — האָט צו די אָוואַציעס גאַרנישט געקומען קיין סוף. דער עולם האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און נישט געוואָלט פאַרלאָזן דעם זאַל. נאָכאַמאָל אָוואַציעס און ווידער־אַמאָל אָוואַציעס און מיר, ביים פּרעזידיום־טיש, אויבן־אָן, זענען געווען ווי אַרעסטירטע, נישט־קענענדיק זיך רירן פון אָרט. ערשט נאָך לאַנגע בקשות און נאָך לענגערע וואַרטענישן, האָבן מיר סוף־כּל־סוף געקענט פאַרלאָזן דעם זאַל. אין גאַס האָבן מיר געכאַפּט אַ דראָזשקע, זיך אַריינגעזעצט אין איר בחפּזונדיק, כּדי וואָס גיכער שוין צו זיין אין האָטעל. אָבער די דראָזשקע האָט נישט געקענט אַזוי גיך זיך רירן פון אָרט, ווייל זי איז געווען אַרומגערינגלט פון אַ המון, וועלכער האָט כּסדר געיובלט: „הורראַ! זאָל לעבן אונזער ליבער שלום עליכם"!

# י. ל. פרץ אין טארנאפאל אין 1908

דאָס איז געווען אין זומער 1908, באַלד נאָך דער באַרימטער יידישער שפראַך־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ, וואו פרץ האָט פארנומען דעם סאַמע אויבן־אָן. נאָך דער קאָנפערענץ האָט דער פארשטאַרבענער פועלי־ציון־פירער לעאָן כאזאנאָוויטש (כתריאל), וואָס איז, אגב, אויסגעקליבן געוואָרן אינם ענגערן אויספיר־ביורא פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ, אָרגאַניזירט אַ טור פון דעם באַרימטן „פירלינג״ — י. ל. פרץ, ה. ד. נאָמבערג, אברהם רייזען און שלום אש—איבער די גרעסערע שטעט פון דער מזרח־גאַליצישער פראָווינץ, וואו די פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציעס האָבן איינגעאָרדנט עפנטלעכע קולטור־אונטערנעמונגען, אויף וועלכע די דערמאָנטע דיכטער און שריפט־שטעלער זענען אַרויסגעטרעטן מיט רעפעראַטן וועגן יידישע קולטור־פּראָב־לעמען און מיט רעציטאַציעס פון די אייגענע שאַפונגען.

די ערשטע עטלעכע אונטערנעמונגען זענען אַדורך מיט גרויס דערפאָלג. די יוגנט פון אַלע ריכטונגען און אפילו די שטעטלדיקע משכילים, האָבן אומע־טום מיט גרויסער ליבשאַפט און באַגייסטערונג מקבל־פנים געווען די שוין דעמאָלט פּאָפּולערע און באַליבטע געסט. יעדער קולטור־אָוונט איז אין יעדער שטאָט און שטעטל פארוואַנדלט געוואָרן אין אַ געהויבענעם יום־טוב. די דיכטער האָבן מיט פולע הויפנס געשעפּט נחת פון דער גאַליצישער יוגנט און פון דער עסטרייכישער פאַרזאַמלונגס־פרייהייט, פון וועלכער זיי האָבן לחלומין נישט געהאַט אינם דעמאָלטדיקן פּוילן, וואָס איז געווען פארקנעכטעט פון צאַרישן רוסלאַנד. אָבער נאָך מער נחת האָבן פון דער דאָזיקער קולטור־טורנעי געשעפּט די גאַליצישע יידן בכלל, און באַזונדערס די פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זענען פון אַלעמען געלויבט געוואָרן פאַר דעם גלענצענדן אויפטו.

דער קינסטלער־טור האָט זיך פּלוצים איבערגעריסן צוליב 2 סיבות: די ערשטע סיבה איז געווען דאָס, וואָס ה. ד. נאָמבערג, וואָס איז קיינמאָל נישט געווען קיין פיזישער גיבור, איז פּלוצים קראַנק געוואָרן און ער איז דער ערשטער צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע. די צווייטע סיבה איז געווען אַ פיינלעכער אינצידענט וואָס שלום אש האָט אַרויסגערופן אין ביטשוטש (בוטשאַטש) מיט זיינער אַ שאַרפער אַרויסטרעטונג קעגן העברעאיש. אַן אַנווזענדער העבראיסט, מיטן נאָמען וויינרויב, האָט אשן געמאַכט אַ חוצפּהדיקן צווישנרוף, אויף וואָס שלום אש איז נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפער, ביז עס איז צווישן זיי ביידע געקומען צו אַ פיזישן צוזאַ־

מענשטוים און אש האָט א באַליידיקטער פאַרלאָזט דעם באַנקעט און איז גלייך אָפּגעפאָרן קיין פּוילן. אוודאי, האָבן פּרץ און — אים צו לענגערע יאָר — רייזען זיך נישט געפילט ווי אַמבעסטן נאָך דער דאָזיקער געשעעניש, אָבער דעם באַנקעט אין בּיטשוטש האָבן זיי בלית־ברירה געמוזט פאַר־ענדיקן און פון דאָרט זענען זיי ביידע נאָך געקומען קיין טאַרנאָפּאָל, וואו עס איז נאָך פאַר אַלע 4 געוועזן צוגעגרייט א קבלת־פּנים כיד־המלך — אָבער אין טאַרנאָפּאָל האָבן אויך זיי נאָך דער אונטערנעמונג באַשלאָסן איבער־צורייסן דעם טור און אהיים־צופאָרן קיין פּוילן.

איך האָב זיך דעמאָלט געפונען אין א שטעטל נישט־ווייט פון טאַר־נאָפּאָל — דאַכט־זיך אין סקאַלאַט — מיט משה ריכטערס טעאַטער־טרופּע און די טאַרנאָפּאָלער חברים האָבן מיך איינגעלאַדן צו זיין ביים „ליטעראַרישן יום טוב מיט די קאָריפייען" — ווי זיי האָבן דעמאָלט געשריבן — „פון דער יידישער ליטעראַטור". באַקומען אַזא בשורה, אַז פּרץ, רייזען און די אַנדערע וועלן זיין אין טאַרנאָפּאָל, האָב איך אַלץ געלאָזט אויף הפקר און פרייטיק נאָכמיטאָג געכאַפּט דעם ערשטן־בעסטן צוג און הײדא קיין טאַר־נאָפּאָל. אָנקומנדיק קיין טאַרנאָפּאָל און אַרויסגייענדיק פון דער באַן־סטאַנציע האָב איך דאָרט געטראָפן א דעלעגאַציע פון דער פּועלי־ציון־אָרגאַ־ניזאַציע, אין וועלכער עס איז, אגב, צווישן אַנדערע, אויך געווען מיין אייגענער ברודער נפתלי, וועלכער איז צוזאַמען מיט זיין גאַנצער משפחה, אין דעמזעלבן טאַרנאָפּאָל, ניצול געוואָרן פון די נאַצישע תליונים, נאָכדעם וואָס זיי זענען 13 חדשים געלעגן באַהאַלטן אין א קעלער ביי א פּויערישער פאַמיליע. די דעלעגאַציע האָט מיר דערקלערט, אַז זיי זענען געקומען אָפּ־וואַרטן די דיכטער, וועלכע דאַרפן באַלד אָנקומען פון בּיטשוטש און זיי האָבן שוין מיך פאַרהאַלטן, אַז איך זאָל מיט זיי צוזאַמען אָפּוואַרטן די געסט.

ס'האָט טאַקע נישט לאַנג געדויערט און דער בּיטשוטשער צוג איז באַלד אָנגעקומען. די דעלעגאַציע — און איך בתוכם — זענען געבליבן אביסל פאַרוואונדערט, וואָס אָנשטאָט 4 זענען געקומען בלויז 2 געסט, אָבער די 2 געקומענע געסט — דאָס זענען געווען פּרץ און רייזען — האָבן אונז באַלד דערציילט וועגן די סיבות וואָס האָבן געבראַכט דערצו, אַז נאָמבערג און אַש האָבן נישט געקענט קומען.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז רייזען, מיט וועלכן איך האָב זיך געקענט נאָך פון קראָקע זינט 1905, האָט מיך באַלד דערקענט און זיך אפילו גע־פרייט מיט מיר. פּונקט אַזוי און אפשר נאָך מער האָב איך זיך געפרייט מיט אים און ס'איז מיר בני־ביה איינגעפאַלן א געדאַנק, אַז מען דאַרף דאָ,

אין טאַרנאָפּאָל, אָרגאַנזשירן אַ ספּעציעלע באַגעגעניש צווישן אונזער יוגנט־אָרגאַניזאַציע מיט רייזענען און פּרצן און אַז רייזען וועט מיר אוודאי העלפן פועלן ביי פּרצן, אַז מיין געדאַנק זאָל רעאַליזירט ווערן.

נאָכדעם ווי די פּועלי־ציון דעלעגאַציע האָט זיך באַגריסט מיט די חשובע געסט האָט רייזען מיך באַזונדער פאָרגעשטעלט פאַר פּרצן און דאָ האָב איך פּלוצים איבערגעלעבט אַ מאָדנע איבערראַשונג.

—„איך האָב געהערט וועגן אייך גאָר אינטערעסאַנטע זאַכן" — האָט זיך פּרץ געווענדט צו מיר מיט אַ קלוגן־פינקלדיקן בליק אין זיינע אויגן און מיט אַ האַרציקן שמייכל אונטער זיינע גראָבע וואָנצעס — פאַרנדיק אין צוג, האָט מיר קאָלעגע רייזען דערציילט, אַז איר האָט אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלן פאַרבאַנד פון דער יידישער אַרבעטער־יוגנט און אַז איר גיט אפילו אַרויס אַן אייגענעם זשורנאַל . . .

רעדנדיק אַזוי זענען מיר אַרויס פון דער באַן־סטאַנציע. עטלעכע פון דער „דעלעגאַציע" פאַרויס און מיר — פּרץ, רייזען און איך — נאָך זיי. מיין ברודער, פאַרשטייט־זיך, האָט אויסגענוצט דעם פאַקט וואָס איך בין אַזוי נאָענט מיט די געסט און ער איז שוין געגאַנגען אין איין ריי מיט אונז און ער האָט אונז, אגב, דערציילט, אַז דאָס פירט מען אונז איצט אין שענסטן האָטעל־אַריין, וואו עס זענען צוגעגרייט 4 צימערן, נאָר אַזוי ווי 2 געסט זענען נישט געקומען, וועסטו, האָט ער זיך געווענדט צו מיר, קענען פאַרנעמען איינס פון די צימערן.

כאָטש עס איז געווען פריטיק־פאַר־נאַכט, ווען יידן, אפילו אין אַזאַ „גרויסער" און „אויפגעקלערטער" שטאָט, ווי עס איז שוין דעמאָלט געווען טאַרנאָפּאָל, זענען שטאַרק פאַרנומען מיט גרייטן־זיך צום שבת־קודש, האָט זיך אָבער באַלד אַרום־אונז אָנגעזאַמלט אַן עולם נייגעריקע יידן, וואָס איז געוואַקסן ממש פון מינוט־צו־מינוט. דער עולם האָט באַלד דערקענט, סיי פּרצן, סיי רייזענען, פון די בילדער אין די פאַרשידענע זשורנאַלן און פון גרשם באַדערס „פאָלקס־קאַלענדאַרן" און ס'איז פּשוט געווען אַ גליק, וואָס דער האָטעל איז געווען באַלד אויף דער דריטער גאַס פון באַנהויף, ווייל דער עולם איז אַזוי גיך געוואַקסן, אַז מ'האָט שוין שיעור־נישט באַדאַרפט אָפּצושטעלן דעם גאַנצן פאַרקער . . .

ביז מיר זענען צוגעקומען צום האָטעל האָב איך שוין געהאַט דעם צוזאָג פון פּרצן, אַז אינאָוונט וועלן מיר גיין צוזאַמען אין קלוב־לאָקאַל פון דער פּועלי־ציון „יוגנט", כדי אים צו באַקענען פון דער נאָענט מיט די יוגנטלעכע אַרבעטער אינם עלטער פון 12 ביז 16 יאָר, וועלכע אַרבעטן שוין 12־14 שעה אַ טאָג און נאָך דער אַרבעט, אָדער אין די שבתים, קומען

זיי זיך לערנען, אונטערהאלטן, אָדער אויסהערן לעקציעס וועגן געזעל־שאַפטלעכע ענינים.

דעם אמת־געזאָגט, האָט פּרץ נישט אַזוי גיך מסכים־געווען, אָבער דער תמיד גוטמוטיקער רייזען האָט מיר אַ סך אַרויסגעהאָלפן.

„אים, קענערן, קען מען נישט אָפּזאָגן — האָט ער זיך געווענדט צו פּרצן — אַז ער שטייט־צו מוז מען אים צוליב־טאָן. איבעריקנס, וועט איר דערביי אַליין אויך האָבן אַ הנאה. אַ וואוילע חברה, די פּועלי־ציוניסטישע יוגנטלעכע. איך האָב זיי ליב — הגם איך בין נישט קיין ציונסט, נו, זאָגט אים שוין צו, איך וועל אויך מיטגיין".

נאָך אַזאַ וואַרעמער רעקאָמענדאַציע פון רייזענען, האָט זיך פּרץ אָפּ־גערופן צו דער דעלעגאַציע מיט אַ היימישן טאָן: „נו, חברה, איצט לאָזט אונז אַליין. מיר וועלן זיך אַביסל אָפּרוען און אײַנאָוונט וועלן מיר זיך טרעפן מיט אײַערע יוגנטלעכע, נאָר קיין דערוואַקסענע, געדענקט, זאָלן נישט קומען, מיט אײַך וועלן מיר זיך טרעפן מאָרגן."

ווען די דעלעגאַטן האָבן זיך צעזעגנט מיט פּרצן און רייזענען און איך האָב זיך אויך געוואָלט געזעגענען מיט זיי ביז נאָכן נאָכטמאָל, האָט מיך פּרץ געפרעגט צי איך שפּיל שאַך און ווען איך האָב אים געענטפערט, אַז יאָ — האָט ער מיר געהייסן אַרײַנגיין אין קאַפע־הויז, וואָס האָט זיך געפונען אין פּאַרטער פונם האָטעל־בנין און איך זאָל דאָרט אונטערוואַרטן אַ 10—15 מינוט, ביז זיי, ער און רייזען, וועלן זיך אַרומוואַשן און זיי וועלן באַלד אַראָפּקומען צו מיר אין קאַפעהויז.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך געפילט שטאַרק געהויבן פון אַזאַ געלעגנהייט. כ'האָב אָבער נישט פאַרגעסן צו בעטן די חברים, אַז זיי זאָלן זיך אַרויסלאָזן איבער די וואַרשטאַטן און געשעפטן, וואו ס'אַרבעטן די יוגנטלעכע און זיי זאָלן אַלע אײַנלאַדן, תיכף נאָכן עסן צו קומען אין לאָקאַל־אַרײַן. די „דעלעגאַציע" האָט זיך צעוויישן זיך אײַנגעטיילט מיט די גאַסן און איך בין אַרײַן אין קאַפעהויז, וואו איך האָב געוואַרט אויף די „געסט". ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און ביידע — פּרץ און רייזען — זענען אַראָפּגעקומען פון זייערע צימערן און מיר האָבן פאַרנומען אַ באַ־זונדער טיש אין פראָנט פון עלעגאַנטן קאַפעהויז. מיר האָבן זיך גע־הייסן געבן אַ שאַך און בעת מיר האָבן אויסגעשטעלט די שאַך־פיגורן, האָט רייזען געבעטן ביים קעלנער אַ יידיש צייטונג. ווי דערשטוינט איז אָבער רייזען געוואָרן, ווען דער קעלנער האָט אים געענטפערט, אַז זיי האַלטן נישט קיין שום יידישע צייטונג. „וואָס הייסט, איר האַלט נישט קיין יידישע צייטונג"? האָט רייזען אײַנגעטענהט מיטן קעלנער — „זאָגט דעם

איינענטימער, אז דאָס איז נישט שיין און אז מיר וועלן מער אהער נישט ארייַנקומען". ער איז שוין געווען גרייט צו פארלאָזן דאָס קאפעהויז, נאָר פּרץ האָט אים בארואיקט. אברהם רייזען האָט זיך דאָסמאָל געמוזט באַנוגענען מיט די פרעמד־שפּראַכיקע מאַגאַזינען, אין וועלכע ער האָט זיך פאַרטיפט און מיר האָבן אָנגעהויבן אונזער שאַך־פּאַרטי.

געשפּילט האָבן מיר 3 פּאַרטיען. די ערשטע האָט פּרץ געוואונען און ער האָט דערפון הנאה געהאַט. די צווייטע פּאַרטי האָב איך געוואונען און דערפאַר האָט מיר פּרץ אביסל אריינגעזאָגט. „ס'איז נישט אייער פּאַר־דינסט" — האָט ער זיך געוויצלט — נאָר דאָס איז מיין שולד. איך האָב פשוט פאַרזעען א צוג. איצט וועל איך שוין זיין מער פאַרזיכטיק". די דריטע פּאַרטי האָבן מיר, צו פּרצס גרויסער איבעראַשונג, פאַרענדיקט מיט רעמי און ער האָט דערביי געזאָגט: „איך האָב זיך גאָרנישט געריכט דערויף. איר שפּילט נישט־קשהדיק. איר וועט אייך שוין קענען בארימען פאַר אייערע יוגנטלעכע, אז איר האָט ביי מיר געוואונען א פּאַרטי שאַך" . . .

דערווייל איז געוואָרן נאַכט און מיר האָבן זיך געזעגנט דערלאַנגען נאַכטמאָל, ווייל מיר האָבן שוין באַדאַרפט באַלד גיין צו דער יוגנט. בעת דעם עסן האָב איך ארויפגעפירט דעם שמועס וועגן פּועלי־ציוניזם, ווילנדיק וויסן פּרצס מיינונג וועגן אונזער באַוועגונג.

פּרץ האָט מיר דערויף געענטפערט מיט א וויץ:

„איר זעט, מיר האָבן דאָ געגעסן לאָקשן מיט יויך. ס'האָט אייך געשמעקט? יאָ? נו, באַלד וועלן מיר עסן קאָמפּאָט. ער וועט אוודאי נישט זיין שלעכט. איר האָט ליב פלוימען־קאָמפּאָט? אָבער פּרוּווט אריינגיסן דעם קאָמפּאָט אין דער יויך מיט לאָקשן און פּרוּווט עס עסן, וועט עס שוין נישט האָבן קיין טעם" . . .

„אַקעגן־וואָס זאָגט איר דאָס"? האָב איך אים געפרעגט.

„אַקעגן־דעם וואָס איר פרעגט ביי מיר וועגן מיין באַציאונג צום פּועלי־ציוניזם. סאָציאַליזם — דאָס איז לאָקשן מיט יויך און ציוניזם — דאָס איז קאָמפּאָט. יעדע זאַך באַזונדער איז גוט — אָבער אויסמישן די ביידע מאכלים אין איין טאָפּ — טויג עס נישט" . . .

ווען איך האָב, אביסל א געטראָפענער, געפּרוּווט אָפּוועגדן זיין פאַר־גלייך, האָט ער מיך בארואיקט, אז ער מיינט עס נישט אין בוכשטעבליכן זין פון די ווערטער, אז דאָס איז בלויז אַזאַ שפּאַס ביי אים און ער איז באַלד איבערגעגאַנגען אויף אַן אַנדערער טעמע. ער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ווען ער איז מיט א יאָר צוריק, געווען אין לעמבערג, איז ביי אים געווען א דעלעגאַציע פון אונזער „יוגנט" און האָט אים איבערגעגעבן עטלעכע

קאָפּיעס פון אונזער חודש-זשורנאל „די יידישע ארבעטער־יוגנט", וועלכע ער האָט געליינט מיט אינטערעס. הלוואי — האָט ער פארענדיקט די דאָזיקע טעמע — וואָלט אונזער ארבעטער־יוגנט אין קרוין־פּוילן געהאט אזעלכע פאַרזאמלונגס־און־פּרעסע־פרייהייטן ווי איר האָט עס ביי אייך אין גאַליציען".

פאַרענדיקט דעם שמועס האָבן מיר זיך געזעגנט מיט... פאַרענדיקט דעם שמועס האָבן מיר זיך אוועקגעלאָזט אין לאָקאַל־אריין פון דער „יוגנט". אָבער, ווען מיר זענען אהין אָנגעקומען האָבן מיר בלויז מיט גרויסע שוועריקייטן געקענט זיך ארייננשטופּן אין לעצטן צימער־אריין. ביידע קלוב-צימערן מיטן פאַרצימער זענען געווען איבערגעפּאַקט מיט שטראַלנדיקע יוגנטלעכע און עס איז ממש נישט געווען מעגלעך דעם אָטעם צו כאַפּן.

דער פאַרזיצער פון דער טאַרנאָפּאָלער „יוגנט" האָט באַלד געעפנט דעם אָוונט און מיר געגעבן דאָס וואָרט, כדי איך זאָל פאַרשטעלן די געסט. איך האָב גערעדט אויספירלעך וועגן דער ראָל פון פּרצן און רייזענען און דערנאָך האָבן די געסט באַקומען דאָס וואָרט. רייזען האָט אויסגעטייטשט דעם זין פונם פּסוק „הזהרו בבני עניים כי מהם תצא תורה" און אויפגע־פאָדערט די יוגנטלעכע אויסצונוצן די געלעגנהייטן וואָס די אָרגאַניזאַציע, אלס א בילדונגס־פאַריין, גיט זיי. פּרץ, ווידער, האָט זיך צו־ערשט אביסל געוויצלט גוטמוטיק וועגן דעם וואָס מיין רעדע האָט געדויערט צו־לאַנג און דערנאָך האָט ער געוועקט ביי דער יוגנט דעם אינטערעס צו טיפערער בילדונג, צו פאַרשטיין די נאַטור און צו שטרעבן צו שיינקייט.

די יוגנטלעכע האָבן געיובלט פאַר שמחה און באַגייסטערונג. זיי האָבן גאַרנישט בדעה געהאַט אהיימצוגיין אפילו נאָכדעם ווען דער אָוונט איז שוין געווען געשלאָסן. זעענדיק ווי די יוגנטלעכע קלעבן־אזוי ארום די געסט, האָט פּרץ פאָרגעלייגט, אז מיר זאָלן אלע צוזאַמען כאַפּן א שפּאַציר אינם שטאָטישן גאָרטן. ס'איז שוין געווען ארום 12 אזייגער אין מיטן דער נאַכט און אונזער שפּאַציר איז נישט־ווילנדיק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א דעמאָנסטראַציע. פּרץ איז געגאַנגען פאָרויס און ארום אים די עלטערע יוגנטלעכע, די גייסטיק מער־אנטוויקלטע און האָבן אים געשטעלט פאַרשידענע פראַגן. אביסל אָן א זייט איז געגאַנגען רייזען, קוקענדיק פאַרחלומט אינם אויסגעשטערנטן הימל און דערביי זיך אונטערגעברומט דעם ניגון פון „מה־קאָ־משמע־לן" . . . נאָך זיי, זענען נאָכגעגאַנגען הונדערטער יוגנטלעכע און איך האָב זיך געמוזט שטאַרק אָנשטרענגען ביי זיי צו פּועלן, אז זיי זאָלן זיך נישט שטופּן, כדי וואָס נעענטער צו זיין צו די געסט. פּרץ האָט דאָס באַמערקט און ער האָט יעדע עטלעכע מינוט

געביטן זיינע נאָענטע באַגלייטער, כדי אסך, אויב נישט אַלע, זאָלן האָבן די דאָזיקע זכיה און אויך טאַקע צוליב־דעם, אַז ער אַליין זאָל זיך פֿאַר־זענלעך באַקענען מיט וואָס מער יוגנטלעכע . . .

אַזוי האָבן מיר שפּאַצירט אין טאַרנאָפּאָלער שטאָטגאָרטן ביזן גרויסן טאָג־אַריין און ס׳האָט אונז קיינער נישט געשטערט, נישט קיין פּאָליסמאַן און נישט קיין נייגעריקער עולם, ווייל די טאַרנאָפּאָלער ייִדן זענען שוין דעמאָלט, נאָך דער וואָך פֿון שווערער האָרעוואַניע, געשמאַק געשלאָפֿן, כדי זיי זאָלן אויף צו־מאָרגנס אינאָווונט, שבת־צו־נאַכט, קענען קומען אויסגערוטע און מקבל־פּנים־זיין די גרויסע געסט.

ווען ס׳האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן, האָט פּרץ געזאָגט צום גרויסן יוגנטלעכן עולם: איצט קינדער, גייט אַהיים און ווען טאַטע־מאַמע וועלן אויף אייך שרייען, פֿאַרוואָס איר זייט אַהיימגעקומען אַזוי שפּעט, זאָלט איר זיי אויפֿקלערן, אַז דאָס איז געשען צוליב 2 סיבות: ערשטנס, ווייל ח׳ קענער האָט גערעדט צו־לאַנג און צווייטנס, ווייל איר האָט אַרומשפּאַ־צירט מיט 2 יידישע דיכטער — מיט רייזענען און מיט פּרצן — און אויב, אייערע עלטערן, ווייסן נאָר עפּעס וועגן אונז וועלן זיי שוין מער נישט שרייען . . .

די יוגנט איז גיך געלאָפֿן אַהיים און מיר האָבן זיך געלאָזט אין האָטעל־אַריין. אויפֿן וועג אין האָטעל־אַריין, ווען מיר זענען שוין געווען אַליין — זאַלבעדריט — רופֿט זיך רייזען אָפּ צו פּרצן: „נו, האָב איך אייך געזאָגט, אַז די פּועלי־ציוניסטישע יוגנטלעכע זענען אַ וואוילע חברה. אָט אַזעלכע בילדונגס-פֿאַריינען האָבן זיי אין אַלע שטעט, אָבער די גרעסטע אָר־גאַניזאַציע האָבן זיי אין קראָקע״.

„כ׳גלויב, אַז איר האָט נישט קיין חרטה, וואָס איר האָט זיך געטראָפֿן מיט אונזער יוגנט״ — האָב איך זיך געווענדט צו פּרצן אין דער פֿאָרם פֿון אַ פֿראַגע און אַ פֿעסטשטעלונג גלייכצייטיק און פּרץ האָט מיר דערויף געענטפֿערט:

„ווער רעדט עם פֿון חרטה״? „אדרבה, איך בין זייער צופֿרידן פֿונם היינטיקן אָוונט. הלוואי וואָלטן מיר אין פּוילן געהאַט די דאָזיקע מעג־לעכקייטן״ . . .

* * *

---

* * *

# אברהם רייזען ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן

מיין ערשטע באַגעגעניש מיט אברהם רייזענען איז פאָרגעקומען נאָך פריער, איידער איך האָב זיך באַגעגנט מיט שלום-עליכמן און אוודאי נאָך איידער מיט י. ל. פרצן. ווען איך שילדער זי אָבער ערשט נאָך זיי, געשעט דאָס צוליב 3 טעמים: ערשטנס—צוליב דעם פּרינציפּ פון „אחרון־אחרון חביב"; צווייטנס—ווייל די דאָזיקע שילדערונגען זענען אין זיך כולל אויך אַ ווייטערדיקע באַגעגעניש פון 1928 אין וואַרשע; דריטנס ווייל איך וויל אויך — אחוץ די באַגעגענישן גופא — געבן אַ קורצע און באַשיידענע אָפּשאַצונג, וואָס גייט שוין אַרויס פון די ראַמען פון אַ באַגעגעניש.

איך גלויב, בכן, אַז נאָך דער דאָזיקער קורצער הקדמה, קען איך שוין איבערגיין צו די באַגעגענישן גופא:

באַקענט מיט רייזענען האָט מיך אונזער בשותפותדיקער פריינט, דער חבר א. ל. שוסהיים. דאָס איז געווען אין זומער 1905, אין קראָקע, ווען שוסהיים איז געווען דער רעדאַקטאָר פון עסטרייכישן פּועלי-ציון־אָרגאַן „דער יידישער אַרבעטער" און גלייכצייטיק אַ מיטאַרבעטער פונם „יידישן וואָרט", אַ ליטעראַרישער זשורנאַל, וועלכן אברהם רייזען האָט אַרויסגעגעבן אין קראָקע.

רייזען האָט באַלד ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט אַרויסגעוויזן צו מיר אַזוי פיל פריינטלעכקייט און פשטות, אַזוי אַז איך האָב תיכף פאַר־לוירן מיין נאַטירלעכע שעמעוודיקייט לגבי עלטערע און אָנגעזעענע מענטשן און כהאָב פון רייזענען באַלד געבעטן עפּעס אַ דערציילונג פאַרן באַשיי־דענעם יוגנט-זשורנאַלכל „די יידישע אַרבעטער-יוגנט", וואָס איך האָב דעמאָלט אַרויסגעגעבן און אַליין עס רעדאַגירט. רייזען האָט זיך נישט געלאָזט צוויי מאָל בעטן און האָט מיר געהייסן אַרויפקומען צו זיך, אין אַ 2-3 טעג אַרום, אין זיין וואוינונג אויף דער אַלטער-ווייקסל-גאַס. ווען איך בין צום באַשטימטן טאָג און אין דער באַשטימטער שעה געקומען, האָט רייזען שוין געהאַט צוגעגרייט אַ שיינע סקיצע „דעם טאַטנס שטיוול", וועלכע ער האָט ספּעציעל אָנגעשריבן פאַר דעם זשורנאַלכל „די יידישע אַרבעטער-יוגנט", פון וועלכן איך ברענג דאָ אויף אַן אַנדער אָרט אַ פאַקסימילע פונם ערשטן זייטל.

נישט בלויז איך בין געווען צופרידן פון דער דאָזיקער באַגעגעניש און פונם פאַקט, וואָס דער שוין דעמאָלט פּאָפּולערער און באַליבטער דיכטער

אברהם רייזען, א מענטש מיט א נאָמען, האָט מיר געגעבן פאַרן יוגנט־זשורנאַל — נאָר אויך רייזען אליין, ווייזט־אויס, האָט דעם דאָזיקן פאַקט געשענקט א היפּש ביסל אויפמערקזאַמקייט. די אויפמערקזאַמקייט זיינע, האָט זיך אויסגעדרוקט אין דעם, וואָס ער האָט, סיי אונזער ערשטע באַגעגעניש, סיי דאָס געבן מיר א קליינע דערציילונג, געשילדערט אין א הומאָרעסקע „דער פּראָלעטאַרישער רעדאַקטאָר", וועלכע איז דעמאָלט גע־ווען געדרוקט אין אן אַמעריקאַנער יידישער צייטונג, דערנאָך איז די דאָזיקע הומאָרעסקע איבערגעדרוקט געוואָרן אין א גאַליציאַנער יידישער צייטונג און שפּעטער איז עס אפילו אריין אין זיינע „געזאַמלטע ווערק." און טאַמער איז דאָס ווייניק, האָט רייזען, אלס „צוגאָב" דערצו, גע־שילדערט אין זיינע זכרונות ווי־אַזוי עס איז געקומען דערצו וואָס ער האָט אָנגעשריבן די דאָזיקע הומאָרעסקע, אין וועלכער ער האָט אין א גוטמוטיקן טאָן מיך געשילדערט אין דער ראָל פון א „פּראָלעטאַרישן רעדאַקטאָר" . . .

* * *

פון די אַלע מער־מאָליקע באַגעגענישן וואָס איך האָב אין מיין לעבן געהאַט מיט רייזענען, סיי אין גאַליציע און סיי שפּעטער אין פּוילן, וויל איך דאָ שילדערן בלויז עטלעכע — די סאַמע כאַראַקטעריסטישסטע.

איינמאָל, אין א יום־כיפּורדיקן פרימאָרגן, ווען אַלע יוגנטלעכע האָבן געמוזט גיין מיט זייערע טאַטעס צום דאַווענען און איך בין געבליבן איינער אַליין, האָב איך שפּאַצירט אויף די באַרימטע קראָקעווער געטרודע־פּלאַנטן, און דאָרט געטראָפן רייזענען זיצן אויף א באַנק, מיט א טאַרבעלע וויינ־טרויבן אין דער האַנט. איך האָב אים באַגריסט און רייזען האָט מיך איינגעלאַדן זיך אוועקצוזעצן נעבן אים. ער האָט מיך מכבד־געווען מיט וויינטרויבן און מיר האָבן זיך צעשמועסט וועגן פאַרשידענע ענינים. אין מיטן פון שמועס, לייגט מיר רייזען פאָר, אז מיר זאָלן אַזוי, מיט די וויינטרויבן אין די הענט, צו־שפּאַצירן פאַר דער קופּאַ־שוהל, כדי צו זען וואָס פאַרא איינדרוק סוועט מאַכן אויף דעם יידישן יונגוואַרג, וואָס דרייט־זיך אוודאי אויפן פּלאַץ פאַר דער שוהל און ווי־אַזוי זיי וועלן רעאַגירן דערויף, ווען זיי וועלן אונז זען עסן די טרויבן . . .

איך האָב צוגעשטימט צו דעם דאָזיקן פאָרשלאָג און מיר האָבן זיך באַלד געלאָזט דורך דער סעבאַסטיאַנא־גאַס צו דער קופּאַ־שוהל. אָבער, ווען מיר זענען געווען שוין אינמיטן וועג, האָט זיך רייזען אָפּגעשטעלט און געזאָגט צו מיר:

„ניין, מען דאַרף עס נישט טאָן! מען טאָר זיך נישט רייצן מיט קיין פרומע יידן. סאיז נישט געווען קיין קלוגער איינפאַל. פאַר־וואָס זאָלן

מיר אומזיסט מצער-זיין פרומע יינגלעך? און אפשר וועט גראד ארויסקומען אן עלטערער ייד, וואָלט דאָך דאָס אוודאי געווען א רשעות פון אונזער זייט, צו פארשוועכן זיינע הייליקע געפילן. קומט צוריק אויף די פלאנטן, וועלן מיר דאָרט פאַרענדיקן מיט די טרויבן און דערנאָך וועלן מיר אפשר צושפּאַצירן צו א שוהל, כדי צו זעען ווי־אזוי יידן זענען מתפּלל" . . .

איך האָב זיך דעמאָלט אינערלעך אביסל פארשעמט פאר רייזענען, פאַרוואָס איך האָב לכתחילה מסכים געווען צו אזא פאָרשלאָג. מיר זענען צוריק־געגאנגען און געשמועסט וועגן אנדערע ענינים. מיר איז אָבער דער שמועס געגאנגען, ווי מען זאָגט, דורך איין אויער אריין און דורכן צווייטן ארויס, ווייל די גאנצע צייט האָב איך בלויז געטראכט וועגן דעם וויפל גוטסקייט עס באהערשט רייזענען דעם פריען מענטשן, וואָס קען נישט ביי זיך פועלן מצער־צו־זיין די פרומע, די גלויביקע, וואָס מיר האָבן דעמאָלט באטראכט פאר פאנאטיקער און אבערגלויבישע. אזא גוטסקייט האָב איך דעמאָלט געטראכט — און איך האלט עס אויך איצט פאר ריכטיק — קען שטעקן נאָר ביי א מענטש מיט א שיינער און עכטער פּאָעטישער נשמה, ביי אזא מענטש ווי עס איז אברהם רייזען.

* * *

אין 1907, אָדער 1908, דאכט זיך איז עס געווען, האָט די לעמבערגער פּועלי־ציון אָרגאניזאציע איינגעאָרדנט אין גרויסן זאל פון אוקראינישן „דאָס נאראָדני" א גרויסן און עפנטלעכן רייזן־אָוונט, צו וועלכן רייזען איז ספּעציעל געקומען צו פאָרן. דער אָוונט איז פאָרגעקומען אין א שבת־צו־נאכטס, אָבער דעמזעלבן טאָג נאכמיטאָג האָב איך זיך געטראָפן מיט רייזענען אין „קאפע־ציטי", אָדער ווי עס האָט, דאכט־זיך מיר, דעמאָלט נאָך געהייסן „קאפע עדיסאן."

אזוי ווי מיר האָבן זיך נאָר אוועקגעזעצט ביי א טישל און צו אונז איז צוגעקומען דער קעלנער, כדי צו הערן וואָס מיר „באשטעלן", האָט רייזען קודם־כל געהייסן זיך געבן עפּעס א יידישע צייטונג. דער קעלנער האָט מיט גרויס פאַרוואונדערונג געקוקט אויף רייזענען ווי אויף עפּעס אן אויסטערלישן מענטש און אים דערויף געענטפערט אין א לעמבערגער „דייטשמעריש": וויר האבן קיינע יידישע צייטונגען. איך קאן איהנען ברינגען די „נייע פרייע פרעסע", אָדער דען „סלאָוואָ פּאָלסקיע" אונד וואס איזט איהנען אנגענעם פאם בופעט — ביטע שעהן"?

רייזען איז געוואָרן אביסל אין כעס, וואָס עס איז ביי אים א זעלטנ־הייט, און ער האָט מיט א נערוועזער שטים געזאָגט צום קעלנער: „ערשטנס, קענט איר צו מיר רעדן פּראָסט יידיש, אזוי ווי איר רעדט אינדערהיים;

צווייטנס, בעט איך אייך מיר צוצושיקן דעם אייגענטימער פונם קאפע־הויז, ווייל איך דאַרף מיט אים עפּעס רעדן".

היות, די לעמבערגער קעלנערס, יעדנפאַלס צו יענער צייט, זענען געווען זייער געהאָרזאַם, האָט זיך אויך אונזער קעלנער „העפליך" פאַר־נויגט און איז אוועק רופן דעם באַלעבאָס פונם קאַפעהויז. דער אייגענ־טימער איז טאַקע באַלד צוגעקומען און צווישן רייזענען, וועלכער האָט מיט זיין אויסערלעכן דיכטערישן אויסזעען — לאַנגע האָר און אַ ברייטע מיצקיעוויטש־קראַוואַט — געמאַכט אַן אימפּאַזאַנטן איינדרוק, מיט דעם אביסל דיקלעכן קאַפעהויז־באַלעבאָס, האָט זיך אַנטוויקלט אַ לאַנגער שמועס, אייגנטלעך אַ דיסקוסיע, וועגן דער נויטווענדיקייט, אָדער נוצלעכקייט פון יידישע צייטונגען. דער באַלעבאָס האָט נאָר געהאַלטן אין איין טענה'ן, אַז קיינער פון זיינע געסט האָט נאָך ביז־איצט נישט געפרעגט אויף אַ יידישער צייטונג און ער אליין ווייסט אפילו נישט צו עס עקזיסטירט אַזאַ זאַך ווי אַ יידישע צייטונג — בעת רייזען האָט אים כסדר געסטראַשעט, אַז אויב סוועט נישט זיין אין קאַפעהויז קיין יידישע צייטונגען, פּונקט ווי עס זענען פאַראַנען דייטשע און פּוילישע, וועט ער מער אַהער נישט אַריינקומען און ער וועט אויך אַלע זיינע באַקאַנטע אויפקלערן, אַז זיי טאָרן נישט אַריינקומען אין אַזאַ קאַפעהויז, אין וועלכן מען האַלט נישט קיין יידישע צייטונגען . . .

דערהערט אַזעלכע טענות, האָט דער עלעגאַנטער און דיקער קאַפע־הויז־אייגענטימער, זיך אַנגעהויבן צו פאַרענפערן און אים פאַרזיכערט, אַז פון „מאָרגן־אָן וועלן שוין זיין אויך יידישע צייטונגען" . . .

פאַרלאָזענדיק דאָס קאַפעהויז האָב איך פאַרבעטן רייזענען, אַז ער זאָל מיט מיר באַזוכן, כאָטש אויף אַ האַלבער שעה, דעם לאָקאַל פון אונזער לעמבערגער „יוגנט"־פאַריין, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אויף דער בערקאַ־גאַס, אַנטקעגנאיבער קרעלס רעסטאָראַן. רייזען האָט זיך אויך דאַסמאָל נישט געלאָזט 2 מאָל זאָגן און מיר זענען גלייך גע־גאַנגען אַהין.

קומענדיק אינם „יוגנט"־לאָקאַל האָבן מיר געטראָפן אַ גרויסן טומל, אַן ענגשאַפט און אַ געשטיקטע לופט . . . אָבער, רייזען האָט זיך חלילה נישט באַקלאָגט, נאָר באַקוקט די פאַרשידענע בילדער מיט די אויפשריפטן, וואָס האָבן באַצירט די גרויע ווענט.

אינצווישן האָב איך איינגעשטילט דעם עולם און זיי געהייסן זיך אויסזעצן אויף די לאַנגע בענק. רייזענען האָב איך פאַרבעטן צום פּרע־זידיום־טיש און ווי איך האָב אים געהעריק פאָרגעשטעלט פאַר די פאַר־

זאמלטע יוגנטלעכע. דערנאָך האָב איך אַרויסגערופן 2 פון די יינגסטע יוגנטלעכע, אַז זיי זאָלן עפּעס דעקלאַמירן לכבוד אונזער גאַסט. דער ערשטער האָט דעקלאַמירט א 12־יאָריקער גימנאַזיסט — משה'לע כּץ האָט ער געהייסן — דאָס איז דער איצטיקער פילם-אַקטיאָר קורט קאַטש און דער צווייטער איז געווען דער אפשר נאָך יינגערער האַנדלספּראַקטיקאַנט אין א מאַנופאַקטור־געשעפט, דער איצטיקער סעקאָנד־עווענױ־אַקטיאָר משה טאַרלאָװסקי. ביידע דעקלאַמאַטאָרן האָבן רעציטירט דווקא פון רייזענס לידער און סיי דאָס, סיי טאַקע דער פאַקט פון זייער געלונגענעם רעציטירן, האָט אויף רייזענען געמאַכט א שטאַרקן איינדרוק. ער האָט דערנאָך גענומען א וואָרט און גערעדט א פּאָר ווערטער וועגן דער יידישער ליטעראַטור און צום סוף האָט ער זיך אָפּגעשטעלט וועגן די דעקלאַמאַטאָרן און דערביי געזאָגט, אַז זיי שטייט פאָר א צוקונפט פון א קינסטלערישער קאַריערע, ווייל ביידע פאַרמאָגן אסאַך טאַלאַנט.—

וואָס שייך דעם רייזען־אַוונט גופא, וואָס איז פאָרגעקומען אינאַוונט אין „דאָס נאַראָדני", געדענק איך נאָר אַזוי־פּיל, אַז איך האָב אַריינגעשמוגלט אסאַך יוגנטלעכע וועלכע האָבן נישט געקענט קויפן קיין בילעטן — דאָס איז ערשטנס; צווייטנס—געדענק איך, אַז דער אַראַנזשיר־קאָמיטעט פונם אָוונט האָט רייזענען דערלאַנגט א גרויסן און שיינעם בוקעט בלומען און רייזען האָט מיר דערנאָך געגעבן 2 בלומען פאַר די 2 יוגנטלעכע וואָס האָבן אַזוי שיין דעקלאַמירט זיינע לידער . . .

און נאָך עפּעס געדענק איך: רייזען איז געווען אַנטציקט, סיי מיט זיין גרויסן מאָראַלישן דערפאָלג און סיי מיט דעם שיינעם בוקעט בלומען — הגם ער האָט וואַרשיינלעך געוואוסט, אָדער, וויניקסטנס פאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע בלומען האָט מען געקויפט פון דער הכנסה, וואָס דאָס הייסט פאַר זיין געלט — און ער האָט נישט געהאַט קיין שום טענות דערפאַר, אַזוי ווי סהאָט אמאָל, מיט א צייט שפּעטער, אין דעמזעלבן לעמבערג, געהאַט גרויסע טענות צו דעמזעלבן פּועלי־ציון־קאָמיטעט, א באַקאַנטער און גרויסער יידישער דיכטער עליו־השלום, הלמאי מען האָט אים געקויפט בלומען פאַר זיין געלט — בעת ער וויל גאָר נישט קיין בלומען, ווייל ער דאַרף נאָר געלט . . .

אברהם רייזען, דערגעגן, האָט איבערגעלאָזט דעם איינדרוק, אַז ער דאַרף נישט קיין געלט און אַז ער האָט גראָד יאָ ליב בלומען . . .

● ● ●

איינמאָל — איך געדענק נישט גענוי אין וועלכן יאָר דאָס איז געווען — האָב איך זיך אין קראָקע געטראָפן מיט רייזענען אינם לייענזאַל פון דער גרויסער „עזרא"-ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך דעמאָלט גע־

פונען אויף דער דיטלסגאס. היות רעדן אינם לייענזאל האָט מען נישט געטאָרט, האָט מיך רייזען ארויסגערופן אינם קארידאר און מיט גרויס פארלעגנהייט מיך געפרעגט, צי איך קען אים אפשר באָרגן א קראָנע (20 אמעריקאנער סענט), ווייל ער דאַרף עס נויטיק . . . איך האָב קיין גראָשן נישט פארמאָגט און כהאָב אים געפרעגט, צי סקען וואַרטן ביז מאָרגן. דאַרויף האָט מיר רייזען געענטפערט, אַז סקען זיין, אַז מאָרגן וועט ער שוין נישט דאַרפן, ווייל ער דערוואַרט געלט פון וואַרשע — אָבער דערווייל דאַרף ער איצט זייער נויטיק . . . איך בין געבליבן אין א גרויסער פארלעגנהייט און אים געבעטן אונטערצוואַרטן אין לייענזאל ביז איך וועל צוריק־קומען. איך בין ארומגעלאָפן צווישן באַקאַנטע, ביי וועלכע איך האָב געהאַט אויסזיכטן צו באַקומען אַזאַ גרויסע הלוואה. אָבער, סהאָט לאַנג געדויערט ביז איך האָב אַזאַ גביר געפונען און ווען איך בין אַ פריילעכער און אַ צופרידענער צוריק־געקומען אין דער „עזרא", איז דער לאָקאַל שוין געווען פארמאַכט און רייזענען האָב איך אין דרויסן פאַרן טויער אויך מער נישט געטראָפן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז רייזען דאַרף האָבן די קראָנע, פשוט כדי עפּעס אָפּצועסן און איך בין געלאָפן צו אים אהיים, אפשר וועל איך אים דאָרט טרעפן. ליידער, האָב איך אים אָבער, יענעם אוונט, מער נישט געקענט געפונען און ווען איך בין אויף־צו־מאָרגנס אינדערפרי ארויפגעקומען צו אים אַ שטראַלנדיקער מיט דער קראָנע אין קעשענע און זיך געפּרואווט פאַרענטפערן, האָט רייזען, נאָך אַ מער שטראַלנדיקער פון מיר, אָנגעזאָגט מיר די בשורה, אַז מיט אַ שעה־צוריק האָט ער באַקומען די דערוואַרטעטע סומע פון דעם פאַרלעגער י. לידסקי פון וואַרשע און אַז ער נויטיקט זיך נישט מער אין מיין הלוואה.

ווען איך האָב רייזענען דערציילט די סיבות פאַרוואָס איך האָב נעכטן פאַרשפּעטיקט און זיך מודה־געווען פאַר אים, אַז איך האָב געמוזט ארומלויפן קריגן אַ הלוואה, איז ער צו מיר „צוגעשטאַנען", אַז איך מוז נאָך ביי אים נעמען אַ הלוואה . . .

ארויסהרייען־זיך פון דער דאָזיקער הלוואה האָב איך באַין־אופן נישט געקענט און ווען איך האָב אים שוין צוליב־געטאָן און „געבאָרגט" ביי אים אַ מטבעה, האָב איך געזען, אַז רייזען איז געווען ממש גליקלעך וואָס ער קען אויף אַ דזשענטלמענישן אופן טאָן אַ טובה אַ מענטשן, וואָס איך נאָך אַ גרעסערער אָרימאַן ווי ער אַליין.

נאָך יענער סצענע איז פאַר מיר געוואָרן קלאָר, אַז אָרימקייט, אָדער רייכקייט, ווערט נישט באַשטימט לויט דער סומע געלט וואָס איינער פאַרמאָגט, נאָר לויט דער רייכקייט פון מידות־טובות, לויט דער שיינקייט פון

דער נשמה און סאיז אויך געוואָרן פאר מיר קלאָר, אז אברהם רייזען פאַר־מאָגט א שיינע און א רייכע נשמה.

* * *

נאָך א לאנגער־לאנגער הפסקה האָב איך זיך ווידער געטראָפן מיט רייזענען אינם ליטעראטן־פאריין אויף טלאמאצקע 13, אין ווארשע. דאָס איז געווען אינם ווינטער 1928, ווען רייזען האָט באזוכט אייראָפּע און איז פון ווארשע געפאָרן אין זיין אלטער היים־אריין. די ערשטע פראַגע וואָס רייזען האָט מיר געשטעלט איז געווען, צי איך בין נאָך א פּועלי־ציוניסט און צי איך האָב נאָך צו טאָן מיט דער יוגנט. איך האָב אויס־גענוצט די דאָזיקע פראַגע און אים געענטפערט, אז נישט בלויז מיט דער יוגנט האָב איך נאָך צו טאָן, נאָר אפילו מיט קינדער . . . עס איז גראָד געווען דעמאָלט נאָך דער גרינדונג פון אונזער קינדער־אָרגאניזאציע „יונג־באָר" און איך האָב אים אין־איינוועגס איינגעלאדן, אז ער זאָל אינאווענט באזוכט אונזער קינדער־קלוב.

דער אייביק־גוטמוטיקער רייזען האָט זיך גאָרנישט אנטקעגנגעשטעלט, נאָר מיך געבעטן, אז ס'זאָל זיך נישט פארציען צושפּעט, ווייל נאָך דעמ־זעלבן אוונט, 12 א זייגער אין מיטן דער נאכט, גייט־אָפּ זיין צוג קיין מינסק. אייער וואונטש — האָב איך אים געזאָגט — פאלט זיך צונויף מיט אונזערע מעגלעכקייטן, ווייל דער „יונגבאָר"־קלוב ווערט געעפנט 6 א זייגער אינאווענט און 9 א זייגער מוז ער שוין געשלאָסן ווערן.

7 א זייגער אינאווענט האָב איך אים אָפּגעוואַרט אין ליטעראטן־פאריין און מיר זענען צוגעפאָרן אויף דזשיקע 6, וואו מיר האָבן שוין געטראָפן א מחנה פון הונדערטער יונגבאָריסטן, לרוב קינדער פון די באַראַכאָוו־שולן, וועלכע האָבן געטאנצט, געזונגען, און אפילו נישט געאנט וואָס פארא איבערראשונג עס ווארט אויף זיי.

כדי נישט צו פארלירן קיין איבעריקע צייט האָב איך זיך גיך פאַר־שטענדיקט מיט די יונגבאָר־אינסטרוקטאָרן און כהרף־עין זענען אָפּגע־שטעלט געוואָרן די טענץ מיט די געזאנגען. פון אַלע איבעריקע צימערן זענען ארייננעקומען אין גרויסן זאַל אריין יענע יונגבאָריסטן, וואָס האָבן דאָרט פארבראכט אין רואיקע שפּילערייען, אָדער אין קרייז־שמועסן מיט זייערע אינסטרוקטאָרן. אַלע האָבן זיך פארזאמלט אין איין גרויסן צימער און מיט געשפּאנטער נייגעריקייט געוואַרט וואָס דאָ וועט פאָרקומען. א טייל קינדער, די עלטערע, האָבן באלד דערקענט רייזענען, לויט די בילדער וואָס זיי האָבן באגעגנט אין די שול־ביכער, אָדער אין זשורנאלן, און זיי האָבן באלד אָנגעהויבן צו זינגען: „לאָמיר אלע אין איינעם, מקבל־פּנים־זיין אונזער גאסט דעם שיינעם"!

איך האָב געעפנט דעם אימפּראָוויזירטן קבלת־פּנים און גערעדט פאַר די קינדער וועגן רייזענען און וועגן זיין ליבשאַפט צו יידישע קינדער. דערנאָך האָבן די קינדער אין כאָר, אָדער אין סאָלאָ, אפשר א שעה־צייט געזונגען און דעקלאַמירט רייזנס לידער. צו זייער פרייד און באַגייסטערונג האָט גאָרנישט גענומען קיין סוף. רייזען האָט מיך אפילו דעליקאַט חושד־געווען, אַז דער דאָזיקער אָוונט איז ספּעציעל צוגעגרייט געוואָרן אַלס א סור־פּריז פאַר אים און כדי אים צו איבערציינגן, אַז דאָס איז נישט אַזוי, נאָר אַז אונזערע יונגבאַריסטן קענען בכלל רעציטירן כמעט אַלע יידישע דיכטער און קענען זינגען אַלע יידישע פאָלקס־לידער, האָב איך דורך דער פאַרמיטלונג פון די אינסטרוקטאָרן, אַראַנזשירט אַז די קינדער זאָלן אויסזינגען זייער גאַנצן רעפּערטואַר און דאָס האָט רייזענען נאָך מער איבערראַשט. ער האָט דערנאָך זיך האַרציק געזעגנט מיט די קינדער און זיי פאַרזיכערט, אַז ער וועט דעם הערלעכן אָוונט קיינמאָל נישט פאַרגעסן. נאָכן שליסן דעם אָוונט, ווען איך האָב רייזענען צוריק אָפּגעפירט אין אַן אויטאָ־דראָזשקע אין ליטעראַטן־פאַריין־אַריין, האָט מיר רייזען איבערגע־געבן 5 דאָלאַר אַלס מתנה פאַרן קינדער־קלוב, כדי איינצוקויפן פאַר זיי שפּילצייג. אָבער, ווען איך האָב צו־מאָרגנס, דערפון געמאָלדן דעם קינדער־ראַט, האָבן זיי נישט געוואָלט קיין שפּילצייג, נאָר זיי האָבן אויסגעקליבן א קאָמיסיע, וועלכע איז אַוועק אין ב. קלעצקינס ביכער־פאַרלאַג און האָבן פאַר די 5 דאָלאַר איינגעקויפט אַלע ווערק פון . . . פון זייער גאַסט און פון זייער ליבן דיכטער אברהם רייזען.

* * *

צו מענדעלען באַציט זיך דער יידיש־לייענער מיט יראת־הכבוד, אַזוי ווי ס'פּאַסט פאַר א שטרענגן מוכיח, א בכבודיקן זיידן. מענטשן מיט טאַקט און דרך־ארץ זאָגן קיינמאָל נישט סתם מענדעלע, ווען ס'קומט זיי אויס צו דערמאָנען דעם זיידן פון אונזער ליטעראַטור, נאָר זיי גיבן שטענ־דיק צו, מיט א וואַרעמער פּיעטעט, ר' מענדעלע.

פון פּרצן רעדט מען מיט פאַרערונג און אָנערקענונג, אַזוי ווי פון א גרויסן וואָרט־מייסטער, אַזוי ווי פון איינעם וואָס האָט דורך זיין קינסטלערישן שאַפן אַרויסגעפירט די יידישע גייסטיקע ווערטן אויפן ברייטן שליאַך פון אייראָפּעישן לעבן. ס'פעלט אָבער דערביי, יעדנפאַלס ביים „פאָלק", די אינטימיטעט, די טיפע אינערלעכע נאָענטקייט, וואָס מען פילט אַזוי בולט ווען מען רעדט, למשל, פון שלום־עליכמ'ען.

צו שלום־עליכמען איז אָבער די באַציאונג פון „עמך", אָפּטמאָל שוין צופיל אינטים. הערנדיק דאָס פאָלק רעדן פון שלום-עליכמן, האָט מען דעם איינדרוק, ווי זיינע פאַרערער, זיינע חסידים־אָנהענגער, וואָלטן זיך

געטראַכט: „איי, איז דאָס געווען אַ ייד אַ לץ" . . . איי, האָט ער געקענט אַריינזאָגן, דער ממזר" . . . „ער איז שוין געווען איינמאָל אַן עמך'ניק, דער שלום־עליכם, ס'האָט אים נאָר געפעלט צו אַרבעטן מיטן שער־און־אייזן, אָדער צו האַנדלען מיט מילביקס" . . .

אוודאי איז דאָס אַ הויכע מדרגה און אויב שלום־עליכמען איז אַמאָל ביים לעבן אויסגעקומען צו אָבסערווירן די באַציאונג פון זיין „עמך" צו אים, האָט ער בלי ספק דערפון געהאַט אַ גרויסן נחת־רוח, ווייל נישט יעדער קינסטלער איז זוכה צו אַזאַ אינטימיטעט מצד דעם פאָלק. פון דער אַנדערער זייט ווייסן מיר אָבער, אַז צו „אינטימיטעט" איז אַמאָל נויטיק אַ גרענעץ . . . אַז ס'איז נישט זייער געזונט ווען „עמך" פאַרגעסט־זיך און פאַרווישט אַלע גרענעצן צווישן זיך און קינסטלער . . . אָבער, דאָס איז שוין אַן ענין פאַר זיך, וועגן וועלכן מיר האָבן איצט נישט בדעה צו שרייבן. וואָס מיר האָבן אָבער יאָ בדעה איצט אַרויסצובריינגען, איז דאָס, אַז ביי רייזענען — אים צו לאַנגע־לאַנגע יאָרן — קומט די באַציאונג פון פאָלק צום אויסדרוק אין די אַלע פריער־אויסגערעכנטע פאָרמען פלוס נאָך איין אויסדרוקס־פאָרם, וועלכע איז אין זיך כולל אַלע דערמאָנטע אויסדרוקן פון באַציאונגען מצד דעם פאָלק צו די זיילן פון אונזער ליטעראַטור און איז גלייכצייטיק אַ זעלבסטשטענדיקע, אַן אייגענאַרטיקע אויסדרוקס־פאָרם, צו וועלכער לאַוו כל־אדם זוכה — דאָס איז די טיפע אינערלעכע ליבע, די אהבת־נפש, די אהבה שאינו תלויה בדבר ! . . .

מען קען דרייסט זאָגן, אַז צום אייביק־יונגען אברהם רייזען באַציען זיך, סיי זיינע לייענער בכל תפוצות ישראל, סיי זיינע קאָלעגן די שרייבער און דיכטער פון יונגערן דור, נישט בלויז מיט דרך־ארץ, נאָר טאַקע מיט יראת־הכבוד, נישט ווייניקער ווי צו מענדעלען; רייזען האָט זוכה־געווען ביים לעבן צו האָבן די טיפסטע אָנערקענונג פון דורות שרייבער און פון מיליאָנען לייענער, סיי פאַר זיין שטענדיקן דערציען און סיי פאַר זיין איבער 50־יאָריקן פרוכטבאַרן, אייגענאַרטיקן שאַפן אויף די געביטן פון פּאָעזיע און בעלעטריסטיק און סיי פאַר זיין אומדערמידלעכן מאַרשירן, במשך פון זיין גאַנצן באַוואוסטזיניקן לעבן, בראש פונם שווערן קאַמף פאַר די רעכט פון „יידיש", וואָס איז אין רעזולטאַט פון דעם דאָזיקן לאַנגן דורות־קאַמף, דערהויבן געוואָרן פון אַ „זשאַרגאָן פאַר דינסטמיידלעך און באַלע־מעלאָכעס", צו דער טעגלעכער און ליטעראַרישער שפּראַך פון די יידישע פאָלקס־מאַסן מיט דער יידישער אינטעליגענץ בתוכם.

אויך די שלום־עליכמ'ישע אינטימיטעט שטראַלט אַרויס פון דער טיפעניש פונם פאָלקס־לעבן צו דער נאָענטער און דאָך לעגענדאַרישער

פערזענלעכקייט פון רייזענען — אָבער זי, די דאָזיקע אינטימיטעט, איז גלייכצייטיג פאַרוועבט אין מיליאָנען פעדעם פון האַרציקער ליבע — פון גרענעצלאָזער, עכטער פאָלקס־ליבע צום דיכטער פון אונזערע נשמות — צום בלוט פון אונזער בלוט!

פון וואָס איז דאָס אייגנטלעך דער רעזולטאַט?

פון וועלכע מקורים שטראָמט די דאָזיקע **פילזייטיקע, שיינע און** איידעלע באַציאונג צו רייזענען?

דאָס איז, קודם־כּל, אַ רעזולטאַט דערפון וואָס רייזען איז אַן עכטער קינסטלער און אַלס אַזעלכער האָט ער זיך אין זיינע שאַפונגען, קיינמאָל נישט אַוועקגעלאָזט אויף די וועגן, אָדער ריכטיקער געזאָגט אויף די אומ־וועגן פון די פאַרשיידענע ליטעראַרישע, אָדער דיכטערישע „איזמען", נאָר האָט ווי אַ געניטער שווימער אין די אָן־סופיקע אָפּגרונטן פונם לעבן, געזוכט צו דערגרונטעווען די מאָמענטן פון אונזערע ליידן און פריידן, פון אונזער טרויער און שמחה, פון אונזער צער און חדוה, פון מענשלעכער ליבע און שנאה, פון יאוש און האָפענונג, פון גבורה און שוואַכקייט און אַזוי זיינען אַלע זיינע שאַפונגען — די נאָוועלן און דערציילונגען, זיינע לידער און סקיצן — דער קינסטלערישער רעאַליזם, וואָס איז דעם פאָלק אַזוי נאָענט, אַזוי פאַרשטענדלעך און אַזוי ליב.

רייזען איז געבענטשט מיט דער גרויסער פעיקייט צו פאַרשטיין דעם מענטשן — דעם יחיד. אַלע שלעכטיקייטן, אַלע געפילן פון פאַרביטערט־קייטן און אַלע מיספאַרשטייענישן שטאַמען דאָך דערפון וואָס מענטשן קענען נישט איינער דעם צווייטן, וואָס אפילו גרויסע שריפטשטעלער פאַרשטייען נישט די שוואַכקייטן פון זייערע מיט־מענטשן, אָדער זיי קענען נישט אַריינדרינגען אין די טיפענישן פון יענעמס נשמה־וועלט. פאַרשטיין דעם מענטשן — אָט דאָס איז די שענסטע מעלה און די העכסטע מדרגה פון אַן עכטן קינסטלער. פאַרשטיין מיינט פאַרגעבן, מוחל־זיין; מוחל־זיין הייסט מיטפילן און מיטפילן הייסט ליב־האָבן. אָט דאָס איז רייזענס צוגאַנג צום מענטשן, דאָס איז רייזענס בליק אויפן מענטשן און דאָס איז רייזענס מאָטיוו ביים שילדערן אונז דעם מענטשן!

אָט די אַלע פּאָזיטיווע מאָמענטן פאַרמאָגט רייזען. ער איז סיי אַלס דיכטער און סיי אַלס מענטש, פולקאָם פריי פון די דאָ אויסגערעכנטע נעגאַטיווע מאָמענטן און אָט דערפאַר האָט אים דאָס פאָלק געקרוינט אַלס פאָלקס־דיכטער און דערפאַר באַציען זיך אַלע צו אים מיט דרך־ארץ און יראת־הכבוד ווי צו אַ נעסטאָר פון אונזער ליטעראַטור, מיט אָנער־קענונג ווי צו אַ קינסטלער, מיט אינטימיטעט ווי צו אַ אייגענעם און מיט טיפער, מענטשלעכער ליבע ווי צו אַ גרויסן דיכטער.

# ש. ר. לאנדאו — דער פאָרלויפער פונם סאָציאַליסטישן ציוניזם

איינזאַם און פאַרגעסען איז אין 1943 געשטאָרבען אין ניו־יאָרק אַ מענש, וואָס האָט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק אויפגעשטורעמט דאָס יידישע לעבן אין עסטרייך און האָט במשך פון אַ גאַנצן יאָר־צענדלינג געשפּילט אַן אָנגעזענע ראָל אין דער יידישער פּאָליטיק פון איירָאָפּע.

דער לעצטנס איינזאַמער און פאַרגעסענער פּיאָנער — דאָס איז גע־ווען דר. ש. ר. לאַנדאו, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1870, אין קראָקע, און אין 1889 איז ער אַוועק קיין ווין, כדי דאָרט צו שטודירן אויפן אוניווערזיטעט.

אין ווין האָט ער זיך באַקענט מיט איינעם פון די פּיאָנערן פון דעם מאָדערנעם יידיש־נאַציאָנאַלן געדאַנק, מיט דר. נתן בירנבוים, וועל־כער האָט פון 1885 ביז 1893 אַרויסגעגעבען דעם חודש־זשורנאַל „זעלבסט־עמאַנציפּאַציאָן", אין דער דייטשער שפּראַך. אונטער בירנבוימס איינ־פלוס איז דער יונגער לאַנדאו געוואָרן אַן אַקטיווער טוער אין דער יידיש־נאַציאָנאַלער סטודענטען־פאַראייניגונג „קדימה", פון וועלכער עס זענען שפּעטער אַרויסגעוואַקסען אַזוי פיל באַרימטע ציוניסטישע פּערזענליכקייטן.

זיין ווירקונג איז שוין דעמאָלט געווען אַזוי שטאַרק און זיין פּערזאָן איז שוין געווען אַזוי פּאָפּולער, אַז דר. טעאָדאָר הערצל האָט אין פעב־רואַר 1896, איידער ער האָט פּובליצירט זיין „יודענשטאַאַט", אים, לאַנדאו'ן, איינגעלאַדן צו זיך אין דער רעדאַקציע פון דער ווינער דייטשער צייטונג „נייע פריע פּרעסע", כדי זיך מיט אים צו באַראָטן וועגן דעם אַרויסגעבן פון זיין בוך „יודענשטאַאַט" און אויך כדי אים צו געווינען אַלס מיטהעלפער אין דער גרינדונג פון דער פּאָליטישער ציוניסטישער באַוועגונג.

ש. ר. לאַנדאו איז באַלד באַגייסטערט געוואָרן פאַר דר. הערצלס פּראָיעקט פון אַ יידנשטאַאַט, און ער איז געוואָרן דער סעקרעטאַר פון הערצלס איניציאַטיוו־קאָמיטעט, וואָס האָט אין 1897 צונויפגערופן קיין באַזעל, שווייץ, דעם ערשטן ציוניסטישן וועלט־קאָנגרעס.

לויט לאַנדאו'ס איניציאַטיוו, האָט שפּעטער דער ציוניסטישער אַקציאָנס־קאָמיטעט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן דאָס ציוניסטישע אָפיציעלע וואָכנ־בלאַט אין דער דייטשער שפּראַך, „די וועלט", פון וועלכן ער, לאַנדאו, איז די ערשטע פאַר יאָר געווען דער רעדאַקטאָר. אַ חוץ דעם האָט לאַנדאו

אין יענע יאָרן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע ביים באַקענען און פאַרבינדן דר. הערצלן מיט פאַרשידענע פּאָליטישע פּערזענלעכקייטן פון פּוילישער אָפּשטאַמונג, וועלכע זענען געווען טעטיק אין דער עסטרייכישער פּאָליטיק.

מיט דער צייט זיינען אָבער צווישן לאַנדאו'ן און הערצלן אנטשטאַנען מיינונגס־פאַרשידנהייטן, און די קאָנפליקטן האָבן דערפירט דערצו, אַז לאַנדאו איז באַזייטיקט געוואָרן פון דער ציוניסטישער אָנפירונג, און ער איז שוין געבליבן איזאָלירט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, וועלכע ער האָט געהאָלפן שאַפן און אַ צענדלינג יאָרן איר געדינט מיט לייב און לעבן.

דער באָדן, אויף וועלכן די קאָנפליקטן צווישן אים און הערצלן זענען אנטשטאַנען, זיינען געווען דער צוגאַנג צו פאַרשידענע פראַגן.

דר. הערצל, למשל, האָט אַ סך ענערגיע פאַרשווענדט, כדי צו געווינען פאַר זיין פּראָיעקט די יידישע באַנקירן און די גרויס־אינדוסטריאַליסטן. דר. לאַנדאו, איז געווען סאָציאַליסטיש אָנגעהויכט. ער האָט געזען אין ציוניזם אַ פאָלקס־באַוועגונג און האָט געוואָלט, אַז די באַוועגונג זאָל זיך שטיצן אויף די יידישע פאָלקס-מאַסן פון מזרח־אייראָפּע.

הערצל איז לכתחילה געווען קעגן יעטווועדער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט, אַזוי לאַנג ווי ער האָט נישט דעם געזעצלעכן „טשאַרטער" פון מערקישען סולטאַן; לאַנדאו, דאַגעגן, איז מער גענייגט געווען צום פּראַקטישן ציוניזם, לויט דער אויפפאַסונג פונם „אָדעסער קאָמיטעט", אונטער דער אָנפירונג פון מ. מ. אוסישקין. אויפן עסטרייכישן באָדן האָט ער געשטיצט די באַמיאונגען פון דר. אברהם זאַלץ אין טאַרנאָוו, וועלכער האָט געגרינדעט די נעזעלשאַפט „אהבת ציון" און געמאַכט דעם נישטגעלונגענעם עקספּערימענט מיט דער גאַליצישער קאָלאָניע מחניים.

הערצל איז צו יענער צייט אויך געווען געגען דעם, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס זאָלן זיך פאַרנעמען מיט „קעגנוואַרטס־אַרבעט" אין די גלות־לענדער. די גאַנצע טעטיקייט — האָט הערצל געהאַלטן — זאָל זיך אויסדריקן אויסשליסליך אינם דערגרייכן דעם פּאָליטישן ציל פון ציוניזם און אין אויסבויען די פינאַנציעלע אַפּאַראַטן (קאָלאָניאַל־באַנק, און אַז. וו.), וועלכע וועלן דאַרפן דעם ציוניזם רעאַליזירן, נאָכדעם ווי דער סולטאַן און די איבעריגע מלוכות וועלן געבן זייער הסכם צו גרינדן דעם יידנשטאַאַט.

דערצו איז נאָך צוגעקומען די פאַרשידנקייט פון טעמפּעראַמענט און כאַראַקטער צווישן הערצלן און לאַנדאו'ן. הערצל האָט קאָנצענטרירט אין זיינע הענט די גאַנצע מאַכט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און ער האָט אַלע זיינע מיטאַרבעטער באַהערשט מיט אַ מאַגנעטישער קראַפט.

לאנדאו האָט זיך נישט געוואָלט — און אויך נישט געקענט — באַגנוגע־נען מיט אַן אונטערגעאָרדנעטער ראָל, און ער האָט כסדר זיך געבונטעוועט קעגן דעם. הערצל איז געווען דער געבווירענער פירער, און לאַנדאו, דאַגעגן, איז געווען דער געבווירענער אָפּאָזיציאָנער, דער אייביק אומצופרידענער גייסט.

עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז לאַנדאו האָט אַמאָל אָפּגעדרוקט אין דער „וועלט" אַן אַרטיקעל געגן דעם אויסדריקלעכן פאַרבאָט מצד הערצלן. דאָס האָט דערפירט צו אַ זייער פיינלעכן צוזאַמענשטויס צווישן ביידע, נאָך וועלכן לאַנדאו האָט פאַרלאָזען די רעדאַקציע און אָנגעקלאָגט הערצלן אין געריכט פאַר ערן-באַליידיקונג.

די ציוניסטישע באַוועגונג האָט דערנאָך קיינמאָל נישט געוואָלט מוחל זיין לאַנדאו'ן דעם פאַקט, וואָס ער האָט געוואָגט אָנצוקלאָגן הערצלן אין געריכט. דאַגעגן, האָט לאַנדאו ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג נישט געקענט פאַרגעסן די „באַליידיגונג", וואָס ער האָט געליטן פון הערצלן און ער האָט זיין גאַנצן לעבן, ביי יעדער געלעגנהייט, כסדר און אומעטום גערעדט דערפון מיט פאַרדרוס און מיט געקרענקטע געפילן.

פון לאַנדאו'ס אויפטוען, וואָס האָבן אַמאָל געהאַט אַ גרויסע באַ־דייטונג, איז נאָך כדאי צו דערמאָנען די פאָלגנדע פאַקטן:

ער האָט אין די יאָרן 1898-1900 געשפּילט אַ גאָר היפּשע ראָל אין צוזאַמענהאַנג מיטן לאָקאַוט פון די 6000 יידישע וואַקס־אַרבעטער אין באַריסלאַוו, וועלכער ווערט דאָ געשילדערט אין אַ באַזונדערער אָפּהאַנדלונג.

אַ צווייטע מאָס פון אַ געוויסער געשיכטליכער באַדייטונג איז דאָס, וואָס דר. לאַנדאו האָט אין יאָר 1894, צוזאַמען מיט דעם שניידער־אַרבעטער סאָלאָמאָן רובינשטיין און מיט נתן גראָס, געגרינדעט אין ווין דעם ערשטן יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער און האַנדלס־אָנגעשטעלטן פאַריין „אחוה", פון וועלכן ער, דר. לאַנדאו, איז אויך געווען דער ערשטער פּרעזעס. ער האָט זיך אָבער מיט דעם דאָזיקן פאַריין גיך געמוזט שיידן, ווייל ער האָט אים שפּעטער געוואָלט פאַרוואַנדלען אין אַן אָפּאָזיציאָנעלן שטיצ־פונקט געגען דר. הערצלן, און דערצו האָבן די מיטגרינדער, גראָס און רובינשטיין, נישט דערלאָזט.

פאַרלאָזנדיק דעם דאָזיקן פאַריין, האָט ער אין אויגוסט 1898 אָנ־געהויבן אַרויסצוגעבן אַ מאָנאַטסשריפט אין דער דייטשער שפּראַך, „דער יידישער אַרבעטער", אין וועלכן ער האָט פּראָפּאַגאַנדירט אַ פאַרבינדונג צווישען סאָציאַליזם און ציוניזם. אין דעם דאָזיקן זשורנאַל, פון וועלכען עס זענען דערשינען 8 נומערן, האָט לאַנדאו געפּרואווט צו זאַמלען אַרום

זיך די דעמאָלטדיקע סאָציאַליסטישע אָפּאָזיציע אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, צו וועלכער עס האָבן געהערט: דר. נחמן סירקין, דער פראַנצויזישער אַנאַרכיסט און גערעכטיגקייט־קעמפער בערנאַרד לאַזאַר און אַנדערע פאַרלויפער פון סאָציאַליסטישן ציוניזם.

צוליב די דאָזיקע טעטיקייטן — דאָס אַרויסגעבן פון די 8 נומערן „דער יידישער אַרבעטער" און דאָס איינשטעלן זיך פאַר די באַריסלאַווער אַרבעטער — האָט זיך לאַנדאַו באַטראַכט ווי דער גרינדער פון דער פועלי־ציון באַוועגונג. דאָס איז אָבער, היסטאָריש גענומען, היפּש איבערגעטריבן. דאַגעגן, דאַרף מען אים מיט רעכט אָנערקענען אַלס איינעם פון די ערשטע פּיאָנערן און פאַרלויפער פון דעם געדאַנק, אַז אַ פאַרבינדונג צווישן סאָציאַליזם און ציוניזם איז מעגליך און נויטיק.

נאָך די דאָזיקע נישט־געלונגענע פּרואוון זיינע, האָט ער זיך, אין די ערשטע יאָרן פון 20-טן יאָהרהונדערט, פולשטענדיק צוריקגעצויגן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און האָט ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אַרויסגעגעבן אין ווין די „נייע נאַציאָנאַלע צייטונג". אַ זשורנאַל פאַר אַלגעמיינע יידישע נאַציאָנאַלע פראַגן.

לאַנדוא האָט זיך אויך זיין גאַנץ לעבן פאַרנומען מיט ליטעראַרישער און פּובליציסטישער טעטיקייט. ער האָט איבערגעזעצט ווערק פון דער פּוילישער און פון דער יידישער ליטעראַטור אין דייטש און האָט אַרויסגעגעבן עטלעכע אייגענע אינטערעסאַנטע ביכער אין דייטש.

אין איין ווערק שילדערט ער די לאַגע פון די יידישע אַרבעטער אין באַריסלאַוו, קאָלאָמיי, באָלעכאָוו, טשענסטאָכאָוו, ביאַליסטאָק און לאָדזש, ווי אַזוי זי האָט אויסגעזעהן צום סוף פון 19־טן יאָהרהונדערט.

„שטורם און דראַנג אין ציוניזם", איז אַ 340 זייטיק ווערק, אין וועלכן ש. ר. לאַנדאַו שילדערט די אַנטוויקלונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין איר ערשטער עפּאָכע, שטיצענדיג זיך אויף זיינע פּערזענלעכע איבערלעבונגען און אויף אַ רייע דאָקומענטן, וועלכע ער פאַרעפענטלעכט דאָרט צום ערשטן מאָל.

נישט־געקוקט אויף זיין אַמאָליקער שטורמישער פאַרגאַנגענהייט, איז ער אָבער אין די שפּעטערדיקע 40 יאָר פון זיין לעבן געבליבן אין שאָטן. צוליב זיין איבעררייסן מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג איז ער כמעט אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן, אַזוי אַז אפילו זיין איינזאַמער טויט האָט נישט געהאַט קיין אָפּקלאַנג — הגם ער איז פונדעסטוועגן געווען דער פּיאָנער אויף אַסאַך געביטן פון דער ציוניסטישער טעטיקייט.

# לייב מלאך — דער דיכטער פון דער פועלי־ציוניסטישער „יוגנט־שבועה"

לייב מלאך, האט געשטאמט פון דער טיפסטער־טיפעניש פונם פאלקס־לעבן און דער דאזיקער פאקט האט אויף שטענדיק ארויפגעלייגט זיין בולטן שטעמפל אויף אלע פארמען פון זיין קינסטלערישן שאפן.

ל. מלאך האט אין זיך פארמאגט אסך שטריכן, ענלעכע צו גארקין: געבוירן אין ארעמקייט, זיין יוגנט פארבראכט אין די קעלער־שטיבן, זיך געמאטערט ביי פארשידענע מלאכות און מיט אמאל נתגלה־געווארן ווי א פול־בלוטיקער טאלאנט, ווי אן אלזייטיקער שריפטשטעלער און פון יאר־צו־יאר דערגרייכט אלץ העכערע שטאפלען אויף דעם לייטער פון קינסט־לערישער שלימות.

מלאך האט אנגעהויבן זיין ליטעראַרישע קאריערע מיט דער „יוגנט־שבועה" — פון קינסטלערישן שטאנדפונקט א שוואך ליד — איז עס אבער אויפגענומען געווארן פון די ברייטסטע שיכטן פון דער יוגנט מיט גרויס באגייסטערונג און איז גיך געווארן דער אפיציעלער־הימן פון דער פועלי־ציוניסטישער יוגנט אין אלע קאנטינענטן. דאס איז געשען צוליב דעם, ווייל דער דאזיקער הימן איז נישט געשריבן געווארן פון א זייטיקן, נאר פון א דיכטער, וואס שטייט נאענט צו די אידעאלן פון דער יוגנט, נישט אויף א באשטעלונג — נאר דער יוגנטלעכער ארבעטער לייב זאלצמאן פון זוואלין, וועלכער האט זיך אין א ווארשעווער ווארשטאט באהעפט אינער־לעך מיט די אידייען פון דער פועלי־ציוניסטישער „יוגנט"־באוועגונג, האט פון די טיפענישן פון זיין נשמה אויסגעזונגען א הימן, אויסגעדיכטעט א שבועה, אז „פאר דער פרייהייט מוז מען קעמפן ביז צום לעצטן טראפן בלוט!"

ווען מלאך זאל געווען האבן געשאפן בלויז די „יוגנט שבועה" — און ווען מען זאל נאך דערצו צוגעבן זיין באַרימטע פאעמע „באראכאוועצעם" —וואלט ער שוין דערמיט אליין געבליבן פאראייביקט. פונקט ווי עס איז פאראייביקט געווארן דער מחבר פון „אינטערנאציאנאל" וואס איז קינסט־לעריש געווען נאך שוואכער ווי מלאכס יוגנט־שבועה. אבער, מלאך האט זיך זיין אומשטערבלעכקייט דערגרייכט נישט דווקא מיט די דאזיקע צוויי שאפונגען, נאר א דאנק א גאנצער רייע פאעטישע, דראמאטישע, בע־לעטריסטישע ווערק און אומצייליקע קינסטלערישע רייזע־רעפארטאזשן.

מלאך איז געווען א מייסטער אין זיינע באלאדן, לרוב פאר קינדער, וועלכע זענען נאך עד־היום א שיינער צושטייער פאר אונזער ליטעראטור בכלל און באזונדערס פאר אונזער באשיידענעם ווינקל פון דער קינדער־ליטעראטור.

מלאך האט אויך געפרואווט זיינע כחות — און אויך נישט אן דער־פאלג — אויפן בעלעטריסטישן געביט. „אלטערס יוגנט־יארן" — זיין גרעסערע אויטאביאגראפישע דערציילונג, איז א קינסטלערישע עפאפייע פון א יתומס ליידן, איז א קינסטלעריש־רעאליסטישע אפשפיגלונג פונם חסידישן לעבן אין פוילישן שטעטל און פונם דערנער־וועג וואס עס מאכט־דורך יעדער הארעפאשנער יונגטלעכער אין דער גרויסער שטאט. און כאטש „אלטערס יוגנט־יארן" איז געבויט אויף אויטאביאגראפישע עפיזאדן און פאקטן פון זיין, מלאכס, לעבן גופא, האבן אבער טויזנטער לייענער געזען אין דער דאזיקער דערציילונג שטיקער פון זייער לעבן, פאסירונגען פון זייערע ביאגראפיעס, יארן פון זייער פארגאנגנהייט און זיי האבן מיט גרוים אינטערעס ממש געשלונגען איין זייטל נאכן צווייטן, פארגיסנדיק דערביי ביטערע טרערן . . .

מלאך האט זיך אמאל פארמאסטן צו געבן אונז א גרויסן און אלץ אומפאסנדן ראמאן, אין וועלכן ער זאל שילדערן דאס יידישע פאלקסלעבן אין זיין דינאמישער אנטוויקלונג, אין זיין וואנדערונג איבער ימים און קאנטינענטן. „דאן דאמינגאס קרייצוועג" — הייסט דאס דאזיקע גרויס־פארמאסטענע ווערק, פון וועלכן עס איז, דאכט זיך דערשינען בלויז דער ערשטער באנד אליין, וועלכער האלט עטלעכע הונדערט זייטן, איז א קאלאסאלע, דערגרייכונג. מיר האבן דארט דעם יידישן לעבנסשטייגער אין מזרח־אייראפע פון פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה; דאס פילפארביקע לעבן פון די יידישע ישובים אין די דרום־אמעריקאנישע לענדער; די אויפ־געקומענע גבירים און די אונטערוועלט; די פוילישע, ליטווישע, גאליצישע, רוסישע און ספרדישע יידן מיט אלע זייערע באגריפן, תנועות, העוויות און קולטורעלן לעבנסשטייגער; די מלחמות צווישן די זיד־אמעריקאנישע שטאטן מיט זייער סאציאל־פאליטישן אונטערשלאק און וועלכע אימפעריעס, עס שטייען אונטער זיי; דאס יידישע לעבן אינם נאך־מלחמה'דיקן פוילן — און דאס אלץ איז אריינגעוועבט אין א שפאנענדער פארם מיט דראמאטישע פאסירונגען, אזוי אז דער ראמאן לייענט זיך באמת מיט גרוים אינטערעס, הגם ער איז ווייט־ווייט פון סענזאציע. אדרבה, יעדעס קאפיטל אטעמט מיט שטיקער רעאליסטישן לעבן און יעדע פאסירונג טראגט א קינסטלערישן לבוש.

מלאך האָט אויך אָנגעשריבן עטלעכע דראַמען פאַרן טעאַטער. נישט אַלע האָבן זוכה געווען אויפגעפירט צו ווערן אויף דער בינע. אַזוי, למשל, האָט זיך מלאך אַרומגעטראָגן מיט דער „לודמירער מויד" — אַ דראַמאַטיזירטע היסטאָרישע לעגענדע, וועגן אַ וואָלאָדימיר־וואָלינסקער (אויף יידיש־לודמיר) מויד, וואָס האָט געפּראַוועט אַ רבי'שן טיש און געהאַט חסידים . . . סהאָט שוין געהאַלטן דערביי, אין יאָר 1935, אַז דאָס „יונג־טעאַטער" אין וואַרשע, אונטער דער אָנפירונג פון דר. מ. ווייכערט, זאָל אויפפירן די דאָזיקע מיסטישע לעגענדע — אָבער ס'זיינען דערביי געווען צענזור־שוועריקייטן.

פון מלאכ'ס יאָ געשפּילטע דראַמען, איז כדאי צו דערמאָנען „אָפּפאַל", וואָס איז נאָך מיט יאָרן צוריק געשפּילט געוואָרן, סיי אין מזרח־אייראָפּע, סיי אין אַרגענטינע און דער עיקר „מיסיסיפּי", וואָס איז אין וואַרשע אַליין במשך פון 2 סעזאָנען, כסדר געשפּילט געוואָרן הונדערטער מאָל.

אין „מיסיסיפּי" אין וועלכן מלאך האָט אַזוי קינסטלעריש, און גלייכצייטיק אַזוי וואַרעם־מענטשלעך, פאַרייביקט פאַר דער יידישער בינע דעם סקאָטסבאָרער פּראָצעס פון די 6 נעגערס, וועלכע זענען זיינערצייט פאַר־משפּט געוואָרן פאַר כלומרשט וועלן אַטאַקירן 2 ווייסע מיידלעך (אגב, פּראָסטיטוטקעס), האָט מלאך דערגרייכט אַ באמת הויכע מדרגה, סיי אַלס קינסטלער־דראַמאַטורג, סיי אַלס סאָציאַלער שרייבער, אָננעמענדיק זיך די עוולה וואָס עס געשעט די שוואַרצע.

מלאך האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין מאָמענט, אין וועלכן ס'זאָל נישט אויפגעדעקט ווערן די אומשולדיקייט פון די צום טויט־פאַרמשפּטע נעגערס און די ברוטאַלע צביעות פון דער הערשנדער קאַפּיטאַליסטישער מאָראַל. ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ, האָבן זיך אויף דער בינע, באַוויזן פאַר אונזערע אויגן דער צוזאַמענהאַנג און די מאָטיוון פון דער גרויסער — הגם פּערזענלעכער און פונדעסטוועגן היסטאָרישער — טראַגעדיע און — ווידער־אַמאָל — אַלץ נישט אויף אַ ביליקן, שרייעדישן אופן, נאָר עכט־קינסטלעריש, דראַמאַטיש, פּסיכאָלאָגיש פאַרשטענדלעך, לויט אַלע מאָדערנסטע בינע־כללים, מיט אַ סובטעלן סאָציאַלן פּאַטאָס און, מען קען אפילו זאָגן, מיט אַ באַראָכאָוויסטישן צוגאַנג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

אויב אַ דיכטער, אַ דראַמאַטורג, קען אַמאָל דערגרייכן ביים לעבן אַ מאָראַלישע סאַטיספאַקציע פאַר זיין שאַפן — האָט עס מלאך בלי־שום־ספק דערגרייכט אין פּוילן, ביי די אויפפירונגען פון זיין מייסטערווערק „מיסיסיפּי", בעת דאָס בעסערע, דאָס קולטורעלע, דאָס פּראָלעטאַריש־אינטעליגענטע טעאַטער־פּובליקום האָט אים נאַכט־נעכטלעך, אַזוי חדשים־לאַנג, כסדר אַפּלאָדירט, אַרויסגערופן אויף דער בינע, אים באַוואָרפן מיט

בלומען און געיובלט פון באגייסטערונג פאר זיין קינסטלערישן וויגעשריי קעגן די ראסן־דיסקרימינאציעס, פאר זיין הילכיקן פראטעסט קעגן די אומגערעכטע טויט־אורטיילן, פאר זיין שטעלן-זיך אויף דער זייט פון די בע־עוולטע נעגער און פאר ארויסרופן ביים עולם די ווארעמסטע געפילן פון יושר און ברידערלעכקייט צו די שווארץ־הויטיקע פראלעטאריער.

ל. מלאך איז געווען — פונקט ווי די פועלי־ציון־פארטיי צו וועלכער ער האט געהערט אלע זיינע באוואוסטזיניקע יארן — אלוועלטלעך. אין פוילן — א פוילישער, אין ארגענטינע, בראזיל, קובא און אזוי ווייטער — אן אמעריקאנער, אין פאריז און אין בריסל — א מערב־אייראפעער און אין ארץ־ישראל — א היימישער. מלאך איז געווען באהערשט פון אן אומרואיקן גייסט. ער האט נישט געקענט לאנג איינזיצן אויף איין ארט. ער האט בירושה איבערגענומען פון זיינע אבות דעם וואנדער־שטעקן און האט זיך מיט אים געטראגן פון לאנד־צו־לאנד, פון קאנטינענט־צו־קאנ־טינענט און אומעטום געזוכט, געפארשט אבסערווירט מיט זיין וויטן בליק. באזונדערס אין די לעצטע עטלעכע יארן פון זיין שאפנדן לעבן האט ער זייער אסך געוואנדערט. אין פראנקרייך, בעלגיען, האלאנד, דייטש־לאנד, איטאליען און אין שפאניען; אין פוילן, טשעכאסלאוואקיע, ליטע, לעטלאנד, עסטלאנד, רומעניע, גריכנלאנד, טערקיי און ארץ־ישראל — אומעטום האט ער געזען עפעס וואס אנדערע האבן נישט באמערקט און אין רעזולטאט פון זיינע רייזעס האט ער אונז געגעבן 3 בענדער מיט קאלירפולע, אינטערעסאנטע און קינסטלערישע רייזע-רעפארטאזשן, פון וועלכע די פאלעסטינע־רעפארטאזשן זענען די בעסטע, די שענסטע און די קינסטלערישסטע.

דאס איז סוף־כל־סוף אויך נישט קיין צופאל, נאר א רעזולטאט דערפון וואס ארץ־ישראל איז פאר אים, פאר מלאכ׳ן, נישט געווען סתם א שיין לאנד, ווי וועלכעס עס איז אנדער לאנד, נאר דאס לאנד, וואס עס איז פאר אים געווען פארבונדן מיט יידישן עבר, מיטן הוה און דער עיקר מיטן יידישן עתיד.

זיינע „פאלעסטינער רעפארטאזשן" זענען געשריבן נישט מיט טינט־און־ פעדער, נאר מיט זיין נשמה, מיט זיין הארץ, מיטן בלוט פון זיינע אדערן און מיטן מארך פון זיין מוח. זיי דינען דערפאר ווי א גלענצענדער ליטעראַרישער דערציִונגס-מאטעריאל אויפן געביט פון ארץ־ישראל־קענט־ניש און ארץ־ישראל באוואוסטזיין.



# בער באראכאוו — דער גאון

אויב מיר זאָלן מעסטן דעם פאַרנעם פון גרויסע פּערזענלעכקייטן מיטן מאָסשטאַב פון גייסטיקער חריפות און אלזייטיקער בקיאות — דאַן וועלן מיר בלי־שום-ספק קומען צום אויספיר, אַז בער באָראָכאָוו איז איינער פון די שענסטע און גרעסטע פּערזענלעכקייטן, וואָס דאָס יידישע לעבן האָט פון זיך ארויסגעבראַכט אין פאַרלויף פון דער פאָרלעצטער תקופה.

באָראָכאָוו וועט מיט רעכט אָנגערופן דער לערער, דער טעאָרעטיקער און דער נביא, פון דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג. דער **נביא** — ווייל ער האָט מיט אַ זעלטענער ווייט־זעעוודיקייט פאָראויסגעזען די אַנטוויקלונגס־טענדענצן פונם יידישן לעבן; דער **לערער**—ווייל ער האָט געלערנט די יידישע מאַסן צו דענקען און צו האַנדלען אין הסכם מיט זייערע היס־טאָרישע אינטערעסן; דער **טעאָרעטיקער**—ווייל ער איז, יעדנפאַלס ביז איצט, געווען דער איינציקער וויסנשאַפטלער, וואָס האָט דעם ציוניזם געגעבן אַ טעאָרעטיש־וויסנשאַפטלעכע, אַ היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישע באַגרינ-דונג און ער האָט אַזוי קלאָר און אַזוי גרינטלעך אויסגעפאָרשט די עקאָ־נאָמישע אַנטוויקלונג פונם יידישן פאָלק.

באָראָכאָוס איינגנאַרטיקער און ווערטפולער טעאָרעטישער אויפטו, באַשטייט אין ערשטער ריי דערינען, וואָס ער האָט מיט דער הילף פונם מאַרקסיסטישן פאָרשונגס־מעטאָד, וויסנשאַפטלעך, היסטאָריש-מאַטעריאַליס־טיש, באַלויכטן די נאַציאָנאַלע פראַגע בכלל און אין לאָגישער קאָנסעק־ווענץ פון דער דאָזיקער באַלויכטונג, אויסגעפאָרשט די פּראָבלעמען פון דער יידישער עקאָנאָמיק.

אין זיין גלענצנדער און מאָנומענטאַלער קאַנדענסירטער און וויסנ־שאַפטלעכער אָפּהאַנדלונג „די נאַציאָנאַלע פראַגע און דער קלאַסנקאַמף״, ווייזט באָראָכאָוו אָן דערויף, אַז נאַציעס בכלל, זיינען אַנטשטאַנען און האָבן זיך אַנטוויקלט, אַ דאַנק דעם וואָס באַזונדערע גרופּן פון דער מענטש־הייט — די פעלקער — האָבן זיך געפונען אין פאַרשידענע באַזונדערע פּראָדוקציע־באַדינגונגען. די פּראָדוקציע קומט פאָר — זאָגט באָראָכאָוו — אין געוויסע קאָנקרעטע, געאָגראַפישע און פיזיש־קלימאַטישע באַדינגונגען, וואָס זיינען אין יעדן לאַנד אַנדערש, פאַרשידנאַרטיק. די באַזונדערע נאַ־ציעס, זיינען אַלזאָ, אַ רעזולטאַט פון אָט דער פאַרשידנאַרטיקייט פון די פּראָדוקציע-באַדינגונגען. דער יסוד פון די פּראָדוקציע־באַדינגונגען איז דער באָדן — די טעריטאָריע — אויף וועלכן עס קומט פאָר דער פּראָ-דוקציע־פּראָצעס.

די קאמפן וואָס עס פירן צווישן זיך די פאַרשידענע נאַציעס, צוליב מאַטעריעלע רייכטימער, ברענגען אין רעזולטאַט דערצו, אַז עס עקזיסטירן הערשנדע און אונטערדריקטע נאַציעס. אינערהאַלב דער נאַציע זיינען דאָ באַזונדערע קלאַסן, יעדע פון זיי איז אויף אַ באַזונדערן אופן פאַראינטערעסירט אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע פון דער געגעבענער נאַציע. יעדער קלאַס לייגט אַריין אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע זיין אינהאַלט. יעדער קלאַס איז אויף זיין אופן פאַראינטערעסירט אין דער טעריטאָריע, וועלכע איז פאַר אַלע קלאַסן דער יסוד, די באַזיס פאַר זייער עקזיסטענץ.

פאַר דער גרויס־בורזשואַזיע, למשל, איז די טעריטאָריע אַ שטיץ־פונקט אינעם קאַמף פאַרן וועלט־מאַרק, בעת פאַרן פּראָלעטאַריאַט איז די טעריטאָריע דער אַרבעטס־פּלאַץ, וואָס איז גלייכצייטיק זיין באַזע אינעם קאַמף קעגן קאַפּיטאַל. די קלאַסן-אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַן אונטערדריקטער נאַציע, פאָדערן פון אים, אַז ער זאָל פירן דעם קאַמף פאַר זיין פולער באַפרייאונג, ווייל נאָר דעמאָלט וועלן זיינע פּראָדוקטיוו־כוחות זיך קענען ווי געהעריג אַנטוויקלען און זיין קלאַסנקאַמף וועט פאַר־קומען אין נאָרמאַלע באַדינגונגען און במילא אויך מיט מער דערפאָלג.

אין „אונזער פּלאַטפאָרם" ווייזט באָראָכאָוו אָן, אַז דאָס יידישע פאָלק ליידט דערפון, וואָס עס איז צעזייט און צעשפּרייט צווישן אַנדערע פעלקער, צווישן וועלכע עס איז אומעטום אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט, מיט שוואַכערע עקאָנאָמישע פונקציעס ווי די הערשנדע פעלקער. דאָס יידישע פאָלק לעבט און אַרבעט אין אומנאָרמאַלע פּראָדוקציע־באַדינגונגען, ווייל ס'פעלט אים דער וויכטיקסטער יסוד פאַר אַ נאָרמאַל ווירטשאַפטלעך לעבן — די אייגענע טעריטאָריע — און דערפאַר זיינען די יידישע מאַסן דער־ווייטערט פון די וויכטיקסטע צווייגן פון דער פּראָדוקציע, ווי: לאַנדווירט־שאַפט, קוילן און אַנדערע מינעראַל־גרובן, מאַשינענבוי, אייזנבאַנען און שיפן-בוי און אַזוי ווייטער. דאָס, וואָס די יידן זיינען לרוב באַשעפטיקט אינעם האַנדל, אין פאַרמיטלערייַ און אין דער פאַרברויכספּראָדוקציע, שוואַכט באַדייטנד אָפּ, סיי דעם לעבנס־סטאַנדאַרד, סיי די קאַמפּס־פעאיקייט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט.

די אינטערעסן פונם קלאַסן־קאַמף שטעלן דערפאַר אַוועק פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט די אויפגאַבע, צו ענדערן זיינע פּראָדוקציע־באַדינגונגען, דורך דעם אויפבוי פון אַן אייגענעם טעריטאָריאַלן אַרבעטס-צענטער, וואָס דאָס מיינט אין אַ פּאָליטישער טערמינאָלאָגיע — די שאַפונג פון אַ זעלבסט־שטענדיקער יידישער נאַציאָנאַלער היים.

באָראָכאָוו האָט זיך אָבער נישט באַגנוגנט בלויז מיט פעסטשטעלן זיינע אָנשויאונגען אין אַבסטראַקטע פאָרמולעס. ער האָט די דאָזיקע

טעאָרעטישע גרונט־פּרינציפּן באַגרינדעט מיט אילוסטראַציעס פונם לעבן און האָט אָנגעוויזן אויף דער פּערמאַנענטער עמיגראַציע, וואָס איז אָנגעגאַנגען, גייט־אָן און וועט אָנגיין אינם יידישן לעבן, אַזוי לאַנג ווי אונזערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס וועלן בלייבן דיזעלבע וואָס זיי זיינען, ובפרט ווען עס קומען אונטער ספּעציעלע עקאָנאָמישע אויפטרייסלונגען, ווי ווירטשאַפטלעכע קריזיסן, מלחמות, אָדער אַן עקאָנאָמישע איבערשיכטונג פון די געגעבענע פעלקער, צווישן וועלכע און מיט וועלכע מיר וואוינען צוזאַמען. ער קומט דערפאַר צום אויספיר, אַז די יידישע מאַסן דאַרפן באַוואוסטזיניק און פּלאַנמעסיק רעגולירן די סטיכישע עמיגראַציע, וואָס קומט פאַר כאַאָטיש און ענדערט אָפטמאָל אפילו גאָר נישט אין תוך, ווייל די איבערגעוואַנדערטע יידישע מאַסן אַרבעטן אויך אין זייערע נייע היימען אין ענלעכע אומנאָרמאַלע פּראָדוקציע־באַדינגונגען ווי אין די פריערדיקע אַלטע היימען. אונזערע עמיגראַציע־שטראָמען — האַלט באָראָכאָוו — מוזן קאָנצענטרירט ווערן קיין ארץ ישראל, וואו די יידישע מאַסן באַקומען אַ נאָרמאַלן באָדן אונטער זייערע פיס און וואו זיי באַקומען ענדלעך די מעגלעכקייט, נישט נאָר צו פירן אַ נאָרמאַלן קלאַסן־קאַמף, נאָר אויך צו בויען אַן אייגנעם מלוכה'שן לעבן!

אינם קורצן פּעריאָד פון זיין 12־13 יאָריקער וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט, האָט באָראָכאָוו — אַ חוץ דער „פּלאַטפאָרם" און „די נאַציאָנאַלע פראַגע און דער קלאַסנקאַמף" — אונז איבערגעלאָזט אַזעלכע וואָגיקע און ווערטפולע אַרבעטן, ווי: די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פונם יידישן פאָלק, די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין ציפערן; וועגן כאַראַקטער פון יידישן שכל; וואָס ווילן די פּועלי־ציון; די טעאָרעטישע יסודות פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין בעלגיע; וויאַזוי האָט זיך געשפּאָלטן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג; די יידישע עמיגראַציע־פּאָליטיק; זאַמבאַרט מכוח יידן און קאַפּיטאַליזם; די שוועריקייטן פונם פּועלי־ציוניזם; צום סינטעז פון נאַציאָנאַלע ווערטן; גראַמאַטישע פרומקייט (אַ פּאָלעמיק מיט בעל מחשבות); אַ פּסיכיאַטרישע עקספּערטיזע (וועגן ש. גארעליקן); די אַנטי־ציוניסטישע קאָנצענטראַציע ביים וויגעלע פונם יידישן סאָציאַליזם (וועגן אהרן ליבערמאַן); אויספירלעכע ביבליאָגראַפיעס וועגן י. ל. פּרץ און שלום־עליכמן און עטלעכע פאָרשונגס־אַרבעטן וועגן דער יידישער שפּראַך.

באַזונדערס דאַרף פאַרצייכנט ווערן זיין גרויס וויסנשאַפטלעך ווערק: „ווירטואַליזם און דאָס רעליגיעז־עטישע פּראָבלעם אינם מאַרקסיזם", וואָס ער האָט אָנגעשריבן נאָך אינם יאָר 1908 אין רוסיש, אָבער דערשינען איז עס ערשט נאָך זיין טויט, אינם יאָר 1920, אַרויסגעגעבן אין מאָסקווע

פון דעם רוסישן פועלי־ציון פארלאג „מאַלאַט" (האַמער). אין יידיש איז דאָס דאָזיקע ווערק איבערגעזעצט געוואָרן דורך זיין יוגנט־פריינט און יאָרנ־לאַנגן מיטקעמפער ח' זרבבל. דער יידישער מאַנוסקריפּט וואַרט אָבער נאָך אַלץ אויף אַ פּאַסיקער געלעגנהייט, כדי צו דערזען די ליכטיקע שיין.

אַ סך פון זיינע נישט־געדרוקטע ווערטפולע כתבים זיינען צוזאַמען מיט זעלטענע ווערק, וואָס ער האָט פערזענלעך, אַליין מיט זיין כתיב־יד, קאָפּירט אין די מלוכהשע ביבליאָטעקן פון ווין, רוים, בריסל, פּאַריז, לאָנדאָן און ניו־יאָרק, ערגעץ־וואו פאַרלוירן געגאַנגען, ווען ער איז אין יאָר 1917 צוריק־געפאָרן קיין רוסלאַנד און ס'איז בפירוש אַ גרויסער שאָד וואָס זיי האָבן זיך ביז־איצט נישט־געפונען.

* * *

זייער אינטערעסאַנטע און ווערטפולע געדאַנקען וואָס האָבן אַ דירעקטן שייכות צו דער פאָרשונג פון דער יידישער שפּראַך, געפינען זיך אין זיינע בריוו צו ש. ניגערן, מיט וועמען באָראָכאָוו האָט אַ סך יאָרן קאָרעס־פּאָנדירט וועגן די דאָזיקע פראַגן. האָפנטלעך וועלן זיי, די דאָזיקע בריוו, אַמאָל פּובליצירט ווערן און וועלן נאָך דינען ווי אַ וויכטיקער צושטייער פאַר דער ווייטערדיקער פאָרשונג פון יידיש און איר ליטעראַטור.

באָראָכאָוו האָט פיינט געהאַט האַלבקייטן, און דילעטאַנטיזם איז אים געווען פרעמד. קוים האָט ער זיך באַהעפט מיטן יידישן פּראָלעטאַריאַט, מיט די יידישע פאָלקס־מאַסן, איז ער אינגיכן, פון רעדן און לייענען רוסיש, אַריבערגעגאַנגען צו דער שפּראַך פון די יידישע מאַסן — צו יידיש. אים האָט אָבער נישט באַפרידיקט, נישט דער צושטאַנד פון דער יידישער שפּראַך־פאָרשונג, נישט די סטאַטיק פון דער שפּראַך גופא און — באַזונדערס — נישט די באַציאונג פון דער דעמאָלטדיקער יידישער אינטעליגענץ צו יידיש אַלס דער אינסטרומענט פון דער יידישער קולטור.

מיט אַ געפיל פון גרויסער אחריות, מיט דער עקשנות פון אַ פּיאָנער, מיט יראת־הכבוד און ליבע צו דער יידישער קולטור־שאַפונג און מיט דער גרויסער התמדה פון אַ פאָרשער, וואַרפט ער זיך אויפן פרייען פעלד פון דער יידישער שפּראַך־פאָרשונג. זיינע ווערטפולע פאָרשונגס־דערגרייכונגען אויף דעם געביט פאַרעפנטלעכט ער אינם יאָר 1913, אין „פנקס" (יאָרבוך פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור און שפּראַך, פאַר פאָלקלאָר, קריטיק און ביבליאָגראַפיע — רעדאַקטירט פון ש. ניגער — אַרויסגעגעבן פון „קלעצקין"־פאַרלאַג אין ווילנע) דריי אינטערעסאַנטע אַרבעטן: די ערשטע —אונטערן קעפּל: „די אויפגאַבן פון דער יידישער פילאָלאָגיע"; די צווייטע וועגן אַ רעפאָרמירטער אָרטאָגראַפיע, און די דריטע: „די ביבליאָטעק פון יידישן פילאָלאָג". די דאָזיקע דריי אַרבעטן זיינען מאָנומענטאַלע עדות,

סיי פון באַראָכאָווס גרויסער ערודיציע און בקיאות, סיי פון זיין געזונטן חוש צו רעפאָרמירן די יידישע אָרטאָגראַפיע און סיי פון זיין אויסערגעוויינ־לעך פלייסיקער און פרוכטבאַרער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. קודם־כל דאָ־קומענטירן זיי באַראָכאָווס צוגאַנג צו פילאָלאָגיע בכלל און באַזונדערס צו דער יידישער פילאָלאָגיע.

באַראָכאָוו זאָגט דאָרט אַרויס דעם אינטערעסאַנטן געדאַנק, אַז די „נאַציאָנאַלע קולטור" באַשטייט נישט בלויז אין די פּאָעטישע ווערק פון גרויסע דיכטער, נאָר קודם־כל אין דער פעיקייט פונם פאָלק ריכטיק צו ריידן און ריכטיק צו שרייבן אין מאַמע־לשון.

ווייטער מאַכט ער אַ גרינטלעכן אונטערשייד צווישן לינגוויסטיק און פילאָלאָגיע. בעת לינגוויסטיק איז אַן אַלגעמיינע וויסנשאַפט, וואָס האָט צו טאָן מיט דער אַנטשטייאונג און מיט די פאָרמען פון שפּראַכן, געהערט די פילאָלאָגישע וויסנשאַפט צו דער נאַציאָנאַלער קולטור פון יעדן פאָלק באַזונדער. די פילאָלאָגישע וויסנשאַפט — זאָגט באַראָכאָוו — איז ביי די אונטערדריקטע פעלקער אַ מיטל צו נאַציאָנאַלער אויפלעבונג. בעת לינגוויסטיק איז אַ טעאָריע פאַר יחידים־לומדים, איז די פילאָלאָגיע אַ פּראַק־טישער וועגווייזער פאַרן גאַנצן פאָלק.

דער דאָזיקער געדאַנקען־גאַנג איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר באַראָ־כאָוון. שטענדיק און אומעטום, ביי יעדער פראַגע און פּראָבלעם, אין דער עקאָנאָמישער ווי אין דער פילאָלאָגישער וויסנשאַפט, שטייט ביי אים אין צענטער דאָס פאָלק.

באַראָכאָוו שטעלט פעסט אין זיין ערשטער אַרבעט, אַז די יידישע שפּראַך־פאָרשונג איז דעמאָלט, ליידער, איינגעשטאַנען אין די הענט פון גאַנץ־אָדער־האַלב אַסימילירטע אינטעליגענטן און דערפאַר האָט די דאָזיקע פאָרשונג נישט געקענט ברענגען די געהעריקע רעזולטאַטן. ער רעכנט זיך אָפּ מיט די מישטיינס־געזאָגטע „קריטיקער" פון „יידיש", וועלכע מעסטן אונזער שפּראַך מיטן מאָסשטאַב ווי דיק, אָדער דין, עס זיינען די שוין געדרוקטע גראַמאַטיקעס. אַ שפּראַך — זאָגט ער — איז בכלל נישט אָפּהענגיק דערפון צי עמיצער האָט שוין אָנגעשריבן אירע גראַמאַטישע כללים צי נִיט. יעדע שפּראַך, אויב זי ווערט נאָר גערעדט און געשריבן פון אַ געוויסן קיבוץ, האָט זי שוין אירע אינערלעכע געזעצן. יעדע לעבעדיקע שפּראַך איז אַ פרייע אינדיווידואַליטעט מיט אַן אייגענער געזעצמעסיקייט, מיט אייגענע קאַפּריזן און מיט אייגענע יוצא־מן־הכלל'ס.

ס'איז דאָ כדאי אונטערצושטרייכן, אַז אַ היפּשער טייל פון די אָרטאָ־גראַפישע רעפאָרמען, וואָס גייען איצט אַריין אין די שפּראַך־כללים פון „ייוואָ", האָט באַראָכאָוו פאָרגעלייגט מאַקע אין יענע אַרבעטן מיט העכער

33 יאָר צוריק. און נאָך איין פּרט איז כּדאַי צו דערמאָנען: די דריטע וויכטיקע אַרבעט זיינע, וואָס איז פאַרעפנטלעכט אין דער פּריער־דער־מאָנטן „פּנקס", „די ביבליאָטעק פונם יידישן פילאָלאָג", רעכנט אויס קנאַפּע 500 גרעסערע און קלענערע ווערק, וואָס ער האָט דורכשטודירט וועגן דער יידישער שפּראַך־פאָרשונג. דאָס זיינען ווערק אין די פאַרשידנסטע שפּראַכן — אין דייטש, רוסיש, פּויליש, העברעאיש א. א. וו. — און אָפּטמאָל אַזעלכע יקר־המציאותן, פון וועלכע ער האָט געפונען די לעצטע עקזעמפּלאַרן אויף די פאַרשטויבטע פּאָליצעס פון די גרעסטע וועלט־ביבליאָטעקן.

באָראָכאָוו באַגנוגנט זיך נישט, אין דער דאָזיקער אַרבעט, מיט אַ טרוקענער ביבליאָגראַפיע. אדרבה: קודם־כּל האָט ער די אַלע ווערק אַנטשפּרעכנד סעגרעגירט, לויט דעם צוגאַנג פון די מחברים צו יידיש, לויט זייער אינהאַלט. ער גיט מאַקע אַ לייטישע „גאָב" יענע מחברים, וואָס האָבן געפאָרשט די יידישע שפּראַך צוליב אַנטיסעמיטישע טעמים, און האָט אויך לויב־ווערטער פאַר יענער קליינער צאָל געלערנטע, וואָס האָבן, אין לויף פון די 400 יאָר יידיש־פאָרשונג, אַרויסגעוויזן אַ מענטשלעכע באַ־ציאונג און אַ וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג צום פּראָצעס, ווי אַזוי יידיש האָט זיך געשאַפן און אַנטוויקלט.

ווען מען נעמט נאָך אין אַכט, אַז דאָס איז בלויז דער ערשטער טייל פון אַ גרויס־פאַרמאָסטענער פילאָלאָגישער אַרבעט און אַז באָראָכאָוו האָט אין משך פון זיין קורצן לעבן אָנגעזאַמלט גאַנצע קאַסטנס מיט מאַטעריאַלן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו דער יידישער פילאָלאָגיע, דעמאָלט ווערט ערשט קלאָר און פאַרשטענדליך, ווי באַרעכטיקט עס איז די אויפשריפט אויף זיין מאַרמאָרנעם מאָנומענט, וואָס זיינע חברים און תלמידים, האָבן אים דעם 17־טן דעצעמבער, 1918, געשטעלט אין קיעוו, אין צוזאַמענ־האַנג מיט זיין ערשטן יאָרצייט: „וויסנשאַפטלעכער יידישער סאָציאַליזם, יידישע געזעלשאַפט אין פּאַלעסטינע — דאָס איז באָראָכאָוויזם"! „ער האָט אויסגעלערנט זיין פאָלק שרייבן"! און צום סוף: „די יידישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי (פּועלי־ציון) ציט איר גאָלדענע קייט פונם באָראָכאָוויזם"!

באָראָכאָוו איז געשטאָרבן ווי אַ סאָלדאַט אויף זיין פּאָסטן.

קומענדיק אין 1917 קיין רוסלאַנד, אין סאַמע ברען פון דער רעוואָ־לוציע, האָט ער זיך תיכף געשטעלט אין רשות פון דער פּועלי־ציון פּאַרטיי, וועלכע האָט דאָרט דעמאָלט געשפּילט גאָר אַן אָנגעזעענע ראָל אינם אַלגע־מיין־פּאָליטישן און אינם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַלס פאָרשטייער פון דער רוסלענדישער פּועלי־ציון פּאַרטיי האָט ער זיך באַטייליקט אינם צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט פונם אַלרוסישן פעלקער־צוזאַמענפאָר און אַקטיוו מיטגעהאָלפן ביי די צוגרייטונגען צו דעם דאָזיקן היסטאָרישן קאָנ־

גרעס. אחוץ דעם האָט ער אויפן קאָנגרעס גופא געהאלטן אַן אויספיר־לעכן רעפעראט וועגן דער נאציאָנאלער פראגע בכלל און וועגן די פּראָבלע-מען פון נאציאָנאלע מינדערהייטן. נאָך זיין רעפעראט, זענען צו אים געקומען די דעלעגאטן פון די אוקראינער, ליטווינער, לעטן, באשקירן, טאטארן, טשואוואשן, קירגיזן און פון אנדערע אָפּגעשטאַנענע פעלקער פונם אמאָליקן רוסלאנד און האָבן זיך צו אים געווענדט, אַז ער, באָראָכאָוו, זאָל פאָרמולירן זייערע נאציאָנאלע פראגראמען. אויף יענעם פעלקער־צוזאַ־מענפאָר, האָבן זיך אַ גרופּע דעלעגאטן פון פארשידענע פעלקער, קאנסטיטו־אירט אין א פראקציע פון „באראכאווצעס”, אזוי נאָענט צום הארצן איז פאר זיי געווען דאָס נאציאָנאלע פּראָגראם וואָס באָראָכאָוו האָט פארמולירט פאר די סאָוויעטישע פעלקער.

דאָס איז אָבער געווען שוין זיין לעצטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, ווייל צוריקפאָרנדיק פון קאָנגרעס, אין די שווערע רייזע־באדינגונגען פון יענער צייט, האָט ער זיך פארקילט און דעם 17־טן דעצעמבער 1917 האָט ער אין א קיעווער שפּיטאָל אויסגעהויכט זיין איידעלע נשמה. ווען מיר באנוצן דאָ דעם אדיעקטיוו „איידעלע נשמה” איז דאָס נישט אפילו אויף דעם מינדסטן אופן איבערגעטריבן, ווייל באראכאוו איז באמת געווען די איידלקייט גופא. זיין איידעלער כאראקטער, זיין עניוות און פשטות, זיין גרענעצלאָזע גוטסקייט צו זיינע מיט־מענטשן און די טיפע ליבע צו יעדן לעבעדיקן נפש, וואָס האָט געפלאַקערט אין זיין נשמה, האָבן זיין פערזאָן נאָך ביים לעבן ארומגעוועבט מיט צענדליגער שיינע לעגענדעס — לעגענדעס וועלכע זענען פאקטיש געווען פשוטע אמתן און דער אינהאלט פון זיין טאג־טעגלעכן לעבן.

באָראָכאָוויזם איז היינט נישט מער דער אני־מאָמין פון בלויז איין ריכטונג אינם יידישן ארבעטער־לעבן. די גרונט־יסודות פונם באָראָכאָוויזם זיינען געבליבן אומדערשיטערט און די מסקנות וואָס דרינגען פון זיי ארויס, זיינען היינט־צו־טאָג די פּראָגראמאטישע לאָזונגען פון א סך גרו־פּירונגען, וועלכע זיינען נאָך אין אנדערע פראגן צווישן זיך מחולק. באָ־ראָכאָווס גאונישע פּראָגנאָזן, וועגן דער רעגולירונג פון דער יידישער עמי־גראציע, וועגן טעריטאָריאלער קאָנצענטראציע, וועגן עקאָנאָמישער אומ־שיכטונג און וועגן קאמף פאר די יידישע רעכט אויף די ערטער, זיינען היינט דער קנין פון א סך פּאָליטישע פארטייען אָדער פון פאָלקס־אָרגאַניזאציעס מיט א זעלבסטהילף-כאראקטער, הגם נישט אַלע ווילן מודה־זיין, אַז דאָס איז אייגנטלעך באָראָכאָוויזם. אָט אין דעם דריקט זיך טאַקע אויס זיין גאונות. אין דעם באַשטייט אייגנטלעך זיין היסטאָרישער פאַרדינסט, זיין גרויסקייט און זיין אומשטערבלעכקייט.

# פון ווארשע קיין ניו־יאָרק

(מלחמה־רעפּאָרטאזש)

.1

די נאכט פון 6־טן אויפן 7־טן סעפּטעמבער 1939 וועט אויף אייביק בלייבן א טרויעריקע דאטע, נישט בלויז אין זכרון פון דער ווארשעווער באפעלקערונג, נאָר בכלל אין דער געשיכטע פון פוילן.

דער פּראָפּאגאנדע־שעף פון דער פּוילישער רעגירונג האָט אינמיטן דער נאכט געמאָלדן דורכן ראדיאָ, אז די דייטשע חיילות דערנעענטערן זיך צו ווארשע און צוליב דעם מוזן אַלע מיליטער־פּליכטיקע און מלחמה־פעאיקע מענער תיכף פארלאָזן די שטאָט.

די דאָזיקע מעלדונג האָט געווירקט א סך מער ווי אַלע פריערדיקע באָמבארדירונגען. א פּאנישע שרעק האָט ארומגעכאַפּט די גאנצע באַ־פעלקערונג פון דער פּוילישער הויפּטשטאָט. במשך פון געציילטע מינוטן, זענען הונדערטער־טויזנטער מענטשן אין א בהלהדיקן צושטאנד געלאָפן דורך די וויסל־בריקן צו די וועגן וואָס פירן קיין לובלין, אָדער דורך שעד־לעץ קיין בריסק. אין ווארשע זיינען געבליבן בלויז זקנים און קינדער, בלויז הילפלאָזע, שוואכע, אָדער אזעלכע וואָס האָבן געמוזט בלייבן אויף זייערע גע־זעלשאַפטלעכע פּאָסטנס. — אחוץ זיי זענען אויך געבליבן די וואר־שעווער איינוואוינער פון דייטשער אָפּשטאַמונג, די שפּעטערדיקע העלדן פון 5־טן קאָלום — די אזוי־גערופענע „פאָלקסדייטשן" — וועלכע האָבן זיך כמעט אַלע נאָך פריער פארנומען מיט שפּיאָנאזש לטובת נאצי־דייטש־לאַנד. עס זענען אויך געבליבן עטלעכע פּוילישע מיליטערישע אָפּטיילונגען אלס דער גארניזאָן וואָס האָט באדארפט צו פארטיידיקן ווארשע.

אַלע אנדערע בירגער — סיי יידן, סיי פּאָליאַקן — זענען געלאָפן ווי געטריבענע הינט, איבערלאָזנדיק זייער האָב־און־גוטס, זייערע איב־ריקע משפחה־מיטגלידער אויף הפקר. די וועגן און שטעגן וואָס פירן פון ווארשע קיין לובלין, אָדער קיין שעדלעץ, האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט א מוראדיק בילד, וואָס דער פעיקסטער קינאָ־רעזשיסאָר וואָלט נישט אומ־שטאַנד געווען צו אינסצעניזירן און דער געניאַלסטער קינסטלער וואָלט נישט אומשטאנד געווען אזא בילד צו מאָלן מיט דער פעדער, אָדער מיטן פּענזל.

דאָנערשטאָג דעם 7־טן סעפּטעמבער, דעם גאנצן טאָג, האָט זיך די אומצייליקע מענטשן־מאסע געצויגן אויף א שטח פון 80 ביז 100 קילאָ־מעטער די לענג, אויף די שאָסייען קיין מינסק און קאַלושין פון איין זייט און אויפן לובלינער טראַקט פון דער צווייטער זייט. מענער האָבן פארלוירן

זייערע פרויען און פרויען זייערע קינדער. די קולות זענען געגאַנגען עד־לב־השמים: די „אַנטלויפערס" מיט אָפּגעריבענע פיס האָבן אַוועקגעוואָרפן זייערע שיך און זענען געלאָפן באָרוועס. אַ געטרייער זון האָט געשלעפּט זיין אַלטע מאַמע אין אַ קינדער־וועגעלע. אַ יונגע מאַמע האָט געטראָגן אין אַ קישעלע איינגעוויקלט איר 6 וואָכעדיק קינד — אָבער לויפנדיק אַזוי אין שרעק, אָן אַן אָפּרו, האָט זי זיך פּלוצים דערוואוסט, אַז איר עופהלע האָט זיך ערגעץ־וואו אין מיטן פעלד, אַרויסגעגליטשט פון קישעלע און זי איז גאָר געלאָפן מיטן ליידיקן קישעלע. — „וואו איז מיין קינד" — האָט זי יאָמערלעך געוויינט . . . „וואו איז מיין פרוי? האָט אָפּגעהילכט פון אַקעגנאיבער דאָס געשריי פון אַ פאַרצווייפלטן יונגענמאַן . . .

דער וועג איז געווען אויסגעשפרייט מיט מאַנטלען, מיט שיך און מיט כל־המינים פעקלעך, וואָס די לויפנדיקע מאַסע האָט אַוועקגעוואָרפן כדי צו קענען לייכטער לויפן. מען איז געלאָפן איבער מיד־אַוועקגעפאַלענע קערפּער און זיי געטרעטן אָן רחמנות. האָט מען ערגעץ־וואו אָנגעטראָפן אַ ברונעם, איז מען צוגעפאַלן צו אים, נישט ווי דורשטיקע מענטשן — נאָר ווי אַ סטאַדע הונגעריקע וועלף — ממש ווי היישעריקן — און איינער דעם צווייטן האָט אָפּגעשטופּט, איינער דעם צווייטן האָט דאָס טעפּל מיט וואַסער פון מויל אַרויסגעריסן . . . פון אויבן, איבער אונז זענען געפלויגן די ווילדע שטאָלענע פויגל — די דייטשע עראָפּלאַנען, וואָס האָבן געשפּיגן מיט פלאַם און מיט פייער — מיט צינד־באָמבעס, וועלכע האָבן אונטער־געצונדן די אַרומיקע דערפער, מיט פאַרניכטונגס־באָמבעס, פון וועלכע ס׳זענען געפאַלן טויזנטער מענטשן, סיי פוסגייער, סיי פאָרנדיקע אין אױ־טאָמאָבילן, אָדער אין דראָזשקעס.

נישט אַלע אַנטלויפערס האָבן געהאַט דעם כח, אָדער דעם מוט, צו לויפן ווייטער. אַסך, זייער אַסך, האָבן זיך פון מיטן־וועג אומגעקערט אויף צוריק קיין וואַרשע. אויף צו מאָרגנס, וואָס ווייטער מיר זענען געווען פון וואַרשע, זענען אונז אַלץ אָפטער אַנטקעגנגעקומען גאַנצע מחנות יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון יענע שטעט, וועלכע זענען געווען אונזער ציל און זיי האָבן אונז דערציילט, אַז זייערע שטעט ברענען, אַז זייערע הייזער זענען חרוב, אַז די דייטשע עראָפּלאַנען זייען דאָרט טויט און פאַרוויסטונג.

פרייטאג דעם 8-טן סעפּטעמבער פאַרמיטאָג, איז דער וועג פון מינסק־מאַזאָוויעצק קיין קאַלושין, געווען דאָס שרעקלעכסטע וואָס מענטשן האָבן ווען עס איז דורכגעלעבט. אויף רעכטס און אויף לינקס זענען מענטשן געפאַלן ווי די פליגן. די דערפער און די וועלדלעך פון ביידע זייטן שאָסיי זענען געשטאַנען אין פלאַמען. האָבן מיר זיך אויסגעלייגט אויף דער ערד,

אין די זאמדן און אין די בלאָטעס, כדי די עראָפּלאַנען זאָלן אונז נישט באַמערקן, האָבן די דערנעבן פאַלנדיקע אויפרייס־באָמבעס מיט זייער דיר־נאָמישן קראַך אויך אונז אויף אַ מעטער די הויך אויפגעהויבן פון דער ערד און מיט האַסטיקייט אונז צוריקגעוואָרפן . . .

אָבער, פאַרמאַטערטע, באַשפּריצטע, מיטן בלוט פון מענטשן, וואָס זענען נעבן אונז פאַרוואונדעט געוואָרן, מיט צעשרויפטע נערוון ביז צו משוגעת און גלייכציייטיק, רעזיגנירטע, זענען מיר, די עלפּי־נס לעבן־געבליבענע, דערגאַנגען ביז קאַלושין, וואו מיר האָבן געטראָפן די דאָרטיקע יידן, די אָרעמע האַרעפּאַשניקעס, די אַרבעטער און די קרעמער, די באַלעגאַלעס און די סוחרים, די אויפגעקלערטע און די פרומע, די אַלטע און דאָס יונגוואַרג — אַלע זענען זיי געשטאַנען פאַר די שוועלן פון זייערע נידריקע הייזלעך און זיי האָבן אונז אַלעמען — צענדליקער טויזנטער פּליטים — אַריינגעבעטן, ממש אַריינגעשלעפּט אין זייערע שטובן, געגעבן אונז וואַסער און האַנטו־כער, מיר זאָלן זיך אַרומוואַשן, אַוועקגעגעבן אונז זייערע שבתדיקע מאכלים און אָפּגעטראָטן אונז זייערע בעטן, זייערע געלעגערס, זייערע בוידעמער, כדי מיר זאָלן אָפּרוען אונזערע מידע ביינער און אויסרוען אונזערע צע־שרויפטע נערוון . . .

דער שבתדיקער טאָג — דער 9־טער סעפּטעמבער 1939 — איז געווען אַ פאַרשטערטער שבת אינם איינפאַכסטן זין פונם וואָרט. אויפן קאַלו־שינער שוהל־הויף זענען געלעגן, מיט שוואַרצע טוכער באַדעקט, אַ היפּש ביסל מתים, וועלכע די חברה „חסד של אמת" האָט אַריינגעבראַכט פון אונטער דער שטאָט. דאָס זענען געווען די הרוגים, וועלכע די דייטשע באָמבאַרדיר־עראָפּלאַנען האָבן מאַסנווייז אויסגעהרגעט פון צווישן די צי־ווילע פּליטים, בעת זיי האָבן זיך געפונען שוין נאָענט צו קאַלושין . . .

די יידישע בעקערייען האָבן אַלע, מיטן הסכם פון דאָרטיקן רב, גע־אַרבעט דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג, כדי אויסצובאַקן ברויט פאַר דער הונ־געריקער מאַסע. איבער די נידריקע דעכער פון שטעטל — וואו ס'האָט זיך דעמאָלט נישט געפונען אפילו קיין איינציקער פּוילישער סאָלדאַט — האָבן געהודזשעט די שטאָלענע רויבפויגל און אָנגעוואָרפן אַ פּחד, אַ שרעק־לעכע אימה אויף קינד־און־קייט. אין דער לופטן האָט געשוועבט דער מלאך־המות און מיט עזות געשטשירעט זיינע ציין . . . מען האָט געפילט, אַז די קומענדיקע טעג וועלן זיין נאָך שרעקלעכער ווי עס איז געווען דער גהינום־וועג און דערפאַר האָבן די צענדלינגער־טויזנטער פּליטים, אונטער די פליגלען פון דער פאַרנאַכטיקער טונקלקייט, אין קלענערע גרופּקעס, מאַסנווייז פאַרלאָזט די שטאָט.

דורך זאַמדיקע פעלדער, איבער געדיכטע וועלדער, דורך דראָט־פאַר־צוימונגען און איינגעהילט אין אַ געדיכטער פינסטערניש, האָבן מיר אַזוי אַ גאַנצע נאַכט געטאָפּטשעט אין די זאַמדן, ביז מיר האָבן זיך פאַרטאָגס דערשלאָגן קיין סטאָטשעק־לוקאָווסקי, וואו מיר האָבן גערעכנט צו געפינען אַ צייטווייליקן מקום־מקלט, אַ באַהעלטעניש פאַרן מלאך־המות מיט זיינע פאַרשידנאַרטיקסטע טויטן . . . מיר האָבן אָבער געטראָפן דאָס שטעטעלע שטיין אין פלאַמען און במשך פון זונטאָגדיקן טאָג האָבן זיך, ווי אַ צולאָג צו דער שׂרפה, פון צייט־צו־צייט באַוויזן פרישע דייטשע עראָפּלאַנען און האָבן דאָס שטעטל מכבד־געווען מיט נייע באָמבעס . .

גרויסע טיילן פון די אַנטלויפנדיקע פּליטים האָבן זיך אפילו נישט אָפּגעשטעלט, נאָר זיי זענען אין איין אָטעם ווייטער געלאָפן, קיין מעזעריטש, קיין בריסק, קיין לובלין, קיין ביאַלע, אָדער בכלל וואו די אויגן האָבן נאָר געטראָגן. ס׳זענען אָבער געווען אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן געמוזט אביסל אויסרוען, כדי צו קענען ביינאַכט ווייטער לויפן, אָדער אַזעלכע וועלכע האָבן שוין בכלל נישט געקענט ווייטער לויפן — יענע האָבן צוליר־דעם געמוזט איבערלעבן גרויליקע שעה׳ן און זיין עדות פון שוידערלעכע בילדער . . .

סטאָטשעק איז פּונקט ווי קאַלושין, באַלד אויף צו־מאָרגנס, געוואָרן דער שויפּלאַץ פון סצענעס און געשעענישן, וועלכע האָבן פאַרגליווערט דאָס בלוט אין אונזערע אָדערן; פון בילדער און איבערלעבונגען פון וועלכע מענטשן זענען אַראָפּ פון זינען, אָדער לכל־הפּחות אַריינגעפאַלן אין אַ צושטאַנד פון אַ פולשטענדיקער רעזיגנאַציע . . .

בעת אין קאַלושין, למשל, זענען צו־מאָרגנס נאָך אונזער אַנטלויפן פון דאָרט, אומגעקומען פון דייטשע באָמבעס, העכער 70 פּליטים, וועלכע זענען געשטאַנען אין דער ריי פאַר אַ בעקעריי און האָבן געוואַרט אויף אַ לאַבן ברויט — האָבן זיך מיט 2 טעג שפּעטער, אין סטאָטשעק, אָפּגע־שפּילט אין מיטן מאַרק די האַרצרייסנדיקסטע סצענעס. די אַריינגעקומענע נאַצישע האָרדעס האָבן אָפּגעשלאָסן די שמאָלע יידישע געסלעך מיט מי־ליטערישע קאָרדאָנען און אין די הייזער פון די צעשראָקענע יידן האָבן זיך אַריינגעריסן דייטשע אָפיצירן, פאַרלאַנגענדיק פון די יידן גרויסע סומעס אַלס אויסלייז־געלד. אויב נישט, האָבן זיי געסטראַשעט, וועלן זיי אונטער־צינדן דאָס גאַנצע שטעטל און אַלע יידן אויסשיסן . . .

די יידן, סיי די אָרטיקע, סיי די פּליטים, צווישן וועלכע ס׳זענען געווען אסך וואָס האָבן מיט זיך געהאַט גרעסערע סומען געלט, אָדער צירונג, האָבן אַליץ פון זיך אָוועקגעגעבן, גלויבנדיק, אַז דערמיט האָבן זיי געראַטעוועט דאָס שטעטל פון אונטערגאַנג. אָבער ווען די נאַצישע סאָלדאַטעסקע האָט

שוין געהאט אַלץ און אַלעמען אויסגערויבט, האָבן זיי מיט אַן אומגלויבלעכן סאַדיזם אַרויסגעטריבן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אויפן מיטן מאַרק, שלאָגנדיק דערביי אַלעמען מערדערלעך מיט די קאָלבעס פון די ביקסן און נישט־געלאָזט גאָרנישט מיטנעמען מיט זיך . . .

ווען די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג איז שוין געווען פאַרזאַמלט אונטערן פרייען הימל, האָבן די דייטשע טייוואָלים באַפוילן די יידן צו בלייבן שטיל און אַזוי צו שטיין מיט די הענט אין דער הויך ביז זיי וועלן באַ־קומען דעם באַפעל צוריקצוגיין אין זייערע היימען. צו דערזעלבער צייט האָבן די דייטשע „שטורמיסטן", מיט געלעכטער און הורא־געשרייען, אויפן באַפעל פון זייערע אָפיצירן, אונטערגעצונדן אַלע געסלעך און איינצעלנע הייזער, וועלכע זענען אין די פריערדיקע טעג נישט פאַרברענט געוואָרן פון די צינד־באָמבעס, באַגיסנדיק זיי פריער מיט נאַפט, אָדער מיט בענזין . . .

א האַלבע נאַכט — 5 שעה — זענען אַזוי געשטאַנען די סטאַטשקער יידן, אַלט און יונג, קראַנקע און קליינע קינדער, אָרטיקע און פרעמדע, אַלע די הענט אין דער הויך און די ליפּן פאַרפרעסט, די אויגן פאַרשטאַרטע און אין געפּאַר אָט־אָט אַרומגעכאַפּט צו ווערן פון די פלאַמען און האָבן געמוזט צוקוקן ווי־אַזוי זייערע שטיבלעך מיטן גאַנצן ביסל האָב־און־גוטס, זייערע בעבעכעס מיטן שווער־פאַרהאָרעוועטן ביסל אָרעמקייט, גייט אַוועק מיטן רויך פונם פייער, וואָס די היטלעריסטישע האָרדעס האָבן אָנגעצונדן . . .

אויף־צו־מאָרגנס, האָבן זיך אויף די שאָסייען פון סטאַטשעק קיין לוקאָוו, קיין מעזעריטש און קיין לובלין, געצויגן גרויסע מחנות צעשראָקענע, הונ־געריקע און פאַרצוויפלטע פליטים, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפונען אויך די יידישע באַפעלקערונג פון סטאַטשעק, וועלכע איז מיט איינמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בעטלערישער און הונגעריקער מאַסע. אין סטאַטשעק גופא, זענען געבליבן בלויז אַ צענדליק עלטערע און מיטל־יאָריקע מענער און פרויען, וועלכע זענען אין יענער ווילדער נאַכט אַראָפּ פון זינען . . .

אומקערנדיק זיך מיט 6 טעג שפּעטער פון לוקאָוו צוריק קיין וואַרשע, האָב איך, פאַרביילויפנדיק אין אַ פאַרטאָגס, דעם פּלאַץ, אויף וועלכן עס איז פריער געשטאַנען דאָס שטעטעלע סטאַטשעק. געטראָפן די דאָזיקע פון זינען־געווירטע יידן, זיצנדיקע מיט געוויין אויף די חורבות פון זייערע פאַרברענטע און צעשטערטע היימען, אָדער גראַבלענדיק מיט זייערע הענט צווישן די טליענדיקע האָלצוועשקעס, זוכנדיק דאָרט די שפּורן פון זייערע אַמאָליקע היימען — די שפּורן פון זייער אויף אייביק פאַרשוואונדענעם גליק . . .

זייערע פאַרווירטע געדאַנקן, זייערע שטאַרע בליקן און זייער אומפּאַר־שטענדלעך מורמלען צו זיך אַליין, האָבן אויסגעדריקט נישט בלויז זייערע

גרויסע פּערזענלעכע ווייטאָקן, פּיין און גרויל, נאָר דעם אייביקן צער און די טראַגעדיע פונם חרוב־געוואָרענעם יידישן ישוב אין פּוילן . . .

2.

בעת די היטלער־חיילות האָבן דעם ערשטן אָקטאָבער, 1939, אַריינ־מאַרשירט קיין וואַרשע, נאָכדעם ווי דער פּוילישער פאַרטיידיקונגס־גאַר־ניזאָן איז געווען געצוואונגען זיך אונטערצוגעבן, איז דער גרעסטער טייל פון דער שטאָט שוין געלעגן אין חורבות.

די עלעקטרישע קאַבלען און די גאַז־אינסטאַלאַציעס זיינען מער נישט געווען טעטיק, צוליב דעם ווייל זיי זענען, בעת דער דריי־וועכנטלעכער באָמ־באַרדירונג פון וואַרשע, פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן. גרויסע טיילן פון דער שטאָט — באַזונדערס דער יידישער קוואַרטאַל, די גאַנצע געגנט פון מוראַנאָוו־נאַלעווקעס — זיינען געווען איינגעהילט אין אַ מוראַ־דיקער פינסטערניש. די וואַסערלייטונג־רערן האָט דער „יידנפריינטלעכער" שטאָט־פּרעזידענט סטאַזשינסקי געלאָזט פאַרריכטן צוערשט אין צענטר פון שטאָט, וואָס דאָס מיינט אין די ריין פּוילישע געגנטן. דאַגעגן צו דער געגנט פון די נאַלעווקעס „איז מען" דערגאַנגען ערשט מיט אסך וואָכן שפּעטער, אַזוי אַז וואַסער האָט מען וואָכנלאַנג געמוזט טראָגן פון דער ווייסל און שפּעטער פון שטאָטישע פּלומפּען, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די ווייט־ליגנדיקע גאַסן.

די אָקטאָבער־און־נאָוועמבער טעג זיינען שוין געווען קילע — און די נעכט אפילו גאַנץ קאַלטע — אָבער צו הייצן איז נישט געווען מיט וואָס, סיידן מיט געגנבטע, פאַררויכערטע ברעטער און שטיקלעך געהילץ פון די אָפּגעברענטע הייזער. שפּייז־פּראָדוקטן האָט מען שוין אפילו יאָ געקענט באַקומען, ווייל די פּויערים פון דער אַרומיקער געגנט האָבן צוביסלעך אָנגעהויבן אַריינצוברענגען אויף זייערע דאָרפישע פורלעך קאַרטאָפל, קרויט, בוריקעס, הינער, גענז און טונקל מעל. אָבער, דאָס האָט די אַפּראָוויזאַציע־לאַגע ווייניק וואָס פאַרבעסערט. ערשטנס, האָבן גרויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג נישט געהאַט מיט וואָס צו קויפן די אַריינגעבראַכטע לעבנס־מיטלען. צווייטנס, איז פון טאָג־צו־טאָג געוואָרן אַלץ שווערער, אַלץ אומ־מעגלעכער צו באַווייזן זיך אין גאַס, וועלכע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט **אַ שוידערלעך בילד.**

די גאַסן פאַרלייגט מיט גאַנצע בערג צעבראָכענע ציגל, שטיינער, האַלב־פאַרברענטע ברעטער, קאַלך און הויפנס שטויב פון די איינגעפאַלענע הייזער. **אויף די פרייע שטיקלעך טראָטוארן — מאַסן** קינדער און יונגטלעכע מיט די פאַרשידנסטע „סחורות", וואָס זיי האָבן אויסגערופן צום פאַרקויפן: זויערע אוגערקעס צום דערכאַפּן זיך דאָס האַרץ און חלב'ענע ליכטלעך

צום באַלייכטן די וואַונונגען . . . וואָרעמע לאַטקעס פון געריבענע קאַר־טאָפל — צו שטילן דעם הונגער און די פאַרשידן־אַרטיקסטע קליידונגס־שטיק, אָנגעהויבן פון וואָלענע סוועטערס, הענטשקעס, האַלדז־שאַלן און געענדיקט ביי זאָקן־בענדלעך און שנירלעך צו די שיך, אין וועלכן עס האָבן זיך אַזוי שטאַרק געניטיקט די צענדליקער טויזנטער אָרטיקע נשרפים און אָנגעלאָפענע פּליטים, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון זייערע היימען אַזוי ווי „מען שטייט און גייט" . . .

צענדליקער מאָל אין טאָג פּלעגט פּלוצים, אין מיטן פון דעם דאָזיקן „נאָרמאַלן האַנדל", ווערן אַ מהומה, אַ געלויף, אַ פּאַניק מיט קולות און יללות . . .

וואָס איז געשען?

„מען כאַפּט צו דער אַרבעט". כאַפּן צו דער אַרבעט האָט געמיינט, אַסך ערגערס ווי שטיין אין אַ רעגנדיקן טאָג אומגעגעסן און אָפּרוימען די חורבות, ווייל נאָך דער אַרבעט האָט מען פון די נאַצי־הינט געקראָגן גוט געשלאָגן און דערצו האָבן זיי צוגענומען דעם פּאַס, כדי מען זאָל צו־מאָרגנס ווידער מוזן קומען צו דערזעלבער אַרבעט; אָדער ס'האָט אָפּטמאָל געהייסן פאַרשיקט צו ווערן אין אַן אַרבעטס־לאַגער קיין דייטשלאַנד, פון וואַנען מען איז שוין מער נישט צוריקגעקומען . . .

אַן אַנדערש מאָל פּלעגט אַזאַ מהומה אַנטשטיין, ווייל היטלעריסטישע אָפיצירן האָבן געמאַכט אַ געיעג אויף אָרטאָדאָקסישע יידן, וועמען זיי פּלעגן מיט אַ ציניזשער אויסגעלאַסנקייט אויסרייסן די בערד מיטן פלייש און דערביי זידלען, דערנידריקן און שלאָגן מכות־רצח . . .

צווישן איין מהומה און דער צווייטער פּלעגן זיך די יידישע גאַסן פאַר־מעלעך באַרואיקן און דאָס לעבן איז זיך געגאַנגען זיין וואָכעדיקן גאַנג:

דאָ און דאָרט האָט אַ קרעמער אויף עטלעכע שעה געעפנט זיין קראָם און אַרויסגעהאָנגען אַ מעלדונג, אַז מען קען באַקומען עפּעס אַ באַק־פּולווער, אָדער אַ געדרויכערטן הערינג, ציג גאָר אַ פונט רייז. אין אַזאַ פאַל האָט זיך גיך אויסגעבילדעט אַ לאַנגע רייע און ס'האָבן זיך גלייך אָנגעהויבן די געוויינטלעכע סכסוכים צווישן יידן און קריסטן, ווער ס'איז געשטאַנען פריער און ווער שפּעטער, ביז ס'איז צוגעקומען — אַמאָל אַ דייטשער סאָלדאַט און אַמאָל אַ פּוילישער פּאָליציאַנט — און „באַרואיקט" די פאַרביטערטע אין די רייען אויף דעם אופן, וואָס ביידע „אָרדנונגס־היטער" פלעגן שטענ־דיק אַרויסוואַרפן פון דער ריי די יידישע פרוי, אָדער דאָס יידישע קינד און זייער אָרט פלעגן פאַרנעמען די קריסטלעכע פרויען . . . און אויב עס איז אין דער ריי אַמאָל געווען אַ דערוואַקסענער מאַנספּאַרשוין — אַ ייד

פארשטייט זיך — האָט ער שוין פון דאָרט גלייך געמוזט וואַנדערן צו רייניקן די חורבות . . .

אין די רואיקע מאָמענטן — צווישן איין מהומה און דער צווייטער — האָט מען אויך געקענט זעען ווי דייטשע סאָלדאַטן שטעלן אָפּ אַ יידישן דורכגייער, אָן אונטערשייד צי אַ מאַן צי אַ פרוי, ציען אַראָפּ פון זיי די אויבערשטע מלבושים, דעם מאַנטל, אָדער דעם פוטער, און רופן צו דעם ערשטן־בעסטן פוילישן דורכגייער, וועמען זיי גיבן אוועק דאָס דאָזיקע מלבוש אַלס „מתנה", זאָגנדיק דערביי: „נעם, נעם, דאָס איז סיי־ווי דיינס. דאָס האָט דער בלוט־זויגער דער ייד זיך געקויפט פון דיין פּראַצע, פון דיין האָרעוואַניע. איצט זיינען מיר דייטשן געקומען, כדי אייך צו באַפרייען פון די יידישע בלוט־זויגערס" . . .

ליידער, ליידער, האָט עס (יעדנפאַלס פאַר די 5 וואָכן וואָס איך בין געווען אין וואַרשע אונטער דער נאַצישער הערשאַפט) קיין איינמאָל נישט געטראָפן, אַז ס'זאָל זיך האָבן געפונען אַ דרייסטער, אָן ערלעכער פּאָלאַק, וואָס זאָל דעם דייטש צוריקוואַרפן די צוגערויבטע מלבושים. פאַרקערט: איך האָב אַליין געזען עטלעכע אַזעלכע פאַלן און אין יעדן פאַל האָט דער פּאָלאַק, לרוב די פּאָלקע, מיט צופרידנקייט אָנגענומען די דאָזיקע „מתנות" און דעם דייטשן סאָלדאַט דערפאַר געדאַנקט . . .

עפענען די גרויסע יידישע הורט־קראָמען, די מאַגאַזינען פון מאַנו־פאַקטור, לעדער אָדער טעקסטיל־סחורות, מיט דער הילף פון די אָרטיקע דייטשן, איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. עטלעכע דייטשע סאָל־דאַטן פלעגן צו־פאָרן צו אַ גרויסער לאַסט־פּלאַטפאָרמע, אָדער מיט אַ מיליטערישן לאַסט־אויטאָ, פאַר אַ געשלאָסן געשעפט, און מיט שווערע אייזנס אַראָפּהאַקן די שלעסער. צו אַזאַ מין שטיקל אַרבעט פלעגן זיי צונויפטרייבן אַלע יידן פון דער נעגעבענער גאַס און זיי צווינגען אַרויס־צוטראָגן די סחורה פון געשעפט און זי אויפלאָדן אויף דער פּלאַטפאָרמע, בעת זיי אַליין זיינען געשטאַנען מיט די קאָלבעס אַרום דעם וואָגן, אין די געשעפטן גופא, אָדער ביי די טירן, אָנטרייבנדיק די יידן, אַז זיי זאָלן שנע־לער אַרבעטן און דערביי געזידלט, געשימפט און געטיילט קלעפּ אויף רעכטס און אויף לינקס:

אָבער נישט בלויז אין גאַס איז די לאַגע געווען אַזוי אומדערטרעגלעך. די דייטשע גזירות האָבן געטראָפן אויך יענע יידן, וועלכע האָבן זיך נישט באַוויזן אויף דער ליכטיקער שיין. יעדן טאָג זיינען דורך אַ קאָרדאָן דייטשע סאָלדאַטן אָפּגעשלאָסן געוואָרן אַנדערע עטלעכע גאַסן און אַ מיליטערישע אָפּטיילונג האָט במשך פון לאַנגע שעה'ן דורכגעפירט אַ גרינטלעכע רעוויזיע

אין אַלע יידישע הייזער. אַמאָל איז עס געווען בלויז צוליב דעם, כדי אַלע יידישע מענער אַרויסצוטרייבן צו דער אַרבעט — הגם די יידישע קהלה האָט אויף איר חשבון צוגעשטעלט יעדן טאָג 1000 פריוויליקע יונגעלייט פאַר די דאָזיקע אַרבעטן — און אַמאָל איז דאָס געווען, כדי צו זוכן אין די יידישע וואוינונגען פאַרבאַהאַלטענע גאָלד־חפצים, געווער און סתם געלט. ביי די דאָזיקע רעוויזיעס פלעגן זיי אויפרייסן די פּאָדלאָגעס (דילן), אַראָפּרייסן די וואַנט־טאַפּעטן, אויפשניידן דאָס בעט־געוואַנט, צערייסן די מאַטראַצן און ווי איז געווען דעם יעניקן, וועלכער האָט בעת אַזאַ רעוויזיע געוואַגט צו בעטן, אָדער צו וויינען, אַז מען זאָל נישט אַ תל מאַכן פון זיין ביסל אָרעמקייט.

פאַרשטייט זיך, אַז קיין געווער האָט מען קיינמאָל נישט געפונען. אָבער דערפאַר האָבן זיי אָפט געפונען גאָלדענע רינגלעך, זייגערלעך, ציי סתם אַ ביסל געלט און זיי האָבן דאָס טאַקע קאָנפיסקירט, אמת, נישט תמיד בלויז פאַרן מלוכה־אוצר, נאָר דווקא מער פאַר זייערע אייגענע קעשענעס. אויב זיי האָבן אָבער קיין צירונג נישט געפונען, האָבן זיי מיט זיך מיטגענומען דאָס ביסל שפּייז, וואָס אַ טייל פאַמיליעס האָבן געהאַט אָנגעגרייט: אַביסל צוקער, מעל, וואַש־זייף, פּוטער, פּרויען־וועש, — אַלץ איז פאַר זיי געווען אַ גאַנגבאַרע סחורה . . .

הונגער איז אָבער בטבע אַסך שטאַרקער ווי מורא — אפילו ווי די מורא פאַר די דייטשן — און די גאַסן זענען דערנאָך ווידער געווען איבערפולט מיט מענטשן. ווער ס'האָט נישט געהאַט מיט וואָס צו האַנדלען און ווער ס'האָט נישט געהאַט אין זיין וואוינונג מיט וואָס צו שטילן דעם הונגער — דער האָט ריזיקירט מיט זיין פרייהייט און איז געקומען צו לויפן אין איינער פון די אומזיסטיקע קיכן, וואָס די יידישע געזעלשאַפטליכקייט האָט אויף גיך געשאַפן מיט דער מיטהילף פונם „דזשאָינט".
90 טויזנט מענטשן פון אַלע שיכטן און קלאַסן האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין וואַרשע, וואָס האָבן זיך דערנערט פון אַט דער שיטערער זופּקע, וואָס די צענדליקער קיכן האָבן אַרויסגעגעבן איינמאָל אין טאָג. באַלמעלאָכעס און קרעמער, לערער און סטודענטן, אַרטיסטן און אינזשינערן, דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן, שוישפּילער און שריפטשטעלער; יונג און אַלט, מענער און פרויען, נעכטיקע גוט־סיטואירטע בירגער, געוועזענע סוחרים, אָדער פריער גוט־פאַרדינענדיקע קוואַליפיצירטע אַרבעטער — אַלע, אַלע זיינען מיטאַמאָל אויסגעגלייכט געוואָרן און זיינען געוואָרן די „קעסט־קינדער" פון די „דזשאָינט"־קיכן.

עס האָבן געהאַט זייערע באַזונדערע קיכן די פּאַרטייען, די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען וועמעס לאָקאַלן עס זיינען צופעליק געבליבן גאַנצע,

ווי די קעלנער, די סטאָ[illegible]רעס און די בעמישע אַרבעטער; די ספּאָרט־קלובן; דער „החלוץ"; „דער יידישער ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַריין"; די דאָקטוירים, אינזשעניערן, די צישאָ־שולן, די ישיבות און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער. אָבער פאַר די דייטשן איז דאָס אויך געווען אַן איבעריקע זאַך און זיי זיינען זייער אָפט באַפאַלן די דאָזיקע קיכן, אַרויסגעשלעפּט די מענטשן פאַרן עסן, אָדער אינמיטן פון עסן, און זיי געשלעפּט צו צוואַנגס־אַרבעט הונגעריקערהייט.

נישט בלויז פאַר די „עסערס", נאָר אויך פאַר די עסקנים פון די קיכן, פאַר די טוערס אינם הילפס־קאָמיטעט און פאַר די אָנגעשטעלטע אינם גרויסן לעבנסמיטל־לאַגער פונם „יידישן הילפס־קאָמיטעט", איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן אַלץ שווערער צו דערפילן זייערע התחייבותן, אויסצופירן זייערע פונקציעס. עס האָט נישט געהאָלפן קיין שום באַשטעטיקונג פון „דזשאָינט", אָדער אפילו פונם אַלגעמיינעם שטאָטישן הילפס־קאָמיטעט. וואו זיי, די דייטשן, זיינען נאָר אַריינגעפאַלן האָבן זיי טעראָריזירט, גע־שלאָגן און אָפּגעריסן די מענטשן פון דער אַזוי־נויטיקער הילפס־אַרבעט און זיי פאַרשלעפּט, לכל־הפּחות, אויף אַ גאַנצן טאָג צו רייניקן און צו פּוצן זייערע קאַזאַרמעס, אָדער אָנצולאָדעוועז זייערע אויטאָס מיט די אָנ־געראויבטע סחורות פון די יידישע הורט־קראָמען.

אָט אַזוי הפקרדיק האָט דעמאָלט, שוין אין די ערשטע טעלעבע וואָכן, אויסגעזען די לאַגע פון די וואַרשעווער יידן. דאָס זיינען אָבער בלויז קליינע און בלאַסע פראַגמענטן פון דעם שוידערלעכן בילד, וואָס קיין שום מענטשלעכע פעדער איז נישט בכוח צו שילדערן, און ווען צו דעם אַלעמען זיינען נאָך צוגעקומען די איוב־בשורות פון דער געשטראָפטער און ביטער־געפּרואווטער גרויסער פּראָווינץ, איז אין וואַרשע צום צווייטן מאָל, זינט דעם אויסברוך פון דער מלחמה, אַנטשטאַנען דער מאַסן־פּסיכאָז פון אַנטר לויפן — אַנטלויפן שוין נישט ווי ביים ערשטן מאָל „וואו אַהין די אויגן וועלן טראָגן", נאָר צו שמאָגלען די גרענעץ, כדי צו אַנטלויפן אויפן סאָ־וויעטישן געביט, וואו עס קען זיך מאַכן אַ געלעגנהייט, ווי אַ סך האָבן גע־האָפט, צו נעמען אויפן אַקסל אַ סאָוויעטישע ביקס און צו מאַרשירן אין קאַמף קעגן די דייטשע מערדער . . .

3.

אין אָט יענע טעג — סוף אָקטאָבער און אין די ערשטע טעג פון נאָוועמבער 1939 — איז דער פּסיכאָז צו אַנטלויפן פונם נאַצי־גיהנום, צו שמוגלען זיך דורך דער דייטש־סאָוויעטישער גרענעץ, געווען ביי דער יידי־שער באַפעלקערונג אין פּוילן אַזוי שטאַרק, אַזוי מאַסנהאַפט, אַז וואו מען איז נאָר געקומען, וואו ס'האָבן זיך נאָר געטראָפן 2-3 באַקאַנטע, איז

די ערשטע פראַגע געווען: „ווען גייסטו?" אין וועלכער שטוב מען איז נאָר אַריינגעקומען, האָט מען דאָרט געטראָפן פּעק און רוקזעק, און ווען עס פלעגט נאָר אָנקומען די נאַכט, האָבן זיך שאָטנס געדוקט ביי די ווענט, האָבן זיך סילועטן מיט איילנדיקע טריט און מיט קלאַפּנדיקע הערצער, געשלייכט איבער די פינסטערע גאַסן, כדי וואָס גיכער זיך אַרויסצובאַקומען אונטער דער שטאָט . . .

דעם 5טן נאָוועמבער, 5 אַזייגער אין דער פרי, האָבן מיר זאַלבע־דריט, — איך, דער שריפטשטעלער מ. בורשטין און די צישאָ־לערערין גיזאַ רינגעלבלום־אייזענבאַך מיט איר 14 חדשימדיקן קינד, אין אַ געדונגענעם אויטאָ פאַרלאָזט די גרעניצן פון וואַרשע און דעם 6־טן נאָוועמבער נאָכמיטאָג, האָבן מיר זיך שוין געפונען אין אַ דערפל ביים בוג, וואו ס'האָבן זיך שוין פון פריער געפונען הונדערטער יידן, לרוב יונגוואַרג, יינגלעך און מיידלעך, וועלכע האָבן געוואַרט אויף אַ פינסטערער נאַכט . . .

עס האָבן זיך אָבער דאָרט אויך געפונען צענדליקער פּליטים פאַליאַקן, וועלכע האָבן זיך אַהער געשמוגלט פון דער סאָוויעטישער זייט, כדי זיך אומצוקערן קיין וואַרשע, קיין פּויזן, קיין קאַליש, אָער קיין לאָדזש. זיי האָבן געוואַרט אויף די פויערישע פירלעך, וואָס האָבן אַהער געבראַכט די יידישע אַנטלויפערס, כדי זיי זאָלן אין דיזעלבע וועגעלעך פאָרן צוריק . . . אָט די דאָזיקע באַגעגעניש פון יידן מיט פאַליאַקן אין די פויערישע כאַטעס, וואו עס האָבן זיך געקרייצט אונזערע וועגן, האָט נישט ביי איינעם פון אונדז אַרויסגערופן מאָדנע געפילן און נאָך מער מאָדנע רעיונות . . . איינע אַנטלויפן און די אַנדערע לויפן צוריק. ביידע לויפן — אָבער ס'איז דאָך אַ גרויסער חילוק . . .

דיזעלבע נאַכט, ווען אַ געדיכטער נעפּל האָט איינגעהילט דעם אַרום, ווען פון שטעטל דראָהאָטשין, פון יענער זייט בוג, האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן די קלאַנגען פון „אינטערנאַציאָנאַל", וואָס דער רויט־אַרמייאישער אָרקעסטער האָט דאָרט געשפּילט אויף אַן אַקאַדעמיע, לכבוד דעם יאָר־טאָג פון דער אָקטאָבער רעוואָלוציע, וועלכע פאַלט אויס צו מאָרגנס דעם 7טן נאָוועמבער, האָבן מיר, מיט קלאַפּנדיקע הערצער זיך אַריינגעזעצט אין די נאַסע לודקעס (שיפלעך). עטלעכע מינוט האָבן מיר אַזוי געשוועבט צווישן לעבן און טויט, ווייל עס האָט זייער אָפט פּאַסירט אַז די שיפלעך האָבן זיך אָן עפּעס אָנגעקלאַפּט, זיך איבערגעקערט און אַזעלכע פּליטים האָבן לרוב געפונען זייער אייביקע רו אויף די אָפּגרונטן פון בוג. מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס זיינען מיר גיך אַרויסגעשפּרונגען אויף דעם זומפּיקן ברעג, גיך זיך פונאַנדערגעטיילט אין קליינע גרופּעס און מיט אומוועגן, איבער

זומפן און שטראָמיקע טייכלעך, האַלטנדיק זיך פאַר די הענט, נאָכגעגאַנגען אונזערע „פירערס", די פויערים, ביז מיר זיינען 4 אזייגער פאַרטאָג, פאַר־מאַטערטע ביז צום אומפאַלן, שמוציקע ווי אין בלאָטעס אויסגעוואַלגערטע, בשלום אַריינגעקומען אין אַ פויערישער כאַטע.

דער פויער, אַ פּאָליאַק, האָט אונדז זייער פריינטלעך אויפגענומען. געמאַכט פאַר אונדז טיי און איינגעהייצט דעם אויוון, כדי מיר זאָלן קענען אויסטרוקענען אונזערע מלבושים. אין עטלעכע שעה אַרום זיינען מיר שוין געזעסן גליקלעכע אויף דער פויערישער פור, כדי צוצופאָרן צו דער נאָענטסטער באַן־סטאַנציע, קיין סעמיאַטיטש, און פון דאָרט קיין בריסק, וואו עס האָבן זיך דעמאָלט שוין געפונען צענדליקער טויזנטער פּליטים פון אַלע עקן פוילן.

אין בריסק האָבן די פיל־טויזנטער פּליטים פרייער אָפּגעאָטעמט — הגם צו אונזער וואנדערונג האָט נאָכנישט געקומען קיין סוף. בריסק איז אָבער געווען פאַר אונז אַן אָפּרו־עטאַפּ. באַזונדערס אַן אָנגענעמער אָפּרו־און־אויסרו־עטאַפּ איז עס געווען פאַר די הונדערטער פּועלי־ציון און „יוגנט"־פּליטים, וועלכע האָבן זיך דאָרט צוזאַמענגעטראָפן. די בריסקער פּועלי־ציון־משפּחות — די גיטעלמאַנס, די מינאַוויצקיס, די פּרעגעלס, די שאַפּיראָס און צענדלינגער אַנדערע — האָבן אונז ברייטהאַרציק און חבריש אויפגענומען. די דירה פון דוד און סימע גיטעלמאַן איז — נישט־געקוקט אויף דער אויסערלעכער ריזיקע — פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ היים, אין אַ טרעף־פּונקט פון צענדלינגער ח"ח, וואו מיר האָבן נישט בלויז אָפּגעגעסן, אָדער איבערגענעכטיקט, נאָר אויך אָפּגעהאַלטן זיצונגען און פאַרזאַמלונגען.

די בריסקער יידן, בכלל, האָבן אַרויסגעוויזן אַסאַך מיטגעפיל און גרויס פאַרשטענדניש פאַר די טויזנטער היימלאָזע, וועלכע האָבן זיך נישט געהאַט צו וועמען צו ווענדן, ווייל די קהילה האָט אונטער די נייע סאָוויעטישע באַדינגונגען, אויפגעהערט צו עקזיסטירן און קיין שום הילפסקאָמיטעט איז נישט געווען טעטיק. אין אַלגעמיין בריסק איז די לאַגע פון די פּליטים געווען אַ ן ערך בעסער ווי אין רייכן ביאַליסטאָק, וואו דער לאָקאַל פון דער אַלטער יידישער קהילה איז דווקא יאָ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הילפס־פּונקט מיט נייע באַלעבאַטים . . .

אָבער, סיי אין בריסק, סיי אין ביאַליסטאָק — פּונקט ווי אין אַלע איבעריקע שטעט פון מערב־ווייסרוסלאַנד — איז פאַר אונז פּליטים גיך געוואָרן קלאָר, אַז קיין תושבים קענען מיר דאָרט נישט ווערן און אפילו אַלס פּליטים קענען מיר אין דער דאָזיקער געגנט לאַנג נישט בלייבן. סהאָט זיך דערפאַר באַלד אָנגעהויבן אַ נייע וואַנדערונג. דער גרויסער

רוב פון די יינגע פליטים, סיי יינגלעך, סיי מיידלעך, האָבן זיך מאסנווייז פאַרקאָנטראַקטירט אַלס אַרבעטער אין די קוילן־מינען פון „דאָנבאַס" — בעת די איבריקע, סיי מיטל־יאָריקע, סיי יונגע עלעמענטן, וועלכע האָבן געזוכט אַן אָפענע טיר צו דער דרויסנדיקער וועלט, האָבן זיך, אויך מאסנ־ווייז, געלאָזט קיין לידע, כדי פון דאָרט זיך צו שמוגלען קיין ווילנע.

דער וואַנדער־וועג פון לידע קיין ווילנע, וואָס האָט שוין דעמאָלט געהערט צום סמעטאָנישן ליטע, וואו עס האָט געהערשט אַ מילדער פאַ־שיסטישער רעזשים, איז געווען פול מיט דראַמאַטישע מאָמענטן. די באַ־פעלקערונג פון די קליינע גרענעץ־שטעטלעך און די פויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן זיך, כמעט אַלע אָן אַן אויסנאַם, פאַרנומען מיט אַריבער־שמוגלען די פליטים אויף יענער זייט פון דער ליטווישער גרענעץ. דער פרייז פאַר אַריבערשמוגלען איז פון טאָג־צו־טאָג געשטיגן. פון 50 רובל פאַר אַ קאָפּ איז ער גיך געשטיגן ביז 300 און אין די לעצטע טעג פון דעצעמבער איז דער פרייז אַרויפגעשפּרונגען ביז 1000 רובל. וואָס שטרענגער עס זענען געוואָרן די גרענעץ־וואַכן פון ביידע זייטן—אַלץ העכער איז געוואָרן דער פרייז און אַלץ גרעסער אין כמות איז געוואָרן די שמוג־לערײַ.

עס זענען געגאַנגען אַרבעטער און געוועזענע גבירים, ישיבה־לייט און אינטעליגענטן, אַרבעטער־פירער און רבנים, יידישע סאָציאַליסטן, חלוצים און פוילישע אינטעליגענטן, וועלכע האָבן זיך נישט געוואָלט אומקערן אינם דייטש־אָקופּירטן פוילן.

3 נעכט האָב איך געוואַנדערט פון לידע קיין ווילנע. די פרעסט האָבן דעמאָלט דערגרייכט ביז 38 גראַד צעלזיוש. נישט בלויז די פיס און די אויערן האָבן וואַנדערער אָפּגעפרוירן, נאָר האַרט פאַר דער גרענעץ האָב איך אפילו זיך אָנגעשטויסן אין אַ חלוצים פּאָרל, וואָס איז געלעגן אינ־גאַנצן דערפרוירן — אָן אַ שום לעבנסצייכן . . .

ווער סהאָט נאָר געהאַט מזל און אויסגעמיטן ביידע גרענעץ־וואַכן — די סאָוויעטישע און די ליטווישע — און איז בשלום אָנגעקומען קיין ווילנע, דער איז באמת געווען גליקלעך. אין ווילנע איז געווען טעטיק דער „דזשאָינט" מיט אַ ברייט־פאַרצווייגטן הילפס־און־רעטונגס־אַפּאַראַט. אין ווילנע איז געווען טעטיק דער ארץ־ישראל־אַמט און האָט געטיילט סער־טיפיקאַטן פאַר חלוצים און פאַר ותיקים. אין ווילנע—און דער־עיקר אין קאָוונע — איז געווען טעטיק דער „האיאס", וועלכער האָט געגעבן די פליטים אינפאָרמאַציעס און זיי געהאָלפן זיך פאַרבונדן מיט אַמעריקע, אַזוי אַז ווילנע—און די ליטע בכלל—איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ האָפע־נונגספולן אָאַזיס פון די צענדלינגער טויזנטער פליטים, וועלכע האָבן זיך

אָבער נישט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון וועגן דעם וואָס פּראַ לײדן און פּײנען די מלחמה קען זיי נאָך אונטערטראָגן.

די רואיקע צייט האָט אָבער געדויערט בלויז ביזן 15־טן יוני 1940, ווען די סאָוויעטישע ארמיי, האָט צוליב זיכערקייטס־טעמים באַזעצט די באַלטישע לענדער, ובתוכם אויך ליטע מיט דער גאַנצער ווילנער פּראָווינץ.

מיטן אריינקומען פון דער רויטער ארמיי קיין ליטע — און באַזונדערס נאָכן אַנשליסן זיך פון ליטע צום ראַטנפאַרבאַנד — זענען אַנטשטאַנען פאַר די פּליטים נייע פּראָבלעמען און מיר זענען אַלע ווידער, ווילנדיק צי נישט־ווילנדיק, באַהערשט געוואָרן פון אַ נייעם וואַנדער־פּסיכאָז . . . . וואָכן און חדשים־לאַנג האָט יעדער פּליט אָפּגעקלאַפּט די שוועלן פון די אויסלענדישע קאָנסולן, פון די ליטווישע אַמטן און אַנדערע ביוראָען, כדי צו באַקומען דורכרייזע־דערלויבנישן, אויסוואַנדערונגס־מעגלעכקייטן און איינוואַנדערונגס־וויזעס אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען פונם ערד־קײלעך.

יעדער טאָג האָט מיט זיך געבראַכט נייע סורפּריזן און גרעסערע שוועריקייטן. אַזוי האָט עס געדויערט ביזן סוף פון סעפּטעמבער, ווען אַ טייל גליקלעכע האָבן זוכה־געווען צו האָבן דערליידיקט אַלע פאָרמאַליטעטן און קליינע טראַנספּאָרטן האָבן אָנגעהויבן אָפּצופאָרן קיין וולאַדיוואָסטאָק, כדי פון דאָרט אָפּצופאָרן קיין יאַפּאַן און פון יאַפּאַן צו קענען פאָרן—ווער קיין אַמעריקע, ווער קיין אינדאָ־כינע און ווער קיין שאַנכאַי . . .

מיר, עטלעכע פון דער לינקער פּועלי־ציון־גרופּע, האָבן זוכה־געווען דעם 30־טן סעפּטעמבער צו פאַרלאָזן ווילנע, אויפן גרונט פון די אַמע־ריקאַנער וויזעס, וואָס מיר האָבן אויף אַ טעלעגראַפישן אופן באַקומען פונם יידישן ארבעטער־קאָמיטעט — אַדאַנק די באַמיאונגען פון אונזער אַמעריקאַנער פּאַרטיי — און אין דער צווייטער העלפט פון אָקטאָבער האָבן מיר ענדלעך דערגרייכט דאָס לעגענדאַרע יאַפּאַן, וואו די זון גייט קיינמאָל נישט אונטער . . .

במשך פון די 3 וואָכן וואָס איך האָב געוואַרט אין קאָבע אויף דער שיף, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייטן צו באַוואונדערן עטלעכע באמת שיינע ווינקלען פונם פּאַשיסטישן יאַפּאַן, וואו אַ מיליטערישע קליקע האָט דעמאָלט ביד־חזקה געוועלטיקט איבער דער דערשלאָגענער פאָלקסמאַסע און דעם 7־טן נאָוועמבער האָב איך אויף דער — שפּעטער אונטערגע־גאַנגענער — פּרעזידענט קולידזש־שיף פאַרלאָזט די יאַפּאַנישע ברעגעס פונם פּאַסיפישן ים. —

שיין און אינטערעסאַנט איז געווען די 15־טאָגיקע נסיעה אויף די שטורמישע כוואַליעס פונם פּאַסיפיק — אָבער שווער און טרויעריק איז במשך פון דער דאָזיקער רייזע געווען מיין געמיט . . .

וואָס נענטער איך בין מיט יעדן טאָג געקומען צו די ברעגעס פונם פרייען אַמעריקע — אַלץ שווערער האָט זיך אויף מיין געמיט געלייגט דער גורל פונם לאַנד — פון פוילן — וואָס איך האָב איבערגעלאָזט אין די נעגל פון דייטשן פאַשיזם און אַלץ אומהיימלעכער איז מיר געוואָרן אויפן האַרצן צוליב דער גרויסער סכנה אין וועלכער איך האָב איבערגעלאָזט אַזויפיל נאָענטע און אַזויפיל טייערע חברים אין פוילן און אין ליטע, אין מערב־ווייסרוסלאַנד און אין מערב-אוקראַינע . . .

די „פּרעזידענט קולידזש"־שיף האָט זיך אָבער נישט גערעכנט מיט מיינע טרויעריקע שטימונגען און נישט מיט מיין פּלוצים דערוואַכטן „היימווײ" . . . מיט ניגאַנטישער קראַפט האָט זי דורכגעשניטן די שטורמישע כוואַליעס און אונז בשלום געבראַכט ביז קיין האָנולולו, וואו מיר האָבן אַ גאַנצן טאָג געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו אַנטציקן נישט בלויז מיט דער שיינקייט פון דער האַרטיקער געגנט, נאָר אויך מיט דער הערלעכקייט פון די האַוואַיער מענטשן . . .

פון האָנולולו קיין סאַן־פראַנציסקאָ איז די רייזע שוין געווען אַ קורצע — הגם אַ שטורמישע — און ווען דער סאַן־פראַנציסקער פאַרשטייער פונם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט האָט אונז אַראָפּגענומען פון שיף, האָבן מיר אַלע פּלוצים דערפילט, אַז מיטן שטעלן אונזערע פיס אויף דער ערד פון די פאַרייניקטע שטאַטן, הויבט־זיך־אָן אַ נײַ קאַפּיטל אין אונזער לעבן . . .

פון סאַן־פראַנציסקאָ קיין ניו־יאָרק האָט אונז דער וועג געפירט איבער לאָס־אַנדזשעלעס און שיקאַגאָ. איןביידע ערטער — אַלטע און נייע פריינט, קבלת־פּנימס און באַגעגענישן, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט טיפע איינדרוקן, געמישט מיט מאָדנע געפילן, וואָס האָבן אַזוי אָנגעהאַלטן ביז די ניו־דזשוירסער פערי האָט אונז ענדלעך — אין אַ שיינעם דעצעמבער טאָג פון 1940 — אַריבערגעפירט איבערן האָדסאָן אויף דער ניו־יאָרקער זייט, וואו עס האָבן אויף אונז געוואַרט די ח"ח פ. ל. גאָלדמאַן און נח מיש־קאָווסקי — אַלס די פאַרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט און דער ח' יעקב פאַט — אַלס פאַרשטייער פונם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט.

אין יענעם מאָמענט זענען, ווי פון זיך אַליין, צערינען געוואָרן די שווערע געפילן, די מאָדנע רעיונות, און זייער אָרט האָט מיט אַמאָל אָנגע־הויבן צו פאַרנעמען דאָס באַוואוסטזיין, אַז איך געפין זיך ענדלעך אויפן פרייען באָדן פון דער גרויסער און שטאַרקער מדינה, וואָס רופט זיך די פאַרייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע און אַז איך האָב זיך באַהאַפטן מיטן גרויסן יידישן קיבוץ פון ניו־יאָרק . . .

---